# שאָלעם-אַלייכעם

# אלע ווערק

## באנד II

אָגיז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“
מאָסקווע 1948

# שאָלעם-אַליי כעם

## קינדער-שפּיל

---

## סענדער בלאַנק

---

## לידער

אַגיז
מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס"
מאָסקווע 1948

צונויפגעזאמלט, טעקסט־רעדאקציע אונ קאָמענטאר

נ. אויסלענדער אונ א. פרומקינ

# קינדער=שפּיל

א מערקווירדיקע ליבע-געשיכטע פונ א געפּעסטעטנ,
געבאלעוועטנ רײַכנ ייִדישנ בענ-יאָכיד

# דאָס ערשטע קאַפּיטל

### אינ כיידער

אינ די יונגע יאָרנ זענענ זיי געווענ די בעסטע גוטע־ברידער: אינ איינ כיידער געלערנט, געהאַט גלײַכע פעיִקײטנ, גלײַכע יאָרנ, אונ האָבנ בײדע ניט געוואָלט לערנענ. דער כילעק צווישנ זיי, וואָס אײנער איז געווענ גראָב אונ קײַלעכיק ווי אַנ אַרבוז, שרעקלעכ פויל, טאָמיד פאַרזאָרגט, טאָמיד פאַרוויינט אונ א גרויסער פרעסער, א נאשער, — דערפאַר האָט מענ אים אינ כיידער א נאָמענ געגעבנ „קוואשע“; דער אַנדערער איז געווענ פונקט דער היפּעכ: א לאַנגער אונ א דארער, א לעבעדיקער אונ א פרײלעכער, א פליִער אונ א טענצער, א סמיע־ליאַק אונ א כיטרע יונגאַטש, א רירעוודיקער אונ א קרעפּטיקער, אַזוי אַז קיינער האָט אים ניִשט געקאָנט בײַקומענ, אונ דער גאַנצער כיידער האָט פאַר אים דערעכ־ערעצ געהאַט: וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווענ געזאָגט, אונ וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער געטאָנ. גערופנ האָט מענ אים „מאָטל מאַזיק“.

מייער קוואשע אונ מאָטל מאַזיק זענענ געווענ די ערגסטע טאַלמי־דימ בא רעב יאָסי דעמבענער אינ כיידער. רעב יאָסי פלעגט זיי האַרגענענ צענ מאָל א טאָג, ברעכנ די ביינער מיט א שטעקנ, אָדער קאַטעווענ מיט א פּאַדעשווע. נאָר וויפל מע האָט זיי ניט געשלאָגנ אינ קאָפּ אַרײַנ, האָט זיכ צו זיי די גמאָרע געקלעפּט, ווי אַנ אַרבעס צו דער וואַנט! געקומענ דער „דאָנערשטיק“, האָבנ זיי זיכ שוינ געריכט אפ א מאַפּאָלע: אָט גייט רעב יאָסי דעמבענער פונ קלויז מיט דעמ טאַלעס־אַוטפילנ אונטערנ אָרעמ... זײַנ גראָבע נאָז מיט די גריבלעכ, זײַנ אויס־געפליקטע באָרד, זײַנ בעלמעוואַטע אויג מיט זײַנ גאַנצער „אָסאָבע“ וואַרפנ אפ אַלעמענ א שרעקלעכע מאָרע־שכוירע: עס ווערט פאַרקילט אינעווייניק. דער גרעסטער כאַריפ קאָנ פאַרגעסנ, ווי מע רופט אים, בעשאַס עס טוט אפ אים א קוק רעב יאָסי דעמבענערס בעלמעוואַטע אויג.

— געמט די גמאָרעס!

די קינדער נעמענ די גמאָרעס, דאָס האַרצ קלאַפּט, אונ די קניעס ציטערנ. זיי מישנ אויפ. דער רעבע צעשאָקלט זיכ אונ זאָגט:

— נאַ־אַ!

זיי הוסטנ זיכ אויס, ווי די סאָלדאַטנ אַפ דער אוטשעניע. דער רעבע צעשאָקלט זיכ נאָכ שטאַרקער אונ זאָגט נאָכאַמאָל:

— נאַ־אַ! אָמר רב פּפּא[1], האָט ראַוו פּאַפּע געזאָגט! רעדט!!!...

כעוורע טוענ אַלע אַ קלאַפּ אינ אײנ קאָל:

— אָמר רב פּפּא, האָט ראַוו פּאַפּע געזאָגט!

אונ עס ווערט אַ שרעקלעכער גילאַרעמ פונ דרײַצנ מײַלער. אַלע שרײַענ, אַלע קלינגענ אונ אַלעמענ איז פרײלעכ אַפנ האַרצנ, מאַכמעס אַלע ווייסנ די גמאָרע, אַלע זאָגנ ווי אַ וואַסער, אײנער כאַפּט פאַרנ אַנדערנ, קוקט מיט אײנ אויג אינ דער גמאָרע אונ מיט דעמ אַנדערנ אַפ דעמ רעבנס פּעלמעוואַטע אויג; אַפילע מײַער קוואַשע אונ מאָטל מאַזיק שרײַענ אויכ, שאָקלענ זיכ אַזוי ערנסט אונ דרײענ מיטנ גראָבנ פינגער אַזוי געטרײַ, גלײַכ ווי קײנער פאַרשטײט ניט אַזוי, ווי זיי פאַרשטײענ. אונ פּלוצעמ...

— שאַ! שששששאַ! שאַ!..

אַזוי זאָגט דער רעבע אונ טוט אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבערנ טיש; ער נעמט מיט דער אַנדערער האַנט דאָס אויסגעפּליקטע בערדל, גלעט דאָס מיט ישעוו־האַדאַמ אונ קוקט אַראָפּ צו זיכ אַפ די פּאַנ־טאָפל... אַלע ווערנ פאַרשטאַרבנ. זיי פילנ, ווי עס וואַרגט זיי עפּעס אינ האַלדז אונ זיי קאָנענ דאָס ניט אַראָפּשלינגענ. אַ שרעקלעכ שטיל־שווײַגעניש! גאַנצ שטיל טוט זיכ דער רעבע אַ פרעג:

— זאָג זשע, מײַער־סערדצע, וואָס לאָזט מיכ דאָ ראַוו פּאַפּע הערנ?.. זאָג, זאָג! שעמ זיכ ניט!

בײַ מײַער קוואַשע קײַקלענ זיכ שוינ טרערנ פונ די אויגנ, גלײַכ־גלײַכ אַפ דער גמאָרע אַראָפּ. דער רעבע קוקט אַלצ אונטנ, צו זיכ אַפ די פּאַנטאָפל אונ רעדט זיכ ווײַטער אַזוי גלאַט, אַזוי בענימעסדיק:

— זאָג, סערדצע, זאָג, מײַערל, שעמ זיכ ניט; וואָס אַרט דיכ?..

בײַ מײַער קוואַשע זענענ די באַקנ שטאַרק פאַרפלאַמט אונ די נאָז גלאַנצט, ווי אַנ עפּעלע. ער ווייסט שוינ זײַנ פּסאַק; ער ווייסט, אַז אָט באַלד וועט מענ אימ הייסנ אַרויסגײנ פונעמ טיש, אַלײנ אַראָפּ־נעמענ די ריטער פונ דעמ באַלקנ, אַלײנ אַראָפּציִענ זיכ, מעכילע, די

1 אָמאַר ראַוו פּאַפּאַ.

טאַכטױנימלעך, אַלײן אױסצױען זיך מיטן פּנעם אַראָפּ אױף דער באַנק, און נאָכדעם — נאָכדעם װײסט ער שױן װאָס!..

אַ רױטער, אַ געשװאָלענער, אַ צעהאָרגעטער, זעצט זיך מײער קװאַשע צוריק אױף זײַן אָרט און קוקט אין דער גמרא אַרײַן טיף־טיף און זעט נישט קײן אָס פֿאַר די אױגן, װאָס זענען שױן געשװאָלן פֿון געװײן. נאָר דאַנקען גאָט, אַבי ער איז שױן זײַנס איבערגעקומען!

איצט איז מאָטל אױפֿן צעטל.

— אַנו, מאָטעלע! — זאָגט צו אים דער רעבע אַ ביסל פֿרײלע־כער. — אַנו, מאָטעלע, זאָג נאָר דו, סערדצע, װאָס װיל דאָ ראַװ פּאַפּע האָבן? זאָג, מאָטעלע, זאָג!..

מאָטל מאַזיק איז אָבער ניט מײער קװאַשע: מאָטל מאַזיק װיל אָפּנאַרן דעם רעבן, אָפּנאַרן אַלעמען און זיך אַלײן אױך; ער צעשאָקלט זיך און טוט אַ קלונג טאַקע נאָר װי אַ מאַזיק:

— הניחא למאן דאית ליה כרב פפא; אלא למאן דלית ליה כרב פפא — מאי איכא למימר? תיקו 1 — בלײַבט אַ קאַשע!..

דער רעבע הײבט אױף דעם קאָפּ, שטעלט אַנידער דאָס בעלמע־װאַטע אױג גלײַך אױף מאָטלען און פֿרעגט אים איבער נאָכאַמאָל קאַלטבלוטיק:

— װאָס לאָזט מיך דאָ ראַװ פּאַפּע הערן?..

מאָטל מאַזיק פֿאַלט באַ זיך אַלץ נישט אַראָפּ און זאָגט זיך װײַטער זײער רױק, קװעטשנדיק מיט דעם גראָבן פֿינגער:

— װאָרעם זעלטאָם אַנדערש זײַן, אַז עס זאָל זײַן װי ראַװ פּאַפּע זאָגט, װאָלט דאָך געװען אַ װידעראַנאַנד אַקעגן טאַקע אױף ראַװ פּאַפּען אַלײן; יעלאָ װאָס דען? — מוז איך דאָך שױן אָנקומען דערצו, אַז עס איז אױף ראַװ פּאַפּען קײן קאַשע ניט — פֿאַרװאָס? מאַכמעס קאָרבאָנעס? הײַנט װאָס לאָזט ער מיך דאָ הערן? איז דער טערעץ: טײקו!..

דער רעבע גײט אַרױס פֿון די קײליום; ער כאַפּט זיך אױף און לאָזט אַראָפּ מאָטלען עטלעכע קלינגענדיקע פּעטש, אַזױ אַז מאָטל פֿאַלט אַראָפּ פֿונעם בענקל און פֿאַרלירט דאָס היטל. מאָטל קוקט זיך אַרום פֿאַרװוּנדערט: װאָס טוט זיך דאָ מיט אים? דאַכט זיך, ער װײסט אַזױ גוט און זאָגט אַזױ גלײַך?!..

---

1 האניכא לעמאן דעיס ליי קעראװ פּאָפּאָ; עלאָ לעמאן דעלײס ליי קעראװ פּאָפּאָ — מײַ איקאָ לעמײמאַר? טײקו — איז דאָס לױט דעם, װאָס האַלט מיט ראַװ פּאָפּען; אָבער לױט דעם, װאָס האַלט נישט מיט ראַװ פּאָפּען — װאָס קען מען זאָגן? — בלײַבט אַ קאַשע.

דער רעבע הייסט אים זיך אנידערלייגנ אפנ בענקל, אונ ער שמייַסט אים אונ קאטעוועט אים, וויפל עס גייט אינ אים אריינ. אונ מאָטל? מאָטל שווייַגט, גלייַך ווי ניט אים מיינט מענ. ער זאָל דאָס לאָזנ א טרער, ארויסלאָזנ כאָטש א פּיפּס פונעם מויל — ניינ! דער רעבע איז אויסער זיך פאר קאעס, עס ווערט אים נימעס שמייַסנדיק, כאפּט ער א שטעקל, א „יאמשאָווע'' שטעקל, אונ ברעכט אים די ביינער. מאָטל שרייַט ניט, וויינט ניט, קרעכצט ניט; ער טוט נאָר בא יעדנ שנייַד מיטנ שטעקל א פּינטל מיט די אויגנ — אונ גענוג. ניינ, רעב יאָסי דעמבענער קאָנ דאָס שוינ מער ניט איבערטראָגנ! מיט אויגנ אָנגעגאָסענע מיט בלוט טוט ער זיך א לאָז צו מאָטלענ; ער כאפּט אים אָנ בא דער האנט אונ טוט זי אים א דריי אויס הינטער די פּלייצעס. מע הערט א קנאק... נאָר מאָטל שווייַגט. ער קריצט נאָר מיט די ציינ — אונ מער נישט. דער רעבע שלאָגט אים מיט ביידע הענט איבער הארצנ אזוי לאנג, ביז ער טוט אפּ אים א שפּייַ אונ גיט א פאל אומ ואליינ אפ דער סאָפע. עס געדויערט לאנג, ביז דער רעבע סאָפּעט זיך אָפּ...

די טאלמידימ, צעניאָריקע כעוורע, זעענ דאָס אלע דאָנערשטיק; אונ ווער איז דאָס אימשטאנד ארויסצוגעבנ, וואָס עס פילט דעמלט זייער קינדערש הארצ אונ וואָס עס טראכט דעמלט זייער קינדערשער קאָפּ!..

## דאָס צווייטע קאפּיטל

### געפּאטערט דעמ כיידער

אינ יענער צייַט האָט שוינ אָבער מאָטל נישט געהייסנ „מאָטל מאזיק'' אונ מייער האָט שוינ מער נישט געהייסנ „מייער קוואשע''. דעמ ערשטנ האָט מענ גערופנ „מאָטל בערצימ'', אונ דעמ אנדערנ — „מייער לייבצימ''.

זיי האָבנ כאסענע געהאט ביידע אינ איינ כוידעש אונ פונ איינ שטאָט.

בערצי בערישעס (אזוי האָט מענ גערופנ מאָטלס שווער) האָט געהאט א טאָכטער א באס-יעכידע, זייער א שיינ מיידל. האָט ער איר געגעבנ א פּאָר טויזנט רובל נאדנ מיט א ציקאווע כאָסנ פונ א שיינ אָרט, אפילע נישט קיינ גרויסער לאמדנ, דערפאר איז ער אָבער אליינ א מענטש, א קלוגער יונגאטש א יונג מיט ביינער, א מענטש מיט א פּינסק.

מאָטלס עלטערן זענען געווען געמיינע לײַט און האָבן זיך קוים־קוים דורכגעשלאָגן דערמיט, וואָס דער פֿאָטער איז געווען... עס איז שווער צו זאָגן, וואָס ער איז געווען! ער איז געווען איינער פֿון די געפֿאַלענע נגידים און מיוחסים, וואָס פֿאַרנעמען טאָמיד דעם אויבנאָן סײַ אין קלויז, סײַ אַף אַ שׂימחה, און וואָס אַלע געדענקען, אַז זיי זענען אַמאָל געווען נגידים, מיוחסים: מע לאָזט זיי נישט אײַנגאַנצן פֿאַלן, זיי זאָלן דאַרפֿן כאָלילע גיין איבער די הײַזער. די שטאָט שאַרט זיי צו יענע ברעקלעך, וואָס דאַרפֿן מעמיילע אַראָפּפֿאַלן; מע פֿרעגט בײַ זיי אַמאָל אַן אייצע און מע פֿאַרלאָזט זיך אַף זיי מיט אַ בוירערעס, ווײַל מע האַלט זיי פֿאַר קלוגע לײַט, פֿאַר קאָפּ־מענטשן. מיט איין וואָרט, זיי זענען אָט דאָס, וואָס ווערט אָנגערופֿן: „די פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן"... אָט אַזעלכער איז געווען מאָטלס פֿאָטער אויך. און זײַן מוטער האָט געהאַט אַכוץ אַ פּאַרנאָסע: אַ קלייטל אַ צעלניק, וואָס נאָר איין גאָט ווייסט דעם עמעס, וואָס פֿאַר אַ סכוירע דאָרט האָט זיך געקאָנט געפֿינען און ווי גרויס איז געווען דער פֿידיען בײַ איר, מאַכמעס דער מאַרק געדענקט שוין ביט די צײַט, ווען עס זאָל אַהין אַרײַנשמעקן אַ קוינע. דאָך פֿלעגט זי פֿון קלייטל ניט אַרויס־טרעטן און האָט אַזוי אַ צײַט מיט יאָרן פֿאַרבראַכט אָט דאָ אַפֿן ברעט־בענקל, אַרויסקוקנדיק אַף אַ קוינע, ביז די אויגן זענען איר אויס־געטריקנט געוואָרן און איר אַמאָליק שיין געזיכט איז אײַנגעקנייטשט און אײַנגעשרומפּן געוואָרן אַזוי, אַז צו פֿערציק יאָר איז זי שוין געווען אַן אַלטע ייִדענע.

געלעבט האָבן זיי אין גרויס דאַכקעס, און אָפּטמאָל איז נישט געווען אַפֿילע אַף אַ פּוד מעל. נאָר מאָטל געדענקט ניט, אַז זײַן פֿאָטער זאָל זײַן אַמאָל פֿאַרזאָרגט אָדער ער זאָל אָכקען און קרעכצן אַף דער ביטערער צײַט, ווי אַנדערע קאַפּצאָנים; אַדעראַבע, דאָס איז געווען אַ פֿריילעכער קאַפּצן, אַן אָפּגעפּוצטער און אַ ריינער, אַז ווען איר גיט אַף אים אַ קוק, וואָלט איר זיכער געמיינט, אַז עס ליגן בײַ אים שווערע טויזנטער אין קאַסטן. מאָטל געדענקט, ווי די מוטער פֿלעגט יאָ אַמאָל דעקוטשען דעם טאַטן וועגן דעם, וואָס מע זעט נישט קיין קוינע אין די אויגן; פֿלעגט זי דער פֿאָטער אָפּשטופּן מיט אַ ווערטל. די מוטער אָבער האָט נישט געהאַלטן פֿון קיין ווערטלעך, פֿלעגט זי אים זאָגן:

— אוואַדע, בײַ דיר איז אַלץ ווערטלעך, און מיר ווערן פֿאַרקילט אַלע געבליטן, אַז איך נעם אָפּן קאָפּ און טו אַ טראַכט, וואָס וועט זײַן מיט אונדזער מאָטעלען? עס וואַקסט, אָן אײַנהאָרע, אַ באָכער...

— עט, שטוסערײַ! — שלאָגט זי איבער דער פֿאָטער. — נאַר-
רישקײטן, כ'לעבן! מיט אונדזער מאַטעלע האָב איך שוין דאַפֿקע
קיין דײַגע ניט. אונדזער מאַטעלע וועט זײַן א גוויר, דו הערסט צי
ניין? אָט וועסטו זען, אז ער וועט זײַן, אימ-ירצע-האשעם, א גוויר!..
איאָ, מאַטל? האָ? וואָס זאָגסטו עפּעס מיקוייעך דעם? דו ווילסט זײַן
א גוויר?

ניט אזוי איז דערצויגן געוואָרן מײער קוואַשע; ער איז אויס-
געוואַקסן דאַפֿקע אָפּ ראָסקאָש, מיט פֿאַרגעניגן. די נאַטור האָט אים
אַרויסגעלאָזט אָפּ דער וועלט א היפּשן, א געפּאַקטן, מיט א געזונטן
מאָגן און מיט גראָבע ליפּן, גלײַך ווי זי האָט געוווּסט פֿאָרויס, אז אים
וועט די מוטער פֿון קינדווײַז אָן קעסיידער שטאָפּן מיט פֿעטע קנישעס
און קאָנפֿעקטן, פֿײַגן, ניס און באָקסערן. אז מע האָט אים א כאַפּ
געטאָן אין כײדער, האָט מען בא אים שטענדיק געפֿונען אָנגעשטאָפּטע
קעשענעס מיט עסנוואַרג, און מיר, זײַנע כאַווײרים, פֿלעגן אַרום
אים אָפּלעקן א בײַנדל, כאָטש פֿון דער נאַטור איז ער ניט געווען
קיין גוטער, — אַדרעבע, געווען איז ער דאַפֿקע א קאַרגער, ניט קיין
פֿאַרגינער, נאָר מיר האָבן בא אים טאָמיד גענומען מיט גוואַלד, און
דערצו נאָך געשענקט אים אמאָל עטלעכע ביכענצעס, אזוי אז ער פֿלעגט
זיך באַוואָשן מיט טרערן. וויפֿל מאָל פֿלעגט אַרײַנלויפֿן אין כײדער
אַרײַן זײַן מוטער, א גראָבע, א שוואַרצע ייִדענע, און צושטעלן אונדז
א בענקעלע צום רעבן, וואָזוי „דאָס קינד" (מײער קוואַשע) קלאָגט
זיך נעבעך, אז מע „אָביזשאַיעט" אים, אז מע רײַסט אויס באַם קינד
דעם לעצטן ביסן פֿון מויל, און דאָס קינד איז נעבעך שטענדיק הונ-
געריק, ווי איך און ווינד איז איר! און אָוועקגײענדיק, פֿלעגט זי אים
איבערלאָזן א גאַנצע טאָרבע מיט געבראָטענע פּופּקעס, העלדזלעך,
דאַרע קישקעס, קאָרענע לעקעך, צוקערקעס, טאָרט, צוקערלעקעך, ווע-
לישע ניסלעך, באָקסערן אחכעדוימע. געווײנלעך, האָבן מיר אים שטאַרק
מעקאַנע געווען און פֿלעגן זיך אָן אים נויקעם זײַן, ווו מיר האָבן נאָר
געקאָנט, און שטענדיק אָנגעוואָרפֿן אים „דעם טאַטנס באַלעגאָלע".

מע זאָגט, אז אמאָל, שוין גאַנץ לאַנג, איז זײַן פֿאָטער געווען
א באַלעגאָלע. גאָט האָט אים באַגליקט, איז ער געוואָרן פֿון א באַלע-
גאָלע א ליוועראַנט (א פֿערד-הענדלער), און פֿון דעמאָלט אָן איז ער
„אָנגעשטאָפּט מיט געלט ווי א גוי"... אז ער האָט באַקומען געלט,
האָט ער זיך אָנגעהויבן „איידלען", דערהײַנט: געקויפֿט זיך אן אָרט
אין „מיזרעך", שאַבעס — „שלישי" אָדער „שישי", ניט אַנדערש;
באַקליידט זיך און דאָס ווײַב-און-קינדער, ווי עס דאַרף צו זײַן; אַרײַנ-

געגעבן דרײַ „רײניקײַטן״ אין די באָטע־מעדראָשים אַרײַן און, ווו עס פּאַסט, געשענקט די שענסטע געדאָווע. און כאָטש דער באַלעגאָלע איז אים שטענדיק געלעגן אויפֿן פּאָנעם, דאָך איז דאָס וואָרט „באַלעגאָלע״ געווען פֿאַר אים ערגער ווי געשמאַדט; זאָגן אים הונדערט מאָל „גאַנעוו״ איז אים א סאַך אָנגענעמער געווען, ווי מע זאָל אים אויפֿוואַרפֿן, אַז ער איז געווען אַמאָל א באַלעגאָלע, — קײַנעם ניט זיבער!.. און ווער שמועסט זײַן ווײַב — די האָט זיך נאָך מער „געיידלט״ פֿון אים; זײַן ווײַב האָט געשאָטן מיט גאָלד צוליב קאָוועד, ביכדיי זי זאָל זײַן לײַטן גלײַך; אירע קינדער האָט זי אָפּגעגעבן צו די גרעסטע מעלאַמדים פֿון שטאָט; אָפּשאַבעס האָט זי גענומען צען אָרעמעלײַט מיטאַמאָל; אַלע גאַבעטעס זענען געווען אירע איבערגעגעבענע אָפּטאָמיד און האָבן זי געהויבן אָפּ דריקעס; שידוכים האָט זי געוואָלט טון נאָר מיט די גרעסטע מעיוכאָסים, און האָט געצאָלט א סאַך געלט פֿאַר שניר מיט אײדעמס, ניט אַזוי צוליב די שניר מיט די אײדעמס, ווי צוליב די מעכוטאָנים מיט די מעכוטענעסטעס. אַז זי האָט כאַסענע געמאַכט א קינד, האָט זיך די כאַסענע געלאָזט הערן גאַנץ ווײַט!

איצט קאָנט איר אײַך שוין פֿאָרשטעלן, ווי גליקלעך זי איז געווען, אַז זי האָט א שידעך געטאָן מיט רעב לייבצי רעב פּינכעסלס! ווי גליקלעך איז זי געווען, אַז איר מייערל איז רעב לייבצי רעב פּינכעסלס אײדעם, און רעב לייבצי רעב פּינכעסלס טאָכטער איז איר שנור, און רעב לייבצי רעב פּינכעסלס אַלײן איז איר מעכוטן, און רעב לייבצי רעב פּינכעסלס ווײַב איז איר מעכוטענעסטע!

רעב לייבצי רעב פּינכעסלס איז געווען קאָל־יאָמאָוו אַן אָני־וועעווייען. נאָר ווײַל ער קומט אַרויס פֿון „גוטע־ייִדן״ און האָט געהאַט געטלעכע שיינע טעכטער, האָט ער שוין קיין דײַגעס־פּאַרנאָסע נישט באַדאַרפֿט האָבן: מע פּלעגט אים צוצאָלן אין בײַטל אַרײַן. אַז מייער קוואַשע איז געוואָרן זײַן אײדעם, האָט מען אים אָפּגעצאָלט אַכאַס־וועאַכאַס טויזנט רענדלעך, און דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהאַלטן דאָס פּאָרפֿאָלק אויף קעסט, האָט מען אים אַבוץ געצאָלט בוידעש־געלט. זכוס־אָוועס, דאַרפֿט איר וויסן, איז נישט פֿון די קלײנע זאַכן!

זײַן אײדעם אָבער, מייער קוואַשע, אָדער מייער רעב לייבצים, האָט זיך נישט געפֿילט אַזוי גליקלעך: אים האָט דעם שווערס זכוס נישט אַזוי שטאַרק געוואַרעמט; ער האָט פּאַשעט געליטן הונגער און האָט נישט געקאָנט סויווֹל זײַן די כסידישע טנועס פֿונעם שווער, וואָס פּלעגט אים שטאַרק דערקוטשען, ער זאָל נעמען א ייִדיש סייפער אין האַנט אַרײַן... אונדזער מייער קוואַשע איז קוים פּאָטער געוואָרן

פונעם פינצטערנ וויסטנ כיידער, אונ דא דערמאנט מענ אימ ווידער וועגנ א „ייִדישנ סייפער"!

זעלבסטפארשטענדלעכ, אז בא אט אזעלכע אומשטענדנ האט דער אײדעמ נישט געקאנט הויזנ מיטנ שווער; זיי האבנ זיכ צעקריגט, צע־פאטשט — אונ מייער איז ארויס פונ רעב לייבצי פינכעסלס הויז אפ טאמיד.

מייער איז ניט אנטלאפנ אהיימ צו זײַנע עלטערנ, וועלכע האבנ זיכ אזוי געײַכעסט מיטנ טײַערנ מעכוטנ, — נײנ; ער האט זיכ באַ־זעצט אפ א קלײנער צײַט בא זײַנ אלטנ כאווער, בא מאטל מאזיק, וואס הייסט שוינ הײַנט מאטל בערצים.

## דאָס דריטע קאפיטל

### כאסענע געהאט

מאטל בערצים איז שוינ געווענ א סאכ גליקלעכער פונ זײַנ כאווער מייער רעב לייבצים.

בערצי ווײַנשענקער איז געווענ א פראָסטער ייִד, נאר א וועלט־מענטש, אונ אויסגעריבענער, וואס איז דורכגעגאנגענ, ווי מע זאגט, דורכ פײַער אונ דורכ וואסער אונ דורכ מעשענע רערנ. אינ דער יוגנט איז ער געוואקסנ אינ א קליינ שטעטל, אונ אז ער איז געבליבנ א יאסעמ, האט ער זיכ אוועקגעלאזט קײנ אדעס, געשטעלט זיכ אינ א ווײַנקעלער פאר א מעשארעס, אפגעדינט א סאכ יארנ, צונויפגע־שלאגנ א היפשנ קאפיטאל, כאסענע געהאט אונ ארויס אינ דער דאזיקער שטאט, ווו עס קומט פאר אונדזער עמעסע געשיכטע, אונ האט זיכ אײַנגעפירט דאס געשעפט שטיל, נישט געפלויגנ, באלעבאטיש. אפ די עלטערע יארנ, אז זײַנ ווײַב איז געשטארבנ אונ אלײנ האט ער זיכ שוינ געוואלט א ביסל אפרוענ, האט ער געזוכט פאר זײַנ אײנציקער טאכטער אזא כאסנ, וואס זאל קאנענ פארטרעטנ זײַנ ארט אונ איבער־נעמענ דאס געשעפט; דאס זעלבע האט אויכ געמײנט זײַנ טאכטער.

מאלקע בערצים (אזוי האט געהייסנ זײַנ טאכטער) איז ניט געווענ אזא פארשוינ, ווי טײַבעלע רעב לייבצים; דערפאר איז זי געווענ פינ־דאמענטאלער פונ טײַבעלע רעב לייבצים. טײַבעלע האט טאקע געהאט שווארצע אייגעלעכ, רויטע בעקעלעכ, לאנגע ברעמענ, שיינע גע־קרײַזלטע האר, אנ אויסגעטאקט נעזל, אויסגעשניצטע ליפעלעכ — זי איז אבער געווענ אט דאס, וואס מע רופט אנ א „רובניעס", זײער־זייער אנ אײדל באשעפעניש, גרינג ווי א פעדער אונ לופטיק ווי א

מאַלעכ. מאַלקע דאַגעגנ האָט געהאַט גרויסע גרוי'ע אויגנ, לאַנגע ליכטיקע האָר, א ביסל א גראָבלעכע נאָז, פולע ליפּנ, אונ אליינ הויכ אונ גרויס, מיט לאַנגע גראָבע הענט — אונ פונדעסטוועגנ נישט קיינ מיִעסע. מאָטלענ איז זי פונ דער ערשטער מינוט אָנ אזוי שטאַרק געפעלנ געוואָרנ, אז ער האָט קוים דערלעבט די מינוט, די רעגע, ווענ זײַנע עלטערנ האָבנ זי גענומענ צו זיכ אפ שוועס. אכ, אינ די דאָזיקע צוויי טעג האָט נעבעכ אונדזער מאָטל מאַזיק איבערגעטראָגנ אַלע שמערצנ פונ דער ערשטער ליבע!

שטעלט אײַכ פאָר: אָט זעט מאָטל מיט זײַנע אויגנ די דאָזיקע, מיט וועלכער ער דאַרפ אָפּלעבנ א וועלט. אָט קוקט זי אפ אים מיט אירע קלוגע גרויע אויגנ. אָט שמייכלט זי, אונ דאָס פּאָנעם פלאַמט איר פאַר פרייד. אָט הערט ער איר קאָל. זי רעדט, נאָר ניט צו אים. זי לאַכט, נאָר ניט צו אים. ער איז „א כאָסנ", אונ דאַרפ זיכ שעמענ... אָט פאַרקאַטשעט זי די אַרבל, אונ אירע ווײַסע דיקע הענט בלײַבנ נאַ־קעט — אונ ער, מאָטל נעבעכ, איר אייגענער כאָסנ, טאָר זי אפילע נישט קיינ קוש טונ!.. די מאַמע מעג שטיינ אונ צעפּלעכטנ איר די לאַנגע, ווייכע, שמעקנדיקע צעפּ, אונ ער, מאָטל, טאָר ניט! אונ וואָס פאַר א פּאָשעטע זײַנ קאַלע איז: זי קאָכט אליינ אונ באַקט אליינ אונ מאַכט אזעלכע בליגצעס, וואָס צעגייענ זיכ אינ יעדנ אייוועגער! כאָטש א וואָרט איר זאָגנ, כאָטש א האַלב וואָרט, כאָטש אָנרירנ זיכ אָנ איר האַנט, אָנ איר קלייד! נאָר — שאַ! אָט גייט זי גלײַכ צו אים, צו מאָט־לענ... זי נעמט בא אים אַרויס דעם גילדענעם זייגער פונ דער קעשענע (דעם זייגער האָט אים דער מעכוטנ געשיקט א מאַטאָנע) אונ פרעגט בא אים, צי עס געפעלט אים די מאַטאָנע? אָ! ער פילט, אז זי שטייט נעבנ אים... ער רירט זי אָנ אומגערנ בא דער האַנט... זי קוקט אפ אים אונ שמייכלט... ער נעמט זי אָנ שטאַרקער בא דער האַנט — זי לאָזט זיכ... ער כאַפּט איר האַנט אונ וויל זי א קוש טונ — קומט אָנ די מאַמע!..

דעם זעלבנ שוועס איז אויכ מײַער קוואַשעס קאַלע, טײַבעלע רעב לייבציס, געקומענ אפ יאָמטעוו צו זײַנע עלטערנ. נייִנ, ניט רעב לייבציס רעב פינכעסלס טאָכטער איז געקומענ — דאָס איז געקומענ עפּעס א פּרינצעסנ, עפּעס א באָס־מאַלקע פונ טויזנט־אונ־איינ נאַכט: איידל אונ לופטיק, אײַנגעטונקענ אינ זײַדנס אונ אינ גאָלד, קוים־קוים וואָס זי רירט אָנ מיטנ פיסעלע די ערד, א רוכניעס, וואָס עסנ עסט דאָס ווי א פייגעלע אונ פּישטשעט דאָס ווי א שוועלבעלע... מאָלט אײַכ, וויפל זילבער, וויפל גוטס האָט מייערס מוטער אַרויס־

גענומענ פונ די קאסטנס! וויפל האָט זי אָנגעקאָכט און אָנגעבאקנ לעקאָווער דעם דאָזיקנ טײַערנ און ליבנ גאסט, וואָס אינ הארצנ פילט זי, אז זי איז ניט ווערט צו זיצנ מיט איר בא איינ טיש! מייערס פאָטער—דער האָט מוירע אפילע א קוק צו טונ אפ דער קאלע: ער ציטערט, טאָמער כאָלילע כאפט ער זיכ ארויס מיט א גראָב וואָרט... און מייער? מייער איז רויט, ווי א צוויק. זײַנע גראָבע באקנ זענענ נאָכ מער אָנגעבלאָזנ, און דער שטערנ שוויצט אימ מיט סאָקאָנאָס-נעפאָשעס! עס מאָלט זיכ אימ ראָק אויס, אז ער זיצט נישט אקוראט. ער רוקט אלעמאָל אָנ דאָס היטל שטארקער און שטארקער. ער באראבאניעט מיט די קורצע גראָבע פינגער איבערנ טעלער. דער פאָטער וואָרפט אפ אימ אָנ אויג און טרעט אימ אָנ אפנ פוס. נאָר דאנקענ גאָט, אָט טראָגט מענ שוינ דעמ פאָלומעסיק מיט פיש. מייער ווערט לעבעדיקער. מייער האָט ליב פיש פונ טאָמיד אָנ. ער עסט געשמאק, מיט אפעטיט און פאטשט מיט די ליפנ. דער פאָטער איז אויסער זיכ. ער לייגט אוועק לעפל-און-גאָפל, ווערט רויט, ווי א צוויק, און קוקט אפנ זונ מיט אזא רעציכע, ווי ער וואָלט אימ וועלנ הוירעס זײַנ1.

פונדעסטוועגנ, אז ס'איז געקומענ צו דער כאסענע, איז אויכ דער פאָטער ניכשל געוואָרנ 2, געכאפט אָנ איבעריקע קויסע, און די צונג האָט זיכ אימ אָפגעבונדנ. ער איז צוגעגאנגענ צומ מעכוטנ, צו רעב לייבצי רעב פינכעסלס, ארומגענומענ אימ אפנ באלעגאָלישנ אויפנ און האָט אימ געפרעגט, אפ קאטאָוועס, צי ווייסט ער דעמ כילעק פונ א פערד ביז א שקאפע און ביז א זשערעבעצ... א סקאנדאל! א סקאנדאל! דאָס זאָל געווענ זײַנ פאר דער כופע, וואָלט רעב לייבצי רעב פינכעסלס געווים געפאָרנ צוריק אהיימ. איצינד איז שוינ געווענ פארפאלנ. א סקאנדאל! א סקאנדאל!..

אפ מאָרגנ, אז מייערס פאָטער האָט זיכ אויסגענוכטערט, האָט ער דעמ מעכוטנ מעפאצע געווענ 3 פאר דעמ ביזאָיענ מיט מעזומענס, און געזעגנענדיק זיכ מיטנ זונ, מיט מייערנ, האָט ער אימ אויג אפ אויג אזוי געזאָגט:

— פארגעס ניט, זונא, דאָס... אז דו האָסט זיכ פאפאדיעט צווישנ מעיוכאָסימ, אײַדעלע לײַט, וואָס דו ביסט ניט ווערט זייער דאָס... זייער פאָדעשווע. צווישנ אײַדעלע לײַט וועסטו זיכ אויכ אמאָל אויסיידלענ, מאכמעס דו ביסט נאָכ דערווײַל א דאָס... עס איז ניטאָ קיינ ערגערס אפ דער וועלט פונ א דאָס... און מיקוייעכ געלט, פארנאָסע,

---

1 צעטרעטנ; צערײַסנ. — 2 געשטרויכלט ג.וואָרנ. — 3 איבערגעבעטנ.

האָסטו ניט וואָס צו זאָרגנ, כאָטש מעס דו האָסט נאָכ א דאָס... א געזונטנ טאַטנ. עמעס, נעכטנ האָב איכ זיכ א ביסל דאָס... צעשאָקלט, נאָר מע איז דאָכ א האָס... א מענטש. א גוי זאָגט א גלײַכװערטל... עס איז פאַראַנ, דאַכט זיכ, אויכ א דאָס... א פּאָסעק אזא. האַקלאַל, ברודער, שמיר אונ דאָס... איכ מײנ, פאַר געזונטערהייט!..

אינ דעם זעלבנ טאָג האָט מאָטלס פאָטער אויכ געהאַלטנ א רעדע פאַר זײַנ זונ, נאָר אפּ אַנ אַנדער אופנ:

— נו, מײַנ װײַב, האָב איכ דיר ניט געזאָגט, אז מיט מאָטעלענ האָבנ מיר קיינ דײַגע ניט, אז מאָטל דאַרפ זײַנ א גוויר, אימ־ירצע־האַשעם... האַ? וואָס זאָגסטו, מאָטל? איאָ, איכ בינ גערעכט?.. קוק ניט, וואָס דײַנ טאַטע איז א קאַפּצנ. עס איז דרינענ פאַראַנ א סאַכ צו רעדנ!.. אָבער דו דאַרפסט זײַנ א נאָגיד. דו מוזט זײַנ א נאָגיד מיט גאָטס הילפ... דו הערסט צי נײנ? אָט וועסטו געדענקענ מײַנ וואָרט: זאָלסט מיכ אָנרופנ ליגנער, אז אינ צענ יאָר אַרומ, נישט מער ווי צענ יאָר, וועט אונדזער מאָטל אַרויסשיקנ נאָכ אונדז א קאַרעטע מיט פיר ברעגענדיקע שקאַפּעס — אַנדערש וויל איכ ניט, דו הערסט צי נײנ? אונ מע וועט אונדז ברענגענ איג א דרײַגאָרנדיקנ מויער, דו הערסט צי נײנ? מיט גלעזערנע פּאָדלאָגעס, מיט לאַנגע שפּיגלענ, דו הערסט צי נײנ? מיט טײַערע פּאָטעלנ, דו הערסט צי נײנ? אָט דער איקער איז, מאָטל, די פאַרשטייסט צי נײנ, — דער איקער איז היטנ דאָס קערבל דאָרט, ווו מע האַרפ, דו פאַרשטייסט צי נײנ? אונ דאָרט, ווו מע דאַרפ א ווײַז טונ, א גלאַנצ טונ, עס זאָל יענעמ א צופּ טונ באַמ האַרצנ אונ א בלענד אינ די אויגנ, — האָרט טאָר מענ ניט זײַנ קיינ קאַרג, דו פאַרשטייסט צי נײנ? אונ פירנ זיכ מיט א שווער, מיט א ווײַב — דאָס האַרפ איכ דיכ ניט לערנענ; דערופ ביסטו ניט מייער־קוואַשע אונ דײַנע עלטערנ זענענ ניט קיינ באַלעגאָלעס, דו פאַרשטייסט צי נײנ?

## דאָס פערטע קאַפּיטל

### אראָפּ פונ קעסט

„דו פאַרשטייסט צי נײנ? דו פאַרשטייסט צי נײנ?" — אָט די דאָזיקע ווערטער האָבנ אונדזער מאָטלענ געקלונגענ א גאַנצנ וועג אינ די אויערנ, נאָר ער האָט זיי אינ זינענ געהאַט, ווי דעם פאַראַיאָריקנ שניי.

מאָטל האָט פאַר זיכ איצט א גאַנצע וועלט!

וועמענ הערט ער אזינה, אז זײַנ טײַערע מאַלקע זיצט אַט דאָ בא דער זײַט, און ער פילט זי נעבנ זיך, און עס מאַלט זיך אים אויס, אז נאָך אזא, ווי מאַלקע, איז שוינ גאָר אױפ דער וועלט נישטאָ!

און ווירקלעך, נאָך אזא מאַלקע איז אױפ דער גאַנצער וועלט נישטאָ! קײנער קאָנ אזוי ניט ארומדרײענ זיך א גאַנצנ טאָג אינ שטוב, ווי מאַלקע, אז עס זאָל זײַנ אי פריילעך, אי אלע ארבעט אָפּגעטאָנ; קײנער קאָנ אזוי ניט קאָכנ און באַקנ אלײנ און גײנ ארומ זיך רײנ, ציכטיק, ווי מאַלקע; קײנער קאָנ אזוי ניט פירנ דאָס גאַנצע וויַנ־געשעפט און דערצו אינ זינענ האָבנ דעמ מאַנ, אז ער זאָל עסנ צו דער צײַט, שלאָפנ צו דער צײַט און זאָל אויך ניט זײַנ צוגעפּגעלייגט די הענט; קײנער קאָנ אזוי ניט צושטעלנ אזויפיל פאַרגעניגנ דעמ מאַנ מיטנ פאָטער און אזויקגעבנ אזויפיל ליבע, אזויפיל טרײַשאַפט, ווי מאַלקע!

אַט וואָס מאַטל שרײַבט צו זײַנע עלטערנ:

„טײַערע עלטערנ! איר שרײַבט מיר, אז איך האָב אײַך געשיקט א קורצנ בריוו, איז דאָס דערפאַר, ווײַל איך בינ שטאַרק פאַרנומענ און קאָנ זיך ניט אָפּרײַסנ קײנ צײַט אפילע צו אײַך א גרעסערנ בריוו אמאָל אָנשרײַבנ! איר ווייסט דאָך, אז מײַנ שווער האָט מיר איבערגעגעבנ אינגאַנצנ זײַנ געשעפט, וואָס האָט איצט אָנגעהויבנ גאָר בעסער גײנ ווי פריִער, אזוי אז איך מיט מאַלקענ האָבנ שוינ קײנ הענט ניט. צומײנסטנ גײט אָפּטאָווע פאַרקויפ פונ רוסישע וויַנענ, און בא אונדז קויפט מענ פונ עטלעכע שטעט. וועג מיר זאָלנ האָבנ נאָך צוואַנציק טויזנט רובל, וואָלטנ מיר אויסגעשריבנ אויך אויסלענדישע וויַנענ, און דערפונ וואָלטנ מיר גאָר גליקלעך געוואָרנ. נאָר זו נעמט מענ אזוי פיל קלינגערס? א דאַנק גאָט דערפאַר אויך; קײנ גוויר בינ איך ניט, נאָר א נאָגיד יאָ. דער שווער האָט שוינ איבערגעשריבנ זײַנ גאַנצנ הויפ מיט אלע קלייטנ אױפ מײַנ נאָמענ. איך האָב הײַנטיקס יאָר ארײַנגעטראָגנ קאַפּיטאַל און בינ שוינ, דאַנקענ גאָט, לײַטנ גלײַך — א קופּיעצ... מאַלקע וואָלט אײַך אלײנ צוגעשריבנ א גריס, לאָזט זי ניט דאָס קינד. זײער א ווילער יונגאַטש, נאָר א גרויסער שרײַער. שרײַבט מיר, וואָס איז די מײַסע מיט מײערס פאָטער, וואָס ער וויל זײַנ אײגענעמ זונ נישט העלפנ אפילע מיט קײנ גוט וואָרט? דער דאָזיקער באַלעגאָלע טראַכט, אפּאָנעמ, אינ קײוועראײַנ מיטנעמענ דאָס געלט? א ביטערער ראַכמאָנעס אױפ מײערנ נעבעכ מיטנ ווײַב: זײ בלאָנקענ זיך דאָ ארומ, און מיטנ שווער, מיט רעב לײבצי רעב פינכעסלס, קאָנ ער ניט הויזנ, און פאָרנ אהײמ צומ באַלעגאָלע האָט ער מוירע — א גאָטס ראַכמאָנעס!“...

די זעלבע פּאָסט טראָגט נאָכ א בריוו, פונ מייערנ צו זײַנ מוטער (צומ פאָטער האָט ער מוירע צו שרײַבנ):

„ליבע מוטער! איכ האָב מיט גרויס דאַנק מעקאַבל געווענ די הונדערט רובל, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט, אונ בינ דיר מוידע, אַז עס איז שוינ פונ זיי נישטאָ קיינ גראָשנ. דײַנע טרערנ זענענ ארויסגעוואָרפנ: איכ קאָנ באמ שווער אָפ קעסט ניט זיצנ. טו א קוק, ליבע מוטער, אָפ מײַנ כאַווער מאָטלענ — ער איז דאָס גליקלעכ! מע זאָגט, אַז ער איז שוינ א גוויר, — אונ איכ בינ געבליבנ באמ יִכעס! איכ בינ א גרויסער באַל־הויצאָע, וואָרעמ מײַנ טײַבעלע איז ניט גלײַכ צו מאַלקע בערצים, וואָס לויפט אַלייִנ אינ קעלער ארײַנ נאָכ ווײַנ אונ שטייט באמ אויוונ! מײַנ טײַבעלע איז דערצו נישט געוווינט געוואָרנ; זי זאָגט, אַז זי איז א גווירס א שנור, קאָנ זי זיכ פאַרגינענ האַלטנ צוויי דינסטנ, וואָרעמ ווענ ניט דאָס, וואָס מע זאָגט, אַז מײַנ טאַטע האָט א סאַכ געלט, וואָלט זי מיכ גאָר ניט געוועגט גענומענ... זי איז דענ ניט גערעכט? הײַנט האָבנ מיר דאָכ שוינ א קינד אויכ, דאַנקענ גאָט. אַפילע זייער א שיינ מיידעלע, ווי צוויי טראָפנ וואַסער טײַבעלע, נאָר מע דאַרפ אָנ אַמ... לאָכיינ בעט איכ דיכ, ליבע מוטער, האָב ראַכמאָנעס אָפ דײַנ קינד אונ לאָז מיכ ניט פאַלנ! זאָג דעמ טאַטנ, דעקוטשע אימ — ביזוואַנענ איז דער שיר?"...

פונ די דאָזיקע צוויי בריוולעכ זעט דער לעזער ארויס, אַז איינער פונ אונדזערע העלדנ הייבט ערשט אָנ צו לעבנ אָפ דער וועלט אונ דער צווייטער ליגט טיפ־טיפ אינ דער ערד אונ באַקט בייגל! אונ אַפילע שפּעטער, אַז מייער האָט נאָכ זײַנ פאָטערס טויט באַקומענ יערושע הונדערט טויזנט רובל, איז זײַנ לעבנ דערפונ נישט בעסער, נישט זיסער געוואָרנ.

א קוק טונ אָפ מייערנ, וואָלט מענ געקאָנט מיינענ, אַז ער לעבט זיכ גאַנצ צופרידנ: די זעלבע אָנגעבלאָזענע באַקנ מיטנ גלאַנצנדיקנ שטערנ; די זעלבע פולע רויטע ליפנ, וואָס פריִער; דערצו האָט בא אימ נאָכ אָנגעהויבנ וואַקסנ א בײַכל מיט א שיינער קײַלעכיקער שוואַרצער באָרד, אַזוי אַז ער האָט באַקומענ א פּאָנעמ פונ א פײַנעמ נאָגיד. אונ כאָטש אַפילע איכ אימ זענענ פאַרבליבנ איינינקע אָפשניצלעכ פונ דעמ פאָטער, ווי דאָס וואָרט „דאָס" נאָכ יעדער פראַזע אוכעדוימע אַזעלכע מאַנירנ, פונדעסטוועגנ האָט ער זיכ שטאַרק „אויסגעיידלט", אַזוי אַז עס איז שווער געווענ צו דערקענענ, צי איז מייער א ייִד פונ לערנענ צי א גראָבער־יונג? הײַנט האָט ער שטאַרק ליב געקריגנ באַנוצנ לאָשנ־קוידעש־ווערטער, וווּ מע דאַרפ אונ וווּ מע

דארפ ניט. דערפאר אָבער האָט ער בא זיך אינ שטוב אופגעפירט זיך גאָר נישט מײַסע לאָמדנ אונ אריסטאָקראט, דערהײַנע: אז ס'איז געקומענ צו דער טיי, האָט ער געמוזט אראָפוארפנ פונ זיך די קאפאָטע מיט די שטיוול, אונ אזוי, האלב־נאקעט אונ באָרוועס, זיצנ אונ שוויצנ איבערנ סאמאָוואר... אכ, וויפל טרערנ האָט דערופ טײַבעלע פארגאָסנ! וויפל טעג אונ נעכט האָט מייער אליינ איבער דעמ צוגעקרענקט! נאָר פארפאלנ! איר וועט שוינ מייער קוואשע ניט איבערמאכנ. אזא איז ער געבוירנ געוואָרנ בא זײַנ טאטנ אונ אזא וועט ער שוינ שטארבנ!

ווי לאנג האָט מייער געקלאָגט נאָכ זײַנ פאָטער, — דאָס קאָנענ מיר ניט וויסנ; מיר ווייסנ נאָר, אז וויבאלד ער האָט נאָר באקומענ די יערושע אינ דער האנט ארײַנ, האָט מייער נישט געוווּסט, וואָס טוט מענ מיט אזא סומע געלט? אונ ווער ווייסט, וואָס מיט מייערנ געלט וואָלט געוואָרנ, ווענ זײַנ אלטער כאווער מאָטל וואָלט אימ ניט געקומענ צו הילפ אונ בײַגעשטאנענ אינ זײַנע נויטנ!..

מיר קאָנענ נישט אָפלייקענענ, אז מאָטל פלעגט ניט איינ מאָל מיטהעלפנ זײַנ אלטנ כאווער בא דער נויט, אונ טײַבעלע איז אימ געווענ זייער דאנקבאר אונ האָט טאָמיד געשעצט מאָטלענ פיל העכער פונ מייערנ, אונ האָט שטענדיק מעקאנע געווענ מאלקענ, וואָס זי האָט אזא מאנ, ווי מאָטל. זאָל אָבער דער לעזער קיינ טאָעס ניט האָבנ אונ ניט מיינענ כאָלילע, אז טײַבעלע האָט ליב געהאט מאָטלענ אונ פײַנט געהאט מייערנ; כאס־וועשאָלעמ! מיר זענענ דאָכ עפעס יידנ, ניט קיינ גוייִמ! טײַבעלע האָט מעקאנע געווענ מאלקענ אפנ מאנ, גלײַכ ווי זי האָט איר מעקאנע געווענ אפנ זײַדענעמ מענטעלע, אפ די פערל, אפ דער שטוב, אפ די קינדער. טײַבעלע האָט דאָס גאָר ניט געלייקנט פאר מייערנ אליינ אונ פלעגט אימ גאנצ אָפטלענ ארויסזאָגנ דעמ עמעס, אז ער קומט ניט צו מאָטלענ, ווי הימל צו דער ערד; אז מאָטל איז טאקע פאָרט א מענטש, אונ ער, מייער, איז געווענ א קוואשע אונ וועט בלײַבנ א קוואשע! אפילע אצינד, אז מייער האָט באקומענ די יערושע, האָט אימ טײַבעלע ניט אופגעהערט צו טאָטשענ:

— דארפסט געוויס דאנקענ מאָטלענ, וואָס ער וויל דיכ צונעמענ פאר א שותעפ. אזא באבע אינ פאָסטעלעס, ווי דו ביסט! מעגסט זײַנ זיכער, אז מאָטל וועט שוינ האָרעוועט פאר דיר אויכ, אונ דו וועסט זיכ ווײַטער גלעטנ דאָס בײַכל אונ ארומגיינ, ווי א ליימענער גוילעמ,

פונ שמוניג צו בוניג, אונ רעדנ פונ פּאָליטיקע, גלײַכ ווי דו ווייסט אפּילע, ווער עס האָט דיכ געשלייערט!...

— נו, טײַבעלע, גענוג שוינ, כלעבנ! גענוג שוינ דיר דאָס... ביסט עפּשער טאַקע דאָס... גערעכט, אָבער ניט אַזױ דאָס... ניט אינגאַנצנ!

— צי איכ בינ גערעכט? אוודע בינ איכ גערעכט! איכ פרעג דענ בא דיר, צי איכ בינ יאָ גערעכט צי ניט גערעכט? געפעלט דיר א ביסל אַנ אויסשמועס פונ א לאַנד־כאָכעמ?!..

— ניינ, טײַבעלע, איכ מיינ ניט דאָס! איכ מיינ דאָס; איכ זאָג דאָכ אַלײנ דאָס!..

— דאָס־דאָס, דאָס־דאָס! מער הערט מענ פונ דיר ניט אַז „דאָס"! דײַנ „דאָס" ליגט מיר שוינ אָט א־דאָ! גיי שוינ, גיי אוועק פונ מיר, לאָמיכ דיכ כאָטש ניט אָנקוקנ!..

שטיל, אָנ ווערטער, גייט מייער אוועק פונ טײַבעלענ, ציט זיכ אויס אפ דער קאַנאַפּע מיטנ פּאָנעמ ארופ צו דער סטעליע אונ שוויצט, אונ דאָס פּאָנעמ איז אימ רויט, ווי א צוויק.

## דאָס פינפטע קאַפּיטל

„דעפּאָ פרידמאַנ עט פורמאַנ"

אָט וואָס פאַר א שילד מיט גאַנצ גרויסע גילדענע בוכשטאַבנ עס הענגט אפ דיעמ ווײַנ־סקלאַד פונ מאָטל מאַזיק אונ מייער קוואַשע.

אמאָל, גאָר אמאָל, מיט א יאָר פופציק צוריק, איז געווענ אפ דער וואַנט אָנגעשריבנ מיט שוואַרצע אויסיעס אפ ייִדיש: „בכאן מוכרים יין גפן כשר לפסח" 1. ווער האָט זיכ עס געקאָנט ריכטנ דעמאָלט, אַז פונ יענעמ אָרעמענ צנועסדיקנ לאָשנ־קוידעש־ברעטל וועט אמאָל אויסוואַקסנ א גרויסע ליכטיקע שרײַענדיקע שילד מיט גאָלדענע אויסיעס!

אונ דער סקלאַד גופע? דאָס איז שוינ נישט יענער קעלער, וואָס איז געווענ אמאָל פאַר בערצי ווײַנשענקער — ניינ! דאָס איז שוינ א גרויסער שיינער מויער מיט עטלעכע אָפּטיילונגענ, אונ אפ יעדער אָפּטיילונג הענגט אַנ אַנדער ברעטל: דאָ פאַרקויפט מענ אויסלענדישע ווײַנענ אונ ליקערנ; דאָ — באַקאַלייִנע סכוירע; דאָ — געזאַלצענע זאַכנ. עס פליִענ ארומ פּריקאַזטשיקעס מיט ווײַסע פאַרטעכער אונ

1 בעקאַנ מויכרימ יאַינ געפענ קאָשער לעפּעסאַכ — דאָ פאַרקויפט מענ קאָשערנ ווײַנ אפ פּייסעכ.

מע רעדט אפ רוסיש. בא דער זײַט, אקעגנ דער טיר, בא א קאנטאָרקע, שטייט א קאסיר מיט א פעדער, פארשטעקט הינטערנ אויער, אונ קלאפט א גאנצנ טאָג אפ די ביינדלעכ. זעלטנ-זעלטנ זעט מענ דורכ-לויפנ פרידמאנענ (אונדזער אַלטער באקאנטער — „מאָטל מאזיק") מיט א פאק כעשבוינעס אינ דער האנט. אונדזער מאָטל האָט זיכ ניט שטארק פארענדערט פונ יענער צײַט, וואָס מיר האָבנ אימ אוועקגע-וואָרפנ בא זײַנ שווער אפ קעסט: דער זעלבער פריילעכער, לעבעדיקער מאָטל, וואָס אמאָל, נאָר באנײַט מיט א קליינ בערדל, אייראָפעיִש גע-קליידט, מיט א קאפעליוש אפנ קאָפ. אונ, ווי אמאָל, גיכ-גיכ גערעדט, געלאָפנ, ניט געגאנגענ, וואָרפנדיק מיט די לאנגע הענט, ווי א ווינט-מיל מיט די פליגל, אונ אפנ פאָנעמ א שמייכעלע פונ א פארנומענעמ מענטשנ, וועלכער האָט פארגעניגנ דערפונ, וואָס ער איז אזוי פאר-נומענ.

נאָכ זעלטענער זעט מענ ארײַנגיינ אינ קאנטאָר ארײַנ דעמ הערנ פורמאנ (אונדזער באַליבטער „מייער קוואשע"). זעט איר, דער הער פורמאנ האָט שוינ דאפקע א פאָנעמ פונ אנ אוישער: סאָליד אונ גראָב, גייט א ביסל שווערלעכ בא דער ערד, מיט א שיינער קײַלעכי-קער שווארצער באָרד, די באקנ טאָמיד מיט א פארב, די ליפנ גראָב אונ רויט, אונ אז ער גייט, שטעלט ער זיכ אָפט אָפ אפנ וועג אונ בלאָזט זיכ אָפ א ביסל, די פאָלעס צעגומענ, אונ א שיינע ווײַסע מאנישקע מיט א שווארצנ ברייטנ זשילעט נעמענ ארומ גאנצ פעסט זײַנ קײַלע-כיק בײַכל, וועלכעס האָט א האסאָגע צו ווערנ מיט דער צײַט נאָכ קײַלעכיקער. ער גייט ארײַנ צו זיכ אינ „קאנטאָר" ארײַנ (אזוי רופט מענ די קלייט, ווו דער קאסיר שטייט באמ טישל אונ קלאפט אפ די ביינדלעכ) זייער שטרענג, מיט גרויס קוראזש, אונ פירט זיכ מיט די מענטשנ זייער שטרענג; „ער בלאָזט פונ זיכ", ווי מע רופט דאָס, אונ מע האָט מאקע פאר אימ דערעכ-ערעצ, בײַס ער קומט ארײַנ, האנאמ מע לאכט פונ אימ אונ מע קרימט אימ איבער צווישנ כעווערע פריקאזטשיקעס, בײַס ער גייט אוועק. ער האָט זיכ זײַנ אייגענעמ שטול אינ „קאנטאָר", אפ וועלכנ ער צעלייגט זיכ מיט גרויס גאדלעס, ווי באמ טאטנ אינ ווײַנגאָרטנ. אונ יעדעס מאָל, וואָס ער גייט ארײַנ, מוז ער עפעס זאָגנ א דייע:

— דער דאָזיקער ווײַנ איז א ביסל צו דאָס... מע דארפ אויס-שרײַבנ אנדערע הערינג, מאכמעס זיי זענענ שוינ געוואָרנ דאָס... איר זאָלט מיר אפ באנאכט צוגרייטנ א כעשבנ פונ אלע דאָס...

אונ כאָטש אלע האָבנ גאנצ גוט געוווּסט, אז דער הער פורמאנ פאר-

שטייט אזוי, וואָס אינ כעשבונ טוט זיכ, פונקט ווי דער זאָג פאַרשטייט אינ „בני-אָדאָמ“, דאָכ האָט מענ אימ דעמ כעשבנ געמוזט ברענגענ, אונ ער האָט אפ מאָרגנ געגעבנ דעמ קאַסיר א מיִעסנ פּסאַק:

— וואָס פאַר א דאָס האָט איר מיר נעכטנ געגעבנ? איכ האָב פייַנט אזעלכע האָס!..

אונ קוימ איז ער ארויסגעטראָטנ פונ קאַנטאָר, אזוי האָט זיכ יאָסעלע דער מעשאָרעס טייקעפ-אומיִיאַד צעלייגט אפנ שטול מיטנ בויכ ארויסגעשטעלט, פונקט ווי דער הער פורמאַנ, אונ בלאָזנדיק אונ פּעכקענדיק, האָט ער אימ איבערגעקרימט:

— וואָס איז דאָס פאַר א דאָס? איר זאָלט מיר דאָס!..

צווישנ כעווורע פּריקאַזטשיקעס ווערט א געלעכטער. עס איז דערגאַנגענ דערצו, אז איינמאָל איז דערפונ פרידמאַנ געוואָר געוואָרנ, האָט ער יאָסעלע דעמ מעשאָרעס דורכגעטריבנ. פרידמאַנ האָט נישט געוואָלט, מע זאָל לאַכנ פונ זייַנ שוטעפ! פרידמאַנ האָט געלעבט זייער גוט מיט פורמאַנענ! אינ יענער צייַט איז פורמאַנ געווענ דער „געלט-שידעכ“; זייַנ גאַנצע יערושע, די הונדערט טויזנט רובל, האָט ער אַרייַנגעבראָכט אינ געשעפט אַרייַנ, אונ אפ אַלע פּאַפּירנ איז געווענ געכאַסמעט פורמאַנ גלייַכ מיט פרידמאַנענ. כאַסמענענ זיכ האָט פורמאַנ זייער ליב געהאַט; אז עס איז געקומענ צומ כאַסמענענ זיכ, האָט ער פאַרקאַטשעט די אַרבל, אוועקגעזעצט זיכ מיטנ מיניסטער אונ א שנייַד געטאָנ דעמ נאָמענ „מייער פורמאַנ“ מיט אזא קוראַזש אונ מיט אזויפיל דריידלעכ אונ פלעכטעלעכ, אז עס איז ארויסגעקומענ א קוילעטש פונ אויבנ, א קוילעטש פונ אונטנ, צוויי בייגל באַ די זייַטנ אונ אינמיטנ עטלעכע שטעקעלעכ מיט פינטעלעכ.

מענ קאָנ זאָגנ, אז די דאָזיקע כסימע איז קיינעמ ניט אזוי שטאַרק געפעלנ געווענ, ווי אימ אליינ, אונ טאַקע דעריבער האָט ער קיינמאָל ניט געקוקט, אפ וואָס ער כאַסמעט זיכ; אבי די כסימע זאָל אויסקומענ מער פאַרדרייט אונ פאַרפלאָכטנ. האַלעוואַי וואָלט פורמאַנ מער אַרייַנגעקוקט אינ דעמ, וואָס פרידמאַנ הייסט אימ זיכ כאַסמענענ, וואָלט עפּעשער געווענ פיל נוצלעכער אונ געזינטער פאַר אימ!..

פורמאַנ האָט אָבער נישט געהאַט קיינ שומ סיבע ניט צו גלייבנ אונ ניט צו פאַרלאָזנ זיכ אפ זייַנ כאַווער, אפ זייַנ שוטעפ פרידמאַנ. ערשטנס, קענ ער דאָכ מאָטלענ פונ קינדווייַז אָנ פאַר אַנ ערלעכנ; צווייטנס, האָט פרידמאַנ פונ-זייַנעטוועגנ געטאָנ אזויפיל, וואָס מע טוט ניט אפילע אנ אייגענעמ ברודער; דריטנס, איז פרידמאַנ אליינ אנ אוישער; אונ וועאַל-קולאָמ, ווענ ער זאָל זיכ ניט פאַרלאָזנ אפ

פרידמאנען, מוז ער דאָך אליין זײַן אומעטום, אכטונג געבן אפֿן געשעפֿט, אַרײַנקוקן אין די בעשבוינעס — און דאָס איז שווער א צו שווערע האָלאַכע פֿאַר מײער קוואַשע! געבן פֿאַר אים, וואָס ער מישט זיך צווישן די פּריקאַזטשיקעס, זאָגט זיי דייעס שטענדיק, רײַסט זיי אויס פֿאַר אַן איבעריקן גראָשן, זשאַלעוועט עסן די מעשאָרסים, הייבט אויף א גוואַלד פֿאַר א ביסל ווײַן, וואָס מע האָט אומגערן פֿאַר־גאָסן, רײַסט אַראָפּ סכירעס באַם סטאַראָזש און פֿירט זיך אויף ביכ־לאַל, ווי עס דאַרף זיך אופֿירן א שטרענגער באַלעבאָס, וואָס היט אָפּ דאָס געשעפֿט...

פרידמאַן האָט דאָס געזען און איז געווען פֿון דעם זייער צו־פֿרידן: געוויס, געוויס, אַזוי דאַרף זיך טאַקע פֿירן א באַלעבאָס! — און אַליין האָט ער זיך גענומען צום כעשבן...

פֿריִער, אַז זײַן שווער, בערצי ווײַנשענקער, איז געשטאָרבן, האָט ער אים איבערגעלאָזט אַן אײַנגעפֿאַלענעם ווינקעלער, אַן אַלטע שטוב מיט א נאָמען — און נישט מער! דאָס ביסל קאַפּיטאַל, וואָס מאָטל פֿרידמאַן האָט צונויפֿגעשלאָגן, האָט ער אַרײַנגעבראַכט אין דער דירע, וואָס ער האָט זיך אויסגעבויט, מיטן קעלער, וואָס ער האָט צורעכט געמאַכט, און ווײַל ער האָט שוין געהאַט א נאָמען, האָט ער אַראָפּגעבראַכט א טראַנספּאָרט ווײַן אויף קרעדיט, און זיצנדיק אַזוי איינמאָל אין א ווינטער־נאַכט איבער די כעשבוינעס, האָט ער שטיל א רוף געטאָן זײַן ווײַב:

— מאַלקע, קום נאָר אַהער אויף א ווײַלע!

— וואָס איז, מאָטל?

— מאַלקע, מיר שטייען שמאָל, מאַלקע! דו זעסט? אָט איז דער כעשבן אינגאַנצן פֿאַר די אויגן: עס גייט אונדז אָפּ, טרעפֿ וויפֿל?

— וויפֿל? וויפֿל?

— פֿינף טויזנט זענען מיר שולדיק, און צען טויזנט דאַרפֿן מיר האָבן צום מאַרק. מיר מוזן דאָס האָבן! פֿופֿצן טויזנט מוזן מיר האָבן, דו פֿאַרשטייסט צי נײן?..

נו, איז דען א כידעש, וואָס מאָטל האָט צוגענומען מײערן פֿאַר א שוטעף און וואָס פֿרידמאַן און פּורמאַן זענען געוואָרן פֿאַרבונדן מיט פֿרײַנטשאַפֿט און מיט ליבשאַפֿט נאָך מער, ווי אַמאָל, ווי אין די יונגע יאָרן?

נאָר ווי זייער פֿרײַנטשאַפֿט און זייער ליבשאַפֿט איז גרויס גע־ווען, אַזוי איז די פֿרײַנטשאַפֿט מיט דער ליבשאַפֿט צווישן זייערע ווײַבער געווען הונדערט מאָל אַזוי גרויס און אַזוי שטאַרק. דאָס איז

געווען א ברענענדיקע ליבע צווישן צוויי ליבלעכע שוועסטער, וואָס זענען איבערגעגעבן איינע דער אנדערער מיטן לעבן, מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע!

דער דאָזיקער שיינער געשיכטע פון דער ריינדיקער פריינטשאפט צווישן די צוויי יונגע פרויען שענקען מיר איין אונדזער ערציילונג גאָר א באזונדער קאפיטל.

## דאָס זעקסטע קאפיטל

א זעלטענע ליבע צווישן צוויי פרויען

פריער, מיידלווייז, האָבן זיי זיך גאָר נישט געקענט. דאָס הייסט, וויסן האָבן זיי דאפקע געוווּסט איינע פון דער אנדערער: טייבעלע רעב לייבצים האָט געוווּסט, אז בא בערצי וויינשענקער איז דאָ א טאָכטער, א גראָבע מויד, וואָס קען זיך מיט אלע שיקורים פון איר פאָטערס וויינשענק און נעמט צו געלט און שאבעס און גיט אויס־גאָב און שאבעס און איז שוין אָנגעשטאָפט מיט יאָרן, און איז שוין „ווי מיינע צאָרעס" און נאָך, און נאָך... און מאלקע בערצים האָט געהערט, אז בא רעב לייבצי רעב פינכעסלס איז דאָ א טעכטערל, א קליינס און א גרינס, קוים וואָס עס רעדט, בייז ווי א יאשטשערקע, קוקט נישט גלייך אף קיין מאנצבל און גייט אויס נאָך אלע שניי־דער־יונגלעך און נאָך, און נאָך... ערשט דעמלט האָבן זיי זיך אָנגע־קוקט רעכט, בעשאס זיי זענען געוואָרן קאלעס פון איין שטאָט — דעמלט האָבן זיי זיך גוט באטראכט פון קאָפ ביז די פיס; איינע האָט געוווּסט, וויפל קליידלעך און וואָס פאר א שאלעכל די אנדערע האָט און וויפל ארשין בלאָנדע זי האָט זיך געקויפט און וואָס פארא מאטאָנעס דער כאָסן האָט איר געשיקט, — און ביידע האָבן זיי געטראָגן גלייכע שמערצן: מאלקע האָט מעקאנע געווען טייבעלען אף דעם טייערן בראָש מיט די אויערינגלעך, וואָס איר רייכער מע־כותן האָט איר געשיקט. און טייבעלע האָט שיר נישט געפּלאצט, קוקנ־דיק אף מאלקעס סאמעטענעם בורנעס מיט שליאמעס, וואָס בערצי וויינשענקער האָט איר געמאכט צו דער כאסענע.

ערשט נאָך דער כאסענע, אז זיי זענען זיך צונויפגעקומען צו־זאמען מיט זייערע מאנען, ווען האָבן זיך געמאכט גאנצע אָפטע וויזיטן, ווי אלטע באוויירים, ערשט דעמלט האָבן זיך די דאָזיקע צוויי יונגע ווייבלעך באקענט פערזענלעך, און אך! ווי ליבלעך, ווי פריינטלעך זיי האָבן זיך צערעדט צווישן זיך, קנאקנדיק די ניסלעך

און פארטרינקענדיק מיט קאלט וואסער און מיט אלערליי איינגע־מאכטסן, ווי עס פירט זיך בא אונדז. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אז זיי קענען זיך שוין פון הונדערט יאָר. און פון וואָס האָבן זיי נישט איבערגעשמועסט אין דעם ערשטן מאָל? די קאסטנס מיט די שאפעס האָבן זיך געעפנט, אלע מאלבושים זענען אָנגעמאָסטן גע־וואָרן, אפילע די ציכלעך פון די קישנס, אפילע דאָס גרעט איז ארוים אפ דער סצענע, און דאָס אָנקוועלן מיט דער סימכע איז גאָר ניט צום באשרייבן!

און זייערע מאנען, מאָטל מיט מייערן, זענען, געוויינלעך, געזעסן אין א באזונדערן כיידער און האָבן זיך, ווי דער שטייגער איז בא יונגע אייִדעמס, געשפילט אין שאָך ביז זייגער צוועלף אין דער נאכט, און אז זיי האָבן זיך שוין אָפגעזעגנט און געקליבן זיך גיין אהיים, זענען זייערע ווייבלעך נאָך אלץ געזעסן איינגעלעבט איינע אין דער אנדערער און האָבן געהאלטן פונקט אינמיטן אן אינטערעסאנטן שמועס, וויאזוי זי, מאלקע, האָט דאָס ערשטע מאָל גערעדט מיט איר כאָסן, און וויאזוי זי, טייבעלע, האָט זיך געפירט מיט איר מאן באלד נאָך דער כאסענע.

— אהיים! אהיים! שוין צייט אהיים! — האָבן די מאנען זיי אָנגעהויבן אונטערצוטרייבן.

— אָט באלד! אָט באלד! — האָבן די ווייבער געענטפערט, גאָר ניט געקאָנט זיך אָפרייסן איינע פון דער צווייטער.

— לאָזט שוין איבער אפ נאָך א מאָל! — האָבן די מאנען גע־זאָגט מיט א געלעכטער.

— זע נאָר, ווי זיי זעצן די נעשאָמע! — האָבן די ווייבער גע־ענטפערט אויך מיט א געלעכטער און האָבן זיך באם געזעגענען אזוי שטארק געקושט, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך אָפגעזעגנט אפ אייביק.

קומענדיק אהיים און ארייִנלייגנדיק זיך אין בעט אריין, האָט טייבעלע געזאָגט צו מייערן:

— מע זאָגט, אז פון א כאזערשן עק קאָן מען קיין שטריימל ניט מאכן... פאָרט בערצים א טאָכטער! בא מיין טאטן וואָלט שוין א קינד ניט גערעדט אזעלכע מיִעסע, גראָבע ווערטער! און ווי געפעלט דיר א ביסל, ווי זי האָט זיך עס צעלייגט מיט אירע שמאטעס? כלעבן, מאָטל איז שוין א סאך לייטישער פון איר, כאָטש ער ציטערט אזוי איבער איר. איך וויים ניט, וואָס האָט ער אין איר אזעלכעס דערזען, וואָס ער פאדקעוועט אזוי ארום איר?

אין דער דאָזיקער מינוט האָט זיך מאַלקע צעגאָסן פאַר געלעכ־
מער, ליגנדיק באַ זיך אין בעט:

— כאַ־כאַ־כאַ! ווי אַ סאַראַקע אַף אַ כאַזער — כאַ־כאַ־כאַ! און
וואָס פאַר אַ באַלוואַן ער איז! יאַרעמע דער סטאַראָזש — כאַ־כאַ־כאַ!
פּאַלאָזשים, איך בין אים גיט מעקאַנע: זי איז אויך גישקאָשע פון
אַ שלאַק! אַ סכוירע!.. איך האָב געהערט פון איר נאָך מיידלווייז, אַז
זי שלעפּט די דינסטן פאַר די צעפּ, דערפאַר אָבער גייט זי מיט צוויי
צוויעקעס אין די אויערן, און זיי פּאַסן איר, ווי מײַנע וווײַטעקן!
ביסט עפּעס אַ מיוון, מאַטל, אַף זײַנע ליפּן? כאַ־כאַ־כאַ! און זי
קוועלט נאָך אָן פון אים, כאַ־כאַ־כאַ!..

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

אויס שוטפעס — צעשלאָגן די קאָמפּאַניע

אין דער צײַט, בײַם די פירמע „פרידמאַן עט פורמאַן“ האָט
אַרויסגעשטעלט די באַקאַנטע גילדענע שילד אַף דעם סקלאַד פון
ווײַן מיט די קלייטן, האָבן די שוטפים זיך באַזעצט ביידע אַף דעם
איבערשטן שטאָק פונעם מויער, אין וועלכן די סקלאַדן האָבן זיך
געפונען, און אַזוי האָבן זיי געקאָנט, קוקנדיק אין פענצטער, קלויבן
נאַכעס פונעם גרויסן געשעפט, וואָס איז אַלעמאָל געגאַנגען בעסער
און בעסער, כאָטש זייערע סאָנים האָבן געזאָגט, אַז דאָס קאָן ניט
אויסגעהאַלטן ווערן און פרידמאַן און פורמאַן וועלן מוזן איבגיכן
אָנזעצן. פרידמאַן און פורמאַן האָבן געהערט, וואָס די וועלט רעדט
פון זיי, און האָבן זיך אין האַרצן אויסגעלאַכט פון די דאָזיקע
„לײַטישע מײַלער“ און האָבן זיך געטאָן זייערס: פרידמאַן איז געזעסן
איבער די ביכער און האָט געהיט דעם כעשבן, ווי אַ הונט די שוועל,
און פורמאַן האָט פאַריסן די באָז אַזוי הויך און אַרויסגעשטעלט דעם
בויך מיט אַזאַ גאַדלעס, ווי עס וואָלט שוין גאָר ניט זײַן קיין גלײַכן
צו אים אַף דער גאַנצער וועלט. ווער וואָלט געזאָגט, אַז אָט דעם
זעלבן פורמאַן קאָנט איר טרעפן צו יעדער צײַט אין דער היים איבער
אַ טאָפּ קאַרטאָפּלעס און הערן, ווי ער רײַסט אויס די דינסט פאַר אַן
איבעריקן צענדליק אייער, וואָס זי האָט געקויפט?

אַז זײַן נאָמען האָט אָנגעהויבן זיך הערן אַף דער וועלט, האָבן
זיך צו אים אַ לאָז געטאָן קרוווים פון אַלע זײַטן: אַלערליי פעטערס,
מומעס, שוועסטערקינדער, מעכוטאָנים, אַזוי גוטע באַקאַנטע, כאַ־
וויירים. לעבאַטכילע איז פורמאַן געווען שטאַרק צופרידן, וואָס דער
אָדער יענער קאָרעוו איז געקומען צו אים צוגאַסט. ער האָט אים

געמאכט אזא ברייטנ „באָרעכ־האבע“, אז דעם קאָרעוו האָבנ זיכ געשטעלט טרערנ אינ די אויגנ פאר פרייד אונ פאר דאנקבארקייט.

— אָבער איכ האָב געוווסט, מייער, דאָס הארצ האָט מיר געזאָגט, אז דו האָסט מיכ ניט פארגעסנ!..

מייער האָט אימ גענומענ אונטער דער האנט אונ האָט אימ אויסגעפירט איבער אלע כאדאָרימ, געוויזנ דאָס מעבל, דעם גאנצנ הויפ, די קליימנ, דעם קעלער — אלצ, אלצ! דער קאָרעוו האָט געשאָקלט מיטנ קאָפ אונ נאָר געזאָגט: „ס ס ס ס ס!..“ נאָכדעמ האָט אימ מייער געזעצט באַמ טיש אויבנאָנ, געלייגט אימ אינ טעלער ארײַנ דאָס שענסטע אונ דאָס בעסטע אונ האָט געקאָמאנדעוועט מיטנ מעשאָרעס:

— עליק, א פלאַש דאָס... באָרדאָ! עליק, פונ דעמ בעסטנ דאָס...

אָנגעגאָסנ דעמ קאָרעוו דאָס ערשטע גלאָז ווײַנ, האָט ער אימ דערציילט, וואָס פאר א ווײַנ דאָס איז, וויפל ער קאָסט אונ וועלכע פריצימ טרינקענ דאָ אזא ווײַנ.

נאָר וויבאלד דער קאָרעוו האָט נאָר אָנגעהויבנ פארהיקענ זיכ אונ דערציילנ, וואָס פאר א ביטערע צײַט היינט איז, וויאזוי די פארנאָסע איז געשלאָגנ, וויאזוי מע ווערט אויסגעריסנ, וויאזוי ער האָט נעבעכ געהאט אנ אומגליק אפ זיכ, עפעס א סרייפע, א פראָצעס, — אזוי האָט זיכ בא פורמאנענ א ריס געטאָנ אינ הארצנ; ער האָט באלד דערפילט, אז דאָ איז עפעס ניט גלאט, אז דאָס שמעקט מיט געלט. האָט ער אָנגעהויבנ פינטלענ מיט די אויגנ, שאָקלענ מיטנ קאָפ אונ קרעכצנ, אונ אפגיכ געכאפט אפ זיכ דעמ ראָק, ארויסגעלאָפנ אינ קאנטאָר אונ אָפגעזעסנ דאָרט ביז שפעט אינ דער נאכט. אפ מאָרגנ — ווידער דאָס אייגענע; אזוי לאנג, ביז דער קאָרעוו האָט א שפײַ געטאָנ אונ איז אוועקגעפאָרנ מיט ליידיקע הענט.

נאָר ניט אלע קרוווימ זענענ גלײַכ; עס גיט זיכ אויס אמאָל אזא סמעליאק, פונ וועמענס הענט עס איז שווער אזוי גיכ זיכ ארויסצודרייענ! אזעלכער איז געווענ דער „פעטער דאָנ“, וועלכער פארדינט, אז מע זאָל זאָגנ וועגנ אימ עטלעכע ווערטער. דער „פעטער דאָנ“, מייערס א לײַבלעכער פעטער פונ דער מאמעס צאד, איז טאָמיד געווענ א קאפצנ אונ האָט טאָמיד געצויגנ בא דער שוועסטער די קליי, ביימ זי, מייערס מוטער, איז געוואָרנ א בעגידעסטע. אלײנ האָט ער נישט געטאָנ קיינ האנט אינ קאלט וואסער, האָט זיכ גערעכנט פאר אנ איידעלנ ייִדנ, וואָס קוקט ארײַנ אינ א ייִדישנ סייפער; דערפאר האָט ער געפאָדערט פונעמ שוואָגער, פונעמ „באלעגאָלע“, ער זאָל אימ בײַשטיינ אינ זײַנע נויטנ, אונ וויפל מע האָט

אימ געגעבנ, איז אימ קארג געווענ. א טויבער, מיט שטיקלעכ וואַטע אינ די אויערנ, איז ער טאָמיד ארומגעגאַנגענ אונ האָט געוואָרטשעט: ער האָט געהאַלטנ, אז נאָר פאַר זײַנ איידלקײַט אַלײנ האָט שוינ דער שוואָגער, דער באַלעגאָלע, זיכ באַדאַרפט טיילנ מיט אימ אָפ דער העלפט... צום סאָפ האָט ער אימ א שאָ פארנ טויט אפילע פארגעסנ ארײַנצושטעלנ אינ דער צאַוואָע ארײַנ!.. דער „פעטער דאָנ" האָט דעמאָלט געשווירנ באַ באָרד־אונ־פייעס, אז צײַט ער וועט לעבנ, וועט ער ניט אָנקוקנ ניט די שוועסטער, ניט אירע קינדער!.. נאָר וואָס א מענטש נעמט אָפ זיכ, איז נאָכ אַלצ ווייניק. איז א צײַט ארומ, אז דער „פעטער דאָנ" האָט דערהערט, אז זײַנ פלימעניק „מייער קוואשע" איז געוואָרנ א גאַנצער גוויר, א מיליאָנער, האָט ער זיכ מעיאַשעוו געווענ אונ איז זיכ דורכגעפאָרנ צום פלימעניק, צום הערנ פורמאַנ, א קוק טונ, וואָס טוט זיכ דאָרט אזעלכעס? פאָרט א פלימעניק, בלוט אונ פלייש!..

דער „פעטער דאָנ" איז ניט געקומענ צו הערנ פורמאַנ, ווי עס קומט א גאַסט — ניינ! דער „פעטער דאָנ" איז צו אימ געקומענ, ווי מע קומט צו זיכ אהיימ פונ א ווײַטער נעסיע. פריער האָט מענ ארײַנגעוואָרפנ גלײַכ אינ זאַל ארײַנ א פארשמירטנ, א פארשטונקענעמ זאַק מיט כפייציִמ, א גרויסנ קישנ, פונ וועלכנ עס זענענ געפלויגנ פעדערנ א סאַכ, א גרויסנ בלעכענעמ טשײַניק, א פלאַש פונ בראַנפנ, א טאַלעס־אוטפילנ. אונ אַלײנ איז דער „פעטער דאָנ" ארײַנ מיטנ וואָלפענעמ פעלצ (עס איז געווענ ווינטער־צײַט), מיט א גרינער שאַל, מיט שטיוול אונ מיט אזא ליאַרעמ, אז אַלע זענענ טויט געבליבנ פאַר שרעק. וואָס איז דאָס פאַר א שלאַק? ווער איז דאָס?..

— דאָס בינ איכ! איכ בינ עס! דו האָסט מיכ ניט דערקענט? האַר אויס א ביסעלע — אָט וועל איכ זיכ אויסטונ אונ א ביסל זיכ אָנוואַרעמענ. אײַ, א קעלט, א ביטערע קעלט!.. אזוי? דו זיצסט זיכ טאַקע קיינ מײַסע ניט! הערסטו!.. אונ דאָס איז דײַנ ווײַבל?.. קומ נאָר אהערצו, מייערל, נא דיר אָפ שאָלעמ־אַלייכעמ! א־א־א! מעכײַע־נעפאָשעס אָט דאָ בא דער הרובע!.. א ביסל בראַנפנ וועט מיסטאָמע זײַנ? האַ? ווי מײַנסטו, אשטייגער? אָט וואַש איכ די הענט אונ דאַוונ אָפ מײַרעוו, וועלנ מיר א קאַפ שמועסנ...

מייער ציטערט פאַר קאַעס אונ קריצט מיט די ציינ: ער געדענקט נאָכ דעמ „פעטער דאָנ" פונ ינגלווײַז, וויאַזוי דער טאַטע האָט געליטנ פונ אימ! נאָר וואָס טוט מענ מיט א פעטער? ארויסטרײַבנ קאָנ

מענ אים ניט! מע דארפ אים עפּעס געבנ, עס העלפט זיכ בישט — אבי גיכער פּאַטער ווערנ!

נאָר פונ דעמ „פּעטער דאָנ" ווערט מענ ניט אזוי גיכ פּאַטער: ער הערט ניט, וואָס מע רעדט צו אימ... מייער שרײַט צו אימ אפ א קאָל — ענטפערט ער גאָר בויבעריק! ער שטופט וואטע אינ די אויערנ אונ צעלייגט זיכ אינ זאַל, ווי בא זײַנ טאטנ אינ ווײַנגאָרטנ. ער פארומערט אלעמענ דאָס לעבנ, ער לאָזט ניט רעדנ, ניט עסנ, ניט שלאָפנ, דאָס גאנצע הויז איז פול מיטנ „פּעטער דאָנ"!... מייער מאכט שוינ אלײנ א רעדע מיטנ פּעטער מיקויעכ זײַנ קומענ. ער פרעגט בא אימ הויכ, אפ קוילע־קוילעס: וואָס וויל ער, וואָס באגערט ער, וואָס פארלאנגט ער פונ אימ?.. דער „פּעטער דאָנ" האָט אָבער צײַט. ער זאָגט:

— כאפּ ניט, מײַנ קינד, האָב צײַט א ביסל! מיר וועלנ נאָכ שמועסנ וועגנ דעמ אויכ, אימ־ירצע־האשעמ! דערווײַל זאָג מיר בעסער, מייער סערדצע, אָט וואָס איכ וועל דיכ פרעגנ...

ניט אזוי אָבער איז זיכ באגאנגענ טײַבעלע מיט אירע קרויווימ. די מאדאמ פורמאנ האָט זיכ געשעמט מיט איר אָרעמער פאמיליע אונ נישט געקאָנט לײַדנ, אז עס איז צו איר ארײַנגעקומענ אָנ אָרעמער קאָרעוו אינ א צעריסענער קאפּאָטע, ווענ די מאדאמ פרידמאנ איז געווענ בא איר צוגאסט; דעריבער האָט זי געטיילט מיט דער ברייטער האנט, נאטירלעכ, אז מייער זאָל נישט ויסנ, נישט דערפאר ווײַל זי האָט מוירע געהאט פארנ מאנ — ניינ! זי האָט שוינ לאנג געהאלטנ מייערנ שטארק אינ די הענט — נאָר ווײַל עס איז איר ניט אָנגעשטאנענ, אז אירע פרײַנט, איר גילדענע מישפּאָכע, זאָל דארפנ אָנקומענ צו איר מאנ.

די מאדאמ פרידמאנ איז געווענ גליקלעכער פונ איר. א געזונטע אונ א פריילעכע, האָט זי געלעבט א גוטנ טאָג, געוווּסט פונ א וועלט צו זאָגנ, שטארק ליב געהאט דעמ מאנ, וועלכער איז אויסגעגאנגענ נאָכ אירע טריט, געפירט זיכ א סאכ פרײַער פונ טײַבעלענ, דעהײַנע: דעמ פאריק שוינ לאנג ארָאָפּגעוואָרפנ, געגאנגענ אינ טעאטער, גע־שלאָסנ באקאנטשאפט מיט יונגעלײַט. עס קאָנ זײַער זײַנ, אז די מאדאמ פורמאנ וואָלט זיכ אויכ דערלויבט אזוי צו לעבנ, ווענ איר פּאָטער זאָל ניט הייסנ רעב לייבצי רעב פּינכעסלס אונ זי זאָל ניט הייסנ נאָכ אר־האיאָמ „טײַבעלע לייבצים". אנײַ, האָט זיכ איר גע־ בענ געגלוסט ארָאָפּוואַרפנ דעמ פאריק אונ ארויסשטעלנ כאָטש א ביסעלע אירע שיינע שווארצע האָר! בא איר איז דאָכ שענערע

האָר, ווי בא דער „געלער" מאדאמ פרידמאנ!.. ניט קאָנענדיק דער-
גרייכנ איר ווילנ, האָט זי אלצ שטארקער אונ שטארקער פײַנט גע-
קריגנ איר פרײַנדינ — די מאדאמ פרידמאנ; איר געלעכטער, אירע
„געלע" ניט-צוגעדעקטע האָר האָבנ איר געברענט די אויגנ אונ
געשטאָכנ אינ הארצנ! די מאדאמ פרידמאנ האָט דאָס גאנצ גוט
געוווּסט אונ האָט שוינ לאנג געפּיקט מאָטלענ אינ קאָפּ ארײַנ, אז
עס וואָלט שוינ צײַט געווענ אָפּטיילנ זיכ פונעמ שוטעפ אונ אָנהייבנ
זעלבשטענדיק צו לעבנ אפ דער וועלט...

— אוואדע, זאָג איכ דיר, וועסטו זי אוועקוילענ! — האָט איר מאָטל דערופ געענטפערט. — דו וועסט איר גאָר מאכנ דעמ טויט! דו ווייסט, מאלקע, וויפל, אשטייגער, עס קאָנ אימ ארויסקומענ אפ זײַנ כיילעק? אנו, טרעפ? וועסט טרעפנ צי ניינ?

— וויפל?

— קימאט דרײַ הונדערט טויזנט קערבלעכ! דו פארשטייסט צי ניינ?..

— אָט דעמ סטאַראָזש?!.. אָט דער יאשטשערקע?!..

אונ מאלקענ איז ארײַנ א שלעכטער געדאנק אינ קאָפּ ארײַנ... דער דאָזיקער געדאנק האָט זי לאנג-לאנג ניט געלאָזט רוענ, ביז זי האָט אָנגעהויבנ מוטשענ דעמ מאנ, וואָס האָט זי טאָמיד געפאָלגט, אזוי אז ער האָט צולעצט אויכ מאסקימ געווענ דערופ.

אפ וואָס האָט ער מאסקימ געווענ? דאָס האָבנ זיי ביידע צווישנ זיכ קיינמאָל ניט גערעדט, נאָר זיי האָבנ ביידע פארשטאנענ איינער דעמ אנדערנ אָנ ווערטער.

אונ אָט זיצנ זיי ביידע: פרידמאנ אונ פורמאנ. פרידמאנ רעדט אונ מאכט מיט דער האנט; ער ווײַזט דעמ שוטעפ פאפירנ, כעשבוינעס; ער וואָרפט אפ די ביינדלעכ; ער שוויצט אונ פארענטפערט זיכ אונ רעדט מיט גרויס היצ:

— פארשטייסט צי ניינ? פארשטייסט צי ניינ?..

— יאָ! איכ פארשטיי, וויאזוי דאָס... פונוואנענ אָבער קומט עס, אז עס זאָל זײַנ אזוי דאָס?.. — פרעגט אימ פורמאנ, קוקנדיק אראָפּ אפ די שפּיצ שטיוול מיט פארפלאמטע באקנ אונ מיט א צעבלאָזענער נאָז, אונ די הענט ציטערנ בא אימ, אונ דער שטערנ שוויצט.

א שווערע צײַט איז דאָס געווענ פאר דעמ הער מיט דער מאדאמ פורמאנ; א שווערע צײַט פאר די דינסטנ אינ שטוב; נאָר שווערער פונ אלעמענ איז דאָס פאר מאָטל פרידמאנ! ער פילט, ווי נידעריק, ווי ניט-ערלעכ ער באגייט זיכ מיט זײַנ כאווער, וואָס האָט אימ קי-

מאט באַ זײַנ לעבנ דערהאלטנ מיט דער יערושע! נאָר די מאדאמ פרידמאנ נעמט אפ זיכ די אוויירע, זי איז אָרעוו פאר אלצ. זי האָט א סאכ אורזאכנ, אז דעמ שוטעפ, דעמ גראָבנ פורמאנ, קומט מער ניט ווי פופציק טויזנט רובל. דאָס איז אויכ צופיל: ער האָט קיינמאָל ניט געארבעט, אונ, פארקערט, אלצ געגעסנ פונעמ גרייטנ, אונ זי, די יאשטשערקע, האָט אויסגעהאלטנ א גאנצע מישפּאָכע מיט טונעיאדצעס, ליידיקגייערס...

די מילכאָמע האָט זיכ געצויגנ א פּאָר כאדאָשימ. טײַבעלע טרײַבט דעמ מאנ, ער זאָל לויפנ, וויינענ, שרײַענ, זיכ פארלאָזנ אפ מענטשנ. פרידמאנ איז מערוצע 1 זיכ פארלאָזנ אפ מענטשנ.

— אפ מענטשנ?! — שרײַט מאלקע פרידמאנ. — אפ מענטשנ? מײַנ טאטנס ווינקעלער? מײַנ מאנס האָרעוואניע? איכ וויל ניט קיינ מענטשנ! איכ דארפ ניט קיינ מענטשנ!..

אנ עק — א סאָפ! שוינ צעטיילט. דאנקענ גאָט — געפּאטערט!

באַ די פרידמאנס איז גאנצ ליכטיק אונ פריילעכ. דער הער פרידמאנ זיצט באַ זיכ אינ קאבינעט, ווי טאָמיד, איבער זײַנע כעשבוינעס. ער איז שטארק פארטראכט. אונ ווי א קליינ וואָלקנדל פליט דורכ איבער זײַנ געזיכט אונ ליגט א קנײַטש אפ זײַנ הויכנ ווײַסנ שטערנ. נאָר אָט עפנט זיכ די טיר, אונ עס גייט ארײַנ די מאדאמ פרידמאנ, געזונט אונ שיינ, פריילעכ אונ צופרידנ. איצט איז זי די איינציקע באלעבאָסטע איבערנ גאנצנ רײַכטומ, שוינ פּאָטער געוואָרנ פונ די שוטפימ! זי גייט צו צומ מאנ, ליגט אנידער איר פעטע האנט אפ זײַנ דארע פּלייצע. ער טוט זיכ א וואָרפ אונ דערזעט מאלקענ. א, מאלקע?.. ער האָט גאָר ניט געהערט, ווי זי איז ארײַנגעגאנגענ! זי וויל וויסנ, וואָס איז ער אזוי פארטראכט, פארזאָרגט? גאָרניט! ער פארענטפערט זיכ אונ כאפּט ארויס א שטיקל פּאפּיר פונעמ שופלאָד אונ ווײַזט איר מיטנ פינגער, אָנ ווערטער. זי קוקט לאנג-לאנג, אונ א רויט צוויקל באדעקט איר געזיכט. אפנ שטיקל פּאפּיר שטייט א 5 מיט פינפ נולנ, אָט אזוי: .500.000

— דו פארשטייסט צי ניינ? — זאָגט צו איר מאָטל פרידמאנ. — דו פארשטייסט צי ניינ?..

אָ! זי פארשטייט שוינ זייער גוט! דאָס הייסט אזוי גרויס ווי פינפ הונדערט טויזנט רובל! א האלבער מיליאָנ!..

---

1 האָט באוויליקט; איז אײַנגעגאנגענ.

# דאָס אכטע קאפיטל

**א מילכאָמע צווישנ דעמ אײַזערנעמ באלקאָנ אונ די רויטע לאָדנ**

אלצ איז געווענ ווי פריִער: אי דער שיינער מויער, אי די סקלאדנ, אי די קלייטנ, אי די פריקאזטשיקעס מיט די ווײַסע פארטעכער, אי דער קאסיר מיט דער פענ הינטערנ אויער — אלצ, אלצ ווי פריִער. נאָר די גרויסע שילד מיט די גרויסע גילדענע אויסיעס „פרידמאנ עט פורמאנ" איז ניטאָ. אפ איר אָרט הענגט שוינ אנ אנדער שילד, א גרעסערע אונ א שענערע, מיט שרעקלעכ גרויסע בוכשטאבנ: „פרידמאנ". אויבנ, אפנ אײַזערנעמ באלקאָנ, זיצט די מאדאמ פרידמאנ, אונ ארומ איר זיצנ יונגעלײַט, פרויענ, באקאנטע — אונ מע טרינקט טיי. עס איז גאנצ פרייִלעכ; אלע רעדנ אונ לאכנ. די מאדאמ פרידמאנ קוקט אראָפּ פונעמ הויכנ באלקאָנ אקעגנ, אפ א קליינ ווײַס שטיבל מיט רויטע לאָדנ באַ די פענצטער. זי לאָזט נישט אראָפּ קיינ אויג פונעמ דאָזיקנ שטיבל. זי זעט, זי פילט, ווי א פּאָר שווארצע אויגנ קוקנ דאָרט דורכנ פענצטער גלײַכ אפ איר מיט קינע אונ מיט סינע. די מאדאמ פרידמאנ גייט אינ א לײַכט ווײַס קלייד. איר האנט ליגט אפ דער פּארענטשע פונעמ באלקאָנ, אונ א גרינג ווינטעלע פארגאנוועט זיכ צו איר אינ ארבל ארײַנ אונ דעקט אָפּ איר האנט, איר ווײַסע פעטע האנט. די צוויי שווארצע אויגנ, וואָס קוקנ אפ איר דורכנ פענצטער פונעמ ווײַסנ שטיבל מיט די רויטע לאָדנ, טרעטנ אָפּ פונ זייער אָרט, טוענ א שפּײַ אונ קערנ זיכ אומ צוריק צומ פענצטער אונ קוקנ ווײַטער ארופ אפנ באלקאָנ. וויפל שמערצנ, וויפל קינע, וויפל סינע גייענ ארויס פונ די דאָזיקע שווארצע אויגנ צומ באלקאָנ, אונ וויפל שלעכטיקײַט, וויפל נעקאָמע גיסט זיכ פונעמ באלקאָנ אראָפּ אפ דעמ דאָזיקנ ווײַסנ שטיבל מיט די רויטע לאָדנ, מיט די שווארצע אויגנ, וואָס טרעטנ קיינמאָל ניט אָפּ פונעמ פענצטער.

אלע טאָג זעענ די שווארצע אויגנ, ווי עס פּאָרט צו צומ טויער א גלענצנדער פאיעטאָנ, אונ די „געלע", די גראָבע מאדאמ פרידמאנ, זעצט זיכ קוימ ארײַנ, אונ א פּאָר טײַערע פערדלעכ טראָגנ זי אוועק צומ טײַכ זיכ באָדנ. א גאנצנ טאָג זעענ די שווארצע אויגנ, ווי אונטנ, אינ די סקלאדנ, קאָכט ווי אינ א קעסל, דער אוילעמ שטופּט זיכ, מע לייזט געלט, אונ גרויסע שווערע פעק מיט סכוירע קאטשעט מענ ארײַנ אונ ארויס. אונ אויבנ, אפנ באלקאָנ, לעבט מענ א גוטנ טאָג. מע פרעסט אונ מע זויפט אונ מע טוט זיכ אָנ אלע פארגעניגנס!

די רײַכסטע לײַט פֿאָרנ צו אהינ מיט וויזיטנ, אָפּטמאָל טאַנצט מענ דאָרט אונ מע הוליעט אָפּ א גאַנצע נאַכט ביזנ ווײַסנ טאָג ארײַנ, אונ ביים דאָ עפֿנט מענ נאָר אופּ  די רויטע לאָדנ, שטייט שוינ דאָרט דער לאָקיי אָדער דאָס שטוב-מיידל אונ טרייסלט אָפּ דעמ שטויב פֿונ די טײַערע דיוואַנעס מיט די  סאַמעטענע קליידער, אונ דער שטויב פֿליט אונ לייגט זיכ דאָ אַפּ די רויטע לאָדנ, ווי בעקיוונ, ווי אַפּ צולאָכעס... אז צומ באַלקאָנ פֿאָרט צו די מאַדאַמ שפּיגעלגלאָז, די מאַדאַמ רעגענבויגענ אָדער די מאַדאַמ שטעכענהאָלצ, ווייסנ שוינ די שוואַרצע אויגנ, וואָס מע רעדט דאָרטנ: זיי טרעפֿנ, זיי פֿילנ, וואָס זאָגט די מאַדאַמ שפּיגעלגלאָז, וואָס דערציילט די מאַדאַמ רעגענבויגענ אונ פֿונ וועמענ לאַכט די מאַדאַמ שטעכענהאָלצ. אונ אז די שוואַרצע אויגנ דערזעענ ארויסגייענ אַפּנ באַלקאָנ א הויכנ יונגנמאַנ מיט לאַנגע בלאָנדע האָר, מיט גרויע אויגנ אונ מיט א ווײַס געזיכט, קלערנ זיי זיכ.

„אָט איז ער שוינ, איר „קאַרעש"! א לאַנגער, א ווײַסער גאַלאַ־גאַנסקער האָנ... זי מיינט, אז איר באָרים וועט זײַנ א דאָקטער... עס וועט איר נאָכ פֿרײַער די אויגנ ארויסקריכנ, ביז ער וועט אמאָל עפּעס ווערנ! אזוי לאַנג קרענקט זי, ווי לאַנג מײַנ ראָזע וועט אפֿילע וועלנ קוקנ אַפּ איר באָריסנ מיט די לאַנגע פֿיס! אָ! אָט גייט מײַנ ראָזע־טשקע! טראָגט מיט זיכ ביכער, נאָטנ. עס קער איר גוט שטעכנ, דער „גראָבער"! איכ ווייס — זי פֿאַרגינט מיר ניט מײַנ גאַנצנ האַרצנ!"...

* * *

„אָ! אָט גייט זי, די „קאַרלישקע!". — קלערט זיכ אינ דער דאָזיקער מינוט די מאַדאַמ פֿרידמאַנ אַפּנ באַלקאָנ. — „פּונקט אזוי גרויס ווי די מאַמע אירע, אונ גריג אויכ אזוי ווי די מאַמע, אונ מיינט אויכ, אז יעדער קוקט אַפּ איר אונ איז זי מעקאַנע. שאַ! זי טראָגט, דאַכט זיכ, עפּעס א ביכל? א גאַנצע מעלומעדעס 1, א קאַ־טאָוועס א ביסל? זי שפּילט אַפּנ טאָפּטשאַנ, כאַ־כאַ־כאַ!"...

אונ א בייזער געלעכטער, פֿול מיט סאַמ־האַמאָיוּעס, גיסט זיכ פֿונעמ הויכנ אײַזערנעמ באַלקאָנ אראָפּ אַפּנ נידעריקנ ווײַסנ שטיבל מיט די רויטע לאָדנ. אונ צוויי שוואַרצע אויגנ וואַרפֿנ פֿונ זיכ פֿײַער צוריק ארופּ אַפּנ אײַזערנעמ באַלקאָנ.

---

1 א געלערנטע.

די דאָזיקע צוויי שווארצע אויגנ געהערנ צו דער מאדאמ פורמאנ, אונ דער שיינער אײַזערנער באלקאָנ — צו דער מאדאמ פרידמאנ.

נישט מער ווי זעכצנ-זיבעצנ יאָר צוריק זענענ די דאָזיקע צוויי ווײַבלעכ געזעסנ ביידע אפ איינ קאנאפע, געקנאקט צוזאמענ ניסלעכ, געגעסנ אײַנגעמאכטס, געלאכט אונ געשפעט פונ דער גאנצער וועלט, געלעבט ווי צוויי שוועסטער, ווי צוויי טרײַע ליבנדע שוועסטער — אונ אצינד?

נאָר ווי טרויעריק די לאגע איז געוועזנ צווישנ אָט די צוויי פרויענ, איז זי צווישנ זייערע מאנענ נאָכ טרויעריקער געווענ; דער כילעק איז נאָר, וואָס די ווײַבער האָבנ געפירט אנ עפנטלעכנ קריג צווישנ דעמ אײַזערנעמ באלקאָנ אונ די רויטע לאָדנ, אונ זייערע מאנענ האָבנ מילכאָמע געהאלטנ צווישנ זיכ פארשטעלט, באהאלטנ, טיפ-טיפ אינ זייערע הערצער. קיינער האָט נישט געקאָנט פארשטיינ, פארוואָס האָט זיכ דער הער פורמאנ, זינט ער האָט זיכ אָפּגעטיילט פונעמ הער פרידמאנ, פארשלאָסנ בא זיכ אינ שטיבל מיט די רויטע לאָדנ, אזוי אז מע האָט אימ שוינ מער נישט געזענ, ווי ער שפּאצירט ארומ איבער דער שטאָט מיט א פאריסענער נאָז, מיט א גרויסנ בויכ אונ מיט די הענט אינ די קעשענעס, ווי פריִער. ער האָט זיכ פארשלאָסנ אינ דעמ דאָזיקנ ווײַסנ שטיבל, וועלכס ער האָט זיכ געקויפט באלד נאָכ דער „כאלוקע”[1], אונ האָט צוגעשלאָגנ אפ די פענצטער שטארקע אײַזערנע לאָדנ, וואָס אימ איז אויסגעקומענ אָפּצופארבנ מיט רויטנ, אונ האָט שוינ מער ניט געוואָלט ארויסטרעטנ פונ שטוב, ווו ער האָט פארבראכט א סאכ יאָרנ, ליגנדיק אויסגעצויגנ אפ א הארטער סיראטענער סאָפע, אָדער זיצנדיק אינ א סיראטענער קרעסלע אונ ציִענדיק א פאסקודנעמ פאפּיראָס. ניטאָ שוינ אמאָליקע ווייכע פּאָטעלנ! ניטאָ די סאמעטענע דיוואנעכ! ניטאָ יענע שמעקנדיקע ציגארנ!..

טכילעס, אז פורמאנ האָט זיכ צעטיילט מיט פרידמאנענ, האָט ער געוואָלט אויפברעכנ אקעגנ אימ א קאָנקורענציע. איז ער אוועקגעפאָרנ אונ האָט געבראכט א גרויסנ טראנספּאָרט ווײַנ אונ האָט אינ א פארלויפ פונ א האלב יאָר געפאטערט שוינע עטלעכע קערבלעכ. האָט ער דערזענ, אז ער קאָנ זיכ מיט פרידמאנענ ניט שפּילנ. אינ יענער צײַט האָט ער אכוץ דעמ געפירט קעגנ דעמ שוטעפ א גרויסנ פראָצעס, פונ וועלכנ ער האָט באדארפט גליקלעכ ווערנ;

1 צעטיילונג.

אזוי האָבנ אימ געזאָגט זײַנע אדוואָקאטנ. נאָר דער סאָפ האָט באַ־
וויזנ, אַז דאָס, וואָס פורמאנ פלעגט זיכ אזוי גרינג, אומבאטראכט
באַסמענענ אָפ יעדנ פּאַפּיר, וואָס פרידמאנ האָט אימ אונטערגערוקט,
האָט אימ געקוילעט ביז גאָר, און דער פּראָצעס האָט אימ אויב
אָפּגעקאָסט אַ שיינע קאָפּעקע. דעמלט האָט פורמאנ דערזענ, אַז קיינ
אַנדער געשעפט איז ניטאָ, אויסער ווי געבנ געלט אָפ פּראָצענט,
זײַנ אַ מאָלווע אָדער אַ „באַנקיר" — איז ער געוואָרנ אַ באַנקיר.

דער געדאַנק, אַז דער, וואָס דאַרפ דאָס געלט, וועט מוזנ צו אימ
אָנקומענ, אימ בעטנ, האָט אימ דערהאַלטנ באַמ לעבנ, און די ערשטע
עטלעכע יאָר האָבנ די פורמאַנס דערזענ, אַז נאָכ אינ צענ יאָר ארומ
קאָנענ זיי ווערנ גווירימ, און זייער שאָכנ פרידמאנ, פּליענדיק און
טראַסקענדיק, קאָנ פּלאַצנ און בלײַבנ באַנקראָט, און עפּשער נאָכ
אָנקומענ צו זיי, צו די פורמאַנס, ווי אַמאָל... די דאָזיקע זיסע האָ־
פענונג האָט זיי געצוווּנגענ צו פאַרגעסנ אָנ דעמ אומגליק, וואָס זיי
האָבנ געהאַט, און זיי האָבנ גענומענ שינדנ די פעל פונ זייערע באַ־
לעבוּיווּעס, רײַסנ פּראָצענט פונ פּראָצענט אָפ וואָס די וועלט שטייט!

פורמאנ איז שוינ קליגער געוואָרנ און האָט שוינ אָנגעהויבנ היטנ
כעשבנ: זײַנ פריערדיקער שוטעפ האָט אימ געקאָסט גענוג רעבנע־
געלט. און ווי גליקלעכ זענענ זיי געווענ דעמ טאָג, ווענ זיי האָבנ
דערהערט, אַז מע רעדט אָפ פרידמאנענ עפּעס ניט פריילעכ, גאָר ניט
פריילעכ, זייער־זייער ניט פריילעכ! פורמאנ האָט נאָכאַמאָל איבער־
גערעכנט דאָס „וואָכצעטל" און האָט דערזענ, אַז איבעראַיאָר קאָנ
געמאָלט זײַנ, ער זאָל האָבנ אַ הונדערט טויזנט רובל! דאָס יאָר
איז אַוועקגעגאַנגענ; פרידמאנ האָט אָנגעהויבנ נאָכ מער גלאַנצנ,
נאָכ מער קלינגענ אָפ דער וועלט, און זיי, די פורמאַנס, האָט אויכ
פּאַרעצ אָנגעזעצט פופציק טויזנט רובל. ווידער אַ פּראָצעס, ווידער
אַדוואָקאטנ, ווידער אומזיסטיקע הויצאָעס מיט אומזיסטיקער מי.
ניינ! מע דאַרפ זײַנ נאָכ מער געהיט און מע דאַרפ רײַסנ די הויט!..
מע דאַרפ לעבנ מיט כעשבנ און מע דאַרפ היטנ דאָס קערבל!
וואָס וועט זאָגנ דער אײַזערנער באַלקאָנ, אַז די רויטע לאָדנ וועלנ
בלײַבנ אָנ אַ גראָשנ געלט?.. און די פורמאַנס זענענ געוואָרנ אזוי
קאַרג, אַז קיינ אָרעמאנ האָט נישט אריבערגעטראָטנ זייער שוועל;
קיינ אָרעמער קאָרעוו איז שוינ מער צו זיי נישט געקומענ; דעמ
„פעטער דאָנ" האָט פורמאנ אָנ צערעמאָניעס ארויסגעטריבנ, און
זײַנ גאַנצ ביטער הארצ האָט ער אויסגעלאָזט צו אימ. אַפילע די
גילדענע מישפּאָכע פונ רעב לייבצי רעב פינכעסלס פאַמיליע האָט

שוינ אויכ מוירע געהאט באוויזנ זיכ צו די פורמאנס. טײַבעלע האָט דאָס אפילע נישט געוואָלט לײַדנ, נאָר פונ דער צײַט אָנ, וואָס זיי האָט אָנגעהויבנ דאָס גליק גיינ צוריק, איז מייער געוואָרנ אזוי צערייצט אונ צעבייזערט, אז טײַבעלע האָט אָנגעהויבנ פאר אימ דרעכ־ערעצ האָבנ, מוירע האָבנ, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז פורמאנ איז געוואָרנ א דעספּאָט בא זיכ אינ הויז, א טיראנ, וואָס יעדער האָט געציטערט פאר זײַנ פארע, פאר זײַנ קוק. א שטילער פונ שטענדיק אָנ, האָט פורמאנ נאָכ מער פײַנט געהאט אציינד צו רעדנ, פארברענגענ, ווי דער שטיגער איז, מיטנ ווײַב, מיטנ קינד, אונ האָט זיי שטרענג פארבאָטנ, אז דער נאָמענ „פרידמאנ” זאָל ניט דערמאָנט ווערנ בא אימ אינ שטוב!.. אפ טײַבעלענ איז געקומענ א שווערע צײַט, דאָס לעבנ איז איר קיינ לעבנ נישט געווענ: פונ איינ זײַט, דער מאנ דער דעספּאָט, אונ פונ דער אנדערער זײַט, דער אײַזערנער באלקאָנ. אונ גאָט ווייסט, צו וואָס זי וואָלט גע-קומענ, ווענ ניט איר איינציקער טרייסט אפ דער וועלט, איר טײַערסטער כיעס, איר איינציקע טאָכטער, איר קינד — ראָזעטשקע, מיט וועלכער זי האָט פארבראכט אירע גאנצע יאָרנ אונ טעג אונ פאר וועלכער איר הארצ איז געווענ טאָמיד אָפנ. נאָר דאָס דאָזיקע קינד האָט געזענ אונ געפילט, וויאזוי איר מוטער לעבט, וואָס זי טראָגט איבער — זי האָט איר אָבער נישט געקאָנט העלפנ מיט גאָרניט: ערשטנס, איז זי אויכ געווענ דאָס זעלבע שוואכע באשע־פעניש, ווי איר מוטער, אונ, צווייטנס... נאָר דאָס ווערט בא אונדז דערציילט אינ פאָלגנדנ קאפּיטל.

## דאָס נײַנטע קאפּיטל

**א פלאמפײַעריקע ליבע צווישנ דעמ אײַזערנעמ באלקאָנ**
**אונ די רויטע לאָדנ**

דער אײַזערנער באלקאָנ אונ די רויטע לאָדנ זענענ געווענ פאר־בונדנ צווישנ זיכ ניט נאָר מיט קריג אליינ, ניט נאָר מיט קינע, מיט סינע, מיט נעקאָמע אונ מיט שלעכטיקײַט; דעמ אײַזערנעמ באלקאָנ מיט די רויטע לאָדנ האָבנ, אכוצ דעמ, פארבונדנ צוויי יונגע הערצער מיט די שטארקסטע קייטנ פונ דער ערשטער, זיסער אונ צויבער־לעכער ליבע! ניט איינ מאָל האָט דער אײַזערנער באלקאָנ געשיקט צו די רויטע לאָדנ הייסע, פלאמפײַעריקע בריוועלעכ, אונ די רויטע לאָדנ האָבנ געענטפערט דעמ אײַזערנעמ באלקאָנ מיט זודיקע ווער־

טער, מיט ברענענדיקע אויגנ, מיט קלינגענדיקע קולנ. דער אײַזערנער באַלקאָנ האָט נישט געקאָנט לעבנ אָנ די רויטע לאָדנ, אונ די רויטע לאָדנ האָבנ פאַרגאָסנ הייסע טרערנ, ווענ זיי האָבנ נישט געזענ פאַר זיכ דעמ אײַזערנעמ באַלקאָנ.

באָרימ פרידמאַנ אונ ראָזע פורמאַנ, וואָס זענענ פונ קינדווײַז געוואַקסנ אונטער איינ דאַכ, דערצויגנ געוואָרנ גלײַכ, געלערנט בײַ איינ לערער, האָבנ זיכ די ערשטע יאָרנ פײַנט געהאַט אַזוי שטאַרק, אַז ניט איינ מאָל האָבנ זיכ איבער זיי די מוטערס צווישנ זיכ געקריגט אונ געריסנ. באָרימ האָט טאָמיד בײַגעקומענ די קליינע ראָזעטשקע אונ האָט זי אָפטמאָל געשלאָגנ פאַר איר וויינענ, פאַר איר בלאָזנ זיכ, פאַר איר גאַדלענ אונ אַלע אירע אַנדערע מײַלעס, וואָס זי האָט געהאַט בעירושע פונ איר טאַטנ. באָרימ, פאַרקערט, איז געווענ אַ פריילעכער, אַ לעבעדיקער, אַ געזונטער יונגאַטש אונ האָט נישט געקאָנט סויוול זײַנ ראָזעטשקעס קווייטשענדיק קעלכל אונ האָט נישט געקאָנט אָנקוקנ אירע שטענדיקע פאַרוויינטע שוואַרצע אייגעלעכ. ביז ער האָט זיכ גאָר אויפגעהערט מיט איר צו באַגעגענענ, אונ אַזוי איז אַוועקגעגאַנגענ אַ צײַט מיט יאָרנ.

אינ דער דאָזיקער צײַט איז ראָזע געוואַקסנ אַליינ, אָנ כאַווערטעס, אָנ באַקאַנטע, אונ אירע יונגע קינדערשע יאָרנ זענענ געגאַנגענ זייער אומעטיק, איינפאַכ, טרויעריק: די מוטער איז געווענ פאַרנומענ פריִער מיט פליאָטקעס, נאָכדעמ מיטנ פראָצעס, אונ צולעצט מיטנ אײַזערנעמ באַלקאָנ, פונ וועלכנ זי האָט קיינ אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. אונ דער פאָטער האָט איר פונ קינדווײַז אָנ באַוויזנ, אַז ער איז אַ פאָטער, אונ פאַר אימ דאַרפ זי דערעכ-ערעצ האָבנ. זעלטנ האָט זי זיכ געזענ מיטנ פאָטער: קומענדיק פונעמ שרײַבער, האָט זי אַליינ אָפּגעגעסנ אונ גענומענ זיכ צומ ביכל; צומ פאָטער אינ קאַבינעט אַרײַנ האָט זי מוירע געהאַט אַרײַנטרעטנ, סײַדנ אַמאָל פאַרגאַנווענענ זיכ, דורכ אַ שפּאַרונקעלע כאַפּנ אַ קוק — אונ אַנטלויפנ. מיט דער מוטער האָט זי יאָ ליב געהאַט צו זיצנ אונ דערציילנ איר מײַסעס, נאָר מיינסטנטייל האָט די מוטער פאַרבראַכט באַמ פענצטער, קוקנדיק אַרופּ אָפּנ באַלקאָנ, — אונ אינ יענער צײַט האָט מענ זי ניט געטאָרט אָנרירנ אונ איבערשלאָגנ איר די געדאַנקענ, אונ ניט איינ מאָל האָט ראָזעטשקע געכאַפּט פּעטש פונ דער מוטער דערפאַר, וואָס זי איז געקראָכנ צו איר דעמלט, ביימ זי איז געזעסנ באַמ פענצטער אונ געקוקט אַרופּ אָפּנ באַלקאָנ. פונ דעמלט אָנ האָט שוינ דאָס קינד געוווּסט, אַז ווענ די מוטער זיצט

באַם פענצטער אונ קוקט אַהינ, טאָר מענ צו איר ניט צוגיינ...

ערשט דעמלט, אז ראָזע איז אַלט געוואָרנ דרײַצנ יאָר אונ איז שוינ געגאַנגענ אינ פּאַנסיאָנ, איז זי געוואָר געוואָרנ, וואָס באַטײַט אָט דער דאָזיקער אײַזערנער באַלקאָנ אונ פאַרוואָס קוקט אַהינ די מוטער מיט אַזאַ פײַער. וויפל שרעקלעכע זאַכנ האָט ראָזע זיך דעמלט אָנגעהערט פונ דער מוטער! פונ וויפל שלעכטיקײַט, פאַרדאָרבנהײַט אונ אומדאַנקבאַרקײַט איז זי געוואָר געוואָרנ צו דרײַצנ יאָר!

— מאַמעניו! טײַערע מאַמע! קוק גאָר ניט אַהינ!..

אונ אַליינ פלעגט זי זיך פאַרגאַנווענענ אונ כאַפּנ אַ קוק אַרופ, אַפנ באַלקאָנ, אונ לאַנג־לאַנג קוקנ אַפ דער גראָבער מאַדאַם פריד־מאַנ, ווי אַזוי זי וואַרפט זיך אַרײַנ אינ דער קאַרעטע אַרײַנ אונ פליט אַרום צווישנ די קלייטנ אונ ברענגט צו פירנ אַהיים פעק מיט סכוירע, מיט עסנווארג, אונ ווי אַזוי געסט פאָרנ צו אונ פאָרנ אָפ — אונ זיי, די פורמאַנס, קוקנ ניט אָנ קימאַט די ליכטיקע שײַנ, קיינער פאָרט צו זיי ניט, אונ זיי קענענ זיך מיט קיינעם ניט, אונ אינ שטוב פירט מענ זיך ווי בײַ דעם ערגסטנ קאַפּצנ: דער פאָטער טיילט אַליינ אַרויס אינ מאַרק אַרײַנ אונ נעמט אָפּ כעשבנ בײַ דער יעדענע פונ פלייש, פונ זאַלץ אונ פונ ציבעלעס, אונ אַמאָל צעבייזערט ער זיך אַזוי אַפ דער מוטער, אַז זי פאַלט אַרײַנ אינ בעט אַרײַנ אונ באַוואַשט זיך מיט טרערנ.

— דו פאַרגעסט זיך? — שרײַט אַפ איר דער פאָטער, — דו ווילסט מיך בעדאַלעס שטעלנ, איך זאָל דאַרפנ גיינ איבער די הײַזער איבער דיר, דו אויסברענגערנ? אַלע טאָג אַ האַלב פונט ליכט? ווער פאַרמאָגט דאָס אַלע טאָג צוויי פונט פלייש? גענוג איינ מאָל אינ טאָג עסנ פלייש בײַ אָט אַזאַ יאַקרעס! עס איז נאָכ קאַרג, וואָס די קעכנ באַגאַנווענעט מיך אַלע טאָג, אַלע שעה, אַלע מינוט, אַלע רעגע, אונ מע צעטראָגט מיר די ביינער פונ אַלע זײַטנ? מע ראַבעוועט, מע גאַזלט, מע רײַסט פונ די הענט, אונ קיינער זאָגט ניט אַ וואָרט!..

די מוטער ליגט מיטנ פּאָנעם אינ קישנ, אונ די טאָכטער זיצט נאָענט נעבנ איר אונ ציטערט, ווי אַ שעפעלע. זי האָט מוירע אויפ־הייבנ די אויגנ אונ איז זיך מעכײַע, וואָס „ער” איז שוינ אַנשווייגנ געוואָרנ. דער פאָטער הייסט בײַ די דאָזיקע צוויי פרויענ „ער”; קיינ אַנדער נאָמענ האָט ער בײַ זיי ניט.

— שטיי אויפ, מאַמע, „ער” איז שוינ אַנשווייגנ געוואָרנ אונ ליגט שוינ אַפ דער סיראַטענער סאָפע...

טײַבעלע שטייט אויף מיט רויטע אויגן, און צווישן דער מוטער מיט דער טאָכטער פֿאַרבינדט זיך אַ לאַנגער שמועס, נאָר שטיל, קוים וואָס מע הערט. פֿון אַלץ, פֿון אַלץ ווערט דאָ איבערגערעדט: וויאַזוי זי, טײַבעלע, איז אַמאָל געווען גליקלעך. וויאַזוי זיי זענען אַמאָל געווען רײַך. עמעס, זיי זענען איצט אויך ניט אָרעם; עס קאָן זײַן, אַז זיי זענען איצט רײַכער ווי אַמאָל, נאָר זי ווייסט עס ניט. דאָס ווייסט „ער"... „ער" האַלט דאָס געלט אין קאַסטן, אין דעם אײַזערנעם קאַסטן. דאָרט ליגן אַ סך פּאַפּירן, וועקסלען, דאָקומענטן, באַנקאָווע בילעטן, מאַשקאָנעס, געלט, און נאָר „ער" אַליין גייט צום קאַסטן. „ער" האַלט בײַ זיך די שליסלעך, און זי האָט מוירע צו זיי זיך צוצורירן. זי וויל אים ניט פֿרעגן: זי איז גערן, אַז „ער" טשעפּעט זי ניט. און אַלץ איבער זיי, איבער אָט די מערדער, וואָס אָפּן אײַזערנעם באַלקאָן!..

— וואָס איז דאָרט בײַ אײַך פֿאַר סוידעס? — שרײַט פֿורמאַן, ליגנדיק אויף דער סיראַטענער סאָפֿע.

פֿורמאַן ציטערט פֿאַר אַ שאָרך... ער האָט מוירע פֿאַר גאַנאָווים, פֿאַר גאַזלאָנים, מע זאָל אים כאָלילע ניט באַפֿאַלן. ער פֿאַרלאָזט זיך אויף קיינעם ניט. אַליין פֿאַרמאַכט ער אַלע נאַכט די רויטע לאָדן, פֿאַרשליסט די טיר און כאַפּט זיך אויף עטלעכע מאָל אין דער נאַכט און טאַפּט דעם אײַזערנעם קאַסטן, די שליסל. אויף יעדן באַזונדער קוקט ער מיט מוירע, מיט כשאַד. יעדער איז אים עפּעס ווי פֿאַרדעכטיק. אַפֿילע דאָס ווײַב, דאָס קינד וואַרפֿט אויך אויף אים אָן אַ מאָרע־שכוירע, בײַם זיי זיצן אין שלאָפֿצימער און שושקען זיך שטילערהייט... ווער ווייסט? עפּשער רעדן זיי זיך עפּעס אָן צווישן זיך? עפּשער פֿאַרטראַכטן זיי אַ שלעכטע מאַכשאָווע קעגן אים?..

— ראָזעלע! ראָזעלע! קום נאָר אַהער, ראָזעלע!

מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אַ בלאַסע, אַ דערשראָקענע, גייט זי צו צום פֿאָטער.

— קום אַהער! קום אַהער נעענטער! קוק נאָר אָן אַ ביסל, ווי זי האָט עס מוירע... איך וועל דיך ניט אויפֿעסן! איך בין ניט קיין דאָס!.. זאָג נאָר, טאָכטער, וואָס איז דאָרטן געווען בײַ אײַך פֿאַר אַ דאָס? וואָס האָט דיר די מאַמע עפּעס געזאָגט אַזעלכס? זאָג נאָר דעם דאָס... דעם עמעס! זאָג אויס, האָב קיין מוירע ניט פֿאַר דאָס!..

נאָר אַמאָל, זייער זעלטן, טרעפֿט זיך בײַ אים אויך אַ גוטע שאָ. ער ווערט עפּעס ווי לעבעדיקער, מונטערער און ווייכער, ער קוקט

דעם ווײַב אין די אויגן אַרײַן, ווי אײנער, וואָס פילט זיך, אַז ער איז שולדיק. ער מאַכט מיט איר אַ רעד וועגן דער טאָכטער, וועגן זײער אײנציקער טאָכטער:

— הערסט, טײַבעלע, דאָס... איך מײן אַקעגן דעם... ראָזעלע איז שױן, קײן אײנהאָרע, אַ דאָס... אַ פֿײַנע מײדל... מע וואָלט שױן באַדאַרפֿט אַ טראַכט טאָן מיקױעך אַ דאָס... דאַנקען גאָט, אַ ביסל דאָס איז פֿאַראַן... נישט קײן סאַך —אַזױ, קײן מײַסע ניט (ער טוט זיך אַ טאָפּ אין קעשענע באַ די שליסעלעך...) פֿאַרשטײט זיך, אױב מע װעט אונדז אָפּגעבן אַלע דאָס... אױב עס װעט ניט זײַן כאָלילע קײן אָנזעצן באַ הײנטיקע דאָס... פֿון ראָזעלעס װעגן האָב איך אָפּגעלײגט באַזונדער אַ ביסל דאָס (ער קוקט זיך אַרום אױף אַלע זײַטן)... זאָלסט איר נאָר ניט זאָגן, טײַבעלע! אַ קינד, װאָס טױג דאָס איר צו װיסן? אַז עס װעט קומען די דאָס... די צײַט, װעט זי אַלײן װיסן...

טײַבעלע פֿאַרגעסט זיך: זי מײנט, אַז דאָס איז אַמאָליקע יאָרן, בײַם זי האָט געקאָנט אַ געשרײ טאָן אױף מײערן אַזױ, אַז ער זאָל צובײַסן די צונג. זי שטעלט אָן אירע שװאַרצע אױגן אױף איר מאַן און הײבט אָן צו טײַנען פֿאַר איר קינד:

— איך פֿאַרשטײ ניט, װאָס איז דאָ פֿאַראַן מוירע צו האָבן פֿאַר אַן אײגן קינד? אױביפֿראַט...

—שאַ־שאַ! — הײבט אױף איר אָן מײער צו שרײַען, מאַכנדיק מיט די הענט, — זײַ נאָר, װי מע האָט איר דאָ אָנגערירט דעם דאָס... דעם האָנאָר! איך זאָל דיך װעלן פֿאָלגן, װאָלטן מיר שױן לאַנג באַדאַרפֿט גײן אין די דאָס... אין די הײַזער! דו קערסט מײַנען, אַז באַ מיר איז פֿולע קאַסטנס מיט דאָס?..

די מאַדאַם פֿורמאַן גײט אַװעק פֿונעם מאַן מיט אַ ביטערע האַרץ, — און עס גײען װײַטער פֿינצטערע, װיסטע, טרױעריקע טעג, לאַנג־לאַנג, אָן אַ סאָף, אָן אַן עק! די מוטער זוכט איר טרײסט באַ איר קינד, באַ איר אײנציקער טאָכטער, באַ איר טײַערער געטרײַער ראָזעטשקע, און איר טײַערע געטרײַע ראָזעטשקע זוכט איר טרײסט אין אַ בײגעלע פּאָסט־פּאַפּיר, װעלכס איז באַשריבן געדיכט פֿון אַלע פֿיר זײַטן מיט אַ סאַך פּאַסקעלעך און מיט אַ סאַך פּינטעלעך. אין דעם דאָזיקן בײגעלע פּאָסט־פּאַפּיר, װעלכס ראָזע טראָגט באַ זיך אױפֿן האַרצן און לײענט דאָס נאָר באַנאַכט, באַ אַ צװײגראָשנדיק ליכטל, בײַם די גאַנצע שטוב שלאָפֿט שױן לאַנג, שטײט געשריבן דאָס דאָזיקע:

„מײַן נעשאָמע, מײַן לעבן, מײַן מאַלעך — ראָזע!.. דאָס ליבסטע

ווארט, דער גרעסטער טיטל וועט זיין נאר א באליידיקונג פאר מיין ליבע צו דיר. מיין טייער לעבן! אך, פארוואס בין איך אזוי גע־שטראפט, אז איך מוז מיט דיר רעדן אף פאפיר? וואס האבן מיר אזעלכס פארזינדיקט? מיר דאכט, אז אין די דריי יאר, וואס אונ־דזערע הערצער זענען צוזויפגעקניפט געווארן מיט דער זיסער אייביקער ליבע, האבן מיר אויסער שמערצן קיין גוטע שא נישט פאר־זוכט? נאר, דאנקען גאט, איך קאן דיך פארזיכערן, אז דאס איז שוין דאס לעצטע יאר, דער לעצטער כוידעש, די לעצטע וואך, דו הערסט? — די לעצטע וואך פון אונדזער ארעסט! נישט מער ווי אין פינף טעג ארום ענדיקט זיך בא מיר דער עקזאמען, און איך פאר... כיין! איך פלי צו מיין טייערער, טייערער, טייערער ראזע אפ טאמיד, אף אייביק־אייביק, מיין ראזע, מיין שמעקנדיקע, מיין בליענ־דיקע ראזע, מיין אייביקער און מיין איינציקער פריינט אף דער גאנצער וועלט!..

פון מיר דיין פריינט, דיין ברודער און דיין אויסלייזער,
וואס ערווארטעט שוין די מינוט, די רעגע צו זען דיך,
וואס קושט די ערד, וווּ דיין פוס טרעט,
וואס לעבט איינגאנצן נאר צוליב דיר,
וואס טראגט דיין פארטרעט בא זיך אפן הארצן,
וואס בעט גאט פאר דיר שטענדיק,
וואס בוקט זיך דיר פונוויטן,
בארים פרידמאנ".

## דאס צענטע קאפיטל

ווי עס ווערט באשריבן, וויאזוי א יידישער פרינץ, פון וועלכן עס דארף ארויס א פראפעסאר, אדער, לעכאל־האפאכעס, א דאקטער, גיט אף גלענצנד דעם עקזאמען און פארט טאנצנדיק און זינגענדיק אהיים

אונדזער העלד, בארים פרידמאן, גייט אום מיט ברייטע שפאן איבערן צימער, און רייבנדיק זיך דעם שטערן, כאפט ער זיך א סאך מאל צום ביכל און לייגט דאס ווידער אוועק, אזוי לאנג, ביז ער טוט א שמיץ די ביכער אן דער ערד און כאפט א בייגעלע פאסט־פאפיר און שרייבט אן איינע פון די דאזיקע בריוו, וואס מיר האבן שוין געהאט די מעגלעכקייט פארצושטעלן פאר אונדזערע לעזער אין דעם פאריקן קאפיטל. ער טראגט אליין אפ דאס בריוול אפ דער פאסט און גייט פון דארטן גלייך אין טעאטער ארײַן. אפ מארגן שטייט ער אוף מיט א קאפווייטעק און קאן נישט גיין אין גימנאזיע

צום עקזאמענ. נאָכדעם קומט צו אים דער רעפעטיטאָר און זאָגט אים מוסער און דערמאנט אים, אז ער קאָנ בלייַבנ אפנ צווייטנ יאָר אינ לעצטנ קלאַס, און דער פאָטער וועט זייַנ דערפאר שטארק בערויגנ. אונדזער העלד ווייַנט אזוי לאַנג, ביז ער פאַלט ארופ דעמ לערער אפנ האַלדז און דערציילט אים מיט טרערנ פונ זייַנ ליבע, פונ זייַנ ראָזע, פונ זייַנ טייַערער, טייַערער ראָזע! דער לערער איז אויכ נישט מער ווי א יונגער מענטש מיט א ווייכ ווארעמ הארצ, קוקט ער אפנ שילער און שאָקלט מיטנ קאָפּ און פינטלט מיט די אויגנ. ער דערמאָנט זיכ אציינד, וויאזוי ער האָט אליינ אמאָל גע־האַט א שיינ מיידל מיט א זיס קאָל און מיט ברענענדיקע אויגנ. וויאזוי ער האָט אָנ איר ניט געקאָנט לעבנ. וויאזוי זי האָט געקוקט אפ אים און האָט צו אים געזאָגט: „אכ! דייַנע האָר! דייַנע האָר!”... פארשטייט זיכ, אז בייגעלמאנ (אזוי הייסט דער לערער) איז אינ זייַנ ליבע נישט גליקלעכ געווענ און האָט שוינ לאַנג פארגעסנ דאָס שיינע מיידל מיט די פייַעריקע אויגנ. דאָכ איז בא אים אינ הארצנ געבליבנ א פונק, וואָס צאנקט נאָכ ערגעצ טיפ־טיפ אינ דער נשאָמע, אונ א קליינ ווינטעלע קאָנ דאָס נאָכ אמאָל צעבלאָזנ, עס זאָל דערפונ ווערנ א פייַערל. בייגעלמאנ פארשטייט דעמ שילער: נאָר ווייַל בייגעלמאנ איז שוינ נישט קיינ יונגל און האָט שוינ אפ זייַנ לעבנ ניט איינ מאָל זיכ געלייגט שלאָפנ א הונגעריקער, דעריבער פרעגט ער דעמ שילער א קלאָצ־קאשע:

— יאָ, באָרים, אלצ איז רעכט! וואָס זשע וועט אָבער זייַנ דער טאכלעס? דו דארפסט דאָכ אָפּגעבנ דעמ עקזאמענ! מע וועט דאָכ דיכ ארויסטרייַבנ פונ גימנאזיע! דייַנ פאָטער וועט דיכ אפ דער שוועל צו זיכ ניט ארופלאָזנ. ער וויל דיכ זענ נאָר א פראָפעסאָר, אָדער, לעכאָל־האפּאָכעס, א דאָקטער... דו קאָסט אימ שוינ אָפּ אזויפיל געלד! דו דארפסט...

באָרים פארשטעלט אימ דאָס מויל מיט דער האנט און לאָזט אים גאָר ניט רעדנ ווייַטער. וואָס מיר געלט? וואָס מיר פראָפעסאָר? ראָ־זע, ראָזע איז מייַנ פראָפעסאָר!..

— יאָ, ביסט טאקע גערעכט: ראָזע איז דייַנ פראָפעסאָר. וואָס וועסטו אָבער טאָנ, אז דו וועסט שוינ מיט איר אנטלויפנ און כאסע־נע האָבנ? ווו וועסטו נעמענ מיטלענ צומ לעבנ? עסנ, טרינקענ?..

— בייגעלמאנ! וואָס רעדט איר? ווי קומט דאָס גאָר צו אייַכ, אז איר זאָלט גאָר אזעלכס פרעגנ? און מייַנע הענט? און האָלצ האקנ? און ערד גראָבנ? און זעקלעכ טראָגנ?..

בייגעלמאנ שאָקלט מיטנ קאָפּ, קוקנדיק אפנ זייגער, אונ מיט א ביטער שמייכעלע גייט ער אוועק צו זיינע איבעריקע שילער. אונ באָרים, דער קינפטיקער האָלצהאקער, ערדגראָבער אונ זעקלטרעגער, עסט דערווייל א שיינעמ אָנבייסנ, פארטרינקט מיט א גוט גלאָז ווײנ אונ פאררייכערט א טייערנ ציגאר. דער זעקלטרעגער גייט זיכ דורכ א ביסל אינ מארק, צווישנ די קלייטנ, ווו די קרעמער פרייענ זיכ, אז זיי דערזעענ אימ פונווייטנ, אונ ברענגט אהיימ א נייע פאָר הענטש־קעס, צוויי פלעשעלעכ פארפומענ, גליצערינ־זייפ, א שפּאָגל־נייעמ שניפּס, וואָס פארשפּיליעט זיכ פונ ביידע זייטנ, א האלב טוצ ניי־מאָדישע העמדער, א גוטנ טשעמאָדאנ, א פאָר מעשענע לייכטער מיט א טוצ מעסער אונ גאָפּלענ, מיט נאָכ א סאכ זאכנ, וואָס ער דארפ זיי אפּ קאפּאָרעס האָבנ; נאָר דאָס איז שוינ בא אימ אזא כאלאס, אזא שלאָפּקייט פונ שטענדיק — אויסגעבנ געלט אונ קויפנ אלצ, וואָס דאָס אויג דערזעט.

די טעג פונעמ עקזאמענ האָבנ זיכ שוינ געענדיקט, אונ אָט איז שוינ דער לעצטער טאָג אינ גימנאזיע — דער אקט. אָט פליט מיט רויטע פארפלאמטע באקנ גאָלדענשטאט אהיימ מיט דער ערשטער „נאגראדע” אונטערנ אָרעמ. ער וועט קומענ אהיימ ווי א העלד, וואָס האָט איינגענומענ די מילכאָמע אונ פאָרט אצינד מיט טריומפ, אונ אלע מענטשנ, אלע ביימער, אלע ווינקעלעכ שרייענ אימ „הורא”!

א בלאסער, א געלער פאר קאָעס, פאר קינע, שטייט זילבערשטאט אָנ א זייט אונ איז גרייט צערייסנ די לערערס דערפאר, וואָס גאָלדענ־שטאטנ האָט מענ געשענקט די ערשטע „נאגראדע”, אונ אימ, זיל־בערשטאטנ, וואָס האָט א גאנצ יאָר אזוי ערנסט, אזוי געטריי געהאָ־רעוועט, האָט מענ געגעבנ א פייג, ניט קיינ „נאגראדע”...

א טויטער שטייט אײזענשטאט אינ א ווינקעלע—ער, אײזענשטאט, האָט ניט אויסגעהאלטנ דעמ עקזאמענ! וויאזוי וועט ער קומענ אהיימ צומ אָרעמענ פאָטער, צומ שניידער, וועלכער האָט פונ זיכ די קליי געצויגנ אונ זיכ אויסגעבראכט אפנ זונ? די מאשינע פארזעצט, גע־האָרעוועט, ביז איינ אויג איז אימ אויסגערונענ — אונ צומ סאָפ!..

אונ אונדזער פרינצ, באָרים פרידמאנ, דרייט זיכ אויכ דאָ ארומ אינעמ טייערנ גארניטער, אויסגעפּוצט, אויסגעשמירט מיט שמעקנ־דיקע טראָפּנס אונ פארקעמט, ווי א מיידעלע, מיט א ווייסנ שרונט אי־בערנ גאנצנ קאָפּ. ער ווייסט, אז אינ זיינ בילעט שטייט: увольняется, נאָר ער דרייט זיכ דאָ ארומ א פארטראכטער, א וואזשנער, גלייכ ווי ער איז אריינגעגאנגענ אהער פונ דער גאס א קוק געבנ, וואָס טוט

זיכ דאָ. אונ חאָרטנ, אינ ווינקל, שטייט אײַזנשטאַט, דער בידנע אײַזנ־שטאַט מיט די גרויסע אויגנ, אפ אײנ אָרט, פונקט ווי א פארגלי־ווערטער.

פונדעסטוועגנ, זאָרגט ניט: באָרים פרידמאַנ פאָרט אהיימ מיט א גאַנצער קאָמפּאַניע כאַוויירים, וועלכע ער פירט צו זיכ אפ זײַנע הויצאָעס. א פריילעכער וועג! זומער. די פעלדער זעענ גרינ. די זונ באַקט. די שטיינער פונעמ שאָסיי גלײַענ, אונ די פערד טראָגנ דעמ עקיפּאַזש קימאַט אינ דער לופטנ. אײנ ווערסט נאָכנ אַנדערנ פלײַענ פארבײַ די אויגנ, אונ „כעוורע" עפענענ אופ די געמבעס אונ מע זינגט צוזאַמענ, אלעמאָל אנ אנדער לידל. שטאַרקער פונ אלע שרײַט גאָלדענשטאַט. אינ דעמ דאָזיקנ יונגנ מענטשנ זינגט די ערשטע „נאַגראַדע". אימ ציט נאָכ זילבערשטאַט מיט א שרעקלעכנ באַס, וואָס בייזערט זיכ אפ דער וועלט פאַר דעמ אומרעכט, וואָס עקזיסטירט נאָכ אפ דער ערד. נאָר אײנ אײַזנשטאַט זיצט אײַנגעהויקערט אונ טראַכט וועגנ זײַנ אָרעמענ פאָטער, דעמ שנײַדער, וואָס האָט געפּאַ־טערט אנ אויג איבערנ זונ... נאָר פרידמאַנ, גאָלדענשטאַט אונ זילבערשטאַט לאָזנ אימ לאַנג ניט טראַכטנ: זיי שטורכענ אימ אונטער פונ אלע זײַטנ, ער זאָל אויכ זינגענ מיט זיי.

אונ אײַזנשטאַט עפנט אופ דאָס מויל, פארקרימט זיכ אזוי זויער אונ לאָזט ארויס אזא מעשונע־נאַריש קאָל, אז כעוורע ווערנ שיר ניט צעזעצט פאַר געלעכטער.

אינ יעדער קרעטשמע שטעלט מענ זיכ אָפּ. מע נעמט צו קאַפּע־לעכ. מע דאַרפ באַווײַזנ, אז מע איז שוינ „גרויסע"... מע פאַלט פונ די פיס. מע לאַכט פונ אײַזנשטאַטנ. אײַזנשטאַט אליינ לאַכט שוינ אויכ — אונ מע פאָרט ווײַטער.

אפנ צווייטנ טאָג קומט מענ אהיימ, צו פרידמאַנענ. פיר יונ־גאַטשעס שפּרינגענ ארויס פונעמ וואָגנ, אונ דער העכערער פונ אלע, מיט לאַנגע בלאָנדע האָר, מיט רויטע בעקלעכ, עלעגאַנט גע־קליידט, מיט א רײַזע־טאַש איבער די פּלייצעס, מיט א גילדענער פּענע, פליט דער ערשטער אפנ באַלקאָנ, אפנ באַקאַנטנ אײַזערנעמ באַלקאָנ, אונ פאַלט ארופ דעמ פאָטער אונ דער מוטער אפנ האַלדז, אונ מע קושט זיכ אײנ מאָל אונ צוויי מאָל, אונ דרײַ מאָל, אונ נאָכ א מאָל, אונ ווידער א מאָל. מאָטל אונ מאַלקע ווייסנ שוינ גאַנצ גוט פונעמ אומגליק, וואָס זייער זונ האָט געטראָפנ: וויאַזוי מע האָט אימ נעבעכ אפנ עקזאַמענ געמוטשעט, וויאַזוי אײנער פונ די לערערס האָט אימ נעבעכ אומזיסט־אומניסט „געשניטנ". דערפונ האָט זיי שוינ

באָרים לאַנג געשריבן, און דער לערער, בייגעלמאַן, האָט אויך געשריבן, אַז די מיינע איז לויטער עמעס...

— אָט זענען מיינע כאַווייריִם: גאָלדענשטאַט, זילבערשטאַט און אייזענשטאַט, מיט וועלכע איך בין געקומען אַהער פאַרברענגען די וואַקאַציע. איר קאָנט זיי פרעגן; זיי ווייסן דעם עמעס. אָט דער דאָזיקער אייזענשטאַט האָט אויך דעם זעלבן אומגליק, וואָס איך. איאָ, אייזענשטאַט? איך זאָג עמעס, צי ניין?..

אייזענשטאַט, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אין אַזאַ רייכער שטוב, שטייט און פינטלט מיט די אויגן.

— נו־נו, באָריס! מע גלייבט דיר, מע גלייבט דיר, — זאָגט אים די מוטער, די מאַדאַם פרידמאַן, און כאַפּט אים באַכאַמאָל אַרום קושן.

— דו פאַרשטייסט צי ניין? דו פאַרשטייסט צי ניין?.. — זאָגן דער הער פרידמאַן ווי צו זיך אַליין, קוקנדיק אַפּן זון און אויסרעדנדיק אַפּן קאָפּ, וויפל קאָסט ער אים שוין אין דער צייט פון די דאָזיקע אַכט יאָר, וואָס ער האָט אים אומזיסט אָפּגעהאַלטן אין דער גימנאַזיע.

— מאַזלטאָוו! איר „קאַדעש" איז שוין געקומען... — זאָגט טייבעלע פורמאַן צו זיך אַליין, קוקנדיק פונעם פענצטער מיט די רויטע לאַנגע אַרופּ, אַפּן באַלקאָן.

— טייערער, טייערער! — זאָגט צו זיך ראָזע פורמאַן, קוקנדיק פונעם אַנדערן פענצטער אַפּ איר טייערן באָרים פרידמאַן, און קוועטשט זיך מיט ביידע הענט שטאַרק־שטאַרק צום האַרצן, גלייך ווי „ער" איז שוין דאָ, אין אירע אָרעמס.

## דאָס עלפטע קאַפּיטל

וויאַזוי דער „סטודענט" באָריס פרידמאַן מיט זיינע
דריי כאַווייריִם פאַרברענגען גוצלעך די צייט

מיט וועמען קער זיך דאָס, אשטייגער, אָן, וואָס עס שטייט אָנגעשריבן בא באָרים פרידמאַן אַפּן ווייסן בויגן פּאַפּיר, וועלכן ער האָט געבראַכט אַהיים פון דער גימנאַזיע? וועמענס אייסעק איז דאָס? דער בויגן פּאַפּיר ליגט באַהאַלטן בא דער מאַדאַם פרידמאַן אין דער קאָמאָד, און זי רופט אים „דער אַטעסטאַט", און איר זון הייסט בא איר „דער סטודענט".

ווי צופרידן, ווי גליקלעך איז די מאַדאַם פרידמאַן מיט איר זון,

מיטנ פרישנ, געזונטנ, שיינעם סטודענט! זי האָט אים אָפּגעגעבנ באַזונדערע צוויי כאַדאָרים פונ־זײַנטוועגנ מיט זײַנע כאַווייריִם, וועלכע זענענ דאָ גיכ געוואָרנ היימיש, כוץ איינ איינזענשטאַט, וואָס קאָנ נאָכ אַלץ ניט פאַרגעסנ דעם פאָטער, דעם בלינדנ שנײַדער, אונ זיצט דעריבער באַזונדער אינ א ווינקעלע, בלעטערט א בוכ אונ וויל זיכ גאָר ניט אַרײַנמישנ צו זײַנע כאַווייריִם, וואָס קלײַבנ זיכ פאָרנ הינטערנ שטאָט אָפּ א גאַנצנ טאָג שיפנ זיכ איבערנ טײַכ. עליק דער מעשאָרעס פאַקט אינ טשעמאָדאַנ אַרײַנ ציידאָ־לאַדערעכ 1: געבראָטענע קאַטשקעס, וואורשט, ווײַנ, ניס, קאָנפעקטנ. דער עקיפּאַזש שטייט שוינ באַם באַלקאָנ. עס גייענ אַרויס דרײַ יונגע לײַט אונ זעצנ זיכ אינ אים אַרײַנ. עליק זעצט זיכ אָקעגנ. דער קוטשער טוט א שמײַס די פערד — אונ כעוורע סטודענטנ פאָרנ אַוועק. די מאַדאַם פרידמאַנ זאָגט:

— א גאַנצ יאָר האָרעווענ נעבעכ די סטודענטנ, ווי די פערד, דאַרפנ זיי זיכ אַצינד אָפּרוענ. יעדער מענטש דאַרפ האָבנ רו, אוביפּראַט נאָכ א יונגער מענטש, א סטודענט!..

אַפּאָנעם, זי איז צופרידנ דערמיט, וואָס זי קאָנ זיכ אַלײנ אָפּגאַרנ. זי גייט אַרײַנ אינ שטוב אונ דערזעט דאָרט זיצנ איינזענשטאַטנ איבער א בוכ.

— וואָס איז דאָס? פאַרוואָס זענט איר אויכ ניט געפאָרנ מיט די סטודענטנ? זיי האָבנ אײַכ פאַרגעסנ מיטנעמענ? מײַנ באָריס האָט מיר דערציילט, אַז איר האָט אויכ געהאַט דעם זעלבנ אומגליק — איר זײַט נישט אַריבער... מיסטאַמע האָט צו אײַכ אויכ דער לערער זיכ געטשעפּעט אומזיסט?..

— ניינ, ניט דערפאַר! — ענטפערט איר איינזענשטאַט ביטמיעס. — ניט איבערנ לערער; איכ בינ אַלײנ שולדיק, קיינער איז דערינ ניט שולדיק, נאָר איכ אַלײנ!..

אונ איינזענשטאַט דערציילט איר א גאַנצע געשיכטע, א טרויעריקע געשיכטע, וויאַזוי ער האָט געמוזט אונטערהאַלטנ אַנ אָרעמע שוועסטער מיט א גאַנצער פאַמיליע, וואָס שטאַרבט פונ הונגער, אונ אויסהאַלטנ א קלענערנ ברודער אינ גימנאַזיע, צוליב וועלכע ער האָט גענומזט געבנ שטונדנ, צענ שטונדנ א טאָג, אַזוי, אַז עס איז אים קימאַט קיינ צײַט ניט געבליבנ צו לערנענ. פונדעסטוועגנ וואָלט ער באַדאַרפט צום עקזאַמענ א ביסל צוהאָרעווענ, א ביסל איבערנ קויעכ, א ביסל ווינציקער שלאָפנ... האָט ער אָבער אַזוי ניט געטאָנ אונ האָט

1 שפּײַז אַפנ וועג.

דעם עקזאמען ניט אויסגעהאלטן. עס ארט אים שוין ניט אזוי פאר זיך, ווי פאר זיינע ארעמען פאטער, דעם בלינדן שניידער, וואס האט צוליב אים די מאשינע פארזעצט...

די מאדאם פרידמאן הערט אויס די דאָזיקע טרויעריקע געשיכטע מיט ראכמאָנעס, און אין קאָפּ פליט איר דורך אזא מאכשאָווע: „וואָס וואָלט זי געטאָן, ווען איר באָרים זאָל זיין בא דער לאגע פונעם דאָ־זיקן אָרעמען איינזענשטאט?"... און זי דאנקט און לויבט גאָט, וואָס ער האָט זי געבענטשט מיט אזא רייכטום. און וואָס איר באָרים האָט בישט די דייגעס מיט די שמערצן, וואָס איינזענשטאט האָט.

איר באָרים האָט טאקע בעמעס ניט אזעלכע דייגעס מיט אזעלכע שמערצן, ווי איינזענשטאט האָט. איר באָרים זיצט אצינד מיט זיינע כאווייריִם — גאָלדענשטאט און זילבערשטאט — אפ דעם שיף, וועלכס דאָס וואסער טראָגט אלץ ווייטער און ווייטער, און לאכט, און זינגט, און עסט, און טרינקט. נאָר אזויווי קיין צופרידענער מענטש איז גאָר אפ דער ערד ניטאָ, דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס אָט דער גליקלעכער פרינץ, אפ וועלכן עס האָרעווען א סאך הענט, א סאך פיס, א סאך קעפּ, — אָט דער געבאָלעוועטער באָרים פרידמאן איז אויך ניט צופרידן מיט זיין דאָליע: אים גייט אויך אָפּ א סאך צום עמעסן גליק; אים גייט אָפּ אָט דאָ, בא דער זייט אפן שיפל, דאָס קליינע שווארצע מיידל פון דער ווייסער שטוב מיט די רויטע לאָדן.

ליגנדיק אפן גראָז אויסגעצויגן מיטן פּאָנעם ארויף, דערציילט באָרים פרידמאן זיינע כאווייריִם די גאנצע געשיכטע פון זיין ליבע. די געשיכטע איז א קורצע, נאָר זייער א רירנדע, פון וועלכער יעדער יונגער מענטש מיט א ווייך ווארעם הארץ קאָן זיך ארויסנעמען א מוסער...

„ער" איז אלט געווען זעכצן יאָר און האָט געלערנט אין פערטן קלאס, און „זי" איז אלט געווען פערצן יאָר און האָט געענדיקט דעם פּאנסיאָן. ער איז געווען אין א מונדיר מיט גילדערנע קנעפּ, און זי האָט געהאט א פּאָר שווארצע פייעריקע אויגן מיט געטלעכע געקרייזלטע האָר. ער איז געגאנגען אין שטאָט־גאָרטן מיט זיין מוטער שפּאצירן, און זי איז געגאנגען מיט איר מוטער אויך אין שטאָט־גאָרטן שפּא־צירן. זייערע אויגן האָבן זיך באגעגנט, און פון דעמלט אָן האָט זי אריינגעוואָרפן א פונק אין זיין הארצן. דער פונק האָט זיך מיט דער צייט צעברענט און איז געוואָרן א שרעקלעכער פייער, א פלאם־פייער אין זיין הארצן... וויפל נעכט האָט ער פארבראכט וואכנדיק און

טראכטנדיק, וויאזוי קומט מענ צו איר? צום אומגליק, שטייט זי איינ בא אזעלכע עלטערנ, צו וועלכע ער טאָר זיך ניט ווייזנ פאר די אויגנ. ביז גאָט האָט אים געהאָלפנ, איז א יאָר ארום האָט ער שוינ געהאט די געלעגנהייט צו זענ זי, רעדנ מיט איר, האלטנ איר טייער הענטל אינ זיינ האנט. זי האָט דאָ א קרויווע, א גרושע, א יונגע, נאָר זייער א מיעסע, וואָס האָט מיטלייד מיט אומגליקלעכע ליבנדע, מאכ־מעם זי אלייג האָט אמאָל ליב געהאט אונ פארשטייט דאָס וואָרט „ליי־בע”... „געלויבט אונ געבענטשט זאָל זיינ די דאָזיקע גרושע: זי האָט אונדז צונויפגעפירט, זי האָט אונדז אָנגעוויזנ, ווו דאָס גליק געפינט זיך. אפ איר אדרעס שרייבנ מיר זיך דורך שוינ קימאט דריי יאָר אונ אפ אירע אויגנ האָבנ מיר זיך געגעבנ די הענט אונ געשווירנ בא גאָט, באם הימל, אז מיר זאָלנ זיך פארבינדנ אפ אייביק אונ קיינמאָל ניט צעשיידנ!”...

די דאָזיקע ליבע־געשיכטע הארמאָנירט זייער אינ דער דאָזיקער מינוט מיט דער שיינער זומערדיקער נאטור, אונ אונדזערע יונגע־לייט, וואָס ליגנ דאָ אויסגעצויגנ אפנ גרינעם גראָז, ווייזט זיך אויס, אז אלצ ארום אונ ארום זאָגט: „עמעס! עמעס! עמעס!” — אי די גרי־נע ביימער, אפ וועלכע עס פליט דורך א גרינג ווינטעלע אונ מאכט אפ א מינוט א ראַש צווישנ די בלעטער, אי די פייגעלעך, וואָס זינגענ אונ טאנצנ אומרויק דאָ אונ דאָרטנ, אי דאָס שמעקנדיקע גראָז, וואָס לייגט זיך אונטער די פיס מיט גרויס הארנאָע, אי דאָס וואסער, וואָס פליעסקעט אונ הודעט, אי די צעריסענע ווייסע שטיקער וואָלקנס, וואָס שווימענ אומ אפנ בלויענ הימל אונ האָבנ א פאָנעם אינ דער דאָזיקער שטילער זומער־צייט ווי שטיקער וואטע, וועלכע מע צעלאָזט אונ מע צעבלאָזט, — אלצ, אלצ רעדט אינ איינ קאָל: „עמעס! עמעס! עמעס!”... אונ די ווארעמע הערצער פונ די יונגעלייט ווערנ נאָך מער דערוואַרעמט פונ דער שיינער ליבע־געשיכטע, וואָס זייער כאווער האָט זיי אָט ערשט דערציילט. זיי כאפנ זיך אופ ביידע מיטאמאָל אונ ווענדנ זיך צו באָריסנ מיט דער דאָזיקער פראגע:

— נו, באָריס, אונ דו וועסט האלטנ וואָרט?..

באָריס געפינט זיך שטארק באליידיקט פונ אזא פראגע. ער ענט־פערט זיי מיט גאדלעס:

— באָריס פרידמאנ וועט האלטנ וואָרט! וואָס באָריס פרידמאנ זאָגט, איז הייליק!.. נאָר, ברידער, עס איז דאָ דערינ אזויפיל שטע־רונגענ, אזויפיל בערג אונ טאָלנ, פיירנ אונ וואסערנ!..

— דערהיינע?

— דעהיינע, דעהיינע... ערשטנס, איז איר פאטער א פראצענט-ניק, א דעספאט, א טיראנ, וואס וועט זי פריער א לעבעדיקע אינ דער ערד ארײנלייגנ, איידער אפגעבנ זי מיר. צווייטנס, זענענ מײנע עלטערנ מיט אירע עלטערנ צעריסנ, אפ מעסערשטעכ. דריטנס, וועט מײנ מו-טער שטארבנ אפנ ארט, אז זי וועט נאר דערהערנ דעמ נאמענ פונ מײנ קאלע. אונ, פערטנס, ווייס איכ ניט, וויארומ אונ וויאזוי קאנ איכ זי ארויסרײסנ פונ דארטנ, פונ די דאזיקע מערדער?..

די כאוויירימ האבנ זיכ א ביסל פארטראכט. אינ עטלעכע מינוט ארומ האט זיכ גאלדענשטאט אנגערופנ:

— נו, ברודער, מיר וועלנ זיכ אנ אייצע געבנ!

— מיר וועלנ דיר העלפנ! — האט זיכ אנגערופנ זילבערשטאט מיט זײנ באסאווע שטימע.

— מיר זענענ דײנע!

— קאנסט זיכ אפ אונדז פארלאזנ!

— ווי אפ אייגענע ברידער!

— אינ פײער אונ אינ וואסער!

— אפילע אונטער דער ערד!

— אפילע צומ רועכ אליינ!

— לאמיר נעמענ צו ביסלעכ ווײנ!

— לעכאימ, ברידער!

— פאר אלעמענס געזונט!

— נידער מיטנ פאנאטיזמוס!

— אינ דער ערד ארײנ אלע דעספאטנ!

— הוררא, באריס!

— הוררא, ראזע!

— הורררררא!!!..

עליק דער מעשארעס האט זיכ נארוואס אפגעבאדנ אינ טײכ אונ גייט צו צו די „סטודענטנ” אונ קוקט אפ זיי פארוואונדערט, וואס האבנ זיי דא פלוצעמ אופגעהויבנ אזא הויכנ „הוררא”? נאר פאר עליקנ איז ניטא וואס מוירע צו האבנ: עליק האט שוינ ניט אזויפיל האר אינ קאפ, וויפל נדריוועלעכ ער האט איבערגעטראגנ פונ באריסנ צו בערטע דער גרושע אונ פונ בערטע דער גרושע צו באריסנ. דעריבער האט מענ ניט וואס מוירע צו האבנ אונ מע מעג רעדנ, וואס מע וויל. אונ מע רעדט; מע זוכט זיכ א וועג, מע גיט אייצעס, מע בויט לופט-שלעסער. דער זאגט אזוי, דער אזוי, — נאר ענדלעכ באשטימט מענ, אז מע דארפ זיכ זענ מיט ראזענ בא בערטע דער גרושע אונ דארט אפרעדנ

פינקטלעכ, אפ וואָסער אויפנ די ליבנדע זאָלנ קאָנענ אַנטלויפנ פונ דער דאָזיקער שטאָט, אונ ערגעצ, אינ א קליינ שטעטל, א כופּע שטעלנ. אונ ווײַל בארים אַליינ קאָנ דאָס דאָזיקע מיט ראָזענ ניט איבערעדנ, מאַכמעס יעדעס מאָל, ווענ זיי זעענ זיכ, סטײַעט זיי קיינ ווערטער ניט, אונ אַכוצ „אַכ!” אונ „אָכ!” מיט פײַעריקע קוקנ אונ מיט הייסע ווערטער איז בא זיי קיינ מאַטעריאַל נישטאָ צומ שמועסנ, דעריבער מוז מענ דערצו האָבנ א פרעמדנ. בלײַבט מער נישט ווי צו וואַרפנ גורל, ווער פונ די דרײַ זאָל זײַנ דער דיפּלאָמאַט צווישנ בארישנ מיט ראָזענ? פאַרשטייט זיכ, אַז דער גורל איז געפאַלנ אפ אײַזענשטאַטנ, מאַכמעס גאָלדענשטאַט איז א כוואַט נאָר אפ צו באַקומענ ערשטע „באַנגראַדעס” אינ דער גימנאַזיע, אונ זילבערשטאַט איז א צו הייסער יונג, אונ צו אַזא זאַכ דאַרפ מענ זײַנ א ביסעלע קילער, באַטראַכטנ, מיט יישעוו־האַדאַס. קיינ בעסערער פונ אײַזענשטאַטנ איז טאַקע ניטאָ. אײַזענשטאַט איז אַנ ערלעכער מאַנ אונ א קאַלטע בריִע, א פלעגמאַטיקער...

## דאָס צוועלפטע קאַפּיטל

**בערטע די גרושע ווערט בא ראָזע פּורמאַנ א לערערנ פונ ליבע**

שטעלט אײַכ פאָר א יונגע פרוי פונ א יאָר עטלעכע אונ צוואַנציק, א נידעריקע אונ א גראָבלעכע, מיט גרויסע שוואַרצע אויגנ, מיט געדיכטע ברעמענ, מיט א פּאָנעמ, אפ וועלכנ עס זענענ אָנגעזעצט אַלערליי פּרישטשיקלעכ: רויטע, בלויע, גרינע, ווײַסע, מיט א ביסל א פאַריסענער נאָז, מיט צוויי קליינע שוואַרצע וואָנסעלעכ אפ דער איבערשטער גראָבער ליפּ, מיט א היפּשער בראָדעווקע אפ דער לינקער באַק, אפ וועלכער עס וואַקסט אונ בליט א בוטאָנ פונ זעקס אָדער זיבנ לאַנגע שוואַרצע האָר, מיט א קורצנ האַלדז, מיט שוואַרצע באַוואַקסענע הענט אונ מיט ווײַסע פּערלדיקע ציינ — אונ אָט האָט איר „בערטע די גרושע”.

בערטע די גרושע האָט א פּאָנעמ פונ א מאַנספּערזאָנ אונ א האַרצ פונ א פרויענצימער, א גוט, ווייכ, וואַרעמ האַרצ מיט א רײַכער פאַנטאַזיע פונ א סאַכ פראַנצויזישע ראָמאַנענ. א גרושע איז זי געוואָרנ נאָכ דעמ, ווי זי איז אַרײַנגעפאַלנ צו א גראָבנ מענטשנ אינ די הענט, וואָס האָט אויסגענאַרט בא איר עטלעכע טויזנט רובל, אוועקגעוואָרפנ זי אפ דער דריטער וואָכ נאָכ דער כאַסענע אונ זיכ אַזוי נידעריק, אַזוי אומענטשלעכ אויסגעלאַכט פונ אירע טרערנ, פונ איר צע־

בראָכנ האַרצ! וואָס האָט זי געקאָנט טונ, א שוואַכע פרוי, אנ עלנטע, אָנ עלטערנ? פארשטייט זיך, ווענ איר פאָטער, שנייער שימשעלביינ, זאָל אופשטיינ איצינד פונ קייווער אונ א קוק טאָנ אפ זײַנ אײנציקער טאָכטער, אפ זײַנ בערטע, וואָלט ער זיך צוריק א לעבעדיקער באַ-גראָבנ! שנייער שימשעלביינ האָט ליב געהאט זײַנ בערטע אונ געהיט זי, ווי דאָס שווארצאפל פונעם אויג. שנייער שימשעלביינ איז געווענ אנ אָרנטלעכער מאנ אונ האָט זײַנ ברויט פארדינט מיט זײַנע הענט: ער איז געווענ א גאָלדשמיד אונ א יוּוועליר, וואָס האָט ביזנ טויט גע-האָרעוועט טאָג אונ נאכט אונ האָט איבערגעלאָזט זײַנ בערטענ טאקע גאָר א היפשנ קאפיטאל. אז שנייער שימשעלביינ האָט דערפילט, אז עס איז שוינ צײַט צו שטארבנ, איז ער געקומענ צו מייער פורמאנענ, וואָס איז געווענ זײַנער א קאָרעוו, אונ האָט בא אימ אײַנגעלייגט דאָס געלט אפ א צײַט, ביז זײַנ בערטע וועט דארפנ כאסענע האָבנ: שימשעלביינ האָט געוווּסט, אז פורמאנס אײַזערנער קאסטנ איז גלײַכ ווי די באנק. אונ קאכ-האווע. אז בערטע איז אינ א צײַט ארומ גע-קומענ צום אָפּעקונ, צו מייער פורמאנ, אונ האָט אימ געזאָגט, אז אינ צוויי וואָכנ ארומ האָט זי כאסענע, אונ בעט אימ דעריבער צוגרייטנ דאָס געלט, האָט איר פורמאנ געענטפערט, אז ער וויל פריער אליינ זענ זיך מיט איר באשערטנ. ווי פארוווּנדערט איז ער אָבער געווענ, ווענ צו זײַנ שטיבל מיט די רויטע לאָדנ איז צוגעפאָרנ א קארעטע, פונ וועלכער עס איז ארויסגעשפרונגענ א פראנט מיט א צילינדער-הוט, מיט ווײַסע הענטשקעס אונ מיט א ווײַסנ שניפס. דער פראנט האָט זיך אָפּגעשטעלט: „ארטור פלעכטענטאל“. דער דאָזיקער וויזיט האָט זיך געצויגנ א פאָר שאָ, אונ אז ארטור פלעכטענטאל האָט זיך אָפּ-געזעגנט אונ איז אוועקגעפאָרנ, האָט זיך פורמאנ געטאפּט בא די קעשענעס, געקוקט אפנ אײַזערנעמ קאסטנ, געקוועטשט די שליסעלעכ אינ דער האנט, געשיקט רופנ בערטענ אונ האָט איר אזוי געזאָגט:

— הער נאָר אויס, בערטע, דײַנ כאָסנ איז א קעשענע-גאנעוו אונ א שארלאטאנ... מער האָב איכ דיר ניט וואָס צו זאָגנ.

פארשטייט זיך, אז בערטע האָט זיך געפונענ אזוי באליידיקט, אז זי האָט דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט געוויינט אָנ אנ אופהער. מייער פורמאנ האָט אויסגעוויזנ אינ אירע אויגנ א „פארדאָרבענער מער-דער“, פונקט ווי עס ווערט באשריבנ אינ די שיינע ראָמאנענ, מיט וועלכע זי האָט זיך אָנגעלייענט ווי א פויק.

ארטור פלעכטענטאל האָט זי געטרייסט:

— אפ דעם דאָזיקן באַלעגאָלע איז ניטאָ וואָס פאַריבל צו האָבן. ער האָט אפ זײַן לעבן נאָך ניט געזען מיט קיין „ציוויליזירטע" מענטשן. ער איז א פּראָצענטניק און א דעספּאָט!..

בערטע האָט אזוי לאַנג געוויינט איבער פורמאַנס קאָפּ, ביז ער האָט איינמאָל מיט קאַעס ארויסגעכאַפּט א פּאַק מיט אסיגנאציעס פון נעם קאַסטן און האָט איר א שמיץ געטאָן אין פּאָנעם אַרײַן. די הענט האָבן אים געציטערט בײַם־מײַסע.

— נא! אָט האָסטו דאָ פינף טויזנט רובל! מער גיב איך דיר איצט ניט. לאָזן די איבעריקע פינף טויזנט בלײַבן. נישקאָשע, זיי וועלן דיר צוניץ קומען אפ שפּעטער...

אוי, זענען זיי איר צוניץ געקומען! אז ארטור פלעכטענטאַל האָט זי באַראַבעוועט און אוועקגעוואָרפן און בערטע האָט קוים־קוים גע־פועלט בא אים, ער זאָל איר געבן געט, איז זי ארײַנגעפאַלן צו פור־מאַנען אין שטוב אַרײַן מיט א געוויין און האָט אים געקושט די הענט. זי האָט בא אים געבעטן מעכילע און האָט אים געזאָגט, אז ער איז איר אויסלייזער, איר צווייטער פאָטער. דאָס האָט אים שטאַרק דורכגענומען. ער האָט ארײַנגערופן דאָס ווײַב מיט דער טאָכטער און האָט צו זיי געזאָגט מיט גרויס אופרעגונג:

— נו? זעט איר?.. אָט וויינט זי. וואָס האָב איך געזאָגט? האָב איך דען ניט פריִער געזאָגט, אז דאָס?..

פון יענער צײַט אָן איז צווישן בערטע דער גרושע און ראָזע פורמאַן געוואָרן אזא גוט לעבן, אז מע איז געגאַנגען איינע צו דער אנדערער יעדן טאָג; פורמאַן האָט דערפון געוווּסט און איז דערפון געווען צופרידן: „לאָז זי זיך אויסלערנען פון איר, ווי־אזוי דאָס"...

און ראָזע פורמאַן האָט זיך אויסגעלערנט פון „בערטע דער גרו־שע" א סאַך זאַכן.

„בערטע די גרושע", וואָס האָט אליין טײַער באַצאָלט פאר איר אייגענער ליבע, האָט זיך געטרייסט מיט דער פרעמדער ליבע און האָט געהאַט פאַרגעניגן פון ראָזעס גליק. אז ראָזע האָט איר איבערגעגעבן אלץ, וואָס בא איר אפן הארצן איז געווען, האָט איר בערטע געזאָגט, אז זי מוז פריִער אליין אָנקוקן דעם, וואָס האָט „געוווּנען איר ליבע". אָ, בערטע איז שוין א געשלאָגענער הונט! זי וועט מען שוין אזוי גיך ניט אָפּנאַרן — ניין!..

און באָרים פרידמאַן איז איר פונעם ערשטן מאָל געפעלן: זײַן שיין געשטאַלט, זײַנע לאַנגע בלאָנדע האָר, זײַנע ווײַסע הענט מיט די איידעלע מאַנירן זענען אזויפיל געווען ענלעך מיט די מאַנירן פון א

העלד, פונ אנ עמעסנ העלד, וואס ווערט באשריבנ אינ די ראמאנענ, אז עס איז גאר קיינ וונדער ניט, וואס ראזע האט זיכ אזוי איינגע-ליבט אינ אימ! מע דארפ נאר אכטונג געבנ פונ דער זייט, אז עס זאל דערפונ, כאלילע, ניט ארויס עפּעס אנ אומגליק, אז די ליבנדע זאלנ אפ טאמיד זיינ גליקלעכ. ראזע איז נאכ אזוי יונג!..

אונ בערטע די גרושע האט זיכ גענומענ צו איר ארבעט ערנסט אונ געטריי. דריי יאר קעסיידער איז זי געשטאנענ אפ דער וואכ פונ-דערווייטנס אונ האט געהערט, ווי די דאזיקע טייבעלעכ שושקענ זיכ אונ קושנ זיכ; דריי יאר קעסיידער האט זי געהיט, ווי א גוטער הונט, בא דער טיר, אז קיינער זאל ניט איבערשלאגנ די גליקלעכע ליבנדע צו רעדנ, אכקענ אונ זיפצנ אונ צו קוקנ זיכ אינ די אויגנ ארייננ; דריי יאר קעסיידער האט זי זיכ מאקריוו געווענ צוליבנ גליק פונ צוויי פרעמדע יונגע ליבנדע נעפאשעס!

אונ זיי, די יונגע גליקלעכע ליבנדע נעפאשעס, — צי האבנ זיי כאטש אינ זינענ געהאט אמאל זייער טרייע באשיצערנ, בערטע די גרושע?..

## דאס דרייצנטע קאפּיטל

**וויאזוי דער ערלעכער אייזענשטאט ווערט א דיפּלאמאט**
**אונ ווי קונציק ער שפּילט זיינ ראליע**

א קוק טונ אפ אייזענשטאטנ — האט ער בעמעס אויסגעוויזנ ווי א מענטש „מיט א גלאטנ לונג-אונ-לעבער". צוויי ווייסע גלעזערנע אויגנ, ווי די באנקעס, א לאנגע נאז מיט א שארפנ שפּיצ, דינע ליפּנ, ווייסע שיטערע האר, אונ אליינ א דארער אונ א לאנגער, א ביסל א געהויקערטער, א קורצזיכטיקער, א פארטראכטער, א צעטראגענער,— אט דאס איז דער פּארטרעט פונ פינכעס אייזענשטאט, וועמענ עס איז באשערט צו שפּילנ אינ אונדזער ערציילונג א ראליע פונ א העלד, נאר נישט ווילנדיק אונ אומגעריכט, אקוראט ווי ניט ווילנדיק אונ אומגעריכט ער האט געלערנט אינ דער גימנאזיע... צו וואס האט ער גאר באדארפט שטודירנ, אז זיינ פאטער, אנ ארעמער, א קראנקער שניידער, איז ניט אימשטאנד געווענ אויסצוהאלטנ אימ? נאר זיינ פאטער, דאוויד דעמ שניידער, האט זיכ געגלוסט דאפקע, אז זיינ זונ זאל זיינ א דאקטער. עמעס, פינכעס האט באוויזנ אינ גימנאזיע א זעלטע-נע פעיקייט אונ האט אנגעהויבנ גיינ פונ איינ קלאס אינ דעמ אנדערנ אלצ בעסער אונ בעסער. דאוויד דער שניידער פלעגט אנווייזנ אפ אימ מיטנ פארבויגענעמ פינגער:

— זעט איר? אָט דאָס איז מײַנ פּאָדפּאָרע אפ דער עלטער, פּינ־כעס וועט זײַנ א לײַט!

ווער האָט זיכ געקאָנט גלײַכנ צו אים, ווענ זײַנ פינכעס איז שוינ ארײַנ אינ זיבעטנ קלאס? דאָוויד האָט טאַקע פארזעצט די מאשינע; נאָר וואָס מאכט עס אויס? זײַנ פינכעס איז דאָכ שוינ אָבער אינ זי־בעטנ קלאס, אונ אָט־אָט, נאָכ א יאָר, נאָכ א יאָר — איז ער א דאָק־טער! אונ אז מע וויל שמועסנ צוריק, האָט ער די מאשינע פארזעצט ניט צוליב פינכעסנ: פינכעס האָט שוינ פונ לאנג געגעבנ שטונדנ אונ זיכ פארדינט זײַנ שטיקל ברויט. פארקערט, ער האָט נאָכ אויסגע־האלטנ א ברודערל אינ גימנאזיע אונ אויסגעהאלטנ א שוועסטער מיט א גאנצער פאמיליע.

נאָר צי איז דער זונ אויכ געווענ אזוי צופרידנ, ווי דער פאָטער,— דאָס קאָנענ מיר ניט וויסנ. מיר ווייסנ נאָר, אז אינ די קלענערע קלאסנ איז ער געווענ דאָס קאפּאָרע־הינדל פאר זײַנ אָפּגעלאָזטקײַט, קורצ־זיכטיקײַט אונ טמימעס, אונ אינ די העכערע קלאסנ, בעשאס ער האָט שוינ געגעבנ שטונדנ, האָט מענ אים עקספּלואטירט דערפאר, וואָס ער האָט יעדנ געגלייבט אפ נעמאָנעס, אונ ניט איינ מאָל האָט ער אָפּגעהאָ־רעוועט א קײַלעכיק יאָר אומזיסט, אָנ א גראָשנ. נאָר מער פונ אלע האָט אים עקספּלואטירט זײַנ עלטערע שוועסטער, וואָס האָט געהאט א טוצ קינדער מיט פארשלאָגענע קעפ, ווי די העלצער, אונ פונדעסטוועגנ האָט זיכ איר געגלוסט, זיי זאָלנ זײַנ דאַפקע געשטודירטע.

— וואָס פאר א פּאָנעמ וועל איכ האָבנ מיט מײַנע קינדער, — האָט זי געטײַנעט, — אז זיי וועלנ זײַנ, גאָט זאָל מיכ ניט שטראָפנ, נאָר די רייזי, שנײַדערס אָדער שוסטערס, אונ מײַנ ברודער פינכעס וועט זײַנ א דאָקטער?..

קײנ פרײַע מינוט האָט נעבעכ אײַזענשטאט ניט געהאט פונ דער דאָזיקער שוועסטער!

אונ ניט נאָר אײגענע אלײנ מוטשענ אימ; אײַזענשטאט איז אנ עוועד־קנײַנ, 1 בא יעדנ אומגליקלעכנ שילער, ווענ די נאטור האָט ניט געבענטשט מיט א מויעכ אונ מיט פעיִקײַטנ. אז עס איז אונטער־געקומענ אנ עקזאמענ, איז אײַזענשטאט געווענ פארוואָרפנ מיט אר־בעט, פונקט ווי זײַנ פאָטער דאָוויד דער שנײַדער פאר א יאָמטעוו; דעמ אָנשרײַבנ א פארפאסונג, מיט דעמ צולערנענ א פאָר טעג, דעמ אונטערוואָרפנ פאפירלעכ מיט „גערעשעטע זאדאטשעס", דעמ

---

1 געמײנט: אנ אײביקער קנעכט.

אונטערזאָגנ פונ אונטער דער באנק... פארשטייט זיכ, אז פאר אזעל־
כע אונ אנדערע אווירעס איז אָפּגעקומענ אײַזענשטאט אליינ אונ ניט
קיינ אנדערער, אונ אז ער איז אָפּגעזעסנ א מעסלעס אינ קארצער, האָט
זיכ קיינער נישט דערמאָנט צו ברענגענ אים אהינ כאָטש א שטיקל
ברויט. נאָכ מער: מע האָט געלאכט אונ געשפּעט פונ אים איבער זײַנ
הוילענ, איבער זײַנע קליידער, וואָס זענענ אפּ אים טאָמיד געלעגנ
אזוי קאָמיש, אז מע האָט זיכ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ, מע זאָל ניט
לאכנ; עס האָט זיכ נאָכ ניט געטראָפנ, אז בא אײַזענשטאטנ זאָל ליגנ
דער קאָלנער אָדער דאָס היטל אפּ אנ אָרט, אָדער דער מונדיר זאָל זײַנ
מיט אלע קנעפּלעכ, אָדער א הויז זאָל ניט זײַנ צעשפּאָלטנ ביז ארופּ.
שענער פונ אלצ זענענ געווענ זײַנע שיטערע האָר אפנ קאָפּ, וואָס זענענ
טאָמיד געשטאנענ קאפּויר, ווי בא א האָנ, ווענ ער צעבייזערט זיכ;
די פלייצעס האָט ער געהאלטנ שטענדיק אויפגעהויבנ, אונ דעם קאָפּ
אײַנגעבויגנ אראָפּ, אונ וויפל קלעפּ, וויפל קולאקעס האָט דער דאָזי־
קער יונגער מענטש געכאפּט אפּ זײַנ לעבנ פונ זײַנע כאווירים!..

מע קאָנ ניט זאָגנ, אז אײַזענשטאט איז שטארק געפעלנ געוואָרנ
בערטע דער גרושע. זי האָט אים אויפגענומענ אזוי קאלט, גלײַכ ווי
ער וואָלט געווענ א שפּיאָנ, וואָס איז געקומענ נאָכשפּירנ אונ אויס־
טאפּנ אונ אָנמאכנ אנ אומגליק. אײַזענשטאט האָט זיכ ניט געפונענ
באליידיקט פונ אזא אויפנעמענ. ער האָט איר איבערגעגעבנ, שטייענדיק
בא דער טיר, אז אים האָבנ געשיקט זײַנע כאווירים: גאָלדענשטאט,
זילבערשטאט אונ פרידמאנ.

— ווער זענענ עס גאָלדענשטאט אונ זילבערשטאט? — האָט אים
בערטע געפרעגט. — איכ קענ זיי ניט!

— איר קענט זיי ניט? נישקאָשע, איר מעגט זיכ אפּ זיי פאר־
לאָזנ; עס איז א גוטע כעוורע!

— א „גוטע כעוורע“? וואָס דארפנ זיי צו מיר? וואָס קער איכ
זיכ אָנ מיט זיי?

— איר קערט זיכ טאקע מיט זיי גאָר ניט אָנ — עמעס; נאָר ווײַל
באָריס אונ מיר אלע האָבנ באשטימט, אז הײַנטיקע וואָכ מוז מענ
אָפּזוכנ א מיטל, וויאזוי באָריס מיט ראָזענ זאָלנ...

— שששששא! — האָט אים בערטע איבערגעשלאָגנ, ארומקוקנדיק
זיכ אפּ אלע זײַטנ. — קומט ארײַנ אינ זאל ארײַנ!

בערטע האָט זיכ באטראכט, אז זי האָט זיכ שוינ צו גראָב בא־
גאנגענ מיט דעם דאָזיקנ יונגנ מענטשנ, האָט זי אים געבעטנ זיכ
זעצנ אפּ א קרעסלע, אונ אליינ איז זי אוועקגעלאָפנ צו זיכ אינ צימער

און איז באלד ארויסגעגאנגענ פונ דארטנ אינ אנ אנדער קלייד, מיט א שיינ שאלעכל אפ די פלייצעס, וועלכס האט באדארפט צוגעבנ כיינ איר פּאָנעמ. מיר האבנ פריִער פארגעסנ באמערקנ, אז בערטע שימ־שעלבינ האט ליב געהאט שיינ אנטאָנ זיכ און גאנצ אָפט פארברענ־גענ די צייט מיטנ שפּיגל. אפ יעדנ יונגנ מענטשנ האט זי געקוקט ניט אנדערש ווי אפ א העלד, וואָס שפּילט א ראָליע אינ א ראָמאנ. דאָס גאנצע לעבנ, די גאנצע וועלט איז בא איר געווענ א ראָמאנ, א טרויעריקער ראָמאנ.

אייניקע מינוט איז בערטע די גרושע געזעסנ שטיל, אָנ ווערטער, און האָט באטראכט דעמ דאָזיקנ „העלד" פונ קאָפּ ביז פיס. אייזענ־שטאט האָט אויכ באטראכט די מאדאמ בערטע. צייט ער לעבט האָט ער נאָכ אזא מיִעסע פרוי ניט באגעגנט! ענדלעכ האָט זי זיכ צו אימ געווענדט, ארויסלאָזנדיק א גרינגנ זיפצ און אופהייבנדיק די אויגנ ארופ:

— אפּאָנעמ, אז איר ווייסט שוינ די טרויעריקע געשיכטע פונ די דאָזיקע אומגליקלעכע ליבנדע?

— „אומגליקלעכע"? פארוואָס אומגליקלעכע?

— איר ווייסט דענ ניט, ווער זייערע עלטערנ זיינענ? דאָס זענענ דאָכ דעספּאָטנ, טיראנענ, פאנאטיקער...

— נו, איז וואָס? — האָט זי אייזענשטאט פארוואונדערט געפרעגט.

— וואָס הייסט, נו איז וואָס? איר פרעגט נאָכ? סטייטש! אנדע־רע עלטערנ וואָלטנ זיכ אליינ געסטארעט זייערע קינדער גליקלעכ צו מאכנ. אנדערע עלטערנ וואָלטנ פארשטאנענ, אז טאָמער גרייכנ זייערע קינדער ניט צו זייער צוועק, וועלנ זיי דאָס ניט אויסהאלטנ; זיי וועלנ יונגערהייט גיינ פונ דער וועלט...

בערטע האָט צוגעטראָגנ דאָס טיכעלע צו די אויגנ, פונ וועלכע עס האָבנ שוינ געראָנענ טרערנ. נאָר ווי פארוואונדערט איז זי געוואָרנ, אז זי האָט דערהערט פונעמ דאָזיקנ דיפּלאָמאט אזא מינ ענטפער:

— מיר דאכט, אז אַ'ר האָט א טאָעס: איכ ווייס ניט, וויאזוי זי, ראָזע, — נאָר באָריס וועט זיכ שטארק ניט נעמענ צומ הארצנ, אויב ער וועט ניט דערגרייכנ זיינ צוועק... פארשטייט זיכ, אז דאָס זאָג איכ נאָר אייכ, ווייל איר זענט א פרעמדע; ראָזע דארפ דאָס ניט וויסנ. איר פארשטייט?..

— איכ זע שוינ, וואָס פאר א גוטער פריינט איר זענט באָריסנ! איכ פארשטיי, איכ פארשטיי! איר זענט אימ מעקאנע — איר זענט ווי אלע מאנצבילענ...

בערטע איז פארפלאכט געוואָרנ פאר קאעס. אײַזענשטאט האָט זיכ צעלאכט:

— מעקאנע? יאָ, אוואדע בינ איכ אימ טאקע מעקאנע, נאָכ איידער איכ האָב אָנגעקוקט די טײַערע ראָזע...

בערטע איז געוואָרנ אויסער זיכ פאר קאעס. זי איז אופגעשטאנענ פונעמ בענקל אונ האָט זיכ צו אימ געווענדט שוינ מיט אזעלכע רייד:

— זאָגט, וואָס דארפט איר!..

— איכ דארפ מיט אײַכ איבערעדנ וועגנ מײַנ כאווער באָריס פרידמאנ, וואָס וויל כאסענע האָבנ פאר ראָזע פורמאנ ניט שפּעטער ווי הײַנטיקע וואָכ.

בערטע האָט זיכ צוריק אנידערגעזעצט איבערראשט.

— הײַנטיקע וואָכ?! כאסענע האָבנ? הײַנטיקע וואָכ?..

בערטענ האָט א גאָס געטאָנ דאָס בלוט אינ פּאָנעמ ארײַנ פאר פרייד אונ פאר פאכעד. שוינ דרײַ יאָר, אז די דאָזיקע ליבע ציט זיכ אונ ציט זיכ, אָנ אנ עק, אָנ א סאָפּ. אָבעראמאָל הייסע בריוולעכ אונ ווידעראמאָל הויכע ווערטער — פונ כאסענע האָבנ האָט נאָכ קיינער פונ זיי ניט געפרואווט שמועסנ. בערטע האָט טאָמיד געטראָגנ די דאָזיקע אידייע בא זיכ אינ הארצנ, נאָר זי האָט ניט געהאט די שטארקײַט פאָרצולייגנ אזא געדאנק פאר די גליקלעכע ליבנדע, וועלכע האָבנ איבערגעלעבט א לאנגנ אונ א זיסנ כאָלעמ. אונ איצט הערט זי פונעמ דאָזיקנ יונגנ מענטשנ אזעלכע עפנטלעכע פּראָסטע ווערטער. איז דאָס מעגלעכ?..

— וואָס האָט איר געזאָגט? — פרעגט בערטע נאָכ א מאָל. — כאסענע האָבנ? הײַנטיקע וואָכ? קאָנ דאָס דענ זײַנ?

— פארוואָס דענ ניט? — האָט זי אונדזער דיפּלאָמאט איבערגעפרעגט, קוקנדיק איר גלײַכ אינ די אויגנ ארײַנ.

— וויאזוי? וויארום? אפ וואָסער אופנ?..

— זייער פּאָשעט: זיי וועלנ זיכ ארויסכאפּנ באנאכט, ביים אלע שלאָפנ, אונ וועלנ אוועקפאָרנ ערגעץ אינ א שטעטל אונ דאָרט שטעלנ א כופּע...

— אינ א שטעטל?.. א כופּע?.. אכ, וואָס פאר א טײַערע, וואָס פאר א גליקלעכע אידייע!..

עס האָט זיכ איר באלד פאָרגעשטעלט א בילד, פּונקט ווי עס ווערט באשריבנ אינ די ראָמאנענ: א צויבערלעכע זומער־נאכט... די לעוואָנע לײַכט... דער סאָלאָוויי זינגט... די ליבנדע גייענ גע־

אָרעמט, שטאַרק צוגעדריקט אײנער צום אַנדערנ... וואָס קאָנ נאָכ זײַנ שענער פונ דעמ?

— זײ וויסנ דענ, וויאַזוי, וווהינ צו אַנטלויפנ? — האָט אים בער-טע א פרעג געטאָנ. — און טאָמער נעמט מענ זײ איבער?..

— דאָס איז א קלײניקײַט. — האָט איר דער דיפּלאָמאַט גע-ענטפערט. — זײ וועלנ ניט זײַנ אַלײן.

— זײ וועלנ ניט זײַנ אַלײנ? ווער זשע וועט זײַנ מיט זײ?

— איכ וועל זײַנ; מיר וועלנ אַלע זײַנ, אויב מע וועט נאָר דאַרפנ. — האָט איר אײַזענשטאַט געענטפערט.

בערטע האָט זיכ אויפגעכאַפּט פונעמ בענקל און האָט אָנגענומענ אײַזענשטאַטנ בא דער האַנט און האָט זי שטאַרק-שטאַרק געדריקט.

— איר זענט אַנ אָרנטלעכער מאַנ! איר זענט א העלד! א העלד!..

אײַזענשטאַט האָט איר דערויפ גאָרניט געענטפערט; ער האָט נאָר באַטראַכט די דאָזיקע גרושע, וואָס האָט לאַנג-לאַנג געהאַלטנ זײַנ האַנט אינ איר האַנט...

* * *

פאַרנאַכט, אַז אונדזער דיפּלאָמאַט איז געקומענ צו בערטע דער גרושע, האָט ער זײ געטראָפנ בײדע — בערטע מיט ראָזענ: זײ זענענ געזעסנ בײדע אַפ אײנ קאַנאַפּע, בײדע פאַרפלאַמט, בײדע פאַרוויינט, און דאָכ ווי גרויס איז געווענ דער קאָנטראַסט צווישנ די דאָזיקע צוויי פרויענ: אײנע איז געווענ מיעס ווי דער טויט, און די אַנדערע — שײנ ווי די וועלט, ליכטיק ווי די זונ און פריש ווי דער כוידעש מײַ! ראָזע, וועלכע די מאַדאַם פרידמאַנ האָט אָנגערופנ „די קאַרליטשקע“, איז טאַקע בעעמעס ניִשט געווענ קײנ הויכע, נאָר איר ליכטיק גע-זיכט, אירע געדיכטע שוואַרצע האָר, אירע קלײנע ווײַסע הענטלעכ, איר שײנ מײַלכל און אירע שוואַרצע טיפע אויגנ האָבנ אַזוי גוט געהאַרמאָנירט צווישנ זיכ, אַז אונדזער דיפּלאָמאַט, וואָס האָט נאָכ ביז אַהער קײנ צײַט ניט געהאַט זיכ צוצוקוקנ צו שײנע מײדלעכ, איז א ביסל ווי צעמישט געוואָרנ און האָט זיכ ניט געקאָנט געפינענ קײנ אָרט נאָכ דעמ, ווי די מאַדאַמ שימשעלבײנ האָט אים פאָר-געשטעלט פאַר איר.

בערטע איז אַוועקגעגאַנגענ שטײנ בא דער טיר, ווי איר שטײגער איז, אַכטונג געבנ, טאָמער גײט עמעצער אַרײַנ, און אײַזענשטאַט איז איבערגעבליבנ אויג אַפ אויג מיט ראָזע פורמאַנ. אַכ! ווו איז אַהינגעקומענ זײַנ שטאַרקײַט, זײַנ פּראָסטקײַט? ער האָט ניִשט גע-

קאָנט עפענענ דאָס מויל צו רעדנ א האַלב וואָרט, אונ פאַר גרויס כאַרפּע אונ צעמישטקייט האָט ער אומגערנ מיטנ עלנבויגנ צעבראָכנ דאָס גלאָז פונעם שפּיגל, וואָס איז געשטאַנענ הינטער זײַנע פּלייצעס... בערטע איז אַרײַנגעלאָפנ ניט טויט, ניט לעבעדיק, אונ צונויפקלײַבנדיק דאָס צעבראָכענע גלאָז, האָט זי געוואָלט טרייסטנ דעם אומגליקלעכנ דיפּלאָמאַט. נאָר מער זי האָט גערעדט, איז ער אַלץ מער צעמישט געוואָרנ — ביז ער איז ענדלעכ אופגעשטאַנענ, געכאַפּט דאָס היטל, א בייג געטאָנ זיכ צו ביידע דאַמענ, עפּעס א מורקע געטאָנ אונטער דער נאָז, עפּעס זייער נאַריש, אונ אַרויס פונ בערטע דער גרושעס הויז.

אָט וויאַזוי עס האָט זיכ געענדיקט דער ערשטער דיפּלאָמאַטישער אַרויספאָר פונ אונדזער יונגנ, נאָר זייער באַגאַבטנ אײַזענשטאַט!

## דאָס פערצנטע קאַפּיטל

### אַלע האָרעווענ צוליב דעם פּרינצ

אינ דער דאָזיקער צײַט, ווענ אײַזענשטאַט מיט בערטע שימשעלביינ האָבנ געפּלאָנטעוועט וויאַזוי מיטצוהעלפנ באָריס פּריהמאַנענ מיט ראָזע פורמאַנ, איז אונדזער פּרינצ באָריס געזעסנ צעלייגט בא דער מאַדאַם רעגענבויגענ אינ גאַסט־צימער אופ א סאָפע מיט א ציגאַר אינ די ציינ, א פוס פאַרלייגט איבער א פוס, די הענט אינ די קעשענעס, אונ האָט דערציילט, ווי גלענצנד ער האָט אָפּגעגעבנ דעם לעצטנ עקזאַמענ, וויאַזוי עס שטייט אים פאָר א שווערע צײַט דעם אוניווערזיטעט דורכצומאַכנ, וויאַזוי ער רעכנט נאָכדעם פאָרנ קיינ אויסלאַנד שטודירנ.

אַקעגנ אים זיצט די מאַדאַם רעגענבויגענ, נישט קיינ יונגע דאַמע מיט געלע האָר אונ מיט עטלעכע בראָדעווקעס אופנ פּנים, אונ בא דער זײַט, מיט ביכלעכ אינ די הענט, זיצנ אירע צוויי טעכטער, אויכ געלע, געראָטענע איינע אינ דער אַנדערער, פּונקט ווי צוויי טראָפּנ וואַסער.

מאַשאַ אונ פּאַשאַ (אַזוי רופט מענ זיי) קענענ שוינ פונ לאַנג באָריסנ. זיי געדענקענ אים נאָכ, אַז ער איז אַרומגעלאָפנ איבערנ מאַרק מיט זײַנע אָפּגעריסענע כאַווײרימ אונ באַפאַלנ מענטשנ אינ די גאַסנ. נאָר פונ יענער צײַט איז שוינ אַוועק א סאַכ יאָרנ, אונ באָריס איז שוינ ניט יענער באָריס, וואָס אַמאָל — ניינ! דאָס איז שוינ א יונגערמאַנ מיט שיינע מאַנירנ, א געבילדעטער, א קלוגער, א פריילעכער אונ — א „סטודענט"!.. מאַשאַ אונ פּאַשאַ — ביידע

ווינטשן זיך מיטן גאַנצן האַרצן נישט קיין ערגערע כאַסאַנים, ווי באָריס פרידמאַן. זיי ווייסן אָבער גאַנץ גוט, אַז באָריס פרידמאַן וועט ניט נעמען ניט מאַשאַן און ניט פּאַשאַן: באָריס פרידמאַן פאָרט קיין פּעטערבורג, און נאָכדעם קיין אויסלאַנד... נאָר איין מאַדאַם רעגענבויגען האָט נאָך אַ האָפענונג, אַז באָריס פרידמאַן וועט — ניט הײַנט איז שפּעטער — געוויס זײַן איר איידעם. און פאַרוואָס דען ניט? דער הער רעגענבויגען איז רײַכער פון פרידמאַנען און קאָן געבן אַ הונדערט טויזנט רובל נאַדאַן, און די מאַדאַם פרידמאַן, מיט וועלכער זי לעבט אַזוי צונויפגעלייגט, האָט איר ניט איין מאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז, אַדעראַבע, זי וואָלט נאָך זייער געווען צופרידן...

— איר גייט הײַנט אין טעאַטער אַרײַן? — פרעגט אים די מאַדאַם רעגענבויגען און וואַרפט אַן אויג אַף די טעכטער, וואָס ווערן ביידע רויט ווי פײַער.

— דאָ אין טעאַטער? — ענטפערט באָריס. — פע! אין פּעטערבורג איז כאָטש קעדײַ צו גיין אין טעאַטער, אָדער, אַשטייגער, אין אויסלאַנד... נו, און איר גייט אין טעאַטער? — האָט זיך באָריס פאַרכאַפּט.

— מיר האָבן שוין אַפילע בילעטן! — ענטפערן אים ביידע רויטע מיידלעך און ווערן נאָך רויטער.

— אַך, פאַרדאָן! — זאָגט צו זיי באָריס, — אויב אַזוי, גיי איך אויך מיט אײַך.

די מאַדאַם רעגענבויגען ווערט צעגאַנגען פאַר נאַכעס. אין איר פאַנטאַזיע שטעלט זיך איר שוין פאָר, ווי אַזוי באָריס גייט צו צו איר און בעט זי גראַטולירן. זי ווייסט נאָר ניט, ווער פון די ביידע איז די קאַלע: מאַשאַ צי פּאַשאַ?.. נאָר עס איז קיין חילוק ניט. אַבי באָריס איז איר איידעם. זי זאָגט צו זײַן מוטער: „איאָ? וואָס האָב איך אײַך געזאָגט?" און די מאַדאַם שפּיגעלגלאַז ווערט אַלערליי קאָלירן פאַר קינע. און די מאַדאַם שטעכענהאָלץ קוויטשעט מיט איר קול: „עס קאָן ניט זײַן! עס קאָן ניט זײַן!"...

נאָר ניט אַזוי קלערט די מאַדאַם פרידמאַן. די מאַדאַם פרידמאַן קוקט אַ סאַך ווײַטער און אַ סאַך העכער! זי כאָלעמט איצט, אַז איר באָריס וועט ווערן אַ מיליאָנער!

וואָרום? — זייער פּשוט! צו וואָס טויג אים שטודירן? צו וואָס נוצט דאָס איר, אַז איר זון זאָל זײַן אַ דאָקטער אָדער אַן אָרעמער

אדוואָקאַט! וואָס איז? ער קאָן זיך נישט דערשלאָגן צו אַ גרויסער, אַ גלענצנדער פּאַרטיע?.. עס קאָן אַלץ געמאָלט זײַן! אַוודאי נאָך אין אויסלאַנד, אַז מע וועט זיך נאָר באַקענען מיט איר באַריסן.

דאָס זעלבע האָט געטראַכט דער פאָטער אויך, נאָר אויף אַן אַנדער אופן:

„מײַן באָרעכל איז בישקאָשע פון אַ שאַרלאַטאַן, כלעבן... איך אויך זומער פאַרלעבט הונדערט טויזנט רובל און אַכציק אָנגעכאַפּט וועקסלען אויף אַ פּאָר טויזנט רובל! דו פאַרשטייסט צי ניין? אַז מאַלקע וועט אים אַזוי נאָכגעבן, קאָן ער ווערן לײַטן גלײַך... געלערנט, געלערנט — ביז מע האָט אים אַרויסגעטריבן פון דער גימנאַזיע. און עק, אַ סאָף — אויס לערנען! גענוג! מע דאַרף אים נעמען אַ ביסל צום געשעפט און ברעכן די ביינער, טאָמער וועט פון אים ווערן כאָטש אַ שטיקל מענטש, דו פאַרשטייסט צי ניין?"...

מיט איין וואָרט — אַלע האָבן גערעדט פון באָריסן, אַלע האָבן געבויט אַנדערע פּלענער פון זײַן צוקונפט, אַלע האָבן אים געוואָלט פאַרזאָרגן: דער פאָטער, די מוטער, די מאַדאַם רעזענבוים, די מאַדאַם שטערנהאַלץ, די מאַדאַם שפּיגעלגלאַז, גאָלדענשטאַט, זילבערשטאַט, אייזענשטאַט, בערטע שימשעלביין און רויזע פורמאַן — יעדער נאָך זײַן האַסאָגע און נאָך זײַן פאַרשטאַנד; נאָר איין מענטש האָט ווייניקער פון אַלע געטראַכט וועגן אים; דער דאָזיקער מענטש איז געווען טאַקע ער אַליין.

גאַנץ אָפּגעלייגט איז ער זיך געזעסן אין טעאַטער צווישן מאַשאַ מיט פּאַשאַ רעזענבוים, וואָס זענען געווען אויף דעם זיבעטן הימל פאַר פרייד, פאַר גאַדלעס און פאַר פאַרגעניגן. אָ! ווען די מאַדאַם שטערנהאַלץ זאָל זײַן אַצינד אין טעאַטער! מיט וואָסערע אויגן וואָלט זי געקוקט אויף זיי!.. נאָר די מאַדאַם שטערנהאַלץ איז אַצינד גראָדע ניט געווען אין טעאַטער; אויף איר אָרט איז געזעסן אַן אַנדער דאַמע, וואָס האָט ניט אָראָפּגענומען קיין אויג פון מאַשאַ מיט פּאַשאַ רעזענבוים און פון דעם קאַוואַליער, וואָס איז געזעסן צווישן זיי, ווי אַ פּאַר־שולדיקטער צווישן זשאַנדאַרמען. די דאָזיקע דאַמע איז געווען נישט מער און נישט ווייניקער ווי בערטע שימשעלביין.

איך ווייס ניט, אויב עס האָט עמעצער אַמאָל, צײַט די וועלט שטייט, געוואָרפן אַזעלכע פײַערדיקע אויגן אויף זײַן ערגסטן סוינע, ווי בערטע שימשעלביין האָט אין דעם אָוונט געוואָרפן אויף באָריס פרידמאַנען... סטײַטש! נאָכאַמאָל! אין אַזאַ צײַט? אין טעאַטער? און מיט וועמען?

אויב איר מיינט אָבער, אַז בערטע שימשעלביינ האָט געמאַכט דערפֿונ אַ גאַנצנ אײַסעק — האָט איר אַ טאָעס. בערטע האָט טאַקע ניט צוגעמאַכט מיט קיינ אויג אַ גאַנצע נאַכט אונ האָט זיכ געקאַטשעט פֿונ איינ זײַט אויפֿ דער אַנדערער, זיפֿצנדיק אונ קרעכצנדיק, נאָר אינ מאָרגנ, אַז ראָזע איז צו איר געקומענ, האָט איר בערטע אַפֿילע נישט מאַזקיר געווענ[1] וועגנ דעמ, וואָס אירע אויגנ האָבנ געזענ אינ טעאַטער. זי האָט נאָר אַוועקגעשיקט איר מענטשנ צו עליק דעמ מעשאָרעס, וואָס האָט שוינ מיטנ קוק פֿאַרשטאַנענ, וואָס מע מיינט, אונ האָט פֿונ זײַנ זײַט אויכ אַ ווונק געטאָנ צו זײַנ יונגנ פּרינציפּאַל. באָריס האָט אָבער איצט קיינ צײַט ניט געהאַט צו גיינ: ער איז געזעסנ מיט דער מוטער אונ מע האָט געפֿירט אַ נייטיקנ שמועס. עליק האָט דאָס איבערגעגעבנ בערטענ, אונ בערטע האָט באַפֿוילנ, אַז אײַזענשטאַט זאָל, לעמאַנ־האַשעמ, קומענ צו גיינ וואָס גיכער. אײַזענשטאַט האָט זיכ באַלד גענומענ צו באָריסנ, אַוועקגעפֿירט אימ ווײַט אינ גאָרטנ אַרײַנ אונ האָט מיט אימ געהאַט זייער אַ וויכטיקנ שמועס.

אָט וואָס פֿאַר אַ שמועס זיי האָבנ געהאַט:

באָריס פֿאָרט אַוועק אינ אַ כוידעש אַרומ מיט דער מוטער קיינ אויסלאַנד... ער דאַרפֿ פֿאָרנ; ער מוז פֿאָרנ קיינ אויסלאַנד: ערשטנס, אַ ביסל צעשלאָגנ זיכ די געדאַנקענ נאָכ דעמ שווערנ עקזאַמענ. צווייטנס, וועט ער זיכ אַ ביסל אויסרוענ, אַנטוויקלענ. דריטנס, קאָנ ער ניט אָפּזאָגנ דער מוטער, וועלכע האָט אימ אַזוי ליב. פֿערטנס, איז דאָס טאַקע זייער אַ נייטיקע זאַכ: זענ אַ נײַע וועלט. פֿינפֿטנס, איז דאָס אימ זייער נוצלעכ פּאָשעט פֿאַרנ געזונט... אונ וואָס קער זיכ דאָס אָנ מיט דער „אידייע”, מיט זײַנ ראָזע, וועלכע וועט אימ לײַכטנ אומעטומ ווי אַ גלענצנדער שטערנ?.. ווײַבאַלד ער וועט באַלד קומענ צוריק, אַזוי וועט ער זי מיט געוואַלד אויסרײַסנ פֿונ די הענט פֿונ די דעספּאָטנ אונ וועט אַוועקפֿאָרנ מיט איר ווײַט־ווײַט. דערווײַל וועט ער זיכ מיט איר איבערשרײַבנ אָפֿט, אַלע טאָג, אַלע טאָג...

די גאַנצע צײַט האָט אײַזענשטאַט געהאַלטנ דעמ קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אונ האָט ניט געענטפֿערט דאָס צווייטע וואָרט. נאָר אַז באָריס האָט געענדיקט, האָט ער אויפֿגעהויבנ דעמ קאָפּ, אַנידערגעשטעלט זײַנע גלעזערנע באַנקעס אויפֿ באָריסנ אונ האָט אימ אַ פֿרעג געטאָנ:

— באָריס! זאָג מיר דעמ רעכטנ עמעס: דו האָסט ליב ראָזענ? דו האָסט זי שטאַרק ליב?..

---

1 דערמאָנט.

— אײַזענשטאַט! דו ביסט משוגע צי וואָס?.. צי האָב איך זי ליב? וואָס פֿרעגסטו?..

עליק האָט געזוכט באָריסן אין גאָרטן און האָט אים געזאָגט, אַז דער פֿאָטער רופֿט אים. באָריס האָט זיך מעכטיג געוווּנען: די גלעזערנע באַנקעס פֿון זײַן כאַווער אײַזענשטאַט זענען פֿאַר אים געווען זייער שווער איבערצוטראָגן... דעם גאַנצן טאָג האָט זיך באָריס אויסבאַהאַלטן פֿון אים.

פֿאַרנאַכט, אַז אײַזענשטאַט איז אַוועקגעגאַנגען צו בערטע דער גרושה, איז אים געוואָרן גרינגער אויפֿן האַרצן...

## דאָס פֿופֿצנטע קאַפּיטל

### יעדער האָט זיך זײַן פּעקל

אין וואָס פֿאַר אַ בריוול ראָזע פֿורמאַן האָט יענע טעג באַקומען פֿון איר באָריסן:

„טײַערע, טײַערע ראָזע מײַנע! איך קוש דיך פֿון דער ווײַטנס. צו מײַן אומגליק קאָן איך דיך נישט זען... אָ! דו פֿאַרשטייסט, וואָס הייסט בײַ מיר דיך ניט זען?.. מע היט מיך... מע קוקט אויף מיר מיט טויזנט אויגן... מײַן מוטער האָט מיך אַזוי ליב, אַז זי לאָזט מיך ניט אויף אויף קיין מינוט. אָ! איך בין אַן אומגליקלעכער!.. איך בעט דיך, ראָזע, נעם צו מײַן כאַווער אײַזענשטאַט גלײַך ווי מיך אַליין. דאָס איז אַ זעלטענער אָרנטלעכער, גוטער מענטש! פֿאַר אים איז ניטאָ קיין סוידעס — ער מעג אַלץ וויסן, ער ווייסט אַלץ און איז אַזוי קלוג, אַזוי געטרײַ און איבערגעגעבן מיט זײַן גאַנצן לעבן!"...

יאָ, עמעס. אײַזענשטאַט איז טאַקע אַ גאַנץ אָרנטלעכער מאַן, אַ גוטער, אַ קלוגער. ראָזע האָט אָבער אַ סאַך בעסער געוואָלט זען זיך מיט איר באָריסן, ווי מיט אײַזענשטאַטן. זען באָריסן איין מינוט, הערן פֿון אים איין־איינציק וואָרט איז בײַ איר געווען אַ סאַך טײַערער און ליבער, ווי צו זען אײַזענשטאַטן דרײַ שעה קעסיידער און רעדן מיט אים אַ גאַנצן טאָג!.. אונדזער יונגער דיפּלאָמאַט האָט דאָס זייער גוט פֿאַרשטאַנען, נאָר וואָס האָט ער געזאָלט טון, אַז באָריס האָט פֿאַרט ניט געקאָנט קומען אַהער? אײַזענשטאַט האָט איר אויסגעוויזן מיט אַזעלכע ראַיעס, אַז ראָזע האָט ניט געקאָנט קלערן אַנדערש. אין אַ צײַט פֿון צוויי וואָכן האָט אײַזענשטאַט אַרויסגעזען, אַז וויפֿל ראָזעס ליבע צו זײַן כאַווער איז שטאַרק, אַז אויסער באָריסן האָט פֿאַר איר נישט עקזיסטירט קיין מענטש, קיין וועלט, קיין ליבע, קיין גליק;

„באָריס" — אָט דאָס איז געווענ איר גאָט, אַפ וועלכנ עס איז גע־האַנגענ איר גאַנצע האָפענונג אינ לעבנ. אײנס פונ די צוויי: אָדער באָריס, אָדער דער טויט!..

וועגנ דעמ האָט אײַזענשטאַט גענוג נעכט פאַרבראַכט אינ שמועסנ מיט בערטע שימשעלביינ.

— שלעכט, בערטע! — האָט ער איר אײנמאָל געזאָגט, בײם זײ זענענ געבליבנ אַלײנ באַנאַכט אינ זאַל אַפ דער קאַנאַפּע. — שלעכט! מע דאַרפ זײנ נעמענ אַנדערע מיטלענ, ער זאָל ניט פאַרשווינדנ ווערנ פונ אונדזערע הענט...

— ווער? ווער זאָל ניט פאַרשווינדנ ווערנ? — האָט אימ בערטע מיט שרעק איבערגעפרעגט.

— אונדזער פּרינצ, באָריס...

בערטע האָט א פּאַטש געטאָנ מיט די הענט אונ קימאַט וויינענדיק אַרויסגערעדט:

— אײַזענשטאַט! איר זענט א שלעכטער! איר האָט טאָמיד ליב צו זאָגנ אַזעלכע שרעקלעכע זאַכנ, אַז עס איז גאָר א מוירע מיט אײַכ צו רעדנ!..

אײַזענשטאַט האָט אַפ איר אַנידערגעשטעלט זײַנע גרויסע אויגנ. וועלכע זענענ ניט געווענ אַזוי בײז אונ מוירעדיק, ווי די מאַדאַמ שימשעלביינ האָט געמײנט. זי האָט אימ נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט:

— איכ פאַרשטײ ניט, וואָס איר מײנט... וואָס ווילט איר זאָגנ?.. באָריס האָט ניט ליב ראָזענ?..

— נײנ, פאַרקערט, ער האָט זי דאַפּקע ליב. נאָר עס קאָנ זיכ טרעפנ, אַז ער זאָל אַנטלויפנ... אויסרײַסנ זיכ — אונ אַנטלויפנ פונ ראָזענ אַפ טאָמיד...

אַזעלכע מאָרע־שכוירעדיקע געדאַנקענ האָבנ שטאַרק געווירקט אַפ דער מאַדאַמ שימשעלביינ; אירע טרערנ, וואָס האָבנ זיכ קײנמאָל לאַנג ניט געלאָזט בעטנ, האָבנ זיכ איצט ווי פונ א קוואַל געגאָסנ. אײַזענשטאַט האָט אינ דער דאָזיקער צײַט אַרײַנגעקוקט אינ בוכ אַרײַנ, אונ אַז ער האָט דערזענ, אַז די טרערנ הײבנ אָנ ווערנ שיטערער אונ די אויגנ טריקענער, האָט ער זיכ ווידער צוגערוקט צו בערטע דער גרושע אונ האָט איר איבערגעגעבנ זײַנע געדאַנקענ, פאַרוואָס ער קלערט אַזוי, אונ די מאַדאַמ שימשעלביינ האָט ענדלעכ געמוזט אײַנשטימענ מיט אימ, אַז ער האָט רעכט, — ניט אינגאַנצנ, נאָר א ביסל.

— וואָס זשע טוט מענ דערצו? — האָט זי אימ געפרעגט.

— מע דאַרפ ניט שלאָפנ, מע דאַרפ זיכ באַקלערנ. איכ וועל פרווונ, טאָמער וועט מיר געראָטנ...

— אײַזענשטאַט! איר זענט דער ערלעכסטער, דער בעסטער מענטש אַפ דער וועלט! איר זענט א ווירקלעכער העלד!..

* * *

וואָס גייט דאָס אָנ באַריסנ, וואָס זײַנע פרײַנט האָרעווענ אַזוי פונ־זײַנעטוועגנ? דער דאָזיקער ווילגעבוירענער פרינצ, דער קינפטי־קער יורעש פונ דער גלענצנדער פירמע „פרידמאַנ“, איז פונ קינד־ווײַז אָנ אופגעצויגנ געוואָרנ דערופ, אַז אַלע דאַרפנ האָרעווענ אַפ אים, און עס וואָלט אים גאָר געווענ א ווונדער, ווענ עמעצער זאָל פרעגנ, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? בעטעווע ניט קיינ שלעכטער, מיט א ווייכ האַרצ, האָט אים די ברייטע ערציִונג געמאַכט פאַר א מענטש מיט א שוואַכנ, נאָר א גוטנ כאַראַקטער. דערפאַר האָט אים יעדער ליב געהאַט און געשעצט נאָכ זײַנ ווערט. אַפ זײַנ לעבנ האָט ער נאָכ קיינעמ ניט אָפגעזאָגט, וואָס מע האָט בא אים געבעטנ, און געגעבנ און געטאָנ מיט דער ברייטער האַנט, וויפל ער האָט נאָר בעקוייעמ געהאַט צו געבנ און צו טונ; און האַגאַמ אײַזענשטאַט האָט נאָכ פונ אים קיינ שום טויווע נישט געהאַט און ניט געפאָדערט, דאָכ האָט זיכ באַריס ניט געפרעגט, פאַרוואָס לויפט דער דאָזיקער דיפלאָמאַט אַלע טאָג, ווי א פאַרסאַמטע מויז, צו בערטע דער גרושע מיט זײַנע קוויטלעכ צו ראָזענ און מיט ראָזעס ברייוועלעכ צוריק? עס איז א סוואָרע, אַז אײַזענשטאַט אַליינ האָט זיכ אויכ וויניק באַשעפטיקט מיט דער דאָזיקער פראַגע, פאַרוואָס עס ציט אים עפעס אַהינ? ערשט נאָכדעמ, אינ א צײַט אַרומ, דערמלט, ווענ ראָזע... נאָר מיר פאַרלויפנ צו פרי; עס איז ניטאָ קיינ ערגערע זאַכ ווי דאָס, וואָס דער שרײַבער האָט קיינ צײַט ניט און כאַפט איינס פאַר דאָס אַנדערע, גלײַכ ווי עמעצער שלאָגט אים האַלדז־און־נאַקנ... האָב צײַט — ס'וועט ניט אַנטלויפנ!

גאָלדענשטאַט און זילבערשטאַט האָבנ זיכ טבילעס אַפילע יאָ א ביסל געוווּנדערט דערופ, וואָס דער דיפלאָמאַט פאַרברענגט טעג און נעכט בא דער „גרושע“, נאָר ווײַטער־ווײַטער האָבנ זיי אופגעהערט זיכ צוקוקנ דערצו, ווײַל יעדער מענטש האָט זיכ זײַנ פעקל.

גאָלדענשטאַט און זילבערשטאַט זענענ געווענ אַזוי שטאַרק פאַר־נומענ מיט זייערע אייגענע פעקלעכ, אַז עס איז זיי שוינ גאָר אינ קאָפ נישט געקראָכנ באַריס פרידמאַנס ליבע מיט אײַזענשטאַטס די־

פלאָמאַטיע. גאָלדענשטאַט און זילבערשטאַט זענענ געקומענ אַהער צו זייער כאַווער א ביסל אָפּרוענ זיכ פונעמ יאָר, א ביסל לעבנ, אָנטרינקענ זיכ מיט דער פרײַהײט אײנ מאָל פאַר אַלע מאָל, אַוויפּראַט אַז עס שטייט נאָכ פאַר זיי פאַר אַזא שווערער וועג, אַנ אוניווערזיטעט אַפּ פיר אָדער פינפ יאָר. מיט וואָס פאַר א זיסקייט ליגנ זיי איצינד אויסגעצויגנ אַפּנ גראָז ערגעץ אונטער א בוימ און קוקנ אַרופ אַפּנ בלויענ זומערדיקנ הימל! ווי טײַער איז די פרײַהייט! נאָר נײנ, ניט דאָס, וואָס זיי האָבנ געזוכט, האָבנ זיי דאָ געפונענ. דאָס גרינע שמעקנדיקע גראָז מיט די בלעטערדיקע ביימער האָבנ זיי גיכ פאַרביטנ אַפּ דעמ געלנ מויער פונ דעמ הער רעגענבויגענ, און דעמ בלויענ זומערדיקנ הימל האָבנ זיי פאַרביטנ אַפּ די געלע, נאָר געזונטע און פרישע טעכטער פונעמ הער רעגענבויגענ.

מאשא און פאשא רעגענבויגענ זענענ נישט קיינ יונגע, נישט קיינ שיינע, נישט קיינ איבעריק קלוגע, נישט קיינ זייער געבילדעטע — נאָר ווילע מיידלעכ, אויסגעצייכנטע מיידלעכ. עס איז א פאַרגעניגנ צו קוקנ, וויאַזוי די דאָזיקע צוויי שוועסטער גייענ אַרויס אַפּנ שפּאַציר טאָמיד געאָרעמט, שטענדיק צוזאַמענ, גלײַכ געקליידט — נאַטירלעכ, זייער עלעגאַנט, און נאָכ דער לעצטער מאָדע — שטענדיק אינ איינ צײַט, שטיל, פײַנ, בענימעס, ליבלעכ, פרײַנטלעכ — פונקט ווי שוועסטער דאַרפנ גיינ. קיינער וועט גאָר ניט וועלנ גלייבנ, אַז בא זיכ אינ דער היימ זענענ זיי צווישנ זיכ די ערגסטע סאָנימ און רײַסנ זיכ הונדערט מאָל אינ טאָג, ווי די קעץ. וואָס איז דאָ צו וווּנדערנ זיכ? גאָט האָט זיי אַזוי שוינ באַשאַפנ, אַז זיי מוזנ זיכ קריגנ צווישנ זיכ, וואָרעמ אַז מאשא זאָגט „ווײַס", מוז שוינ פאשא זאָגנ „שוואַרצ". עס קאָנ זייער געמאָלט זײַנ, אַז עס איז דערפאַר, ווײַל זיי זענענ ביידע גלײַכ צערייצט, צעבייזערט דערמיט, וואָס זיי האָבנ ביידע רויטע האָר מיט לאַנגע שפּיצעכיקע נעזער און גרויסע אויערנ; עס קאָנ זײַנ, אַז דערפאַר, ווײַל זיי זענענ ביידע א ביסל אַריבערגעוואַקסענע, ביידע פאַרזעסענע, אָנ כאַסאַנימ; און עס קאָנ זײַנ, אַז דערפאַר, ווײַל מאשא האָט גערעכנט, אַז איבער פאשאַנ איז זי אַזוי אומגליקלעכ, און פאשא האָט געדרונגענ פאַרקערט, אַז די גאַנצע צאָרע איז, ווײַל זי האָט אַנ עלטערע שוועסטער, וועלכע הייסט מאשא... נאָר וויאַזוי די מײַסע איז דאָרט געווענ, — די דאָזיקע צוויי שוועסטער האָבנ געפירט צווישנ זיכ מילכאָמע א צײַט מיט יאָרנ. נישט דער פאָטער, וואָס איז זעלטנ אינ דער היימ געווענ, נישט די מוטער, וואָס האָט מוירע געהאַט אַרײַנמישנ זיכ צווישנ זיי, האָבנ זיי נישט געשטערט צו קריגנ

זיכ, זידלענ זיכ, שעלטנ זיכ — אונ אָפּטמאָל — צווישנ אונדז זאָל עס בלײַבנ — טאַקע פּאַטשנ זיכ...

קאַמעס איז, געוויינלעכ, ניט אזא טײַערע מײַלע; דאָכ פאַרשטײענ מיר, אז יעדער האָט א גאַל אונ א מענטש איז ניט קײנ אַבינזנ. וואַזוי זאָל מאַשאַ ניט זײַנ אינ קאַעס אפ פאַשאַנ, אז זי פאַרגינט זיכ נאָכ שפּאָרנ אונ זאָגנ אפ צולאָכעס, אז זילבערשטאַט איז א שוויטע?

— ער איז קליגער פונ דיר, מאַשאַ!

— פאַרשטײט זיכ: פאַשאַ אלײנ זאָגט אזוי — דאַרפ מענ איר גלייבנ! איר ווייסט, ווער עס זאָגט? דאָס זאָגט פאַשאַ, מײַנ שוועסטער פאַשאַ! איר קענט זי צי נײנ?..

— צי מיכ קענ מענ צי ניט, — דיכ, מאַשאַ, קענ מענ אוואַדע! מע קענ דיכ, דאַנקענ גאָט, אומעטום, מע קענ דיכ. מע האָט געהערט פונ דיר...

— געלויבט איז גאָט, וואָס מע קענ מיכ! מע וואָלט מיכ נאָכ מער געקענט, ווענ איכ זאָל ניט האָבנ דיכ פאַר א שוועסטער!..

— ע? איכ מאַכ דיר קאַליע? איכ פאַרשטײ!..

— דו מאַכסט מיר קאַליע? דו? דו?.. וואָס איז? ווער ביסטו אזעלכע? ווער ביסטו? אדערואַבע, ווער ביסטו?..

— ווער איכ בינ? עס איז שוינ גענוג פאַר מיר, אז איכ בינ מײַנ שוועסטערס א שוועסטער!..

— צופיל קאָוועד פאַר דיר! וואָלסט זיכ שוינ טאַקע, כ'לעבנ, געמעגט אריבערטראָגנ מיטנ פעקל אהינ, ווו מע האָט שוינ לאַנג צוגעגרייט פאַר דיר אנ אָרט!..

— דו ביסט עלטער, שוועסטער־לעבנ!..

— ע? דו הײבסט שוינ אָנ צו שעלטנ? נאַ זשע דיר! נאַ! נאַ!..

— נאַ דיר צוריק!..

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

אונ עס קומט צווישנ זײ פאַר אזעלכס, וואָס עס פאַסט ניט פאַר קײנ פרײַלנס, וועלכע שפּילנ פיאַנע אונ האַלטנ א ביכל אינ דער האַנט. אונ דעריבער האָבנ מיר אויסגעשטעלט דרײַ שורעס מיט פינטעלעכ.

אונ מערקווירדיק! טאָמער האָט עמעצער געזאָגט א שלעכט וואָרט אפ מאַשאַנ, האָט פאַשאַ יענעמ געקאָנט אויסרײַסנ די אויגנ, אונ

ווידער צוריק, ווען פאשא איז ניט געזונט געווען, האָט מאשא ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג גאנצע נעכט און איז אויסגעזעסן נעבן איר טאקע נאָר ווי א שוועסטער קאָן זיצן. עס איז זיי שווער געווען צו נעמען אפ די געדאנקען, וואָס וועלן זיי טאָן, אז זיי וועלן זיך דארפן צעשיידן, צעשיידן אפ טאָמיד, אפ אייביק? דער דאָזיקער געדאנק האָט נישט איין מאָל ארויסגערופן טרערן אפ זייערע אויגן, געוויינלעך, באהאלטנדיק איינע פאר דער אנדערער. נאָר גאָט דער האר האָט זיי אָפּגעהיט פון צעשיידן זיך, און עס איז זיי באשערט געווען צו פארברענגען אלע זייערע בעסטע יונגע יאָרן נאָר צוזאמען, און דאָס דאָזיקע האָט זיי געמאכט נאָך מער בייז, נאָך מער צערייצט, ביז זיי זענען גאָר געוואָרן אָפּגעזונדערט פון זייערע אמאָליקע בא-ווערטעטע און באקאנטע און פון דער גאנצער שטאָט, און דערפאר האָבן זיי באקומען אין שטאָט א נאָמען: „די אלטע מוידן"...

— אָן גייען זיי שוין, די אלטע מוידן!.. וואָס וועלן זיי אויס-זיצן, איך בעט אייך? רעגענבויגן איז ניט קראנק צולייגן נאָך עטלעכע צענדליק טויזנט רובל און קריגן זיי כאסאנים, כאָטש וואָסערע כאסאנים ס'איז, אבי זיי זאָלן זיך ניט ארומבלאָנקען אזוי ביז צום גרויען צאָפּ!

און די צייט שטייט נישט אפ איין אָרט. איין יאָר יאָגט דאָס אנדערע, דער הער רעגענבויגן קומט פון פעטערבורג און פאָרט ווידער אוועק אפ א גאנץ יאָר צו זיינע געשעפטן. די מאדאם רעגענבויגן קוקט אפ די טעכטער מיט ראכמאָנעס און זיפצט און קרעכצט, אָדער זי גייט אוועק צו דער מאדאם פרידמאן און ברענגט פון דאָרטן פעק מיט רעבילעס. און ווידער די אייגענע בלאָטע פאר פייסעך. ווידער די שרעקלעכע היצן מיט דעם שלעכטן רייעך אום טאמוז. ווי-דער די ברענענדיקע פרעסט אום ווינטער. אלץ די אייגענע האלב-איינ-געפאלענע קלייטן מיט די פאריאָמערטע קרעמערקעס אין מארק, וואָס שלעפן פאר די פאָלעס. ווידער די אייגענע פיזיאָנאָמיעס מיט די קאָסטיומען אפ יעדן טריט. ווידער די אייגענע „אינטעליגענציע", וואָס פארפלייצט אלע שאבעס די ב א ר ד י ט ש ע וו ע ר גאס, אָנגע-טונקען אין זייד און אין סאמעט מיט א סאך רויטע, גרינע, בלויע, געלע סטענגעלעך אפן האלדז, מיט זיסע, זויערע, ביטערע, ווייניקע, גע-זאלצענע שמייכעלעך אפ די ליפן... ווען וועט דאָס שוין האָבן אן עק? ווען וועט קומען א סרייפע אפ דער דאָזיקער שטאָט? ווען וועט קומען א מאגפּאָלע אפ אלע מאנספערזאָנען?..

— פונקט אין דער דאָזיקער צייט האָט זיי באָרים פרידמאן פאָרגע-שטעלט זיינע צוויי געטרייע כאוויירים — גאָלדענשטאט און זילבער-

שטאט, אפ וועלכע די אויסגעטריקנטע שוועסטער זענען אנגעפאלנ, ווי די הונגעריקע בינענ. מיט קאעס אונ מיט פרייד צוזאמענ האבנ זיי זיכ צוגעכאפט צו די דאָזיקע צוויי אומשולדיקע נעפאשעס, וועלכע האבנ מער ניט געהאט אינ זיבענ נאָר דערטאפנ זייער נאדאנ... מיט וואָס פאר א נעקאָמע האבנ זיי געקוקט אפ דער מאדאם פרידמאנ מיט איר פרינצ, שפאצירנדיק אינ גאָרטנ געאָרעמט מיט גאָלדענ־שטאט אונ מיט זילבערשטאט!

— פארלע ווו פראנסע, מסיע גאָלדענשטאט? אכ, פארוואָס זאָלט איר ניט קאָנענ קיינ פראנצויזיש, גאָלדענשטאט? א שאָד, א שאָד, וואָס איר רעדט ניט קיינ פראנצויזיש!.. וואָס לויפט איר אזוי, גאָלדענ־שטאט?.. איר זעט, גאָלדענשטאט, איר זעט אָט די דאָזיקע מאמזעל?.. איר זעט זי נישט? איר זענט א קורצזיכטיקער? פארוואָס זאָלט איר ניט טראָגנ קיינברילנ, קיינ פענסנע?.. ווי געפעלט אייכ עפעס מיינ שוועסטער פאשא?.. איכ זע, איר קוקט אפ איר די גאנצע צייט!.. זי איז יינגער פונ מיר... זי איז שענער פונ מיר... אייער כאווער איז ערלעכער פונ אייכ: ער טרעט נישט אָפ פונ פאשאנ אפ קיינ מינוט, קיינ רעגע... איר קאָנט נאָר קאָמפלימענטנ מאכנ! איכ ווייס, איכ ווייס!.. ווו איז דאָס אייער דריטער כאווער, אייזענשטאט? פארוואָס ווילט איר אימ קיינמאָל ניט ברענגענ מיט זיכ? איר האָט מוירע, טאָמער וועט ער בעסער געפעלנ פונ אייכ? מע זאָגט, אז ער איז זייער אנ אָרנטלעכער מאנ, א זעלטענער מענטש... וואָס שווייגט איר? וואָס ווערט איר רויט, ביים איר ווילט עפעס זאָגנ?..

אזוי, אָדער קימאט אזוי, באגייט זיכ אויכ פאשא מיט איר קאוואַ־ליער, מיט זילבערשטאטנ. די דאָזיקע צוויי צערייצטע שוועסטער, מיט וועלכע די וועלט באגייט זיכ אזוי אומענטשלעכ, ציענ בא אונדזערע בידנע סטודענטנ די קליי, רייסנ פונ זיי פאסנ, שלעפנ די אָדערנ, הענגענ זיכ צו זיי אפנ האלדז אונ מאכנ פונ זיי כויזעק מיט לייַ־טישע געלעכטער... אָט גיט מענ זיי א האָפענונג, אז אלצ וועט זיינ רעכט, אז זייערע הערצער מיט זייער פארמעגנ וועלנ גיכ־גיכ איבער־געגעבנ ווערנ צו זיי; אונ אָט טוט מענ זיי א שמיצ פונ זיכ, אונ זיי פאלנ פונעמ זיבעטנ הימל אראָפ, אראָפ אפ דער ערד... אלע טאָג, אלע טאָג די זעלבע געשיכטע, אָנ אנ עק אונ אָנ א סאָפ!

איז שוינ א וואונדער, וואָס די דאָזיקע צוויי כאווירימ ווייסנ ניט אונ ווילנ נישט ווייסנ, וואָס עס טוט זיכ דאָרט בא זייער כאווער באָרים מיט זיינ ראָזענ אונ וואָס הערט זיכ עפעס מיט אייזענשטאטנ?

יעדער האָט זיכ זיינ פעקל.

# דאָס זעכצנטע קאַפּיטל

### אַלע צעפּאָרנ זיכ

די מאַדאַם פרידמאַנ האָט שוינ אָפּגעשמועסט מיטנ זונ מיקויענ זייער ווײַטער נעסיע קיינ אויסלאַנד, אַפּ קוראַציע, קעדיי צו באַקע־נענ זיכ א ביסל מיט דער וועלט.

— דו פאַרשטייסט צי נײנ? — זאָגט צו איר דער מאַנ. — איכ זאָג דיר, מאַלקע, אַז דו וועסט נאָכדעם אַלײנ כאַראָטע האָבנ. אונ־דזער באָרעכ איז א צעבאַלעוועטער בענ-יאָכיר, אונ דאָרטנ קאָנ פונ אים ווערנ א שיינער שאַרלאַטאַנ. ער האָט פײַנט האַלטנ געלט בא זיכ אונ האָט ליב קויפנ אַלצ, וואָס דאָס אויג זעט, אונ אַז עס גייט אים אויס געלט, כאַסמעט ער וועקסלענ. מיר וועלנ אים דאַרפנ אינ צוויי כאָדאָשים אַרומ אויסקויפנ פונ א טורמע אָדער זוכנ ערגעצ גאַנצ ווײַט... אונדזער בענ-יאָכיד איז טאַקע א ווילער יונגאַטש, נאָר ער איז נאָכ צו יונג אונ מוז האָבנ א כיאַניע... ער האָט א צו ווייכ האַרצ אונ מיינט, אַז ער איז ראָטשילדס א יוירעש. דו פאַרשטייסט צי נײנ?...

— וואָס זשע ווילסטו, מאָטל? פאַרוואָס זאָלסטו מיכ אומזיסט מוטשענ, ווענ דו ווייסט, אַז עס וועט דיר נית העלפנ? וואָס זשע דענ זאָל ער טאָנ, א יונג קינד פונ פאַרמעגלעכע עלטערנ?

— לאָז ער זיכ פרוּער באַקענענ מיטנ געשעפט דאָ, אַפנ אָרט, מאַלקע! לאָז ער זענ, פונוואַנענ דאָס אַשירעס צאַפּט זיכ, אונ נאָכ־דעם, ווענ ער וועט קאָנענ אײַנבריינגענ א קערבל, וועט ער שוינ מעמיילע קאָנענ אויסברענגענ אויכ. דו פאַרשטייסט צי נײנ?..

— אַ? דו ווילסט אים מאַכנ פאַר א מעשאָרעס ? איכ פאַרשטיי שוינ דײַנ ציל! מאָטל, עס וועט זיכ דיר נית העלפנ, מאָטל! באָרים פאָרט מאָרגנ אַוועק!..

* * *

מע פאַקט אונ מע גרייט זיכ אינ וועג אַרײַנ. א גרויסע באַוועגונג אַפנ אײַזערנעמ באַלקאָנ. די מאַדאַם פרידמאַנ איז שטאַרק צעטראָגנ. אַליינ, מיט אירע אייגענע הענט, לייגט זי צונויפ דאָס גרעט, די מאַל־בושים, דאָס עסנווארג. זי בייזערט זיכ, קאָמאַנדעוועט אונ איז שטאַרק צעטראָגנ. דערפאַר אָבער זיצט זיכ דער הער פרידמאַנ אינ קאַנטאָר אונ איז שטאַרק פאַרטיפט אינ די כעשבוינעס. ער רופט צו דעמ קאַסיר אונ שמועסט מיט אימ גאַנצ קאַלטבלוטיק וועגנ די געשעפטנ אונ מישט זיכ נית אונ פרעגט אַפילע נית, וואָס טוט זיכ דאָרט אַפנ באַלקאָנ.

באַמ טיש זיצנ שוינ אַלע אונדזערע באַקאַנטע אונ מע וואַרט אַפֿנ באַלעבאָס. די מוטער איז פֿאַרטראָגנ מיטנ טואַלעט, דער זונ איז אויכ שטאַרק צעפֿלאַמט. ער היט זיכ עפּעס פֿאַר אײַזענשטאַטנ גרויסע אויגנ, וואָס קוקנ אימ גלײַכ אינ האַרצנ אַרײַנ. ער שמועסט מיט גאָלדענשטאַטנ אונ מיט זילבערשטאַטנ אונ מאַכט זיכ, אַז ער לאַכט, אונ וויל, אַז זיי זאָלנ אויכ לאַכנ, נאָר זיי לאַכנ ניט. גאָלדענשטאַט אונ זילבערשטאַט זענענ פֿאַרטראָגנ אינ זייערע אייגענע געשעפֿטנ, אונ זייערע אויגנ קוקנ ערגעצ ווײַט, אַהינ, אינ פֿענצטער אַרײַנ, אַפֿ דעמ געלנ מויער, דאָרט, וווּ זיי האָבנ נעכטנ געהאַט אַ לאַנגנ שמועס מיט מאַשאַנ אונ מיט פּאַשאַנ, אַזאַ שמועס, וואָס זיי קאָנענ פֿונ אימ בעשום־אופֿנ ניט פֿאַרשטיינ, צי זאָלנ זיי לערנענ דעמ פּשאַט אַזוי צי אַנדערש... דער טיש גייט צו גאַנצ שטיל; עס איז יעדנ עפּעס אָנגעזאַלצנ אַפֿנ האַרצנ. נאָר איינ הער פֿרידמאַנ איז ניט צעטראָגנ.

— דו פֿאַרשטייסט צי ניינ? — זאָגט דער באַלעבאָס גאַנצ רויִק, פֿאַרנעמענדיק זײַנ אָרט אונ ניט קוקנדיק אַפֿ קיינעמ. — דו פֿאַרשטייסט צי ניינ? ער פֿלעגט מיר טאָמיד אַראָפּוואַרפֿנ פֿונ טיי צוואַנציק פּראָצענט סקידקע, אונ איצט שרײַבט ער, אַז עס לוינט אימ ניט. איכ האַנדל שוינ מער ניט מיט אימ פֿונ הײַנט אָנ! איכ גיב אימ צו לייזנ אַ יאָר קימאַט הונדערט אונ צוואַנציק טויזנט רובל, אונ עפּשער נאָכ מער. דו פֿאַרשטייסט צי ניינ?..

— די פֿערד זענענ שוינ גרייט! — זאָגט עליק נאָכ דעמ אָנבײַסנ אונ הייבט אָנ אַרויסטראָגנ די פֿולע טשעמאָדאַנעס. אַלע קוקנ זיכ איבער, נאָר דער הער פֿרידמאַנ גייט אַוועק אינ קאַנטאָר אַרײַנ אונ זעצט זיכ צו די כעשבוינעס. די מאַדאַמ פֿרידמאַנ וויל זיכ שוינ אָנהייבנ געזעגענענ, איז דער זונ ניטאָ, וווּ איז ער? אינ גאָרטנ, מיט אײַזענשטאַטנ...

— איכ בעט דיכ, אײַזענשטאַט, טײַערסטער פֿרײַנט, איכ פֿאַרלאָז זיכ אַפֿ דיר, ווי אַפֿ אַנ אייגענעמ ברודער. דו פֿאַרשטייסט?.. זאָג איר, אַז ניט מער ווי אינ דרײַ־פֿיר וואָכנ אַרומ קומ איכ צוריק, אונ דעמאָלט... איכ וועל איר שיקנ פֿונ וועג אָפֿטע בריוו, אַלע טאָג, צוויי מאָל, דרײַ מאָל אַ טאָג! אײַזענשטאַט, איכ בעט דיכ... עפּשער דאַרפֿ איכ איר אַצינד אויכ איבערלאָזנ אַ בריוו? האַ? ווי מיינסטו, אײַזענשטאַט?..

— צו וואָס? מע דאַרפֿ ניט. איכ וועל איר שוינ אַלצ איבערגעבנ.

— אײַזענשטאַט! מיט וואָס קאָנ איכ דיר אָפּדאַנקענ פֿאַר דײַנ

גוט הארץ, טײַערער אײַזענשטאט?.. איך קײן ווי וועל איך שטײן א טאָג דרײַ — שרײַבן מיר אהין א בריוו. זײַ געזונט! גריס ראָזען. זײַ געזונט! זײַ געזונט!

— פאָר געזונט! פאָר געזונט!

. . . . . . . . . . . . . . .

— זײַ געזונט, פאפאשא! — האט זיך אונדזער יונגער העלד געווענדט צום פאָטער. — זײַ געזונט!

— הא? הונדערט אכציק, צוויי טויזנט דרײַ הונדערט פופציק, אכט מיט פערציק, פיר מיט א האלבע... א, דו פאָרסט שוין?.. און זיבעציק, דרײַ טויזנט פיר הונדערט צוואנציק, איינס מיט זעכציק, זעקס מיט דרײַ פערטל. נו, פאָר געזונט! און דרײַסיק, ניין טויזנט מיט הונדערט, אכציק אכט מיט צוועלף דרײַ פערטל... און זײַ א מענטש, דו פארשטייסט צי ניין?.. גיט מיר אהער דעם בעשבון פון אפּרעל מיטן באלאנס!..

* * *

— זײַט געזונט! — זאָגט גאָלדענשטאט, געזעגענענדיק זיך מיט מאשא רעגענבויגען, און קוקט אראָפּ צו זיך אויף די שפּיץ שטיוול.

— פאָרט געזונט! — ענטפערט אים מאשא רעגענבויגען, קוקנדיק אויף אים מיט א געלעכטער. — פאָרט געזונט! איר זאָלט דאָס אנדערע מאָל זײַן געהיט מיט א וואָרט און פרײַער גוט באקלערן, וואָס איר ווילט זאָגן!.. איר זאָלט בעטן מיינען, אז מיר, פרויען, זענען אזא וואָלוועלע סכוירע, וואָס יעדער קאָן זי קויפן, אבי עס לוינט זיך אים... איך ווייס, איר וועט מיר זאָגן, אז איר האָט מיך ליב, איר גייט אויס נאָך מײַנע טריט... זאָגט דאָס בעסער: איך וועל אײַך ניט גלייבן; ניט מיך מיינט איר — איר מיינט עפּעס אנדערש... איר זאָלט מיך פאָלגן, וואָלט איר באלד געגאנגען זאָגן די דאָזיקע ווערטער אויך אײַער כאַווער זילבערשטאַט, ביכדיי ער זאָל זיך היטן און זאָל מײַן שוועסטער אזעלכס ניט פאָרלייגן, מאכמעס פון איר קאָן ער א סאך ערגער אָפּשנײַדן, ווי איר פון מיר! מײַן שוועסטער איז ניט פון די פרײַלנס, וואָס האָבן מוירע פאר א מאנספערזאָן און וואָס גלייבן אים אויף בעמאָנעס, ווען ער זאָגט, אז ער האָט ליב, ער גייט אויס, ער שטאַרבט!

. . . . . . . . . . . . . . .

עס קאָן זײַן, אז אונדזערע צוויי פײַנע יונגעלײַט, גאָלדענשטאט און זילבערשטאט, וואָלטן עפּשער ניט אזוי מיעס באהאנדלט גע-

וואָרנ פונ די מאמזועלנ רעגענבויגענ, ווענ די דאָזיקע צוויי שוועסטער זאָלנ ניט געווענ זײַנ הײַנטיקנ טאָג אזוי צעבייזערט אונ צערייצט דערמיט, וואָס באָרים פרידמאנ, אפ וועלכנ זיי האָבנ ביידע ארויכ־געקוקט אזוי לאנג, איז אוועקגעפאָרנ קיינ אויסלאנד אונ איז אפילע נישט געקומענ מיט זיי זיכ געזעגענענ! דעמ גאנצנ קאעס מיטנ פארדראָס האָבנ זיי אויסגעלאָזט צו די צוויי אומשולדיקע העלדנ, וואָס זענענ אוועקגעפאָרנ דעמ זעלבנ טאָג פונדאנענ מיט צעבראָ־כענע הערצער, מיט צעוואלגערטע לופטשלעסער אונ מיט פוסטע ליידיקע קעשענעס...

— פארסארפעט זאָל ווערנ די דאָזיקע שטאָט מיטנ געלנ מויער אונ מיט די געלע אלטע מוידנ!.. — האָט געבענטשט גאָלדענשטאמ, זיצנדיק אינ א טרייסלענדיק בײַדל אונ ארומקוקנדיק זיכ דאָס לעצ־טע מאָל אפ דער שטאָט, וואָס האָט א פּאָנעמ געהאט פונווײַטנ, ווי א בערגל, אפ וועלכנ מע האָט אנגעוואָרפנ רויטע, געלע אונ שווארצע שטיינדלעכ מיט מיסט אונ מיט שטרוי.

— א פּאָהיבעל זאָל קומענ אפ אלע אלטע מוידנ פונ דער גאנ־צער וועלט!.. — האָט אונטערגעהאָלפנ זילבערשטאמ, אונטער־שפרינגענדיק אינ בײַדל אונ שלינגענדיק דעמ געדיכטנ שטויב, וואָס קריכט אינ די אויגנ, אינ נאָז אונ אינ הארצנ.

* * *

נאָר איינ אײַזענשטאט איז געבליבנ נעכטיקנ אינ דער דאָזיקער שטאָט אונ האָט אינ דעמ אָוונט לאנג פארבראכט מיט „בערטע דער גרושע", וואָס האָט ניט אופגעהערט צו וויינענ, אָכקענ אונ זיפצנ.

ניט אומזיסט האָבנ מיר אונדזער העלד אײַזענשטאטנ געקרוינט מיטנ טיטל „דיפּלאָמאט". אײַזענשטאט האָט ווירקלעכ פארטראכט גרויסע וויכטיקע פּלענער, ווי מיר וועלנ דאָס ארויסזענ באשײַמ־פערלעכ פונ די ווײַטערדיקע קאפּיטלעכ פונ אונדזער עמעסנ נימ־אויסגעטראכטנ ראָמאנ.

## דאָס זיבעצנטע קאפּיטל

### אומגעריכטע באגעגענישנ

„ווו זענענ זיי אצינד? וואָס טוענ זיי? וואָס רעדנ זיי? אכ, ווי גליקלעכ זענענ זיי אינ דער פרעמדער, אינ דער גרויסער שטאָט. ווײַט פונ זייערע עלטערנ, די דעספּאָטנ, ווײַט פונ דער דאָזיקער וויסטער

שטאָט מיט אירע אייביקע רעכילעס!.. נאָר פאַרוואָס האָב איך קיינ בריוו ניט פונ זיי? זיי זענענ מיסטאָמע פאַרנומענ מיט זייער אייגנ גליק אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבנ שוינ פאַרגעסנ אינ זייער בערטענ... פאַרוואָס זשע שרייבט ניט אייזענשטאַט? ער האָט דאָך מיר צוגעזאָגט שיקנ בריוו, וויבאַלד זיי וועלנ נאָר קומענ אָפנ אָרט אונ וועלנ אָפּזוכנ באָריסנ. אָפּאָניעמ, אייזענשטאַט איז דער אייגענער, וואָס אַלע מאַנצבלענ, ניט ערגער אונ ניט בעסער"...

אַזוי טראַכט זיך די מאַדאַמ שימשעלביינ אונ ברעכט זיך דעמ קאָפּ וועגנ אייזענשטאַטנ מיט ראָזענ, וואָס זענענ אַוועקגעפאָרנ שוינ אַכט טאָג, אונ זי האָט נאָך פונ זיי קיינ שום ידיעה ניט, גלייך ווי זיי זענענ אינ וואַסער אַריינ. קאַרג די שמערצנ מיט די ביזיוינעס, וואָס זי האָט דאָ פונ די פורמאַנס, דאַרפ זי נאָך האָבנ יעסורים פונ די העלדנ אַליינ, וואָס צאָלנ איר פאַר איר פריינטשאַפט אונ ליבע מיט אומדאַנקבאַרקייט? וויפל איז זי אויסגעשטאַנענ פונ דער מאַדאַמ פורמאַנ, וואָס איז אַריינגעלאָפנ צו איר מיט אַ גוואַלד אָפ דעמ אַנדערנ טאָג נאָך איר טאָכטערס אַנטלויפנ אונ איז אָנגעפאַלנ אָפ איר מיט אַ געוויינ:

— הולטייקע! גיב מיר אָפ מיינ קינד! כצופע, ווו איז מיינ ראָזע? גיב מיר אָפ מיינ טאָכטער, מיינ אויג אינ קאָפּ!..

שרעקלעכ איז געווענ די דאָזיקע אומגליקלעכע מוטער אינ יענער מינוט! בערטע האָט אַליינ אויך אָנגעהויבנ צו וויינענ, אָפ איר קוקנדיק. נאָך מער שרעקלעכ איז געווענ מייער פורמאַנ... נאָר לאָמיר אַוועקוואַרפנ די דאָזיקע פאַרשוינענ מיט די טרויעריקע סצענעס אונ לאָמיר בעסער נאָכקוקנ נאָך אונדזערע הויפט־העלדנ, זענ, ווו זענענ זיי אונ וואָס טוענ זיי?

אַז די אַנטלאָפענע, אייזענשטאַט אונ ראָזע פורמאַנ, זענענ אָפ דעמ צווייטנ טאָג געקומענ בעשאָלעמ אינ דער גרויסער שטאָט, איז די ערשטע זאַך געווענ בא אייזענשטאַטנ אָפּצוזוכנ פאַר דער מידער אונ הונגעריקער ראָזע אַנ אָפּרו. ער האָט אַזוי לאַנג געזוכט, ביז ער האָט געדונגענ אַ קליינע, נאָר זייער אַ ליכטיקע אונ אַ ריינע קוואַרטיר, וווהינ ער האָט אַריינגעפירט ראָזענ, אונ האָט באַפוילנ, עס זאָל זיינ דער סאַמאָוואַר, געבראַכט אינ איינ אויגנבליק בייגל, בולקעס, פוטער. אונ אַליינ האָט ער זיך גענומענ קלייבנ אינ וועג אַריינ, קייענדיק אונ כאַפנדיק עפעס אינ מויל אַריינ.

— אייזענשטאַט! — האָט זיך צו אימ ראָזע געווענדט, קוקנדיק אימ אינ די אויגנ אַריינ, — אייזענשטאַט! איך וויל אויך גייג מיט אייך.

— וואָס רעדט איר, ראָזע? ניינ! מיר האָבנ איינמאָל אָפּגע-רעדט, דאַכט זיכ, אַז איר דאַרפט מיכ פאָלגנ?.. איכ דאַרפ גייִנ אַצינד אַליינ, אונ איר רוט זיכ אויס אַ ביסל פונעם וועג: דער רעגנ האָט געמאַכט פונ אײַכ אַ טעל... ביז איכ וועל קומענ מיט אים צוריק, וועט איר שוינ האָבנ זיכ אַ ביסל דורכגעשלאָפנ, אַזוי אַז באַרים וועט אײַכ טרעפנ נאָכ שענער, ווי ער האָט אײַכ אַוועק-געוואָרפנ...

ראָזע האָט זיכ צעלאַכט אונ איז רויט געוואָרנ. אונדזער כיט-רער דיפּלאָמאַט האָט, אַפּאָנעם, געוווּסט, וויאַזוי צו האַנדלענ מיט דער פרײַלינ ראָזע אונ מיט וואָס צו ווירקנ אָפּ איר. זי איז מערוהיקע געוואָרנ צו בלײַבנ דאָ אָפּ דער קוואַרטיר אונ וואַרטנ, ביז זיי וועלנ קומענ צוזאַמענ, אונ אינ דער צײַט וועט זי זיכ דערווײַל אויסשלאָפנ.

זיכ אויסשלאָפנ?.. אַצינד, ווענ זי האָט שוינ אָפּגעטאָנ אַזאַ פאַרברעכ: אַנטלאָפנ פונ דער היימ באַנאַכט מיט אַ פרעמדנ יונגנ-מאַנ, אַוועקגעוואָרפנ די אומגליקלעכע מוטער, איר איינציקנ פרײַנט פונ אירע יונגע יאָר, — אונ אָפּ וועמענ? אָפּ איר פאָטער דעמ דעס-פּאָט, וואָס איז אַזויפיל יאָרנ אָפּגעזעסנ אָפּ איינ אָרט — באַמ אײַזערנעמ קאַסטנ, ווי אַ געטרײַער הונט, אונ האָט געקליבנ אַ גראָשנ צו אַ גראָשנ — פונ וועמענס וועגנ, אַז ניט פונ-אירטוועגנ, ווי ער אַליינ זאָגט אַלעמאָל? אַצינד, ווענ זי איז שוינ געקומענ צו איר ציל, וווּהינ זי האָט זיכ דרײַ יאָר געצויגנ אונ געריסנ, — וועט זי זיכ אַוועקלייגנ שלאָפנ? ניינ! זי וועט זיכ אַזוי צולייגנ אַ ביסל אָפּנ בעטל, אונ לייענענדיק צומ הונדערטנ מאָל איינע פונ זײַנע לעצטע בריוו, וועט זי וואַרטנ אָפּ אים...

אינ דער זעלבער צײַט, וואָס ראָזע ליגט אָפּנ בעטל מיט אַזעלכע געדאַנקענ, לויפט באַרים אַרומ מיט דער מוטער דאָ, אינ דער גרוי-סער שטאָט, פונ איינ מאַגאַזינ אינ דעמ אַנדערנ. ער קלײַבט זיכ מאָרגנ גאַנצ פרי אַוועקפאָרנ פונדאַנענ קיינ אויסלאַנד אונ האָט זיכ דאָ קוימ צוגעקליבנ עטלעכע פײַנע גאַרניטערל אינ וועג אַרײַנ. אָפּאָ-נעמ, ער הייבט ניט אָנ צו וויסנ, אַז שוינ גוטע דרײַ שאָ וואַרט אָפּ אים אונדזער דיפּלאָמאַט אײַזענשטאַט אינ דעמ האָטעל אונ קאָנ זיכ אָפּ אים ניט דערוואַרטנ. אײַזענשטאַט שפּאַנט אומ אָפּנ טראָטואַר, קוקט אָפּ אַלע זײַטנ, כאַפּט אַרויס אַלע מינוט דאָס זייגערל, דאָס וויסטע אָפּגעריבענע זייגערל, אונ הייבט שוינ אָנ צו זײַנ בערויגעז. נאָר שאַ!.. אָנ פאָרט, דאַכט זיכ, אונדזער יונגער העלד מיט דער מוטער אָפּ אַ פּאָר ריסאַקעס גלײַכ צו דעמ דאָזיקנ האָטעל? ער

שפּרינגט אַראָפּ מיט עטלעכע פּעקלעך סכוירע און לויפט צו דער טיר — פּלוצעם...

— אײַזענשטאַט?!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צוויי שיינע מעבלירטע נומערן. פּעק מיט סכוירע אַפּ די טישן, אַפּ די בענקלעך, אַפּ דער ערד. צוויי לאָקייען שטייען גרייט און וואַרטן, מע זאָל מיט זיי עפּעס שאַפן. באָרים פרידמאַן הייסט זיי אַרויסגיין און צומאַכן די טיר. ער איז עפּעס ווי צעמישט פון דעם, וואָס ער האָט פּלוצעם, אומגעריכט, דערזען דאָ אײַזענשטאַטן.

— מאַמאַ! איך וועל באַלד אַרײַנגיין, איך וועל אַ ביסל שפּאַ־צירן מיט אײַזענשטאַטן דאָ אין קאָרידאָר!

ביידע גייען אַרויס אין קאָרידאָר.

— ווי קומסטו אַהער, ברודער? וואָס מאַכסטו עפּעס? וואָס מאַכן דאָרט אונדזערע?.. וואָס טוט זיך דאָרטן?..

— אַלץ אין אָרדענונג. — ענטפערט אים אײַזענשטאַט, בישט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פון אים. באָרים זעצט זיך אַנידער אַפּ אַ בענקל. ער כאַפּט זיך אָבער באַלד אויף און לויפט אַרום הין און צוריק, ווי אַ פּאַרטשאַדעטער, און קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. ער שיט מיט ווערטער:

— אַך, ברודער! וואָס זאָל איך דיר זאָגן?.. איך האָב געהאַט אַזאַ שווערן וועג, אַז איך קאָן דיר גאָר אַזויפיל ניט איבערגעבן! אַ שלאַקסרעגן... אַ בלאָטע... אַ ווינט... קוים אַ לעבעדיקער געקומען אַהער... אַ ביסל זיך אָפּגערוט... געווען אין עטלעכע ערטער... גע־זען דאָס טעאַטער... די אָפּערע... אַך, ברודער!.. גאָר וואָס קאָן איך דיר זאָגן? וועסט זײַן — וועסטו זען... הײַנט גייט „אַפריקאַנקא“... ווילסט? וועלן מיר גיין צוזאַמען... יאָ, מיר וועלן ביידע זײַן הײַנט... איך וועל דיר ווײַזן... ביסט אַפּ לאַנג געקומען אַהער? וואָס טוסטו דאָ?...

— איך בין געקומען געוואָר ווערן וועגן דעם היגן אוניווער־זיטעט... איך רעכן האַלטן דאָ עקזאַמען... מע דאַרפ זיך זוכן שטונדן...

— אַ? זייער רעכט! שטונדן? גאַנץ רעכט! אַ פײַנע שטאָט... זאָלסט בלײַבן אַ היגער.

— באָרים! אײַזענשטאַט! קומט אַרײַן טיי טרינקען! — שרײַט די מאַדאַם פרידמאַן פון איר צימער.

— באַלד! באַלד! — ענטפערט איר באָריס און כאַפּט איַיזענ־
שטאַטנ אונטער א האַנט און שפּאַנט מיט אימ אַרומ איבער דעמ
קאָרידאָר, און דערציילט אימ מיט גרויס ענטוזיאַזמ וועגנ זײַנ נעסינע,
וועגנ דער היגער שטאָט, וועגנ די יונגעלײַט, מיט וועלכע ער האָט
זיך שוינ באַקאַנט, פֿײַנע, זייער פֿײַנע יונגעלײַט, רײַכע, געבילדעטע...
באָריס פֿאַרגעסט ניט אויספרעגנ זיך בא אימ וועגנ ראָזענ, וועגנ
בערטע שימשעלביינ, וועגנ זײַנ פֿאָטער, זײַנע כאַווײרימ גאָלדענשטאַט
און זילבערשטאַט. איַיזענשטאַט ענטפֿערט אימ פֿאַרטראַכט, צעטראָגנ:
דער דאָזיקער דיפּלאָמאַט האָט זיך זײַנס איַנ זינענ, זײַנ קאָפּ איז
פֿאַרנומענ מיט פֿאַרשידענע געדאַנקענ און פּראָיעקטנ. פּלוצעמ
שטעלט ער זיך אָפּ און טוט אימ א פֿרעג:
— וואָס וואָלסטו געטאָנ, באָריס, ווענ דו זאָלסט, לעמאָשל,
גייג און באַגעגענענ דאָ, איַנ דער דאָזיקער שטאָט, די מאַמזעל
פֿורמאַנ?..
באָריס בלײַבט שטיינ א בלאַסער. דאָס האַרץ הייבט אימ אָנ
צו קלאַפּנ, און ער ווייסט ניט וואָס צו ענטפֿערנ. ענדלעך זאָגט ער
מיט היץ:
— איַיזענשטאַט, דײַנע טנועס קאָנ איך שוינ ניט איבערטראָגנ!..
דו ווייסט גאַנצ גוט, וויאַזוי איך גיי אומ נאָך ראָזענ... צו וואָס
פֿרעגסטו מיך אַזעלכס? וואָס איז דיר פּלוצעמ אַרײַנגעפֿאַלנ איַנ
קאָפּ אַזא געדאַנק, מעשוגענער איַיזענשטאַט?..
— איך זאָג דאָס גלאַט אַזוי, צומ בײַשפּיל...
— מעשוגענער איַיזענשטאַט! קומ, מיר וועלנ טרינקענ טיי, און
נאָכדעמ וועלנ מיר זיך א ביסל דורכגיינ איבער דער שטאָט. א פֿײַ־
נע שטאָט, מעגסט זי אָנקוקנ... מאַמע! נאָכנ טיי וועלנ מיר זיך א
ביסל דורכגיינ, איך מיט מײַנ כאַווער!
און אונדזערע צוויי יונגע העלדנ נעמענ זיך גאַנצ פֿײַנ פֿאַר די
הענט און גייענ אַרויס איַנ גאַס נאָכנ טיי־טרינקענ.
— וווהינ פֿאָרנ מיר? — פֿרעגט באָריס און רופֿט צו א איזוואָז־
טשיק.
— צו מיר אָפּ דער סטאַנציע! — ענטפֿערט איַיזענשטאַט גאַנצ
פֿעסט.

* * *

אונדזער העלדנ, ראָזע פֿורמאַנ, וואָס האָט זיך געגעבנ דאָס
וואָרט ניט שלאָפֿנ, האָט איבערגעלעבט פֿיר שווערע אומעטדיקע

שאַ! וואָס פארא שלעכטע געדאנקענ זענענ איר ניט ארופ אפ דער מאָל־שאַווע? וואָס פאר א פּאָזע האָט זי ניט אָנגענומענ, ארויסקוקנדיק פונ איינ מינוט אפ דער אנדערער? עס האָט זיך איר געדאכט, אָט־אָט עפנט זיך די טיר — אונ ער קומט אריינ... זי איז געלעגנ, גע־זעסנ, געשטאַנענ, געקוקט אינ פענצטער אריינ...

דאָס הארצ קלאפּט איר, זי לייגט זיך ווידער אפנ בעטל אונ מאכט צו די אויגנ. אלערליי געדאנקענ, גוטע אונ שלעכטע, ווערנ צונויפגעמישט בא איר אינ קאָפּ. עס שטעלט זיך איר פאָר א גילדענער רעגנ מיט שווארצע, געלע, בלויע אונ גרינע פלעקנ. דער גילדענער רעגנ גיסט אונ גיסט, אונ די שווארצע, געלע, בלויע, גרינע פּינטעלעכ ווערנ אלעמאָל גרעסער אונ גרעסער, אונ דרייענ זיך אונ טאנצנ אונ שפּרינגענ פאר אירע אויגנ... עס זשומעט איר אינ די אויערנ... זי הערט, ווי עמעצער רעדט הינטער דער טיר... זי הערט א באקאנטע שטימע, א זיסע שטימע... זי הערט, ווי די טיר עפנט זיך. זי עפנט אופ די אויגנ אונ זעט... זי כאפּט זיך אופ פונעם בעטל אונ לויפט אקעגנ.

— באָריס!..

— ראָזע!..

זיי ליגנ איינער בא דעמ אנדערנ אינ די אָרעמס. זייערע ליפּנ האָבנ זיך צונויפגעגאָסנ אינ איינ לאנגנ קוש.

אונ אײַזענשטאט? אײַזענשטאט איז ארויסגעלאָפנ אינ קאָרידאָר מיט טרערנ אפ די אויגנ...

## דאָס אכצנטע קאפּיטל

### פּאָעזיע אונ פּראָזע

אונדזער באנאכטער דיפּלאָמאט האָט, אייגנטלעכ, שוינ אָפּגע־טאָנ, וואָס ער האָט באדארפט: צונויפגעפירט דאָס גליקלעכע פּאָרל, ארומגעפלויגנ נאָכדעמ א גאנצנ טאָג פונעם ראָוו צומ ראבינער אונ פונעם ראבינער צומ שאמעס מיט די איידעס, באדונגענ זיך מיט זיי אלע, צוגעגרייט די נייטיקע פּאפּירנ (וועגנ דעמ האָט ער זיך נאָך פריער באוואָרנט...), געשטעלט באמ ראָוו אפנ הויפ א געמיינע, זייער א געמיינע כופּע, וואָס האָט פונדעסטוועגנ אויסגעוויזנ בא די ליבנדע אינ די אויגנ ווי די רײַכסטע, די שענסטע אונ די פריי־לעכסטע כאסענע, אזוי אז דעמ ראָווס הויפ, אינ וועלכנ קיינ מענטש האָט נישט געקאָנט אריינטרעטנ מיט ניט קיינ פארשטעלטער נאָז,

האָט בא זיי א פּאַנעמ געהאַט ווי א פּראַכטפולער שמעקנדיקער גאָרטנ, אונ די פיר פּאַשעטע שטעקנס מיטנ פּאַרויכעס, וואָס די שאַמאָסימ האָבנ אונטערגעהאַלטנ, האָבנ בא זיי אויסגעוויזנ ווי דער נאַגיידנ. מיט איינעמ וואָרט, אַניזענשטאַט האָט פונ זײַנ זײַט אָפּגעטאָנ אַלצ, וואָס ער האָט באַדאַרפט אונ געקאָנט, אונ ער וואָלט שוינ, דאַכט זיכ, געמאָגט עפּעס אָנהייבנ טראַכטנ אויכ וועגנ זיכ — נאָר ניינ! זײַנ מיסיע איז נאָכ נישט געענדיקט. אפ מאָרגנ, נאָכ דער מערקווירדיקער כופּע, האָט אימ עמעצער א קלאַפּ געטאָנ אינ דער טיר; דאָס איז געווענ דער שווייצאַר פונעמ גאַסטהויז, ווו דאָס פּאָרפאָלק איז געשטאַנענ: „אַניזענשטאַט! קומט באַלד — מיר דאַרפנ אײַכ. ראָזע פרידמאַנ"...

עס ווײַזט אויס, אַז אונדזער העלדנ איז געווענ אַזוי גליקלעכ מיט איר נײַער פאַמיליע „פרידמאַנ", אַז זי האָט ווייניק-וואָס אינ זינענ געהאַט דעמ דאָזיקנ יונגנ מענטשנ, וואָס האָט בא איר געהייסנ פּאַשעט „אַניזענשטאַט" — אונ נישט מער; קיינ שטיקל טיטל ניט, קיינ וואָרט ניט!

ראָזע האָט באַגעגנט אַניזענשטאַטנ אינ קאָרידאָר מיט א גליקלעכ שמייכל אפ די ליפּנ.

— גוט-מאָרגנ, אַניזענשטאַט! באָרים שלאָפט נאָכ. איכ וויל אימ ניט וועקנ... עס איז ערשט עלפ אַזייגער. באָרים איז ניט געווינט געוואָרנ צו אַזא ליאַרעמ, ווי אינ דעמ דאָזיקנ גאַסטהויז... ער קאָנ ניט שלאָפנ רויק... מע דאַרפ דינגענ א נײַע קוואַרטיר אינ א פּריוואַט הויז. איכ בעט אײַכ, אַניזענשטאַט, אויב עס איז מעגלעכ נאָכ הײַנטיקנ טאָג, וואָלט געווענ אויסגעצייכנט... שפּעטער מיט א שאָ צוויי אָדער דרײַ קומט צו אונדז אפ אָנבײַסנ, זוכט אָפּ א ליכטיקע אונ א פריילעכע קוואַרטיר... אפ א גרויסער לעבעדיקער גאַס... דרײַ אָדער פיר צימערנ מיט א קיכ... אויב עס איז מעגלעכ — א גאָרטנ... באָרים האָט ליב א גאָרטנ, ביימער, גראָז... אַדיע, אַניזענשטאַט, אפ ווידערזענ!

אונדזער אַניזענשטאַט איז געווענ גליקלעכ, קוקנדיק אפ ראָזעס צופרידנ אונ לעבעדיק געזיכט, אפ וועלכנ עס איז שוינ לאַנג-לאַנג קיינ שמייכל נישט געווענ, אפ אירע טיפע שוואַרצע גרויסע אויגנ, פונ וועלכע עס האָבנ זיכ אַצינד געגאָסנ ליכטיקע שטראַלנ פונ ליבע אונ גליק. אינ דער דאָזיקער מינוט האָט ער פאַרגעסנ זײַנע ביכער, דעמ עקזאַמענ, די שטודנ, אַפילע דעמ אַלטנ קראַנקנ, בלינדנ פאָ-

טער, דאָוויד דעמ שנײַדער. אינ דער דאָזיקער מינוט איז ער גרייט געווענ צו לויפנ אינ עק וועלט, ווענ זי זאָגט אימ נאָר „לויפ"!..

אונ מיט וואָס פאַר א פאַרגעניגנ האָט ער געקוקט אפ ראָזענ, ווי זי האָט געטאַנצט אונ געשפּרונגענ פאַר פרייד פונ דעמ נײַעמ שטיבל, וואָס ער האָט זיי געדונגענ, אונ אפנ פּאַרטעפּיאַנ, וואָס באָרימ האָט געהאַנדלט א מעציע אונ באַצאָלט צוויי מאָל אזוי פיל, ווי ער איז ווערט! די פריִער פאַרזאָרגטע ראָזע איז געוואָרנ צוריק א פרײלעכע, א לעבעדיקע, ווי אינ אירע ערשטע קינדער־יאָרנ. קוקנדיק אפ איר, איז אײַזענשטאַט אויכ געוואָרנ מונטערער אונ לעבעדיקער. ער האָט אָבער קיינ צײַט נישט געהאַט לאַנג אָנקוועלנ פונ דעמ יונגנ פּאָרפאָלק: אײַזענשטאַט האָט נאָכ געהאַט א סאַכ אַרבעט מיט זײַער נײַער קוואַרטיר; ער האָט באַדאַרפט דינגענ א מיידל אינ שטוב אַרײַנ מיט א לאָקיי, אײַנקויפנ מעבל, געפעס, קיילימ אונ נאָכ אַנדערע קלייניקײַטנ, וואָס זענענ נייטיק אינ יעדער ווירטשאַפט — אונ מערקווירדיק! וואָס פאַרא פעיִקײַטנ אונ וויפל געניטשאַפט האָט דער דאָזיקער יונגער מענטש באַוויזנ אינ דעמ פאַכ.

אינ דער דאָזיקער צײַט, ווענ אײַזענשטאַט פליט אַרומ ערגעצ אינ מאַרק אונ דינגט זיכ פאַר שטוב־זאַכנ, וואָס ער קויפט אײַנ, אָדער ווענ ער שטייט אינ הויפ אונ טײַנעט מיט דער דינסט אונ לערנט זי וואָס צו טונ אונ וויאַזוי צו טונ, — פאָרט זיכ דאָס פּאָרפאָלק דורכ איבער דער שטאָט אינ א גלענצנדנ פאַעטאָנ מיט ברענענדיקע ריסאַקעס, אָדער זיי שיפנ זיכ אפנ ברייטנ לאַנגנ טײַכ אפ א שיפל. ראָזעס קאָפּ ליגט בא באָריסנ אפ די פּלייצעס, זייערע אויגנ באַגעגענענ זיכ, זייערע ליפנ גיסנ זיכ צונויפ, אונ דער פּליעסק פונ די וועסלעס קלאַפּט צו צומ טאַקט צו זייערע הייסע קושנ. שפּעט אפ דער נאַכט קומענ זיי אַהיימ, אפ א מינוט, עפּעס איבערכאַפּנ אונ זיכ איבערטונ — אונ גייענ אַוועק אינ טעאַטער אָדער אינ גאָרטנ. אַז זיי קומענ אַהיימ, טרעפנ זיי שוינ אַלצ, וואָס זיי דאַרפנ: טיי, קאַווע, א וואַרעמע א שמעקנדיקע וועטשערע, ווייכע אויסגעבעטע בעטלעכ — אַלצ, וואָס מע דאַרפ... זיי זענענ ווי אינ א טשאַד. קיינ זאַכ קער זיכ מיט זיי ניט אָנ. די מענטשנ דערלאַנגענ אונ נעמענ צו. אינ אַלע כאַדאָרימ איז פריש אונ ליכטיק, אונ עס קומט זיי גאָר ניט אפ זייערע געדאַנקענ א פרעג צו טונ, וואָס פאַר א צויבערלעכע האַנט גרייט זיי צו אָט די אַלע פאַרגעניגנס, וואָס פאַר אנ אָפנ אויג גיט אַכטונג אפ דער גאַנצער שטוב?.. אַמאָל מאַכט

זיכ, אז זיי געפינענ אפנ טיש א צעטל מיט א באקאנטער האנט־שריפט, קליינע אויסיעס:

| | | |
|---|---|---|
| „דער קעכנ באצאָלט | 18 | רובל |
| דעמ קאצעוו פאר פלייש | 2 | „ |
| דער וועשערנ | 17.50 | „ |
| פאר געבעקס | 1 30 | „ |
| איזוואָזטשיקעס | 1.75 | „ |
| דעמ שפיגל פאריכט | 2.20 | „ |
| סאכאקל | 42.75 | רובל |

אויסגאָב 7.25 רובל האָב איכ איבערגעלאָזט בא דעמ לאָקיי. מיר דאכט, אז איר נעמט בא אימ קיינמאָל קיינ אויסגאָב ניט?.. די נייע וואזאָנעס וועט מענ איינ איבערמאָרגנ ברענגענ. בא סטעפא־נאָווסקינ בינ איכ געווענ; ער וויל 700 רובל פאר די זשרעבצעס, איר זאָלט מיכ פאָלגנ, וואָלט איר זיי ניט געקויפט: ערשטנס, זענענ זיי ניט ווערט, אונ, צווייטנס, דארפט איר זיי אפ קאפאָרעס... מאָרגנ פרי וועל איכ זיינ. נעמט אָפ בא דעמ לאָקיי די 7.25 רובל. פ. איוזענשטאט".

— כא־כא־כא! ראָזעטשקע! וואָס זאָגסטו אפ אימ? כא־כא־כא!..

אונ דאָס גליקלעכע פאָרל, זיצנדיק איינער בא דעמ אנדערנ אפ די הענט, קאטשענ זיכ פאר געלעכטער.

— זע נאָר זע, באָרים, די פינקטלעכקייט פונעמ כעשבנ. אקוראט ווי אייער אלטער קאסיר, כא־כא־כא!

— כארכא־כא! ער זאָגט, אז מיר דארפנ סטעפאנאָווסקיס פערדלעכ אפ קאפאָרעס! וואָס זאָגסטו דערופ, ראָזע? א מיווונ אפ פערדלענ, כארכא־כא! האָסט זיכ צוגעקוקט נעכטנ, ווי סטעפאנאָוו־סקיס זונ איז דורכגעפלויגנ פארביי אונדז מיט די דאָזיקע פערדלעכ? פייל־אויסנ־בויגנ! א פארגעניגנ צו קוקנ! זאָגט ער, אז זיי זענענ ניט ווערט, כא־כא־כא!..

דער דאָזיקער געלעכטער, וואָס קאָנ אופוועקנ א טויטנ, ענדיקט זיכ מיט עטלעכע קליינגעוריקע, הייסע, פייעריקע קושנ.

* * *

מיר ברענגענ דאָ א בריוו, וואָס איזענשטאט האָט געשריבנ איינ יענער צייט צו בערטע שימשעלביינ.

אָט וואָס איזענשטאט שרייבט צווישנ אנדערע זאכנ:

„...איכ קאָנ אייכ שווערנ, אז ווענ איר זאָלט איצט א קוק טונ

אפ ראָזענ, וואָלט איר זי ניט דערקענט — אזוי גליקלעכ, אזוי צופרידנ איז זי! דאָס איז גאָר ניט די ראָזע, וואָס פריִער; זי זינגט אונ טאנצט, ווי א קליינ קינד, אונ זעלטנ־זעלטנ פרעגט זי מיכ, וואָס שרײַבט איר מיר פונ דער היים, וואָס טוען אירע עלטערנ, וואָס מאכט איר מוטער? דאָס טרעפט זיכ נאָר דעמלט, ווענ באָריס איז ניטאָ; קוים אָבער דערזעט זי אים — אזוי פארגעסט זי שוינ אלצ אפ דער וועלט! זי איז אינגאנצנ — „ליבע". אז זי זעט אים ניט פאר א מינוט — איז זי שוינ פארזאָרגט, בלאס, פארטראכט אונ הערט ניט, וואָס מע רעדט צו איר... קוקנדיק אפ איר, קאָנ מענ אויסדריקלעכ זאָגנ, אז זי איז באשאפנ געוואָרנ נאָר פונ־זײַנעטוועגנ... א וווּנדערלעכע זאכ! כלעבנ, א וווּנדערלעכע זאכ!.. אונ באָריס... וואָס קאָנ איכ אײַכ זאָגנ וועגנ אים? ער איז זייער אנ איידעלער, זייער א גוטער מענטש. נאָר איכ פארשטיי ניט, ווי־אזוי קאָנ ער בײַ אזא ברענענדיקער ליבע, ווי ראָזע שענקט אים, אוועקגיינ אמאָל אפ דרײַ שאָ אלײנ שפאצירנ אינ גאָרטנ, אָדער אָפּזיצנ צוויי שאָ אפ דער קאנאפּע א פארזאָרגטער, אזוי אז איר וואָלט געקאָנט מיינענ, אז דער דאָזיקער מענטש בענקט נאָכ עמעצנ, אָדער ער איז ניט גליקלעכ מיט זײַנ שיקזאַל, וואָס אנ אנדערנ וואָלט זיכ אזא גליק קיינמאָל אפילע ניט געכאָלעמט... איכ רעכנ, עפּשער בענקט ער נאָכ זײַנע עלטערנ?.. איכ קאָנ דאָס ניט פארשטיינ! מיר געפעלט ניט דאָס, וואָס ער טוט קיינ האנט אינ קאַלט וואסער ניט אריינ אונ רעדט אזוי אָפט וועגנ זײַנ צעשלאָגענער נעסיִע קיינ אויסלאנד... איכ זאָג אײַכ, אז דערמיט ברענגט ער איר אזויפיל שמערצנ, אז זי ווערט דערפונ אויס מענטש. איינמאָל, בעשאס באָריס איז ניט געווענ אינ דער היים, האָט מיט מיר ראָזע געמאכט א שמועס וועגנ אויסלאנד.

„— איר ווילט זיכ דורכפאָרנ קיינ אויסלאנד? — האָב איכ זי א פרעג געטאָנ.

— ניינ... — האָט זי מיר געענטפערט פארטראכט. — ניינ, ניט איכ — באָריס וויל פאָרנ... ער דארפ זיכ א ביסל דורכפאָרנ...

— נו, אונ איר?

— וואָס איז דאָס פאר א פראגע? — האָט זי מיכ איבערגע־פרעגט מיט פארדראָס. — עס פארשטייט זיכ, אז איכ וועל דאָ ניט איבערבלײַבנ אלײנ, אָנ אים!.. וואָס וועל איכ דאָ טונ? וואָס האָב איכ דאָ ניט געזעענ אזעלכס?.."

אזוי לאנג, אזוי ברייט — ביז זי האָט זיכ צעוויינט... אכ, בערטע,

בערטע! ניטאָ וואָס צו רעדנ... מיט באָריסנ האָב איכ נאָכ ניט גערעדט וועגנ דעמ; מיר זעענ זיכ ניט אַזוי אָפט, ווי איר מיינט, אונ ווענ מיר קאָנענ אַמאָל עפּעס רעדנ צווישנ זיכ, רעדט מענ פונ טויזנטער נאַרישקייטנ, פונ טעאַטער, פונ פערדלעכ... אונדזער באַ־ ראָנ איז געוווינט געוואָרנ לעבנ פונ דער ברייטער האַנט, אונ ער וואַרפט מיט געלט אָנ א כעשבנ. איכ ווייס ניט, ווי גרויס זענענ בא אימ די פאָנדנ אַצינד, נאָר איכ האָב מוירע, אַז דער קוואַל וועט זיכ סאָפּקאָלסאָפּ מוזנ אויסשעפּנ ביז צומ גרונט! דעמ דאָזיקנ גע־ דאַנק, ווענ איכ נעמ אַפּנ קאָפּ, בינ איכ אויסער זיכ! וואָס וועלנ זיי טונ נאָכדעמ אָנ מיטלענ, דאָ, אינ א פרעמדער שטאָט! מיט ליידיקע הענט אונ מיט אַזעלכע געוווינהײַטנ, ווי בא אונדזער פּרינצ? דער דאָזיקער געדאַנק וואַרפט אַפּ מיר אָנ אַזא מאָרע־שכוירע, אַז איכ וויל שוינ גאָר ניט קלערנ, וואָס עס וועט זײַנ ווײַטער. פּונקט אַזוי ווי אונדזער גליקלעכע ראָזע, וואָס איז אַזוי פאַרנומענ מיט איר „הײַנטיקנ" גליק, אַז עס עקזיסטירט גאָר ניט בא איר קיינ „מאָרגנ"... איכ זאָג אײַכ נאָכאַמאָל, בערטע, איר זאָלט זיכ ניט כאַפּנ קומענ אַהער: אײַער אָפּפאָרנ פונ דער היימ וועט אַרויסגעבנ אונדזער גע־ היימעניש, אונ איר וועט דערפונ קיינ פאַרגעניגנ ניט האָבנ. האַלט זיכ אופּ נאָכ א ביסעלע, מײַנ גוטע בערטע, איכ גלייב אײַכ, ווי איר בענקט נאָכ איר, איר דאַרפט מיר קיינ סאַכ ניט זאָגנ. שרײַבט מיר אָפטע בריוו, וואָס מאַכט אַצינד אונדזער ראָזעס מוטער? צי האָט זי זיכ שוינ פאַריכט פונ דער שלאַפקײַט? אונ וואָס הערט זיכ בא די פרידמאַנס? זיי ווייסנ נאָכ אַלצ ניט, ווו זיי זענענ? זיי מיינענ נאָכ אַלצ, אַז זיי זענענ אינ אויסלאַנד? א וווּנדערלעכע זאַכ, כלעבנ!.. איר פרעגט, וואָס הערט זיכ עפּעס מיט מיר? וואָס זאָל זיכ הערנ, מײַנ גוטע בערטע? ניטאָ קיינ אָסאָבענע נײַעס. איכ בינ אינ בעסטנ גע־ זונט. איכ האָב דאָ דרײַ שטונדנ, וועלכע ברענגענ מיר אַכצנ רובל א כוידעש. דעמ עקזאַמענ האָב איכ קוימ מיט צאָרעס אויסגעהאַלטנ. נאָכ אינ א פּאָר וואָכנ אַרומ טרעט איכ אַרײַנ אינ אוניווערזיטעט. איכ האָב אויסגעשריבנ אַהער מײַנ קליינ ברודערל — אינ גימנאַזיע אַרײַנ; דאָס איז זייער א ווויל קינד, אונ דאָרטנ וועט ווערנ פונ אימ א טעל אָנ מיר. פאַר דער קוואַרטיר צאָל איכ זעקס רובל; פאַר עסנ אַכט רובל. בלײַבט אונדז פיר רובל אַפּ קלייניקײַטנ. נאָר מײַנ שוועס־ טער שרײַבט מיר, אַז אינגיכנ וועט זי מיר צושיקנ א צוויי קינדער פונ איר „כעוורע". וואָס זאָל איכ טונ מיט זיי?.. איר ווייסט, ווי טײַער מײַנ שוועסטער איז בא מיר, נאָר וואָס בינ איכ שולדיק, אַז

גאָט האָט זי געבענטשט מיט א טוץ קינדער? טאָמער וועט גאָט צו־
שיקן נאָך א צוויי שטונדן. מײַנע כאַווײרים, אײַערע גוטע באַקאַנטע,
גאָלדענשטאַט און זילבערשטאַט, שרײַבן מיר אויך, אז זיי זוכן שטונדן.
זיי זענען אין פּעטערבורג אין אוניווערזיטעט; אײנער שטודירט אפ
דאָקטער, דער אנדערער — אפ אַדוואָקאַט. איר ווייסט ניט, בערטע,
וואָס זענען זיי אזוי אין קאַעס אפ אײַער שטאָט, און נאָך מער — אפ
דער געלער מאַדאַם רעגענבויגען מיט אירע געלע טעכטער?.. איך האָב
אײַך פאַרגעסן זאָגן, אז באָרים האָט געקויפט פון ראָזעס וועגן א
טײַערן ראָיאַל, און איך בין ערשט ניט לאַנג געוואָר געוואָרן, אז
ראָזע שפּילט פּיאַנע אויסגעצייכנט; און ווער שמועסט, אז באָרים
איז ניטאָ און זי שפּילט א ביסל פאַרטראַכט־מעלאַנכאָליש, דאַן גיסן
זיך אויס פון אירע פינגער וואונדערלעכע זיסע אַקאָרדן מיט טרויע־
ריקע געזאַנגען, אזוי, אז עס קלעמט אמאָל שטאַרק דאָס האַרץ, און
איך פאַרשטיי ניט, וויאזוי קאָן באָרים אוועקוואַרפן אזא זעלטענעם
פאַרגעניגן און אוועקגיין אפ דרײַ שאָ שפּילן אין ביליאַרד מיט עט־
לעכע ליידיקגייערס און טונעיאַדצעס?.. ווען איך קום אמאָל צו זיי
און טרעף זי בא דעם פּאָרטעפּיאַן און טו זי א פרעג: „ווו איז ער־
געץ באָרים?” — שטעלט זי אנידער אפ מיר אירע שוואַרצע טיפע
אויגן און ענטפערט מיר צערייצט, מיט פאַרדראָס:

— ווו זאָל ער זײַן? ער איז זיך דורכגעגאַנגען א ביסל צו זײַנע באַ־
קאַנטע... צי איר ווילט, אז ער זאָל זיצן שטענדיק אין דער היים,
גאָר ניט אַרויסטרעטן פון שטוב?..

און נאָכדעם הייבט זי אָן צו שפּילן אלץ שטאַרקער און שטאַר־
קער, אזוי, אז דער פּאָרטעפּיאַן ציטערט און קרעכצט אונטער אירע
הענט, און נאָכדעם אלץ שטילער און נידעריקער, און וויינענדיקע,
רירנדיקע מעלאָדיעס גיסן זיך אויס פון זיך אליין און קריכן גלײַך
אין האַרצן אַרײַן, און מיר ווײַזט זיך דעמלט אויס, אז זי קלאָגט זיך
און באַדויערט איר מאַזל און באַוויינט איר ליבע, איר מערקווירדיקע
ליבע... נאָר אָט קומט אַרײַן באָרים — און עס ווערט אלץ ווי פריער:
זי פאַלט אים אפן האַלדז. זי לאַכט, זי זינגט, זי מאַכט זיך נאַריש,
ווי א קליין קינד.

א וואונדערלעכע זאַך, בערטע. כלעבן, א וואונדערלעכע זאַך!..

פ. אײַזענשטאַט".

אפ מאָרגן גאַנץ פרי נאָך דעם אויבן דערמאָנטן בריוו, ביים
אונדזער טאַלאַנטפולער דיפּלאָמאַט האָט נאָרוואָס געקלערט איבער־
קערן זיך אפ דער אנדערער זײַט בא זיך אפן בעטל, וואָס איז פול

מיט וואַנצן, ביכדיי ער זאָל קאָנען געשמאַקער שלאָפֿן, האָט מען אים אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער אַרײַן מיט אַזאַ קויעך, אַז ער האָט זיך באַלד אויפֿגעכאַפּט און געעפֿנט די טיר. אַ גאָראָדאָוואָי האָט אים איבערגעגעבן אַ קוויטעלע:

„אײַזענשטאַט! לעמאַן־האַשעם, די רעגע! מע האָט אונדז באַנומען ביז דעם לעצטן העמד! באַגאַנוועט ביז דעם לעצטן פֿאָדעם! ניטאָ ניט די קעכן, ניט די פּאָקאָיאָווע, ניט דער לאָקיי! אַ גליק, וואָס מ'האָט אונדז געלאָזט לעבעדיקע! באָריס איז אויסער זיך! קומט באַלד! די רעגע!

ראָזע פֿרידמאַן".

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אײַזענשטאַט האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן. ער האָט געטראָפֿן זײַנע פֿרײַנט זייער אין אַ טרויעריקער לאַגע: באָריס איז געלעגן אַ באָרוועסער אין זאַל אויפֿן דיוואַן, אײַנגעוויקלט אין אַ רויטער קאָלדרע, און ראָזע האָט זיך אַרומגעדרייט אין קאַלאָשן אויף די קליינע ווײַסע פֿיסלעך, אײַנגעהילט אין אַ גרינער שאַל, וואָס די גאַנאָווים האָבן, אַפּאָנעם, פֿאַר ראַכמאָנעס איבערגעלאָזט. די שאַפֿעס מיט די קאָמאָדן זענען געשטאַנען אָפֿן און אויסגערוימט מיט אַ זעלטענער פּינקטלעכקײַט; די טישן מיט די בענקלעך צעשטעלט און צעדרייט; די דיוואַנען מיט אַלע אַנטיקלעך צוגענומען; די שופֿלאָדן מיט די קעסטלעך אויסגערייניקט; אַפֿילע די צוויי טײַערע בראָנזענע שפּיגלען אַראָפּגענומען, אַפֿילע די לאָמפּן מיט די זילבערנע לײַכטערלעך האָט מען באַוואָרנט. זעלטן־זעלטן האָט זיך דורכגעוואָרפֿן אַן אַלט קוויטעלע, אַ ווײַסע הענטשקע, אַ טאָוול פֿון אַ ביכל...

— עס ווײַזט אויס, — האָט זיך אָנגערופֿן אונדזער דיפּלאָמאַט מיט אַ שמייכעלע, באַטראַכטנדיק דעם דאָזיקן חורבן, — עס ווײַזט אויס, אַז די גאַנאָווים האָבן צײַט געהאַט זיך אײַנצופּאַקעווען, ווי עס געהער צו זײַן. אַ וווּנדערלעכע זאַך, כלעבן, אַ וווּנדערלעכע זאַך!..

מיר ווייסן ניט פֿאַרוואָס, נאָר בײַ די דאָזיקע לעצטע ווערטער פֿון אײַזענשטאַטן האָט זיך אונדזער האַלב־נאַקעטע העלדן אָנגעכאַפּט בײַ בײדע זײַטן און האָט זיך אַזוי שטאַרק, אַזוי הילכיק צעלאַכט, אַז באָריס איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער קאַנאַפּע און איז מיט דער רויטער קאָלדרע צוגעלאָפֿן צו זײַן יונג ווײַבל, וועלכע האָט ניט אויפֿגעהערט צו לאַכן אַלעמאָל העכער און שטאַרקער; קוקנדיק אויף איר, האָט זיך אײַזענשטאַט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָט זיך אויך צעלאַכט, ניט וויסנדיק אויף וואָס און אויף וועם... פֿאַר דעם דאָזיקן

יונגנ מענטשנ, וואָס האָט ליב געקריגנ ראָזענ פונעמ ערשטנ מאָל, וואָס ער האָט זי דערזענ באו בערטענ אינ זאל, איז גענוג געווענ צו זענ, ווי זי לאכט, ער זאָל זיכ אויכ צעלאכנ, אָדער דאָס הארצ זאָל אימ קלעמענ, ווענ ער דערזעט טרערנ אפ ראָזעס אויגנ...

## דאָס נײַנצנטע קאפיטל

די מאדאמ פרידמאנ ווײַזט זיכ ארויס אלס די בעסטע דיפּלאָמאטנ, אונ אונדזער יונגער פּרינצ האָט כאראָטע אפ דער גאנצער מײַסע

די מאדאמ פרידמאנ, אז זי איז איבערגעבליבנ אינ דער גרויסער שטאָט אליינ, אָנ דעמ זונ, האָט זי נישט געכאלעשט אונ נישט געוויינט אונ נישט געליארעמט; זי האָט נאָר געגעבנ א דעפּעשע אהיימ צומ מאנ אונ האָט באקומענ אנ ענטפער פונ אימ, אז מייער פורמאנס טאָכטער איז אויכ אנטלאָפנ, — האָט זי שוינ פארשטאנענ די גאנצע געשיכטע אונ איז צוריק געקומענ אהיימ. זי האָט געוווּסט, ווי ווײַט געבאלעוועט אונ געפּיעסטעט איר בענ־יאָכיד איז. מאלקע פרידמאנ האָט באלד פארשטאנענ, אז זײַנ פרײַעריקע ליבע צו דער „שווארצער" ראָזע וועט געוויס לאנג נישט דויערנ; זי וועט אימ גיכ נימעס ווערנ, אזוי ווי עס פלעגט אימ נימעס ווערנ יעדע זאכ אינ די קינדערשע יאָרנ.

אונ ווירקלעכ! לאנג האָט אונדזער יונגער געבאלעוועטער העלד נישט געקאָנט אויסהאלטנ מיט זײַנ ליבע צו דער „שווארצער" ראָזע. נאָכנ ערשטנ טשאד איז זײַנ צעהיצטע פאנטאזיע באלד אָפּגעקילט געוואָרנ, אונ ער האָט פּלוצעמ דערפילט אפ זיכ א שווערע מאסע: ער האָט א ווײַב... די פרײַהײַט האָט ער שוינ אָנגעוואָרנ אפ שטענדיק... פונ דעמ דאָזיקנ געדאנק איז אימ קאלט געוואָרנ אינ אלע אייוורימ: וואָס הייסט דאָס? וויאזוי איז דאָס געשענ? אונ וואָס וועט זײַנ ווײַטער?..

עמעס, עס זענענ געווענ מינוטנ, ביים ראָזע פלעגט זיצנ מיט אימ צוזאמענ, אונ אירע שיינע געקרײַזלטע האָר זענענ געלעגנ צעוואָרפנ אפ זײַנע הענט, אונ אירע פרײַעריקע אויגנ האָבנ אפ אימ געקוקט פול מיט ליבע, — דעמאלט איז אימ געווענ ניט אזוי שלעכט; נאָר אז ער איז געבליבנ אליינ אפ א שאָ, אונ זײַנע שווארצע געדאנקענ האָבנ זיכ אימ צוריקגעקערט, איז אונדזער יונגער העלד געווענ בעמעס אנ אומגליקלעכער מענטש. ליגנדיק מיטנ פּאָנעמ ארופ אפ דער סאמעטענער סאָפע, אויסציִענדיק די פיס אפנ טיש אונ

פײַפנדיק פֿון ניט האָבן וואָס צו טון, זענען אים ווידער אַרופֿגע־קומען שלעכטע געדאַנקען און עס האָט זיך אים פֿאַרגעשטעלט, אַז ער האָט פֿאַרשפּילט, לאַכלוטן פֿאַרשפּילט זײַן לעבן אויף דער וועלט,— און דורך וועמען? דורך „איר"! דורך אָט דער דאָזיקער שוואַרצער ראָזע, וואָס וואַרפֿט זיך אים אַלע מינוט אויפֿן האַלדז און קושט אים און האַלדזט אים. — וואָס וויל זי פֿון אים? וואָס האָט זי צו אים? פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען האָט זי אים באַגראָבן יונגערהייט דאָ, אין דעם דאָזיקן קלײנעם שטיבל?..

און ביסלעכווײַז־ביסלעכווײַז האָט אונדזער העלד אָנגעהויבן פֿילן צו זײַן געליבטער ראָזען עטוואָס פֿאַרדראָס, אַ מין שינאה. עס זענען געווען צווישן די „ליבנדע" אַזעלכע מינוטן, וואָס זי איז געווען האָבן בײַ אים אויפֿן האַלדז און איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט פֿאַר גרויס גליק, און ער האָט זי אין דער זעלבער מינוט בישט געקאָנט סוויוול זײַן און איז געווען אויסער זיך פֿאַר קאַעס: „וואָס וויל זי פֿון מײַן לעבן האָבן? פֿונוואַנען האָט זי זיך גענומען?"... נאָך מער האָט אים געברענט אויף זײַן כאַוווער אײַזענשטאַט: „וואָס האָט געוואָלט האָבן פֿון מיר אָט דער דאָזיקער שויטע מיט די גלעזערנע באַנ־קעס?"... — און אונדזער געפּײַעסטעטער פּרינץ האָט אויסגעלאָזט זײַן גאַנצן ביטער האַרץ אויף זײַן כאַוועריס קאָפּ; ער האָט איבערגע־געבן ראָזען, אַז ער האָט פֿײַנט אײַזענשטאַטן, אַז אָט דער דאָזיקער באָכער מיט די גלעזערנע באַנקעס פֿאַרגינט אים נישט דאָס גליק און איז אים אַ דאַם־סוינע, אַז אײַזענשטאַט האָט ליב זיך אומעטום אַרײַנ־מישן, ווו מע בעט אים נישט...

ראָזע זעט, אַז איר באָריס איז עפּעס צעפּלאָנטן, אַז עפּעס פֿעלט אים, — נאָר זי ווייסט ניט וואָס. פֿרעגט זי אים מיט דער גרעסטער צערטלעכקײַט:

— וואָס איז דיר, באָריס? וואָס פֿעלט דיר? וואָס זאָל איך דיר טאָן אַזעלכס? דו ווייסט דאָך, אַז איך בין גרייט אין פֿײַער, אין וואַסער, אין עק וועלט, שטאַרבן צוליב דיר, באָריס!

דערויף האָט איר באָריס געענטפֿערט, אַז מע מוז זיך אַמאָל אײַ־בערבעטן מיט די עלטערן, און אַנדערש קאָן ניט זײַן: מע מוז זיך אונטערגעבן. זײַן מוטער האָט אים אַזוי ליב, אַז זי וועט אים באַלד מויכל זײַן; זי וועט איבערגעבן דעם פֿאָטער און וועט פּויעלן, אַז ער זאָל אויך געבן זײַן האַסקאָמע...

— נו, באָריס, פֿאַרוואָס זשע דען ניט? נו, לאָמיר פֿאָרן! פֿאָרן מיר?

— נײנ, נארעלע. בײדע טאָרנ מיר אצינד נאָכ נישט פאָרנ. עס איז נאָכ צו פרי. איכ מוז פריִער אלײנ זיכ דורכפאָרנ, אונ נאָכדעמ... דו פארשטײסט צי נײנ?..

אפ א מינוט בלײַבט זי זיצנ טויט; עס האָט זיכ איר אָפגעריסנ אינ הארצנ. דער געדאנק, אז ער וועט אוועקפאָרנ אונ זי וועט דאָ בלײַבנ אלײנ, פארגליווערט איר דאָס בלוט. נאָר זי זעט, אז ער וויל אזוי, אז באָריס וויל אזוי, פאלט זי אימ אפנ האלדז אונ זאָגט אימ מיט טרערנ:

— ביסט גערעכט, באָריס, ביסט גערעכט: דו דארפסט פריִער אלײנ זיכ דורכפאָרנ... אפ א קלײנער צײַט, איאָ, באָריס?

— אפ א וואָכ אָדער אפ צווײ, נישט מער!

— נישט מער, באָריס, נישט מער, מײַנ טײַערער!

אונ ווידער א לאנגער, א הײסער קוש דורכ טרערנ.

דאָס האָט אימ אזוי באנומענ, אז ער האָט זי אינ דער דאָזיקער מינוט ערנסט ליב געהאט אונ איז איר געווענ דאנקבאר פאר די פרײַהײַט, וואָס זי שענקט אימ... זײער געזעגענענ זיכ איז געווענ אזוי ריריִנד, אז אפילע אײַזענשטאט האָט שטילערהײט, אָנ דער זײַט, געלאָזט א טרער...

צווײ טעג האָט ראָזעס פאָרטרעט באגלײט באָריסנ, אונ אימ האָט זיכ געדאכט, אז אינ וואגאָנ, ווו ער איז געזעסנ, זענענ געשטאנענ קעגנ אימ אירע שווארצע פײַעריקע אויגנ. נאָר קוימ איז ער געקומענ אהײמ אונ איז ארײַנגעפאלנ צו מאלקענ אינ די הענט ארײַנ, אזוי האָט ער אלצ פארגעסנ.

אז די מאדאמ פרידמאנ האָט פלוצעמ באקומענ די פרײלעכע דעפעשע פונ איר זונ, איז זי געווענ אזוי גלײַכגילטיק, פונקט ווי זי האָט נאָכ פריִער געוווּסט די שאָ, ווענ איר באָריס וועט קומענ. דאָכ האָבנ איר די הענט געציטערט אזוי שטארק, אז זי האָט זיכ אלײנ נישט געקאָנט אָנטונ אונ האָט געמוזט ארײַנרופנ דאָס דינסטמײדל, וועלכע האָט באמערקט, אז די מאדאמ איז עפעס שטארק צעטראָגנ, אונ האָט דאָס באלד איבערגעגעבנ עליקנ, אונ עליק האָט דאָס די רעגע אָפגעטראָגנ צו בערטע דער גרושע אונ אינ נאָכ עטלעכע ערטער, אזוי אז דעמ זעלבנ טאָג איז שוינ ארויס א קלאנג אפ דער גאנצער שטאָט, אז די מאדאמ פרידמאנ האָט דערהאלטנ א דעפעש אונ איז ארויסגעפאָרנ צומ וואָקזאל אקעגנ דעמ זונ מיט דער שנור... דאָס האָט אָנגעמאכט אזא ראַש, אז עס זענענ באלד נאָכ איר נאָכגעפאָרנ די מאדאמ שפיגעלגלאָז, די מאדאמ רעגענבויגענ אונ די מאדאמ שטע-

בענקען... מיטן מאן האט זי וועגן דעם ניט גערעדט: מאטל האט שוין פארשטאנען, וואס דאס באטייט. ער האט זי נאר א פרעג געטאן:

— מאלקע! ער פארט?

— ער פארט.

— אליין?

— אליין.

דער צוג איז אנגעקומען, און בארים איז ארויסגעשפרונגען פון נעם וואגאן א בלאסער: ער האט צוויי נעכט ניט געשלאפן. ער האט אראפגעלאזט דעם קאפ און איז געבליבן שטיין אף איין ארט, ווי א באגראבענער. מאלקע איז צוגעגאנגען צו אים און האט אים ארומגעכאפט קושן.

— בארים!..

— מאמע!..

. . . . . . . . . . . .

מאלקע האט צוגערופן דעם עקיפאזש און האט זיך ארײַנגעזעצט מיטן זון, זי האט אים נישט געשטראפט, ניט געפרעגט גארניט, קימאט גארניט גערעדט: זי האט שוין געוווסט אלצדינג — וואס וועט זי בא אים פרעגן? וואס וועט ער איר דערציילן? ער האט אנידערגעלייגט זײַן קאפ בא איר אף די הענט און האט גענומען וויינען. זי האט אים געלאזט זיך אויסוויינען. זי האט אים געקרײַזלט זײַנע לאנגע בלאנדע האר און האט נאר געזאגט: „מײַן קינד! מײַן קינד!" קומענדיק אהיים, האט זיך אונדזער יונגער העלד ארומגעוואשן, ארומגעראזירט, אנגעטאן, באשפריצט זיך מיט אדעקאלאן און איז געווארן ווידער דער זעלבער לעבעדיקער און פרישער בארים, וואס פריער. דעם פאטער האט ער געטראפן אין קאבינעט איבער די כעשבוינעס מיט א פעדער אין די ציין.

— וואס מאכסטו, פאפא?

— א־א־א?! — האט אים דער פאטער געענטפערט, קוקנדיק אין די כעשבוינעס, און האט אים אונטערגעשטעלט די לינקע באק אף א קוש טון. נאכדעם איז ער ארײַנגעגאנגען ווידער צו דער מוטער און איז איר געפאלן אפן האלדז. ער האט איר געוואלט אנהייבן דערציילן אלץ, אלץ; נאר זי האט אים איבערגעשלאגן, זאגנדיק צו אים מיט א געלעכטער:

— קינד! מיר וועלן נאך צײַט האבן צו רעדן וועגן דעם אויך; איצט דארפסטו גיין צום טיש עפעס איבערבײַסן.

באם טיש האט בארים געגעסן מיט גרויס אפעטיט, זייער פיל

:ערעדט, דערציילט כידושימ פונ דער גרויסער שטאט, אונ די מוטער האט אימ אויסגעהערט מיט א צופרידנ שמייכעלע אפ די ליפנ, גלייכ ווי עס וואלט צווישנ זיי גארנישט פארגעפאלנ, גלייכ ווי ער האט זיכ זייער פיינ אויסגעשטעלט קעגנ זיכ, קעגנ זײַנע עלטערנ, קעגנ גאט אונ לײַט...

דער ווײַנ, דאס באגעגעניש מיט דער מוטער, די שיינע צימערנ מיטנ ווייכנ גרויסארטיקנ מעבל האבנ אופגעבונדנ די צונג פונ אונ-דזער יונג העלד, אונ ער האט איבערגעגעבנ זײַנ מוטער א לאנגע געשיכטע, די גאנצע געשיכטע, וואס מיט אימ האט פאסירט, מיט אלע קלייניקייטנ אונ מיט דער גאנצער עפנטלעכקייט אונ טמימעס.

אינ דער צײַט, וואס בארים האט דערציילט, איז די מאדאמ פרידמאנ געזעסנ אינ א ווייכנ סאמעטענעמ פאטעל אונ אימ אויס-געהערט מיט א זיס שמייכעלע אפ איר געזונט אונ פריש געזיכט, גלייכ ווי בארים וואלט איר דערציילט א שיינע מײַסע פונ א בוכ. מאלקעס צופרידנ געזיכט האט נישט אויסגעזאגט, וואס עס האט זיכ געטאנ בא איר אינ הארצנ, ווענ זי האט דערהערט, אז אט דאס דאזיקע קליינע שווארצע מיידעלע, אט די דאזיקע „קארליטשקע“ מיט איר טײַערנ בענ-יאכיד האבנ דרײַ יאר קעסיידער געפירט צווישנ זיכ א שטילנ ראמאנ, אונ זי, מאלקע, האט נישט אנגעהויבנ צו וויסנ פונ קיינ „פויסער“ אונ פונ קיינ „כאלעמ“!

„א! — האט זיכ מאלקע געקלערט. — זי דארפ זײַנ א גוטע כבוירע! נאכ א בעסערע, ווי די מאמע אירע, די יאשטשערקע!.. אונ די דאזיקע „קארליטשקע“ איז הײַנט מײַנ שנור, מײַנ זונס ווײַב?.. אונ מײַנ בארים האט שוינ א ווײַב? אונ ווענענ? אונ אפ וואסער אנ אויפנ? אונ איכ זאל דאס אזוי איבערלאזנ? — א, ניינ!“...

נאר דאס איז געווענ אירע אינעווייניקסטע געפילנ; אויסווייניק, אפנ פאנעמ, איז זי געווענ גאנצ רויִק, א ביסל ווי פריילעכ, אונ אז בארים האט געענדיקט זײַנ דערציילונג מיט טרערנ אפ די אויגנ, האט זי פארשטאנענ, אז איר זונ הייבט שוינ אנ כאראטע האבנ אפ דער גאנצער מײַסע, אונ אצינד איז דא צײַט צו פארכאפנ, פאר-ריכטנ. זי האט אימ געגלעט זײַנע לאנגע בלאנדע האר אונ האט צו אימ געזאגט:

— נו, מײַנ קינד, גענוג, גענוג. שוינ צײַט רוענ, שוינ צײַט שלאפנ...

— ניינ, מאמע, ניינ! איכ וויל, אז דו זאלסט מיר זאגנ, אז דו ביסט מיר מויכל... איכ וויל, דו זאלסט מיר צוזאגנ, אז דו ווערסט

מיך ניט פארלאָזן, אַז דו װעסט מיר העלפן! דו ביסט אַזאַ קלוגע, אַזאַ גוטע!..

— קינד! — האָט זי אים געענטפערט, אָפּװישנדיק מיט אירע װײכע װײַסע הענט זײַנע טרערן. — קינד! פאַרװאָס זאָל איך דיר מוחל זײַן? װאָס האָסטו אַזעלכס פאַרזינדיקט? װאָס ביטערע מענטשן האָבן דיך געװאָלט אַרײַנבאַרן אין זאַק אַרײַן? װאָס אַפּעריסטן האָבן געװאָלט זיך באַנוצן מיט דײַן רײַכטום?.. דאַנק און לויב גאָט, װאָס דו האָסט אַ מוטער, װעלכע װעט איר לעבן אװעקגעבן צוליב איר קינד... דו האָסט גוט געטאָן, װאָס דו האָסט מיר אַלץ אַנטדעקט און נישט פאַרלייקנט קיין זאַך. פון הײַנט אָן ביסטו איך דײַן איינציקער העלפער, און אויף מיר מעגסטו זיך פאַרלאָזן מער װי אויף אַלע דײַנע גוטע־פרײַנט, װאָס מײַנען זייער אייגענע טױװע און דײַן קעשענע...

די גאַנצע נאַכט איז אונדזער יונגער העלד אָפּגעשלאָפן אויסגעצייכנט, און װי נאָר ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן אויף אַלע זײַטן. ער האָט פאַרגעסן, װוּ איז ער און װי קומט ער אַהער? דער גילדענער שפּאַליר פון די הויכע װענט, דער גרויסער סאַמעטענער קאָװיאָר בײַ דעם בעט, די הויכע גלענצנדיקע קאָנלאָנעס מיט די ליכטיקע פענצטער, דאָס טײַערע מעבל מיט די גרויסע בראָנזענע שפּיגלען — דאָס אַלץ, פון װעלכן ער איז שוין אַ ביסל אָפּגעװוינט געװאָרן, האָט אים אויסגעװיזן װי אַ חלום. אין דער דאָזיקער מינוט איז אַרײַנגעקומען זײַן מוטער מיט איר זיס שמייכעלע אויף די ליפּן. באַרים האָט זיך אין איין אויגנבליק דערמאָנט אין אַלץ.

— שטיי שוין אויף, קינד, שוין צײַט פאָרן.

— די רעגע, מאַמע, די רעגע, אָט טו איך זיך אָן! — און באַרים האָט זיך געכאַפּט אָנטאָן; נאָר װי איבעראַשט איז ער געװאָרן, אַז פאַר זײַנע אויגן איז געלעגן אַ שפּאָגל־נײַער קאָסטיום, באַװאָרפן פון דער נאָדל אַרויס! דאָס איז געװען אַ סורפּריז פון זײַן מוטער.

אין פאַרלויף פון דרײַ װאָכן האָבן זיי צװישן זיך קיין איינציק װאָרט ניט גערעדט װעגן דעם, װאָס באַרים האָט געװאָלט רעדן, און אַזוי האָבן זיי זיך צוגעגרייט אין װעג אַרײַן — קיין אויסלאַנד פאָרן אויף אַ גאַנצן װינטער. אַז זיי זענען געקומען קיין װאַרשע, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין דער דאָזיקער שטאָט אויף עטלעכע טעג, װוּ די מאַדאַם פרידמאַן האָט באַדאַרפט אײַנקויפן אַ טראַנספּאָרט פאַרשידענע סכוירעס. זי האָט באַקאַנט געמאַכט איר זון אין עטלעכע גאַנץ רײַכע הײַזער, װוּהין מע האָט אים געבעטן אויף אָװנטברויט אָדער אויף מיטיק. זי האָט אים אויך באַקאַנט געמאַכט מיט דער רײַכער

פירמע „עסיקמאכער". און אזוי האָבן זיי פֿאַרבראַכט אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע. אָפּ דער נאַכט זענען זיי געווען אין טעאַטער, און באָרים איז געקומען צוריק מיט א קאַפּווייטעק. ליגנדיק אין בעט, האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם, וואָס ער האָט צו רעדן מיט דער מוטער: ער האָט דאָס געלאָזט אָפּ מאָרגן, אָפּ שפּעטער...

די גאַנצע נאַכט האָט ער געזען שלעכטע כאַלוימעס, און ראָזעס גרויסע, שוואַרצע, טיפֿע אויגן, וועלכע ער האָט שוין קימאַט פֿאַר־געסן, האָבן זיך אים געפּלאָנטערט א גאַנצע נאַכט פֿאַר זיינע אויגן. נאָר אָפּ מאָרגן, ווען ער איז געקומען צו דעם באַנקיר עסיקמאַכער מיט א וויזיט, און מע האָט אים איינגעלאַדן אָפּ אָנבייסן און נאָכ־דעם אין טעאַטער, איז ער געוואָרן ווידער מונטער און פֿריילעך, און דעם באַנקירס עלטערע טאָכטער, די מאַמזעל עסיקמאַכער מיט אירע גרויע אויגן, מיט איר הויך געשטאַלט און מיט אירע איידעלע מאַנירן, האָט אָפּ אים געמאַכט א היפּשן איינדרוק. די מוטער האָט אים געזאָגט, אז דער דאָזיקער מאַמזעל גיט דער באַנקיר עסיקמאַכער נאָדאַן ניט מער און ניט ווייניקער פֿון א האַלבן מיליאָן רובל.

„אַהאָ! — האָט זיך אונדזער נאַיִווער העלד געטראַכט. — אַהאָ! א האַלבן מיליאָן רובל נאָדאַן? נישקאָשע פֿון א נאָדאַן, כלעבן!"...

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

נאָר גענוג! גענוג שוין אונדז נאָכצוגיין טריט בא טריט אונדזער יונגן העלד, וועלכער האָט עס געווים בא אונדז בישט פֿאַרדינט. מיר וועלן זיך בעסער אומקערן צו אונדזערע צוויי ערלעכע פֿריינט פינכעס אייזענשטאַט און בערטע שימשעלבייג, און וועלן איבערגעבן א גאַנצע ריי פֿון זייערע בריוו, וואָס זיי האָבן אין יענער צייט גע־שריבן איינער צום אַנדערן.

## דאָס צוואַנציקסטע קאַפּיטל

קאָרעספּאָנדענץ

### א

פֿון פּ. אייזענשטאַט צו ב. שימשעלבייג

„מיין גוטע בערטע!

א וווּנדערלעכע זאַך, כלעבן, א וווּנדערלעכע זאַך! ווי אַזוי האָבן מיר דאָס ניט אַרויסגעזען פֿריִער, אז סאָפּקאָלסאָפּ וועט אַזוי זיין?

אונ פארוואס האב איכ אימ געלאזט אוועקפארנ אלײנ, אונ איר? עמעס, זי האט אלײנ געוואלט בלײַבנ דא,ווארטנ, ביז ער וועט זיכ א ביסל דורכפארנ אהײמ אונ וועט זיכ אומקערנ; נאר איכ האב דאס ניט געטארט דערלאזנ. איכ בינ מער שולדיק פונ באריסנ; איכ האב געהאט בעיאד ניט ארויסלאזנ אימ פונדאנענ... נאר וואס זאג איכ? עס איז גאר אומעגלעכ געווענ אימ צו האלטנ; ער איז געווענ אזוי אומגליקלעכ, אזוי פארזארגט, אז איכ אלײנ האב אפ אימ ראנ־מאנעס געהאט. איכ האב געזענ, אז ער עקט זיכ, אז ער וועט דאס נישט אויסהאלטנ, ער וועט באנאכט אנטלויפנ, ווי א גאנעוו, אונ דאס וואלט פאר איר נאכ ערגער געווענ... די לעצטע עטלעכע טעג האט ער ניט געגעסנ, ניט געטרונקענ, ניט געשלאפנ; ארומגעגאנגענ איבער דער שטוב, ווי א שאטנ, פינצטער ווי די ערד, ניט גערעדט קײנווארט, נאר געזיפצט אונ געגלעט זיכ די האר... אכ, בערטע, בערטע! וואס האבנ מיר געטאנ? צו וואס האבנ מיר זיכ אזוי געכאפט זײ צו־נויפבינדנ, נישט באקלערט אונ נישט באטראכט? מיר, נאר מיר, זענענ שולדיק אינ דעמ אלעמ! די צײַט וואלט אלײנ געטאנ אירנ; ווענ מיר זאלנ זײ נישט געווענ מיטהעלפנ, וואלטנ זײ עפשער גע־ווענ בײדע גליקלעכער. אצינד איז זי אומגליקלעכ, אזוי אומגליקלעכ, אז נאר איכ אונ איר קאנענ זי פארשטײנ... זי איז נאכ מער אומ־גליקלעכ דערמיט, וואס זי האט ניט פאר וועמענ אויסצורעדנ איר הארצ, פאר וועמענ אויסצוגיסנ אירע טרערנ! ערשט הײַנט בינ איכ געווענ בא איר; זעענדיק איר טויט פּנים, אירע געשוואלענע אויגנ, בינ איכ געשטארבנ פאר שרעק; זי האט מיכ אפגעזידלט, ווי טאמיד:

— איר זענט, אפאנעמ, געקומענ מיכ באווײַזנ? צי איר זענט געקומענ מיכ טרײסטנ, אויסרעדנ דאס הארצ?.. איר זאלט ניט מײ־נענ, אײַזנשטאט, אז באריס איז בא מיר אזוי נידעריק געפאלנ, ווי בא אײַכ אינ אײַערע אויגנ!.. איכ קענ אימ בעסער, ווי איר קענט אימ! ווענ ער זאל קאנענ, וואלט ער שוינ לאנג געקומענ. מיסטאמע קאנ ער ניט; מיסטאמע לאזט מענ אימ ניט... אדער עפשער איז ער ניט געזונט... עפשער איז ער אזוי שלאפ, אז ער קאנ מיר אפילע ניט שרײַבנ... ער קער געוויס זײַנ שלאפ! ער איז נעבעכ שלאפ! איר ווײסט דערפונ גאנצ גוט, אונ ווילט מיר ניט אויסזאגנ! איר בא־האלט פונ מיר! איכ ווײס, איכ ווײס!.. איכ קענ אײַכ, אײַזנשטאט, איכ קענ אײַכ! איר האט טאמיד ליב באהאלטנ! איר ווילט מיכ מוטשענ! איר מוטשעט מיכ! וואס האט איר צו מיר?!..

איך האָב געבראַכט דעם דאָקטער, וועלכער האָט געפונען, אַז זי האָט היץ. דער דאָקטער זאָגט, אַז זי איז ניט מיט אַלעמען, אַז מע דאַרף זי אָפּהיטן, ווייל זי איז... איר פאַרשטייט? איך בעט אייך, בערטע, גיט מיר אַן אייצע, וואָס טוט מען? איר ווייסט בעסער; איך קאָן אַליין גאָרניט טון!.. איך האָב שוין געשריבן באָריסן עטלעכע בריוו; ער ענטפערט מיר ניט. עפּשער איז ער שוין ניט דאָרטן, איך אַנער שטאָט? וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, הייבט שוין אָן אויסגיין. דער דאָקטער גייט צוויי מאָל אין טאָג. די אַפּטייק שלינגט אײַן אַ סך געלט. די הויצאָעס אין שטוב זענען גרויס, ווי פריער, און איבערמאַכן אַנדערש לאָזט זי ניט; זי זאָגט, אַז באָריס וועט קומען און וועט זי טרעפן אין אַן אַנדער לאַגע, וועט ער זײַן אומצופרידן... איר פאַרשטייט, וואָס דאָס הייסט? באָריס, וואָס האָט זיך ניט געשעמט צונעמען די הונדערט רובל, וועלכע איך האָב אָפּגעלייזט פאַרן עקיפּאַזש מיט די פערד, וועט זײַן אומצופרידן דערמיט, וואָס זי האָט אומגליקלעכע ראָזע וועט ניט זיצן אין פיר צימערן מיט ווייך מעבל, ווי אַ גרעפין!.. נעכטן האָב איך זי פון דער זײַט אַ פרעג געטאָן, צי האָט זי נאָך עפּעס געלט, צי דאַרף זי געלט? וואָלט איר באַדאַרפט הערן, וואָס פאַר אַ טשוווע זי האָט מיר געגעבן, וויאַזוי זי האָט זיך געפילט באַליידיקט פון דער פראַגע!

אַך, גוטע בערטע! גיט מיר אַן אייצע, וואָס טוט מען? וויאַזוי ראַטעוועט מען אָפּ דאָס אָרעמע קינד, וועלכעס מיר אַליין האָבן איך אַזאַ אומגליק אַרײַנגעפירט. שרײַבט מיר, טאָמער ווייסט איר עפּעס פון באָריסן? וווּ איז ער? וואָס טוט ער? וואָס פּלאַנט ער? טאָמער קאָנט איר אים זען און מיט אים איבערשמועסן? יאָ, יאָ, אַ וווּנדערלעכע זאַך, גלייבט, אַ וווּנדערלעכע זאַך! ווי בלײַבט מיר זענען ביידע גע-וועזן!

מיט דער גרעסטער אומגעדולד ערוואַרט איך פון אײַך אַ טשוווע.
אײַער בעסטער פרײַנט פ. אײַזענשטאַט".

## ב

פון ב. שימשעלבוים צו פ. אײַזענשטאַט

„טײַערער פרײַנט אײַזענשטאַט!

זעט, וואָס איר האָט אָנגעמאַכט! זעט, ווי גאָט צאָלט אײַך דערפאַר וואָס איר האַלט אונדז, פּרוויענצימער, פאַר גאָרנישט! איר מיינט,

אז נאָר איר זענט קלוג, אז נאָר איר האָט סייכל!.. איך פרעג אײַך, פאַרוואָס האָט איר מיך פריִער ניט געלאָזט קומענ צו אײַך? איך וואָלט ניִשט דערלאָזט, אז באָריס זאָל אוועקפאָרנ, אונ ראָזע זאָל איבערבלײַבנ אליינ בא אזא טרויעריקער לאַגע! איך, וואָס האָב אליינ איבערגעלעבט קימאַט דאָס זעלבע, וואָס ראָזע לעבט איבער אַצינד, וואָלט שוינ געוווּסט וואָס צו טונ!.. נאָר, אײַזענשטאַט, איר זענט פונ טאָמיד אָנ א סקעפּטיק. סטײַטש, ווי אַזוי קאָנט איר גאָר רעכענענ אַזעלכס אפ אונדזער אָרנטלעכנ באָריסנ, וועלכער — דאָס איז בא מיר זיכער ווי דער טאָג — וועט הײַנט־מאָרגנ קומענ צוריק צו ראָזענ! גלייבט מיר, אז ער איז גלײַך אומגליקלעך ווי ראָזע, אונ זי איז גע־רעכט, וואָס זי פאַרענטפערט אים. דאָס, וואָס עס האָט זיך געטראָפנ אַצינד, האָט מענ באַדאַרפט ערוואַרטנ פריִער; איך האָב אײַך ניט איינ מאָל געזאָגט, אז קיינ גליקלעכע ליבע איז גאָר אפ דער וועלט ניטאָ, אז יעדע ליבע מוז זיך ענדיקנ טרויעריק, אז דאָס גאַנצע לעבנ איז א שרעקלעכע טראַגעדיע...

דאָס, וואָס איך וויל אײַך אַצינד שרײַבנ, איז זייער־זייער ניט פריילעכ: די מאַדאַם פורמאַנ, ראָזעס מוטער, איז נעכטנ געשטאָרבנ... גאָט זאָל אײַך אָפּהיטנ פונ צו זאָגנ דאָס ראָזענ! די דאָזיקע אומגליק־לעכע פרוי, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט איר איינציק קינד, איז אויסגע־גאַנגענ מיט א קלאָלע אפ די ליפּנ... איר דאַרפט זיך שטויסנ, וועמענ זי האָט געשאָלטנ: זי האָט אײַך גערעכנט פאַר איר מאַלעכ־האַמאָוועס, אונ איר דאַרפט איר מויכל זײַנ — זי איז גענונג אָפּגעקומענ אפ דער וועלט!.. איך קאָנ זיך אָנ טרערנ ניט דערמאָנענ, וואָס זי האָט איבער־געטראָגנ פונ איר מאַנ דעם דעספּאָט די לעצטע צײַט. זי האָט שוינ בא אים לאַנג פונ קיינ וועלט ניט געוווּסט; נאָר זינט די טאָכטער איז אַנטלאָפנ, איז מייער פורמאַנ געוואָרנ ערגער, ווי א ווילדע כײַע. ער האָט איר אַלע מינוט געשטאָכנ די אויגנ מיט דער אויסגעלאָסענער טאָכטער, וואָס איז אַנטלאָפנ מיט אַנ אָרעמענ סטודענט (איר פאַר־שטייט כאָטש, אײַזענשטאַט, וועמענ מע מיינט דאָ?..) אונ צײַטנווײַז, אז זי האָט שוינ נישט געקאָנט איבערטראָגנ אונ האָט אים געענטפערט מיט א וואָרט אָדער צוויי, האָט ער זי געטריבנ פונ שטוב אונ האָט איר געשריִענ:

— גיי דיר צו דײַנ טאָכטער, צו דער מופקערעס [1]!.. איר מיינט, איר וועט מיך יאַרשענענ לעבעדיקערהייט?..

---

1 אַנ אויסגעלאַסענע פרוי.

אז זי איז שלאָפ געוואָרנ, האָט ער נישט געוואָלט רופנ דעמ דאָק־טער... די דאָזיקע אומגליקלעכע פרוי האָט געצאנקט, ווי א ליכט. ער האָט נישט צוגעלאָזט צו איר קיינעמ; ער האָט פארטריבנ אלע קרוי־ווימ. איכ האָב זיכ ניט געטאָרט ווײַזנ פאר זײַנע אויגנ; ער האָט קע־סיידער געזאָגט, אז ער וועט מיכ פארשיקנ אינ סיביר... נאָר צומ סאָפ, אז ער האָט דערזענ, אז זײַנ ווײַב גייט שוינ אויס, האָט ער אראָפגע־בראכט אלע דאָקטוירימ פונ דער שטאָט. ער איז ארומגעלאָפנ, ווי א מעשוגענער. ער האָט געוואָרפנ די שליסעלעכ. ער האָט געעפנט דעמ קאסטנ אונ האָט געשריענ:

— ראטעוועט! ראטעוועט! נעמט, וויפל איר ווילט — אונ רא־טעוועט!

ער האָט מיכ געשיקט רופנ. איכ האָב נישט געגלייבט מײַנע אויגנ: ער איז געווענ פארוויינט, צעפלאָכטנ, אונ האָט ניט געקאָנט אײַנזיצנ אפ אנ אָרט. ער האָט מיכ געכאפט פאר א האנט אונ האָט מיכ צוגע־פירט צומ בעטל, ווו זײַנ אומגליקלעכ ווײַב איז געלעגנ בא די לעצטע גראדנ.

— דו זעסט, טײַבעלע? — האָט ער איר געזאָגט, אײַנבייגנדיק זיכ צומ בעטל. — דו זעסט, טײַבעלע? דאָס האָב איכ דיר געבראכט בערטענ. דו זעסט, טײַבעלע? אָט דאָס איז בערטע...

טײַבעלע האָט שוינ ניט געזענ אונ ניט געהערט. אינ צוויי שאָ ארומ איז זי שוינ געווענ אפ דער עמעסער וועלט.

נאָר דער דאָזיקער אומגליקלעכער פרוי איז אָנגעצייכנט געווענ נישט אזוי גרינג צו קומענ אהינ, ווו זי האָט באדארפט געפונענ איר רו... מייער פורמאנ, וואָס האָט א שאָ פאר זײַנ ווײַבס טויט געוואָרפנ מיט א סאכ טויזנטער — אבי מע זאָל אימ לעבעדיק מאכנ זײַנ טײַ־בעלענ, האָט זיכ נאָכ איר טויט אײַנגעשפארט אונ האָט מער ניט גע־וואָלט געבנ דער כעווורע־קאדישע, ווי דרײַסיק רובל. א גאנצ מעסלעס האָט ער זיכ געדונגענ, ווי מע דינגט זיכ פאר אנ אָקס, — ביז מע האָט קוימ אויסגעריסנ בא אימ הונדערט רובל. איכ בינ גאָר ניט אימשטאנד צו באשרײַבנ אײַכ די ביזיונעס, מיט די קלאָלעס, מיטנ גאנצנ ראש, וואָס עס האָט זיכ דאָ געטאָנ אינ דעמ מעסלעס, וואָס זײַנ ווײַב איז געלעגנ אפ דער ערד, אונ ער האָט זיכ ארומגעטראָגנ מיט די שליסעלעכ אונ געטאפט דעמ אײַזערנעמ קאסטנ!

נאָר איינ זאכ קאָנ איכ ניט פארשטיינ: הײַנט פארנאכט האָב איכ געזענ ארײַנגיינ צו פורמאנענ אינ הויפ ארײַנ דעמ הער מאָטל פרידמאנ! וואָס קאָנ דאָס באטײַטנ? עפשער איז ער אזוי ארײַנגעגאנ־

געגנ מענאַכעמקאָהנ? זענ זײַנ אַלטנ כאַווער?... איכ קאָנ דאָס ניט פאַר-
שטיינ! איכ האָב נאָרוואָס געשיקט אהינ מײַנ מיידל, זי זאָל א קוק
טונ, וואָס איז דאָרטנ אונ וואָס טוט זיכ בא פורמאַנענ?.. דאָס מיידל
איז געקומענ אונ זאָגט, אז דאָרט איז שוינ קיינער ניטאָ אצינד; נאָר
דער הער פורמאַנ איז אזוי בייז, אזוי צערייצט! ער שרײַט אפ דער
דינסט (ער האַלט איצט ניט מער ווי איינ דינסט — אונ אַלטע יידע-
נע, א קאַרגע, ווי ער אליינ), אז טאָמער וועט זי דאָס צווייטע מאָל
ארײַנלאָזנ אָט דעמ קעשעניק, אָט דעמ גאַנעוו, — וועט זי האָבנ בא
אימ דעמ טויט! איכ קאָנ דאָס גאָר ניט פארשטיינ, וואָס דאָס באַ-
טײַט!..

אכ, אײַזענשטאַט, אײַזענשטאַט! איכ בינ אײַכ מעקאַנע אפ אײַער
פלעגמאַטישנ כאַראַקטער. איר קאָנט אַלצ איבערטראָגנ קאַלטבלוטיק.
איר זענט קיינמאָל ניט געווענ קיינ אומגליקלעכע פרויענצימער, אונ
אײַער האַרצ, ווי איכ זע ארויס, איז נאָכ גאַנצ פרײַ פונ דעמ הייליקנ
געפיל, וואָס ווערט אָנגערופנ „ליבע“... איר ווילט נישט גלייבנ, אז
באָריס איז מיט זײַנ גאַנצ לעבנ איבערגעגעבנ ראָזענ. איר קאָנט דאָס
ניט פארשטיינ, איאָ? — זאָג איכ אײַכ, אז עס איז געוויס אזוי!..
עמעס, איכ האָב דאָס פונ באָריסנ נישט געהערט, מאַכמעס זענ זיכ
מיט אימ ביז אַהער איז מיר נישט געווענ מעגלעכ בעשומ-אויפנ-
וועויפנ. אונ איצט... איצט איז ער ניטאָ; ער איז מיט זײַנ מוטער
ערגעצ אוועקגעפאָרנ. מע זאָגט, אז קיינ אויסלאַנד; נאָר עס איז ניט
עמעס: מײַנ דינסטמיידל האָט געהערט פונ עליק דעמ מעשאָרעס, אז
די בריוו שיקט מענ זיי קיינ וואַרשע, ניט קיינ אויסלאַנד. איכ רעכנ,
אז צוליב דעמ זענענ זיי זיכ דורכגעפאָרנ קיינ וואַרשע צו זייערנ א
פרײַנט אָדער א באַקאַנטנ, ביכדיי די מײַלער פונ אונדזערע רעכילעספי-
קעס (איר געדענקט די מאַדאַמ רעגענבויגנ, שטעכענהאַלצ, שפיגעל-
גלאַז אאַ.?) זאָלנ פארשטאָפט ווערנ אפ א קליינער צײַט... אונ איכ
זאָג אײַכ, אז עס איז גאָר קיינ אוולע ניט פונ זייער זײַט, מאַכמעס
פונ דעמ ערשטנ טאָג נאָכ אײַער אוועקפאָרנ פונדאַנענ האָבנ זיכ דאָ
די מײַלער נאָכ ניט צוגעמאַכט ביז הײַנטיקנ טאָג. עס איז געווענ אזא
גערודער אינ שטאָט, אז עס האָט זיכ געטאָנ כוישעכ! אינ
יעדנ הויז, אפ יעדער גאַס, אינ אַלע ווינקלעכ האָט מענ נאָר גע-
רעדט פונ מייער פורמאַנס טאָכטער, וואָס איז אנטלאָפנ מיט אנ אָרע-
מענ סטודענט, פרידמאַנס א כאַווער. אונ מערקווירדיק! איר זענט דאָכ
מיט קיינעמ ניט געווענ באַקאַנט אינ דער דאָזיקער שטאָט, — אונ פונ-
דעסטוועגנ זאָלט איר הערנ, וואָס פאַר מיינונגענ יעדער זאָגט זיכ וועגנ

אייִנ; דער זאָגט, אַז מע האָט געזעהנ בא אייִנ אפנ פּאָנעם אָנגעצייכנט,
אַז איר זענט א גאנעוו, א רעצייעכ, א מענטשנפרעסער; דער זאָגט,
אַז איר זענט גאָר ניט קיינ סטודענט, נאָר א „ליטוואק", וועלכער האָט
ערגעצ אינ דער ליטע נאָכ דרײַ ווײַבער; אונ דער דריטער זאָגט, אַז
איר זענט גאָר אַנ אנטלאָפענער סאָלדאט!.. האקלאל, עס איז גאָר ניט
איבערצוגעבנ די אלע היסטאָריעס, וואָס יעדער דערציילט זיכ דאָ אָנ
וועגנ אײַכ. אונ שטעלט אײַכ פאָר זייער איבעראשונג, ווענ זיי האָבנ
דערהערט, אַז ניט איר, נאָר דער יונגער פרידמאנ האָט כאסענע גע־
האַט פאַר דער אנטלאָפענער! דאָ איז געוואָרנ אַזאַ גוואלד אינ שטאָט,
אַז ווענ איכ זאָל ניט געווענ מוירע האָבנ ארויסצוגעבנ דעם סאָד,
וואָלט איכ שוינ לאַנג אנטלאָפנ פונדאנענ. איכ ווייס נאָכ אד־האיאָם
ניט, פונוואַנענ אונ וויאַזוי מענ איז דאָ געוואָר געוואָרנ וועגנ דער
כאסענע, נאָר מע ווייסט שוינ אלצ, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די
פרידמאנס האָבנ ניט באוויזנ קיינ שום מינע, אַז עס קער זיכ אָנ מיט
זייער זונ. שטעלט אײַכ פאָר, וויאַזוי איז געווענ דער מאדאם פריד־
מאנ צו קומענ צוריק אליינ, אָנ באָריסנ, אונ נאָכ מאכנ יעדנ א פריי־
לעכע מינע, רעדנ גלײַכ מיט אלע וועגנ אײַער ראָמאנ מיט ראָזע פור־
מאנ... אונ נאָכ דעם, אַז מע איז אינגיכנ געוואָר געוואָרנ דעם עמעס,
האָט יעדער איר געקוקט אינ פּאָנעם ארײַנ אונ האָט געוואָלט איבער־
לייענענ בא איר אפנ שטערנ די מײַסע מיט איר זונ אונ מיט דער
אנטלאָפענער — אונ זי, די מאדאם פרידמאנ, זאָל דאָס אפילע מיט אַנ
אויג א פינטל טאָנ! גאָרניט, לעבעדיק, פריילעכ, ווי טאָמיד!.. קימאט
יעדנ טאָג זענענ געקומענ צו איר די גוטע־פרײַנט, די מאדאם רעגענ־
בויגענ מיט די געלע טעכטער, די מאדאם שפיגעלגלאַז אונ די מאדאם
שטעכענהאָלצ, אונ די גאנצע צײַט האָבנ זיי מיט איר גערעדט נאָר
וועגנ „דער אנטלאָפענער", אונ הונדערט מאָל א מינוט איבערגעפרעגט,
ווו איז אַצינד איר באָריס? וואָס מאכט ער אינ געזונט? פארוואָס זאָל
מענ אים ניט אָפּזוכנ קיינ רעכטע פּארטיע? עליק דער מעשאָרעס האָט
מיר איבערגעגעבנ, אַז אפ די אלע פראַגנ האָט זי געענטפערט פריילעכ,
גלײַכ ווי טאָמיד. דערפאר אָבער האָט זי זיכ מיט זיי אָפּגערעכנט אָט דאָ,
אַז באָריס איז געקומענ! זי איז מיט אים די גאנצע צײַט געזעסנ אפנ
באלקאָנ, ביכדיי מע זאָל אים זענ, אלע זאָלנ אים זענ — אונ דערמיט
פארשטאָפּנ די בייזע מײַלער. זי איז געגאנגענ אונ געפאָרנ מיט אים
עטלעכע מאָל אינ טאָג שפּאצירנ אונ האָט אים אויסגעפירט אינ אלע
גאסנ, אינ אלע געסלעכ, — אלע זאָלנ זענ, אַז איר באָריס איז דאָ,
אַז ער איז ניט אנטלאָפנ מיט קיינעם, אוביפראט נאָכ מיט דער

שוואַרצער ראָזע פֿורמאַן פֿונעם קליינעם שטיבל מיט די „רויטע
לאָרן“. מע האָט מיר דערציילט פֿון דער זעליקער מאַדאַם פֿורמאַן,
אַז בעשאַס מאַלקע פֿרידמאַן מיטן זון זענען דורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ
איר פֿענצטער, איז זי געפֿאַלן אָפּן בעט, און מע האָט זי קוים אָפּ־
געראַטעוועט... נאָר די מאַדאַם פֿרידמאַן האָט שוין מער נישט גע־
קאָנט איבערטראָגן אױף זיך דעם גיפֿט פֿון די לאַנגע צונגען און האָט
געמוזט אָפּטרעטן אױף אַ קליינער צײַט מיט באָריסן פֿונדאַנען — און
זיי האָבן געטאָן זייער קלוג! אַך, ווען איר זאָלט געווען זען, וויאַזוי
אונדזער יונגער העלד האָט אױף מיר געקוקט מיט זײַנע שיינע אויגן
פֿונעם אײַזערנעם באַלקאָן, בײַם איך בין פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ האַלבע
שעה פֿאַר זײַן אָפּרײַזן פֿונדאַנען מיט דער מוטער! ווען איר זאָלט געווען
אין דער דאָזיקער מינוט אַ קוק טאָן באָריסן אין די אויגן אַרײַן, וואָלט
איר שוין מער ניט געצווייפֿלט, אַז זײַן ליבע צו ראָזען איז פֿיל גרע־
סער און שטאַרקער, ווי איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן מיט אײַער
סייכל...

קעדיי איר זאָלט מיך בעסער פֿאַרשטיין, וועל איך אײַך דאָ אױ־
בערגעבן אַלץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען צווישן מיר און באָריסן, זינט
ער איז געקומען צוריק מיט זײַן מוטער.

אַז באָריס איז געקומען, האָב איך מיך דערוווּסט באַלד פֿון עליק
דעם מעשאָרעס, וועלכן איך האָב אונטערגעקויפֿט שוין פֿון לאַנג,
ער זאָל מיר אָפּטראָגן יעדע קלייניקייט, וואָס עס קומט פֿאָר בײַ די
פֿרידמאַנס אין הויז. איך האָב אים פֿײַן באַלוינט און געהייסן, ער
זאָל איבערגעבן באָריסן פֿון מיר אַ בריוו. איך דאַרף אײַך ניט דער־
ציילן, וואָס איך האָב אים געשריבן; איר קאָנט זיך אַליין פֿאָר־
שטעלן, ווי איבעראַשט איך בין געווען, אַז איך האָב דערהערט, אַז
באָריס איז געקומען אַליין, אָן איר! אױפֿן דעם צווייטן טאָג האָט מיר
עליק איבערגעגעבן, אַז מײַן בריוו האָט ער אים אָפּגעגעבן מיט גרויס
מי, נאָר קיין ענטפֿער קאָן אַזוי גיך ניט זײַן, מאַכמעס די מאַדאַם
פֿרידמאַן טרעט נישט אָפּ אױף קיין רגע פֿון איר זון. זי זיצט מיט
אים, זי גייט מיט אים, זי לאָזט פֿון אים קיין אויג נישט אַראָפּ;
אַפֿילע אַז ער לייגט זיך שלאָפֿן בײַנאַכט בײַ זיך אין צימער, שטייט
זי לאַנג הינטער דער טיר, אָדער זי דרייט זיך אַזוי אַרום אין דעם
צווייטן צימער, ביכדיי זי זאָל קאָנען זען, וואָס ער טוט, און הערן,
וואָס ער רעדט דאָרט מיט עליקן אָדער מיט אַן אַנדער באַדינער.
זי האָט שטרענג פֿאַרבאָטן, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן ברענגען
אָדער אָפּטראָגן אַ בריוו פֿון באָריסן אָן איר וויסן, אַזוי אַז יעדער

בריוו, וואָס ער שיקט אָפּ אויף דער פּאָסט, פאַלט אַרײַן גלײַך צו איר אין די הענט אַרײַן... הײַנט פאַרשטייט איר שוין, ליבער אײַזנשטאַט, ווי אומגליקלעך אונדזער יונגער העלד איז בײַ אַט אַזעלכע פאַנאַטישע עלטערן, בײַ אַזעלכע דעספּאָטן? ערשט אויף דער אַנדערער וואָך האָט מיר עליק געבראַכט אויף אַלע מײַנע בריוו (מער אַלס צען) איין ענטפער פון באָריסן. איך גיב אײַך דאָ איבער, ליבער אײַזנשטאַט, בוכשטעבלעך, זײַן קוויטעלע, פון וועלכן איר וועט זיך געוויס קאָנען אַראָפּנעמען אַ מוסער, וואָס הייסט ליב האָבן און זײַן אומגליקלעך. אָט וואָס באָריס שרײַבט מיר:

„טײַערסטער פרײַנט בערטע! איין גאָט איז מײַן אײדעס, אַז איך האָב אײַך ביז הײַנטיקן טאָג ניט געקאָנט שרײַבן. איך שרײַב יעדן טאָג בריוו צו מײַן טײַערער ראָזעטשקען, און האָב ביז הײַנט קיין שום ענטפער. איר פרעגט מיך, וואָס האָב איך געפּועלט מיט מײַן קומען אַהיים? אָ, איך פאַרהאָף, אַז איך וועל געוויס מײַן ציל דערגרייכן! גיך־גיך וועלן מיר זײַן גליקלעך צוזאַמען מיט מײַן טײַערער ראָזען, וועלכע שטייט מיר שטענדיק פאַר מײַנע אויגן (איר הערט, אײַזנשטאַט?). איך וועל איין מאָל פאַר אַלע מאָל לייגן אַ פעסטן פונדאַמענט, אויף וועלכן אונדזער ליבע וועט זײַן געבויט עפּנטלעך פאַר אַלעמען, אַזוי אַז אַלע זאָלן וויסן און זען, אַז ראָזע איז מײַנע, מײַנע אויף אייביק!.. איך בעט אײַך, ליבע בערטע, שרײַבט צו מײַן ראָזען און גיט איר איבער מײַן ביטערע לאַגע, אין וועלכער איך געפין זיך אַצינד, און טרייסט זי מיט דער האָפענונג, אַז מיר וועלן גיך ווידער לעבן צוזאַמען, און אונדזער ליבע, אונדזער גליק וועט שוין מער קיינער ניט שטערן, און עס וועט שוין אַלץ זײַן גוט, אַזוי ווי עס באַגערט אײַער איבערגעבענער

באָריס פרידמאַן".

עס פאַרשטייט זיך, אַז אויף דעם דאָזיקן בריוו האָב איך אים אָפּגעענטפערט פּינקטלעך, אויף יעדער זאַך באַזונדער, און האָב אים געגעבן אָנטעריכט, וויאַזוי ער זאָל צוטרעטן צום פאָטער און צו דער מוטער וועגן דער הויפּט־פראַגע און וויאַזוי ער זאָל ווירקן אויף זייערע הערצער — ער איז דאָך פאָרט זייער איין־און־איינציק קינד, איין אויג אין קאָפּ! איך ווייס ניט אַד־היאָם, וואָס און וויאַזוי ער האָט מיט זיי גערעדט און צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַט זיי זענען געקומען, מאַכמעס פון באָריסן האָב איך שוין מער קיין בריוו ניט געקאָנט באַקומען; נאָר וועדליק ווי עליק האָט מיר איבערגעגעבן אייניקע קלייניקייטן, פאַרשטיי איך, אַז אונדזער מי וועט ניט זײַן אומזיסט און אונדזער

אומגליקלעכ פארפאלק וועט ענדלעכ ווידער צוזאמענ זײנ אפ אימער אונ אײביק. דערהויפט בעט איכ אײַכ, ליבסטער אײַזענשטאט, אכטונג געבנ אפ אונדזער טײַערסטער ראָזעטשקע און—כײַעס ניט זיכער! — ניט ארויסכאפנ זיכ פאר איר מיט אזעלכע ווערטער, ווי איר שרײַבט צו מיר. היט אפ, אײַזענשטאט, דאָס דאָזיקע יונגע בלימל, עס זאָל אפ דעמ קײנ שטויב ניט פאלנ. דאָס איז אײַער פליכט אלס מענטש אונ מאנספערזאָנ. אדיע! אונדזער ראָזעטשקענ שיק איכ באזונדער א בריוו.

אײַער בעסטער פרײַנט, וואָס פארבלײַבט צו אײַכ מיט גרויס אכטונג, ניט קוקנדיק דערויפ, וואָס איר זענט אזא קאלטער עגאָיסט...

בערטע שימשעלביינ".

## ג

### פונ פ. אײַזענשטאט צו בערטע שימשעלביינ

„בערטע! קומט צו פאָרנ. עפשער וועט איר בעסער קאָנענ אויסקומענ מיט איר... זי איז זײער-זײער אומגליקלעכ אונ דארפ האָבנ הילפ. זי ביימיקט זיכ, מע זאָל זי היטנ — אונ איכ קאָנ דאָס ניט, איכ טויג ניט דערצו. איכ זע, אז איכ פארשאפ איר נאָר שמערצנ — אונ מער נישט! פאר אײַער ארויספאָרנ שרײַבט מיר א בריוו. איכ ערוואַרט אײַכ, איכ קוק ארויס אפ אײַכ. לעמאנ-האשעמ, קומט צו פאָרנ!

פ. אײַזענשטאט".

## ד

### פונ בערטע שימשעלביינ צו פ. אײַזענשטאט

„ליבסטער פרײַנט! איר האָט מיכ מיט אײַער לעצטנ בריוו אזוי-פיל איבערגעשראָקנ, אז איכ בינ אויס מענטש. איכ פאָר באלד ארויס אונ וועל שוינ זײַנ אליינ בא ראָזעטשקענ, אונ איר זאָלט די רעגע ארויספאָרנ אהער אונ קומענ גלײַכ צומ הער פרידמאנ. איר וועט אימ טרעפנ דאָ אליינ, ווײַל אונדזער אומגליקלעכער באָרימ מיט דער מוטער זענענ אצינד אינ אויסלאנד. איכ גלייב, אז בא דער מוטער האָט באָרימ שוינ לאנג געפויעלט; מע דארפ נאָר איבערעדנ מיטנ פאָטער. מײנ איכ, אז איר, ליבער אײַזענשטאט, זענט דערצו מער פעיִק ווי אנ אנדערער. איר זאָלט אויסנוצנ אלע מיטלענ אונ אויסמאָלנ פאר אימ מיט אלערלײ פארבנ די טרויעריקע לאגע פונ

זײַנ בענ-יאָכיד אונ פונ זײַנ יונגער אומשולדיקער פרוי ראָזע, וואָס האָט שוינ גענוג-גענוג געליטנ, גענוג איבערגעטראָגנ, גענוג אָפּגעקומענ פאַר די זינד פונ די עלטערנ, וועלכע זענענ אַזוי אײַנגעשפּאַרט אינ זייער פאַנאַטיזמ!.. איכ דאַרפ אײַכ נישט לערנענ, וויאַזוי צו רעדנ. רעדנ קאָנט איר; האָלעווײַ וואָלט איר אַזוי געקאָנט פילנ, ווי איר קאָנט רעדנ... גריסט ראָזענ אונ זאָגט איר, אַז איכ פאָר צו איר די מינוט, די רעגע!

אײַער בעסטער פרײַנט בערטע שימשעלבײַנ".

## ה

### פונ פ. אײַזענשטאַט צו בערטע שיִמשעלבײַנ

„בערטע! בערטע! צי וואָס האָט איר מיכ געשיקט אַהער? קאַרג געווענ פאַר מיר דאָס, וואָס איכ האָב איבערגעטראָגנ דאָרט? אַכ, וואָס פאַר א האַרטער מענטש דער הער פרידמאַנ איז! אונ מערקווירדיק — וואָס פאַר א קלוגער מענטש, וואָס פאַר א פּראַקטישער מענטש דאָס איז! איכ האָב אימ גאָר ביז איצט אַזויפיל ניט געקענט. איכ האָב קיינ צײַט ניט געהאַט צו אויסרעדנ עטלעכע ווערטער, האָט ער מיכ שוינ איבערגעשלאָגנ אונ האָט מיר פאָרגעלייגט אַזעלכע פראַגנ, אַז איכ בינ געבליבנ אָנ לאָשנ. איכ האָב אײַכ געפאָלגט, בערטע, אונ האָב אימ אָנגעהויבנ אויסצומאָלנ מיט שרעקלעכע פאַרבנ די ביטערע לאַגע פונ זײַנ אומגליקלעכנ זונ. האָט ער מיכ אַזוי אויסגעלאַכט, אַז איכ האָב שוינ ווײַטער ניט געהאַט וואָס צו זאָגנ.

— ע, ברודער! — האָט ער מיר געזאָגט דערופ מיט א קלאַפּ אינ די פּלייצעס אַרײַנ. — ע, ברודער! איר לאַכט מיכ אויס, איר מאַכט פונ מיר כויזעק, אַפּאָנעמ, יונגערמאַנ! נישקאָשע, איר וואָלט זיכ געמעגט ווינטשנ כאָטש האַלב אַזוי אָפּלעבנ, ווי אײַער אומגליקלעכער „העלד" לעבט זיכ אָפּ אַצינד אינ אויסלאַנד! אַכ, ווי טרויעריק זײַנ לאַגע איז! ווי „אומגליקלעכ" ער איז אַצינד ערגעצ אינ א טעאַטער נעבעכ, אָדער אינ א שיינעמ רעסטאָראַנ נעבעכ, ווו ער זיצט נעבעכ איבער א שיינעמ מאָלצײַט נעבעכ מיט א גוטנ גלאָז ווײַנ אונ מיט אַנ אַראָמאַטישנ ציגאַר נעבעכ! איר פאַרשטייט צי נייִנ?..

גלייבט מיר, בערטע, אַז ער קענ זײַנ זונ א סאַכ מער, ווי איכ מיט אײַכ קענענ אימ. צומ לעצט האָט ער מיר ערנסט געזאָגט, אַז ער האָט ראַכמאָנעס אופ דער אומגליקלעכער ראָזע אונ פאַרשטייט, ווי

שלעכט עס איז איר אצינד און ווי טרויעריק איר לאַגע. וועט נאָך זײַנ שפּעטער... ווי א גוטער פרײַנט, האָט ער מיר אַנ אײַיצע געגעבנ, אז מיר זאָלנ ביסלעכווײַז אױפּדעקנ פאר איר, ווער אַפּגאָט איז אונ וואָס ער איז... ער האָט מיך אויסגעפרעגט, וויאַזוי זי פארברענגט די צײַט, אונ פונ וואָס לעבט זי, אונ צי בייטיקט זי זיך אצײנד אינ געלט, וועט ער איר שיקנ, וויפל זי דאַרפ... אַך, בערטע, בערטע, איך זאָג אײַך נאָכאמאָל אונ וועל אײַך שטענדיק זאָגנ דאָס זעלבע, אַז מיר, נאַר מיר, זענענ שולדיק אינ איר אומגליק, אונ גאָט ווייסט, מיט וואָס עס וועט זיך נאָך ענדיקנ!..

איך האָב דאָ שוינ מער ניט וואָס צו טונ, אונ אפּ זײַנ מוטער זאָלט איר אויך קײנ האָפענונג ניט האָבנ. דער הער פרידמאַנ האָט מיר אויסדריקלעך געזאָגט, אז „פריער וועט דער הימל קומענ צו דער ערד, אײדער מײַנ מאַלקע וועט דערלאָזנ, אז איר באָרים זאָל זײַנ פורמאנס אײדעמ, אונ וועננ איר זאָלט קענענ מײַנ מאַלקענ, וואָלט איר געזעסנ בארוט אינ דער היימ, וואָרעמ מײַנ מאַלקע — דאָס איז שטאָל אונ אײַזנ: זי וועט זיך גיכער צעברעכנ, אײדער אײַנבייגנ. איר פארשטייט צי נײנ?“ — אונ מיט די ווערטער האָט מיך דער הער פרידמאנ אָפּגעלאָזט. איך בלײַב דאָ נאָך אפּ צוויי טעג אונ וואַרט אפּ אײַער ענטפער. שרײַבט מיר, איך בעט אײַך, וואָס מאַכט ראָזע? גאָט זאָל העלפנ, זי זאָל איבערקומענ, ווי עס געהער צו זײַנ... איך וואָלט איר איבערגעגעבנ א גרוס, נאָר איך ווייס, אז זי גייט ניט אזוי שטארק אויס נאָך מײַנ גרוס... א ווונדערלעכע זאַך, כלעבנ!..

אײַער פרײַנט, וואָס קוקט ארויס אפּ אײַער גיכנ בריוו,

פ. אײַזענשטאט“.

# ו

פונ בערטע שימשעלבייג צו פ. אײַזענשטאט

(טעלעגראמע)

„הערנ אײַזענשטאט. הײַנט אווונט האָט ראָזע געהאט א מיידל אונ איז געשטאָרבנ. דאָס קינד לעבט. קומט צו פאָרנ. בערטע“.

## עפּילאָג

ווי דער פארפאסער זאָגט נאָך עטלעכע ווערטער אונ געפינט,
אז עס איז שוינ צײַט צו געזעגענענ זיך מיטנ לעזער
אונ מאכנ א סאָפּ מיט דער דאָזיקער ווירקלעכער געשיכטע

געזעגענענדיק זיך מיטנ לעזער, מוזנ מיר, ווי עס פירנ זיך אפּ דער וועלט די אלע ראָמאניסטנ, שענקענ אימ אנ עפּילאָג אונ איבער־

געבנ אלצ, וואָס עס האָט זיכ אויסגעלאָזט מיט אונדזערע העלדנ, וועלכע ווערנ דערמאָנט אינ דער דאָזיקער ריכטיקער, ניט אויסגעטראכטער געשיכטע.

אלע אונדזערע באקאנטע פארשוינע‌נ זענענ געזונט אונ שטארק, אויסער די צוויי אומגליקלעכע פרויענ: טײַבעלע פורמאנ אונ ראָזע פרידמאנ. אפילע דער אלטער מייער פורמאנ לעבט נאָכ! נאָר זײַנ לעבנ איז טרויעריקער, ווי דער טויט: צו וואָס אונ פונ וועמענס וועגנ לעבט אזא אומגליקלעכ נעפעש אפ דער וועלט? פונ וועמענס וועגנ האלט ער דעמ אײַזערנעמ קאסטנ מיט געלט? צו וואָס פארשליסט ער די רויטע לאָדנ אלע נאכט, אונ אז ער דערהערט א שאָרכ פונ א מויז, ווערט ער פארציטערט אונ כאפט זיכ צו די שליסעלעכ? צוליב וועמענ טרײַבט ער אנ אָרעמאנ פונ שטוב? פאר וועמענ אונ פאר וואָס קוילעט ער זיכ אלע טאָג מיט דער יידענע פאר די אָפּגעלעקטע בייגער, וואָס זי ווארפט ארויס פאר די הינט? אז עס וועט א קלאפ טונ זײַנ לעצטע שאָ, וועט ער שיקנ רופנ דעמ ראָוו מיט די דאיאָנימ אונ וועט מאכנ א „צאוואָע": קאכ-וועקאכ 1 רובל אפ „אוילעמעס" 2; קאכ-וועקאכ רובל אפ א מערכעצ; קאכ-וועקאכ אפ דעמ העקדעש; קאכ-וועקאכ קיינ ליבאוויטש דעמ רעבנ אפ א סוקע (וואָס ווײַטער ווערט ער אלצ פרימער); קאכ-וועקאכ אפ „כעוורע־קאדישע", אפ „האזקאָראס-נעשאָמעס", אפ „כעוורע-טילימ", אפ „כעוורע-מישנײַעס", אפ „אסאָרא-באטלאָנימ" 3... אפ דעמ דאָזיקנ געלט וועט ער מאכנ עטלעכע אָפּעקונעס, גווירימ, שיינע-יידנ, וואָס וועלנ זיכ נאָכדעמ צווישנ זיכ צעטיילנ אכאָס-וועאכאָס 4, אונ די אָרעמעלײַט פונ דער שטאָט וועלנ ארומגיינ פונ אייגעמ צומ אנדערנ אונ וועלנ שרײַענ: „גאנאָווימ! ראָצכימ! הולטײַעס! ווו איז ערגעצ דאָס געלט, וואָס רעב מייער פורמאנ האָט איבערגעלאָזט? די בעגידימ האָבנ זיכ צעטיילט — אונ מיר וועלנ שווײַגנ?! גיט אונדז אָפּ פורמאנס געלט — עס איז אונדזער געלט!.."

אָט אזוי זענענ, הייסט עס, די „רויטע לאָדנ" שוינ פארמאכט פאר אונדז אפ טאָמיד... אָבער דער „אײַזערנער באלקאָנ"?

דער „אײַזערנער באלקאָנ" איז טאָמיד יונג, טאָמיד פריילעכ, טאָמיד באלויכטנ אונ פול מיט געסט, פונקט ווי פריער, קיינ שומ פארענדערונג! דאָס געשעפט פונ דער גלענצנדער פירמע „פרידמאנ"

1 אזויפיל אונ אזויפיל. — 2 קאָהאלשע זאכנ. — 3 צענ ליידיקגייער, וואָס פלעגנ זיצנ אינ בעסמעדרעש. — 4 געמיינט: אפ גלײַכע כאלאָקימ.

איז זייער א גרויס געשעפט. די קליינטנ וואקסנ. די קאנטאָר ארבעט. מאָטל פרידמאנ איז שטענדיק פארנומענ מיט זײַנע כעשבוינעס. ער איז שטענדיק פארטראָגנ. ער איז אײַנגעטונקט פונ קאָפ ביז פיס אינ ציפער... אז זײַנ זונ איז דאָס ערשטע מאָל געקומענ אהיימ צוגאסט מיט זײַנ גרויסארטיקער פרוי „יאדוויגא", די טאָכטער פונעמ ווארשעווער באנקיר לודוויג עסיקמאכער, איז מאָטקע געווענ אזוי גליקלעכ, אז זי האָט ארומגעכאפט דעמ מאנ קושנ.

— וואָס זאָגסטו עפּעס, מאָטל, אפ אונדזער באָריסנ אונ אפ זײַנ פרוי, אפ יאדוויגענ?..

— יאָ, אויב אונדזער פויגל וועט אוועקוואָרפנ די שארלאטאנסקע שטיק, קאָנ פונ אימ ווערנ מיט דער צײַט א שטיקל מענטש, דו פארשטייסט צי נײַנ?.. איכ האָב געהאט א דעפּעש פונ זימעלשטיינ. פארקויפט דרײַסיק טויזנט פוד צוקער אפ כוידעש מײַ — בינ איכ צופרידנ. דו פארשטייסט צי ביינ?..

וואָס האָט געטאָנ מאָטל פרידמאנ בא מייער פורמאנ, ביימ יענער איז געבליבנ אנ אלמענ? עס ווײַזט אויס, אז אינ פרידמאנענ האָט פלוצעמ אָנגעהויבנ צו רעדנ זײַנ געוויסנ, צי עפּשער האָט ער זיכ דערמאָנט, אז ער, מ אָ ט ל מ א ז י ק, איז אמאָל געווענ א כאווער אונ א גוטער־ברודער מיט מ י י ע ר פ ו ו א ש ע? אָדער ער האָט געוואָלט מיט זײַנ וויזיט פונעמ „אײַזערנעמ באלקאָנ" צו די „רויטע לאָרנ" אויסקויפנ זײַנע אלטע זינד אקעגנ זײַנ געוועזענעמ שו־טעפ?...

מאזלטאָוו! אונדזערע הארציקע שוועסטער מאשא אונ פאשא רע־גענבויגענ האָבנ שוינ באסענע געהאט פאר גאנצ רײַכע קאָמערסאנטנ. די מאדאמ רעגענבויגענ איז גליקלעכ. אלע יאָר קומענ איר צו א פּאָר אייניקלעכ.

עליק דער מעשאָרעס איז בא די יונגע פרידמאנס א לאָקיי. ער טראָגט א ווײַסנ זשילעט מיט א זילבערנעמ זייגער אונ זאָגט: „בא אונדז אינ ווארשע".

גאָלדענשטאט אונ זילבערשטאט האָבנ שוינ דיפּלאָמענ אינ די הענט. דער ערשטער איז א דאָקטער אונ קוקט ארויס אפ פאציענטנ, וואָס ווײַזנ זיכ עפּעס ניט. אונ דער אנדערער איז אנ אדוואָקאט, וואָס האָט נאָכ ניט געהאט די ערע צו זענ א קליענט אינ די אויגנ. זיי זוכנ רײַכע פארטיעס אונ ארבעטנ אפ אלע קיילימ.

אײַזענשטאט האָט זיכ נישט שטארק פארענדערט פונ יענער צײַט. עס האָט זיכ אימ נאָר אויסגעשאָטנ א קליינ שפּיצעכיק בערדל,

וועלכס גיט אים צו הערן זיבעטנ כיינ. ער איז זייער באליבט בא אלע זײַנע כאוויירים סטודענטנ, אונ אפ יעדער אסיפע איז ער טאָמיד דער ערשטער, האגאם ער קריכט ניט צום אויבנאָנ אונ רײַסט זיכ ניט אפ די ווענט.

ראָזעס קינד — זי הייסט נאָכ דער מוטער: ראָזעטשקע — געפינט זיכ בא בערטע שימשעלביינ.

„בערטע די גרושע“ איז נאָכ אד־האיאָם א גרושע. זי איז גערעכט, וואָס זי זאָגט, אז אונדזער לעבנ איז א לאנגע טראגעדיע, אונ מיר, מאנצבלעכ, זענענ די העלדנ — גוטע אונ שלעכטע העלדנ, ערלעכע אונ פארדאָרבענע. זי זאָגט נאָכ אד־האיאָם: „אָ, מענער, מענער!“...

* * *

אט אזוי נישט פריילעכ האט זיכ אויסגעלאָזט אונדזער ראָמאנ — א ראָמאנ, אינ וועלכנ די הויפּט־ראָליעס האבנ געשפּילט נישט קיינ העלדנ, נאָר קינדער.

ענדע

# סענדער בלאנק און זיין געזינדל

א ראָמאַן אָן א „ראָמאַן״

# דאָס ערשטע קאַפּיטל

**דער פאָרהאַנג הייבט זיכ אופ — אונ די קאָמעדיע הייבט זיכ אָנ**

צו א גרויסנ צווייגאָרנדיקנ מויער אפ דער שענסטער גאַס פונ דער שטאָט N (אזוי הייבנ אָנ אלע ראָמאַניסטנ, אזוי הייב איכ אויכ אָנ) פאָרנ צו אונ פאָרנ אָפּ א גאַנצ פרימאָרגנ פאַעטאָנענ מיט דראָזשקעס מיט פארשידענע פארשוינענ; די פארשוינענ שפּרינגענ אראָפּ אונ באַצאָלנ דעמ קוטשער מיט דער ברייטער האַנט, נישט געדונגענ זיכ.

כוץ וואָס עס פאָרנ אהער א גאַנצנ טאָג מענטשנ, איז שוינ דאָ געווענ צוויי מאָל דער דאָקטער קלוגער, אונ נאָכ יעדנ מאָל, וואָס ער איז ארויסגעגאַנגענ פונדאַנענ, האָבנ אימ באַגלייט יונגעלײַט מיט ווײַבער אונ האָבנ מיט אימ א היפּשע ווײַלע פארבראַכט אפ דעמ טראָטואַר, אונ איינע פונ די ווײַבער, די יונגערע, האָט אלע רגע צוגעטראָגנ א קלאָר ווײַס טיכעלע צו די אויגנ אונ האָט כוץ דעמ געשנײַצט די נאָז מיט אזא קויעכ, גלײַכ ווי זי האָט געוואָלט אויסשנײַצנ אינגאַנצנ אירע צאָרעס דורכ דער נאָז. דער דאָקטער קלוגער האָט זי באַרויִקט מיט אלע מעגלעכקײַט; ער האָט אויסגעשאָטנ פאר דער אומגליקלעכער פרוי א סאַכ מיט שיינע ווערטער, וואָס איכ מיינ, אז קיינער האָט פונ זיי ווייניק־וואָס פארשטאַנענ, מאַכמעס דער דאָקטער קלוגער האָט ליב איבערצושיטנ זײַנ שפּראַכ מיט זייער פיל הויכע ווערטער, אָדער גאָר ווערטער פונ דער מעדיצינ.

— באַרויִקט זיכ, מאַדאַמ זעמעל, קומט צו זיכ! באַטראַכט זיכ, אז איר זענט א מוטער פונ קינדער, א יונגע מוטער, — וואָס טוט איר דאָס? זײַט רויִק: אײַער פאָטער וועט, אימ־ירצע־האַשעמ, זײַנ געזונט. עמעס, ער דאַרפ איבערטראָגנ זייער א שווערנ קריזיס, נאָר די נאַטור פונעמ מענטשנ איז שטאַרקער פונ אײַזנ. איר האָט געוויס געהערט דאָס וואָרט: „א מענטש איז שוואַכער פונ א שטרוי אונ שטאַרקער פונ א שטיינ". א ווויל וואָרט, בלעבנ, א קלוג וואָרט! מיר

דארפנ זײַנ צוגעגרייט צו אלעמ, ווי א גרויסער כאַכעמ האָט געזאָגט: „סי ווים פּאַצעמ, פּאַרא בעלומ". אָפּ אונדזער לאַשנ הייסט דאָס: וויל־סטו שאָלעמ, מאַ גרייט זיכ צו א מילכאָמע... פאַרשטייט איר, מײַנע ליבע דאַמענ? אַדיו! אינ צוויי שאָ ארומ בינ איכ ווידער דאָ...

— אוי, שוויגער! איר פאַרשטייט, וואָס דער דאָקטער זאָגט? ער זאָגט, מע דארפ זײַנ גרייט, מע דארפ זיכ ריכטנ, איר פאַרשטייט, שוויגער?

— אוי, איכ ווייס ניט! איכ ווייס נאָר, אז איכ בינ אומגליקלעכ, עלנט אונ אומגליקלעכ! ווי איז צו מיר אונ צו מײַנע יונגע יאָר!..

פונ דעמ טיפנ הארצנ איז דער מעכאַבער זיכ מוידעאַ־מיסוואָדע, אז דער טויט פונעמ נאָגיד מאַכט אופּ אימ א סאַכ א גרעסערנ אײַנדרוק ווי, לעמאָשל, פונ דעמ קאַפּצנ; ער האָט זיכ נאָכ ביז אַהער ניט אָפּגע־געבנ קיינ דינ־וועכעשבנ, פאַרוואָס דאָס איז אזוי; דער קאַפּצנ איז דענ ניט אזא מענטש, ווי דער נאָגיד? פאַרוואָס זשע הערנ מיר אויס גאַנצ קאַלט, ווענ דער שאַמעס קלאַפּט מיט דער פּושקע: „צדקה תציל ממות"[1], אז יאָסל דער שנײַדער אָדער הערשל דער שוסטער איז געשטאָרבנ? אונ אז מע זאָגט אונדז: „איר ווייסט? רעב יאָסעלע איז דאָכ געשטאָרבנ!" אָדער „רעב הערשעלע איז געשטאָרבנ!" — טוט עס אונדז א כאַפּ אונ א טראָג אינ דער לופּטנ, אונ מיר ווערנ פאַרצאַפּלט: „האַ? וואָס? רעב יאָסעלע? וויפל איז געבליבנ געלט? וויפל קינדער? ער האָט מיסטאָמע געלאָזט א צוואָע? אזא גוטס! אזא גוטס! א ראַכמאָנעס, כלעבנ, אופּנ ווײַבל!" ווענ אונדז דענ קומענ אופּנ זינענ אפילע צו באַדויערנ די לאַגע פונ יאָסל דעמ שנײַדערס אָדער הערשל דעמ שוסטערס אלמאָנע? ווער וועט זיכ דאָס פּלוצעמ אָנידערווערצנ מאַכנ א רעכענונג, וויפל קינדער זיי האָבנ געלאָזט? ווו וועלנ זיי זיכ פּריטוליענ מיט די ווייסטע אלמאָנעס, זייערע מו־טערס, אונ וואָס וועט זײַנ פונ זיי דער טאַכלעס?

מע קאָנ אָבער פונ דעמ עמעס ניט אוועקגיינ אפילע אופּ קיינ טריט, אונ מיטנ גאַנצנ ווילנ באַגערנ מיר צו וויסנ, וואָס טוט זיכ דאָ אינ דעמ דאָזיקנ הויז? ווער איז דאָ אזוי מעסוקנ קראַנק? מיר ווייסנ, אז דאָ וווינט סענדער בלאַנק, קימאַט דער גרעסטער גוויר פונ דער דאָזיקער שטאָט! קאָנ עס דענ געמאָלט זײַנ, אז סענדער אליינ זאָל זײַנ שלאַפּ אונ אזוי מעסוקנ שלאַפּ? מיר קאָנענ דאָס שוינ מער אָפּ זיכ ניט טראָגנ אונ בעטנ אונדזערע נײַגיריקע לעזער מאַטריעכ זײַנ זיכ

---

1 צדאָקאָ טאַציל מימאָוועס — צדאָקע ראַטעוועט פונ טויט.

מיט אונדז צוזאַמענ צו סענדער בלאָנק אינ שטוב אַרײַנ אימ מעוואַ־קער־כוילע צו זײַנ. נאָר לעסאַטע וועלנ מיר אָפּ א ווײַלע אָפּשטעלנ זיכ דאָ פונ הינטנ אונ צוהערנ די שיינע רייד, וואָס פרויקע דער מעשאָרעס האַלט פאַר דעמ גאַנצנ קאָמיטעט דינסטנ, מעשאָרסימ אונ פריקאַז־טשיקעס; אונ האַגאַמ עס איז זייער ניט שיינ איבערהויפּט אונטער־הערנ זיכ, אויבפּראַט נאָכ אינ קיכ, וואָס דינסטנ רעדנ צווישנ זיכ, נאָר וואָס זאָל מענ טונ, זאָגט אַלײנ, אנ אָרעמער פּאַנאָראַמטשיק, וואָס וויל צופרידנ שטעלנ אַלע זײַנע ליבע געסט? וואָס זאָל נעבעכ טונ א מעכאַבער א ראָמאַניסט, וואָס וויל, אַז אַלע קלאַסנ לעזער זאָלנ זײַנ צופרידנ? לאָז אײַכ צו קיינ כאַרפּע ניט זײַנ, אײדעלסטע דאַמענ! צווישנ אײַכ געפינענ זיכ א סאַכ באַלעבאָסטעס אַזעלכע, וואָס שטייענ ניט איינ מאָל מיטנ אויער הינטער דער טיר צו כאַפּנ עפּעס א וואָרט פונ די דינסטנ אינ קיכ; פונ דעמ רעדט מענ שוינ ניט, אַז א שוויגער איז מעכויעו זיכ אונטערהערנ, וואָס רעדט עפּעס דאָס אײדעמל מיט דער טאָכטער אָפּ איר, אָפּ דער שוויגער? אונ די שנור, פונ איר זײַט, מוז דאָכ אָוואַדע וויסנ, וואָס שושקעט זיכ עפּעס דער שווער מיט דער שוויגער דאָרט, אונ וואָס ווינקט עפּעס דער שוואָגער מיט דער שווע־גערנ? אויערנ, מײַנע ליבע פרײַנט, אויערנ האָט אונדז גאָט געשענקט בעמאַטאָנע, אַז מיר זאָלנ דורכ זיי הערנ, וואָס מע רעדט!..

— איכ ווייס ניט, — זאָגט פרויקע, ווישנדיק די גלעזער אונ קײַענדיק קאָרענעמ לעקעכ, — איכ ווייס ניט, וואָס פאַר א רועכ האָט זיכ אַרײַנגעכאַפּט צו אונדזער „אַלטנ״ אינ בויכ אַרײַנ! אַלײנ ליגט ער, ווי א קלאָץ, אויסגעצויגנ, מיט אָנגעבלאָזענע באַקנ, מיט א רויטנ פּיסק, מיט א קאַרק, אָפּ מיר געזאָגט געוואָרנ, אונ שרײַט, ווי א מעשוגענ קעלבל: „אוי, מײַנ סאָפּ! אוי, מײַנ עק!״ ניט מיט אַזאַ פּאָנעמ לייגט מענ אינ דער ערד אַרײַנ, נײנ! אונ דער דאָקטער גיסט אינ אימ רעצעפּטנ, מיט פלעשלעכ, מיט דער רועכ ווייסט וואָס! מע זאָל בא מיר פרעגנ, וואָלט איכ אימ געהייסנ אויסטרינקענ א גלאָז ריצנ־אייל, א טאָפּ סאָראָוועצ מיט א דרײַ קריגלעכ זויערמילכ, וואָלט עס אימ באַלד געפּלאַצט די אויגנ! ניט אַזאַ בויכ נעמט מענ מיט פלעשלעכ!

— די באַלעבאָסטע ווײנט דאָכ אונ זאָגט, אַז ער שטאַרבט שוינ אַוועק? — האָט זיכ אָנגערופנ זעלדע די קעכנ אונ האָט אַרײַנגעקוקט אינ אויוונ אַרײַנ.

— זי זאָגט? שפּײַט איר אָנ א פולנ פּאָנעמ! — האָט פרויקע מיט היצ געענטפערט אונ אַרויסגעשלעפּט פונ קעשענע נאָכ א שטיק

לעקעכ. — זי ווייסט האָב יאָ מער פול א טוימנ! דאָס האָבנ איר די
קינדער אײַנגערעדט; דאָס וואקסט פונ רשעוועקענ!

— וואָס האָסטו צו מײַנ מאדאמ, פרויקע?—האָט זיכ אײַנגעשטעלט פאר איר באלעבאָסטע א יונג מיידל פונ א יאָר צוואנציק מיט דעמ נאָמענ מאלקע־סאָסל.

— דײַנ מאדאמ? — איז אפ איר פרויקע אָנגעפאלנ. — דײַנ מאדאמ וואָלט שוינ לאנג גערנ, אז דער „אלטער" זאָל אויסציִענ די פיסלעכ; פארוואָס — דאָס איז שוינ „אונדזער" אייסעק, אונ ניט פאר דײַנ קאָפּ צו פארשטיינ אזעלכע זאכנ! דײַנ רשעוועקע קאָנ נאָר שפּילנ אינ קאָרטנ מיט פרעמדע יונגעלײַט אונ אָסיפּנ ארויסשטעלנ דרײַ פינגער, אונ אמאָל שטיל־ערהייט, אז קיינער זעט ניט, אָפּשטעקנ אימ טאקע א פינצטערנ פאטש אויכ. פונוואנענ איכ ווייס? — דאָס איז שוינ „אונדזער" אייסעק! זי האָט אזוי ליב דעמ טאטנ, ווי אויגנ־ווייטעק; זי קאָנ נאָר אָפּנארנ אימ גוט! אונ איצט, אז ער איז עפּעס ניט געזונט, האָט זי זיכ עס א ביסל צעפּעסטעט — ננו! גראָד איז זי איצטער געוואָרנ א גוטע שוועסטער מיט דער שוועגערנ; זי שושקעט זיכ מיט איר אונ סוידעט זיכ א גאנצנ טאָג, אונ נאָכדעמ שיקט זי מיכ, איכ זאָל שטיינ אונטערהערנ זיכ, וואָס רעדט דאָרטנ סאָני מיט דער שוויגער. א גוטע סבורע דײַנ רשעוועקע, קיינ מײַסע ניט! „מיר" קענענ זײַנ; „מיר" זענענ דאָ אויכ ניט קיינ נעבעכיקע, פארשטייסטו מיכ...

— מײַנ מאדאמ סאָני הערט זי, ווי דעמ פאראיאָריקנ שניי! — האָט זיכ אָנגערופנ זלאטקע די שווארצע, סאָנים דינסטמיידל. — בא אונדז אינ דער היימ...

— דײַנ מאדאמ, — האָט איר פרויקע איבערגעשלאָגנ, — איז אויכ געקומענ יאָהער טאנצנ אפ דער כאסענע אונ אָפּלעקנ א בייגדל; נאָר האָט צײַט א ביסעלע — פּפיו!!! (דאָ האָט פרויקע אויסגעצויגנ א לאנגנ סוויקשטש). דײַנ מאדאמ האָט אויכ נישט פײַנט קיינ פליאָטקעס פירנ אונ אָנרעדנ אפ איר אייגענער שוועסטער קאָל־האַ־צאָרעס אפ איר קאָפּ! אומזיסט האָט זי מיכ געמוטשעט דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט קעסיידער, איכ זאָל איר דערציילנ, וואָס טוט מאָרקיס? וווּהינ גייט ער דאָס אלע טאָג? צו וועמענ שרײַבט ער דאָס קוויטעלעכ, אונ וואָס לויפ איכ אלע טאָג אפ דער פּאָסט נאָכ בריוולעכ? נאָ! דײַנ סאָני איז דאָכ גאָר אנ אנטיק! דערפאר אָבער האלט זי דער מאנ שטארק אינ די הענט! נאָר איינ אָסיפּ איז א בראוווער מאנ. ער וואָלט יאָ געווענ עפּשער א שטיקל לײַט, ווענ ער זאָל ניט

זײַן אַזאַ שװאַקרעל, אַזאַ לאַך, אַז ער זאָל ניט האָבן אין זיך קײן װאָר װאָרט אין זאַל...

פּרויקע האָט געהאַלטן אָפֿן דאָס מויל און װאָלט נאָך עפּעס גאַנץ לאַנג געקאָמענטירט פֿאַר אונדז זײַנע פּרינציפּאַלן; נאָר אַ שטאַרקער קלונג פֿונעם גלעקל האָט אים איבערגעשלאָגן אינמיטן די רייד. ער האָט אַ װאָרף געטאָן דאָס האַנטעך מאַלקעס אין פּאָנעם אַרײַן און האָט זיך געשװינד געלאָזט לױפֿן צו די טרעפּ אַרױף. אױף דעם איבערשטן עטאַזש; אָבער װי פֿאַרװוּנדערט און דערשטױנט איז ער געװאָרן, אַז ער האָט אַלײן מיט זײַנע אױגן דערזען, װי צװײ הױכגעשעצטע און געערטע דאַמען שטײען הינטער דער קיך־טיר! און אַז די דאַמען האָבן אים דערזען, האָבן זײ זיך גלײַך מיט אים געלאָזט לױפֿן אױף די טרעפּ! אונדזער אָרעמע פֿעדער איז ניט אימשטאַנד אַרױס־צולאָזן די דאָזיקע װערטער, נאָר דער עמעס פֿאָדערט פֿון אונדז אָפּדעקן פֿאַר אונדזערע ליבע פֿרײַנט, אַז... גװאַלד! די דאָזיקע צװײ דאַמען זענען געװען ניט קײנער, נאָר די הױכגעשעצטע מאַדאַם רעװעקאַ זעמעל און די געערטעסטע מאַדאַם סאָני בלאַנק, װעלכע האָבן מיט אונדז קײן װאָרט ניט דורכגעלאָזט פֿון דעם, װאָס פּרויקע דער מעשאָרעס האָט גערעדט.

אונדזערע פֿילגעשעצטע דאַמען, רעװעקאַ און סאָני, לױפֿנדיק אַרױף אױף די טרעפּ, האָבן זיך פּלוצעם בײדע אין אײן אױגנבליק אַ כאַפּ געטאָן צוריק אַראָפּ, און מיט דעם דאָזיקן מאַנעװער האָבן זײ געװאָלט אָפּנאַרן פּרויקען, ביכדיי ער זאָל מײנען, אַז זײ קומען ערשט אָן און לױפֿן נאָר אַראָפּ, ניט אַרױף. צי דער מאַנעװער איז זײ געראָטן, צי ניין, — דאָס קאָנען מיר בעשום־אופֿן ניט װיסן, װאָרעם פּרויקע האָט נאָר אַ קוק געטאָן אױף זײ מיט אױסגעגלאָצטע אױגן, האָט געטאָן אַ שמײכעלע, אַ װאָרף מיט דער גריװע (נײטיק צו באַ־מערקן, אַז באַ סענדער בלאַנק זענען אַלע געגאַנגען אָן היטלען, כוץ סענדערן אַלײן, װאָס האָט געטראָגן אַ יאַרמעלקע) און געשװינד אַרױפֿ־געלאָפֿן אױף די איבערשטע טרעפּ.

אונדזערע געערטע דאַמען זענען מבילעס געבליבן שטײן און געקוקט אײנע אױף דער אַנדערער מיט גרױס כאַרפּע־אוביזאָיען, און גאָט װײסט, מיט װאָס דאָס אַלץ װאָלט זיך געקאָנט ענדיקן, מיט װאָס װאָלט פּרויקע אָפּגעשפּילט פֿאַר זײַן שאַרפֿע צונג און װי אַזױ װאָלטן די דאָזיקע צװײ דאַמען געקאָנט זיך קוקן גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, װען צװישן זײ װאָלט זיך ניט פֿאַרבונדן, טאַקע דאָ אױף די טרעפּ, אַזאַ מין שמועס:

— נו, וואָס זאָגט איר עפּעס, רעוועקאַ, אויפ אײַער טאַטנס מע־שאָרסימ? דעמ גרעסטנ ביזאָיענ קאָנ מענ דורכ זײ האָבנ! אַ מאַראַכע באַליידיקט צו ווערנ דורכ אַזעלכע הינט? עס איז מיר אַ כידעש, כלעבנ, אַז איר, רעוועקאַ, זאָלט דערלאָזנ האַלטנ אַזאַ הונט אינ שטוב? מיר האַכט זיכ, אַז אײַערס אײנ וואָרט וואָלט באַמ שווער...

— זאָגט דאָס ניט, סאָני! דער פּאַפּאַשאַ איז ניט שולדיק; דאָס איז „איר" פליגל-אַדיוטאַנט, אונ דאָס בענ-יאָכידל „אירס" הענגט זיכ פּאָשעט אויפ זײַנ האַלדז. דער פּאַפּאַשאַ זאָל וויסנ אַ צענטכיילעק, אַ הונדערטכיילעק פונ אַט די אַלע זאַכנ... אָ, סאָני! ניט אומזיסט קרענקט ער פונ „איר"! „זי" איז זײַנ מאַלעכ-האַמאָוועס! „זי" דער־גייט אימ דעמ עק!..

— אונ פונדעסטוועגנ באַרימט „זי" זיכ, אַז „איר" מאַרקוסל וועט זײַנ אַ האַלבער יוירעש... אײַער טאַטנס גוטס וועט אַרײַנפאַלנ אינ אַ מאַקעמ־קאָדעש...

— וואָס מיינט איר דאַמיט? איר האָט טאָמיד ליב, סאָני, יענעמ באַליידיקנ אומזיסט אינ אומנישט מיט שטעכווערטלעכ אונ אָפנ ווינק...

— שטעכווערטלעכ, רעוועקאַ? איכ ווייס ניט, ווער האָט ליב יענעמ צו שטעכנ, אַזוי ווי איר, רעוועקאַ?

— סאָני! איר זענט ערשט נעכטנ געקומענ אַהער, הייבט איר זיכ שוינ אָנ צו קריגנ! איר מיינט, עס איז אַמאָליקע יאָרנ, ווענ איר זענט געזעסנ בײַ אונדז אויפ קעסט?

— ב אַ  א ײַ כ אויפ קעסט, רעוועקאַ?..

ווער ווייסט, מיט וואָס דאָס וואָלט זיכ געענדיקט, ווענ אינ דער מינוט זאָל נישט געווענ דורכלויפנ דער יונגער הער בלאַנק, מאַרקוס בלאַנק, מיט וועלכנ מיר וועלנ זיכ אינגיכנ באַקענענ, אונ ווענ מאַר־קוס זאָל ניט געווענ מיט אַ שמייכעלע אַ קוק טונ אויפ די דאָזיקע צוויי דאַמענ, וואָס האָבנ געפונענ, אַז דאָס דאָזיקע שמייכעלע איז פאַר זײ די גרעסטע באַליידיקונג.

— וואָס זאָגט איר עפּעס, סאָני, אויפ „אימ"?

— אויפ אײַער ברודער, רעוועקאַ? וואָס זאָל איכ זאָגנ? אַ ווילער יונגערמאַנ, אַ גאַנצ פײַנער יונגערמאַנ; אונ אַוויירע, וואָס ער איז ביז אַהער נישט אַנטלאָפנ, נישט באַנומענ דעמ שווער אונ נישט אַנטלאָפנ שאַרלאַטאַנעווענ...

— אַנטלאָפנ?

— ווייסט איר וואָס? נאָט אײַכ דאָס בריוול, לייענט — וועט איר אויכ וויסנ.

אונ איינע האָט איבערגעגעבנ דער אַנדערער אַ בריוו, וואָס מיר ערלויבנ זיכ איבערגעבנ אונדזערע לעזער וואָרט אינ וואָרט, ווי אַ דאָקומענט, וואָס איז נייטיק צו דעמ דאָזיקנ ראָמאַנ.

„מײַנ טײַערער אַריע־לייב! מײַנ ערלעכער לערער! מײַנ גוטער באַווער! מײַנ ליבסטער פרײַנט! וואָס וועט זײַנ פונ דעמ דער טאַכלעס? איכ קאָנ דאָס שוינ מער נישט איבערטראָגנ! וואָס ווײַטער ווערט אַלצ ערגער אונ ערגער. וואָס טוט מענ? וואָס טוט מענ? מע מוטשעט מיכ, מע האַלט מיכ אויפ אַנ אײַזערנער קייט, מע באַליידיקט מיכ אויפ יעדנ טריט! מע רעדט מיר שידוכימ, מע וויל מיכ כאַסענע מאַכנ. איר פאַרשטייט, אַריע־לייב? כאַסענע מאַכנ מיט גוואַלד! מע וויל מיר אָנהענגענ אַ ווײַב, אַ ווײַב צו נײַנצנ יאָר! איר פאַרשטייט? מע וויל מיכ פאַרקויפנ, ווי מע פאַרקויפט אַ זאַכ, אַ כייפעצ, פונקט אַזוי ווי עס ווערט באַשריבנ אינ אַ ראָמאַנ! אונ ווענ? דערמאָלט, ווענ איכ בינ דערפונ אַזוי ווײַט, נאָכ ווײַטער ווי איר, אַריע־לייב, זענט פונ מיר! אָ, גוטער, ליבער, טײַערער אַריע־לייב! גיט מיר אַנ אייצע: איכ בינ גרייט אויפ אַלעס! איכ פיל, אַז אינ דער דאָזיקער מינוט איז בײַ מיר אויסגעוואַקסנ פליגל — אונ איכ וואָלט זיכ געלאָזט פליענ, לויפנ אינ דער וועלט אַרײַנ, וווּהינ די אויגנ וועלנ מיכ טראָגנ! אַבי אַנטלויפנ, אַנטלויפנ ווײַט פונ דאַנענ, ווײַט פונ די דאָזיקע ווילדע כײַעס, מערדער, דעספּאָטנ, טיראַנענ, וואָס האָבנ קיינ שומ געפיל פונ קיינ מענטשנ, וואָס האָבנ קיינ שומ באַגריפ פונ דער האַסקאָלע, וואָס האָבנ נישט געהערט פונ קיינ ציוויליזאַציע, וואָס זענענ איבערגעגעבנ מיט זייער גאַנצנ כײַעס צו דעמ געלט אונ צו די אַלע נאַרישע, בלינדע, אומענטשלעכע געפילנ. אָ! קיינער, קיינער פאַרשטייט מיכ נישט, נאָר איר, אַריע־לייב! נאָר איינ מענטש אויפ דער וועלט!.. ווי אַזוי רײַסט מענ זיכ אַרויס פונ דאַנענ? קיינ לערער ווילנ זיי מיר נישט האַלטנ; קיינ ביכער ווילנ זיי מיר נישט קויפנ — אונ איכ בינ עלנט, עלנט, ווי אַ שטיינ, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער אינ דער וויסטעניש, ווי אינ געפענקעניש. איכ האָב אַפילע נישט פאַר וועמענ אויסגיסנ מײַנ ביטער האַרצ, אַכוצ אײַכ, מײַנ ערלעכער אַריע־לייב, אונ דאָס — מיט גרויס מי, ווײַל איכ האָב מורע פיל צו שרײַבנ, זיי זאָלנ מיכ נישט באַמערקנ, אונ איר ווייסט דאָכ, ווי עס איז שווער אויסצוהאַלטנ מײַנ פאָטערס אָפּעקע. דערומ קאָנ איכ אײַכ אָפט נישט שרײַבנ, אונ די בריוו אָפּטראָגנ אויפ דער פּאָסט אַליינ קאָנ איכ נישט, מע זאָל מיכ

נישט באמערקנ. איר ווייסט דאָכ, וויאַזוי דאַ האָט מענ ליב צו קוקנ מיט זיבנ אויגנ. דערומ מוז איכ שיקנ דעמ בריוו דורכ אונדזער פרויקענ, פונ וועלכנ איכ האָב גענוג צאָרעס מיט יעסורימ, ביז איכ רעד אימ צו און ביז איכ באַצאָל אימ גוט — איר געדענקט דאָכ, וואָס פאַר א פאַרכ אונ א גאַנעוו ער איז... ווי גוט איז אײַכ ליב, אריע־לייב, ענטפערט מיר וואָס גיכער אפ דעמ דאָזיקנ בריוו מיט אנ אייצע פונ אנ עמעסנ גומ־ברודער: וואָס זאָל איכ טונ? אציינד וועל איכ אײַכ באַלגנ אַלעס, וואָס איר וועט מיר שאַפנ — אפילע אינ פייער אַרײַנ! אײַערע בריוו שיקט ווידער אפ דעמ זעלבנ אַדרעס, וואָס פריער, און פאַרגעסט ניט צו שרײַבנ, „для передачи Фройке Крок-ману“ ווענ ניט, בינ איכ א פאַרפאַלענער!

אײַער איבערגעגעבענער טאַלמיד, געטרײַער כאַווער אונ בעסטער, בעסטער פרײַנט

מ א ר ק ו ס ב ל א נ ק.

P. S. אריע־לייב! איר געדענקט דאָכ מײַנ שוואָגער אָסיפּ זעמעל? האָט דער דאָזיקער פּראַלער נישט לאַנג אַרײַנגעשריבנ א בריוו, אז ער עפנט א נײַ געשעפט, אנ אמעריקאַנישע וואַש־פאַבריק, און האָפט צו געווינענ א גרויסנ פּראָצעס פונ אַנדערהאַלבנ מיליאָנ! עס פאַר־שטייט זיכ, אז מע האָט אימ דערופ אפילע נישט געענטפערט...

אײַער מ א ר ק ו ס".

— ווו האָט איר געקריגנ אזא בריוו, סאָני?

— ווו? אײַער אָסיפּ האָט דאָס מיר געגעבנ, טאַקע אָסיפּ אַליינ!

— מײַנ אָסיפּ? וויאַזוי? וואָס הייסט דאָס?

דאָס דאָזיקע שײַנע בריוול האָט אינ אײַנ אויגנבליק אופגעמונ־טערט די פאַרזאָרגטע, פאַרקלאָגטע רעוועקאַ. שײַנ, הויכ, געזונט אונ פרייש איז רעוועקאַ געווענ, כאָטש זי האָט געהאַט געלע האָר מיט גרויע אויגנ. א קלייניקע, א שוואַרציניקע, א לעבעדיקע, מיט גאַנצ שוואַרצע האָר, מיט גרויסע שוואַרצע אויגנ, מיט א קליינ נעזל, א צונויפגעציפּעט מײַלכל, ווי אפ שנירלעכ, מיט גריבעלעכ אינ די בעק־לעכ, אפילע ווענ זי האָט ניט געלאַכט, — אָט האָט איר סאָניַנ אינגאַנצנ.

— סאָנישקע! ליובעניו, האַרצעניו, נעשאָמעניו! — אזוי האָט זיכ רעוועקאַ גאַנצ פרײַנטלעכ געווענדט צו איר שוועגערנ. — איכ בעט אײַכ, גייט, נעמט, רעדט מיט אָסיפּנ! לאָז ער אײַכ אקוראַט דערציילנ, ווו האָט ער דערטאַפּט דאָס דאָזיקע בריוועלע? אַלצ, אַלצ.

אלצ ווערט געוואָר, איכ בעט אײַכ, סאָנימשקע, הארצעניו! טאקע באלד לויפט ארופ! איכ וועל ארײַנגיינ צום פאפאשא און וועל אײַכ ארויסשיקנ אָסיפנ. גיכער!

— די רענע! — האָט סאָני געענטפערט. און ווי די פייגעלעכ, זײַנענ אונדזערע געשעצטע דאמענ ארופגעפלויגנ אפ דעמ אייבערשטנ עטאזש, וווּהינ מיר בעטנ אײַכ אונדזערע לעזער, זיי זאָלנ זיכ מיט אונדז מאטערנ זײַנ.

## דאָס צווייטע קאפיטל

### די אקטיארנ שפּילנ געצייכנט גוט

ווי אנ ארנטלעכער ראָמאניסט, זײַנענ מיר מעכוייעו פארצושטעלנ א בילד פונ סענדער בלאנקס הויז און ניט דורכלאָזנ קיינ קלייניקייט; נאָר מאכמעס מיר זײַנענ זייער נײַגיריק שוינ אָנצוקוקנ דעמ הער בלאנק עטלעכע שאָ פאר זײַנ טויט, מוזנ מיר די באשרײַבונג פונעמ שיינעמ הויז אָפּלייגנ אפ אנ אנדער צײַט, און איצט נאָכגיינ טריט בא טריט אונדזער געשעצטע העלדנ, רעוועקא זשמעל, גלײַכ צו סענ-דערנ אינ צימער ארײַנ.

דער שארפער רייעכ פונ די אפטייק-פלעשלעכ שטעלט אונדז פאָר אינ דער פאנטאזיע אנ אויסגעצויגענעמ כוילע מיט א בלאס געזיכט, מיט א פאָר גלעזערנע אויגנ און מיט פארשמאכטע ליפּנ, און מיר פילנ, אז דאָ האָט זיכ דער טויט געמאכט א נעסט, און דער מאלעכ-האמאָוועס ליגט ערגעצ אינ א ווינקעלע און מיט א לאנגנ שעכט-מעסער אינ דער האנט היט ער אימ די נעשאָמע, אזוי אז א פראָסט לויפט דורכ איבערנ לײַב; און יעדער פונ אונדז, אפילע דער גרעסטער אפיקוירעס, דערמאָנט זיכ אויכ אינ דעמ לעצטנ טאָג פונעמ קורצנ לעבנ, און יעדער, נאָכ זײַנ פארשטאנד, הייבט אָנ צו פילאָזאָפירנ אפ זײַנ שטייגער: דער מאטעמאטיקער זאָגט, אז די גאנצע וועלט איז געגליכנ צו א ראָד, און דער טויט איז דער צענטער, און מיר, מענטשנ, זײַנענ נישט מער ווי אומגלײַכע ראַדיוסנ, וואָס שפּארנ זיכ אָנ אלע אפ איינ פונקטום... דער זייגערמאכער זאָגט, אז די גאנצע וועלט איז געגליכנ צו א ציפערבלאט, די ווײַזערס — דאָס איז אונדזער לעבנ, דער אומרו — דאָס זײַנענ מיר, און אז די וואָג פאלט אראָפּ — איז אונדזער לעצטע היסטאָריע... דער שוסטער זאָגט, אז די וועלט איז געגליכנ, לעהאוודל, צו א כאָליעווע, און דער מענטש — דאָס איז דער האמער... דער באלעגאָלע זאָגט, אז די גאנצע וועלט איז באשאפנ

געוואָרנ נאָר צוליב דעמ באַלעגאַלע; און, וואָס דרייענ זיך דאָ אַרומ אַזויפיל מענטשנ? — חאָס, זאָגט ער, זענענ אונדזערע פאַרשווינענע, פונ וועלכע מיר האָבנ פּאַרנאָסע... פונ אַ באַגדער האָב איך אַליינ געהערט, ווי ער האָט געזאָגט, אַז די גאַנצע וועלט איז געגליכנ, לע־האַוודל, צו אַ פעסל, וואָס אַז סע ווערט נאָר צעלעכצט, מוז דאָס דער באַנדער אָנשלאָגנ...

אַרײַנגעקומענ צו סענדער בלאַנק אינ כיידער אַרײַנ, צומ כוילע, האָט זיך פאַר אונדזערע אויגנ פאַרגעשטעלט אַזאַ מינ בילד: אַפ אַ גרויסנ אײַזערנעמ בעט ליגט מיטנ בויכ אַרופ אַ ייִד פונ אַ יאָר פופציק, מיט געלע האָר, מיט אַ גרויסער געלער באָרד, דאָס גאַנצע פּאָנעמ קימאַט מיט די הענט באַוואַקסנ מיט גילדענע האָר, מיט לאַנגע געלע ברעמענ אַפ די אויגנ (אַ סאַכ ענלעכקײַט מיט זײַנ טאָכ־טער רעוועקאַ). סענדער איז געשלאָפנ, ווי עס האָט אויסגעוויזנ, מיט אַ זיסנ געזונטנ שלאָפ, אונ אַפ זײַנע באַקנ האָט געפלאַמט אַ פײַערל.

רעוועקאַ איז שטיל צוגעגאַנגענ צו זײַנ בעט, האָט צוגעלייגט אַ פינגער צומ מויל: „ש־ש־ש־ש־ש־ש־ש־ש! ! !“—אונ דער אומגליק־לעכער כוילע האָט זיך נעבעכ אופגעכאַפּט, האָט אופגעעפנט זײַנע גרויסע גרויע אויגנ אונ האָט אַרויסגעלאָזט עפּעס ווי פונ אַ ליידיקנ פאַס: „אוי, מײַנ סאָפ! אוי, מײַנ עק!“ — אַז די פענצטער האָבנ געציטערט. אינ איינ אויגנבליק האָט זיך רעוועקאַס פריילעכ שיינ געזיכט ווידער פאַרענדערט, אונ אַפ איר שיינעמ ווײַסנ שטערנ האָבנ זיך פּלוצעמ אויסגעלייגט מיטאַמאָל עטלעכע טיפע, טיפע קנייטשנ, אונ אירע אויגנ האָבנ זיך באַנעצט מיט עמעסע, ביטערע טרערנ.

— פּאַפּאַשאַ! — האָט אימ אונדזער העלד געזאָגט, אַרויסשיקנ־דיק אָסיפּנ מיט אַ ווינק, אונ האָט זיך געזעצט באַמ פּאָטער צוקאָפּנס אונ האָט אַנידערגעלייגט איר ווייכע, ווײַסע האַנט אַפ זײַנ שטערנ. — פּאַפּאַשאַ! ווער שוינ געזונט. סע איז שוינ צײַט. זע, וואָסער אַ פּאָנעמ דו האָסט באַקומענ, פּאַפּאַשאַ! שטאַרק זיך! פאַל ניט אַראָפּ בא זיך! לאָז זיך ניט אָפּ אינגאַנצנ!

— אוי, שלעכט, שלעכט, טאָכטער! — האָט איר דער פאָטער געענטפערט. — אַנ עק! אַנ עק! גאָט ווייסט, צי איך וועל דערלעבנ מאָרגנ, גאָט ווייסט! ריווקע! קינדער! כאַימ! מאַרקוס! ווו זענט איר? ווו זענענ מענטשנ? רופט מיר מענטשנ! איך וויל שרײַבנ אַ... אַ... אַ... צאַוואָע!

— אַ צאַוואָע? ווייס איך, וואָס דו רעדסט, פּאַפּאַשאַ! נאַ דיר

גאָר א צאַוואָע! מײלע, אַז מע איז ניט געזונט, איז וואָס? סע מאַכט זיכ! א מענטש איז ניט קײנ אײַזנ...

— אָ... אוי, טאָכטער, איכ וויל שרײַבנ א צאַוואָע. איכ האָב עטלעכע געצײלטע שאָ צו לעבנ, צו מוטשענ זיכ. גוואַלד! גוואַלד!

דער דאָזיקער „גוואַלד" האָט אופגעהויבנ דאָס גאַנצע הויז אפ די פיס. צומ אַלעמערשטנ האָט מיריאַמ־כײַע, סענדערס ווײַב, געבאַלעשט, אונ דאָס ווייסנ מיר דאָכ אַלע, ווי גרינג דער שוואַכער פרוי איז צו באַלעשנ; צו איר איז צוגעלאָפנ די מאַדאַמ סאָני מיט אַזאַ שרעקלעכ געשרײ „שוויגער!!" — אַז וועג מיריאַמ־כײַע זאָל טאַקע אָפּ און עמעס געוועג באַלעשנ, וואָלט זי זיכ אויכ באַדאַרפט אופ־כאַפּנ — אונ זי האָט זיכ טאַקע אופגעכאַפּט, אופגעעפנט די אויגנ, אנידערגעלײגט דעמ קאָפּ בײַ דער שנור אפנ האַרצנ אונ גענומענ צו לײענענ א צעטל, וואַזוי אומגליקלעכ אונ עלנט זי איז, וואַזוי זי בלײַבט ווי אפנ וואַסער, ווי א פאַרוויסטע אַלמאָנע — א יונגע, נאָר א פאַרוויסטע אַלמאָנע! ווער וועט זיכ אפ איר אַרומקוקנ?

אפ איר קוקנדיק, איז סאָניע צעגאַנגענ געוואָרנ פאַר געוויינ, אונ פאַר גרויס ראַכמאָנעס האָט זי קימאַט פאַרגעסנ אינ אירע אײגענע צאָרעס אונ האָט גענומענ טרײסטנ די „וויסטע אַלמאָנע" מיט די דאָ־זיקע רירנדיקע אונ האַרצרײַסנדיקע ווערטער:

— גענוג אײַכ צו טרויערנ, שוויגער, כלעבנ, גענוג! פאַרגעסט ניט אָנ גאָט אונ זינדיקט נישט מיט אײַערע רייד, שוויגער! גאָט וועט אײַכ ניט פאַרלאָזנ. איר זענט נאָכ א יונגע, אונ אײַער מאַזל קאָנ קײנער נישט וויסנ. איר זענט ניט די ערשטע, אונ ניט די לעצטע. גאָט קאָנ אײַכ נאָכ באַשערנ, אונ איר קאָנט נאָכ וויסנ פונ א וועלט, אונ מיסטאָמע וועט אײַכ דער שווער ניט פאַרגעסנ אינ דער לעצטער מינוט אונ וועט אײַכ באַוואָרענענ. אָבער איכ, שוויגער, איכ קאָנ זיכ צו אײַכ נישט גלײַכנ, איכ בינ באַפאַלנ מיט קינדער אונ דאַרפ האָבנ פיל זכוס־אָוועס, ביז איכ זאָל פועלנ בײַ גאָט, אַז דער שווער זאָל מיכ אויכ נישט פאַרגעסנ מיט מײַנ מאַנ. איר ווייסט, איכ האָב נאָכ קימאַט קײנ כנעשאָ נישט געהאַט, כוץ דאַכקעס, יעסורימ אונ האַרצ־ווייטעק, כאָטש מײַנ כאַזמ איז אַנ ערלעכער, א שטילער, א לײַטישער יונגערמאַנ, ניט אַזוי ווי אונדזער אָסיפּ, דער שאַרלאַטאַנ, וואָס פאַר־שפּילט, זאָגט מענ, אינ קאָרטנ א יאָר, וויפל איכ מיט מײַנ מאַנ אונ מיט מײַנע קינדער דאַרפנ פאַרלעבנ, אונ פונדעסטוועגנ ווייסט איר, וויפל מאַטאָנעס רעוועקאַ האָט טאָמיד פונעמ שווער, אונ איכ, אַכוץ דעמ נאַדאַנ, נישטאָ וואָס צו רעדנ!..

אונ מיט די דאָזיקע ווערטער האָט נעבעכ סאָני באַהאַלטנ איר וויינענדיק פּאָנעמ באַ מיריאַמ־כײַעס אָפּנ האַרצנ, אונ אַזוי האָבנ נעבעכ די דאָזיקע צוויי אומגליקלעכע ווײַבער אויסגעגאָסנ איינס פאַר אַנדערנ זייערע הערצער, זייערע ביטערע הערצער, וואָס זענענ אָנגעזאָדנ פונ אַ צײַט מיט יאָרנ מיט קינע, סינע, פאַרדראָס, האַרצווייטיק מיט נאָכ אַנדערע געפילנ... מיר זענענ אַלע אַזוי, לעזער, ווער ווייניקער, ווער מער, ווער קליגער, ווער נאַרישער, ווער אָפנ, ווער פאַרבאָרגנ — אָבער עגאָיסטנ זענענ מיר אַלע. האָט אָפּ מיר קיינ פאַריבל ניט! עמעס, מיר האָבנ אַ באַקאַנטנ איינעמ, רעב הערצ אָדער רעב זאָרעכ — דאָס איז אַלציינס — געדענק איכ גאַנצ גוט, וויאַזוי צוריק מיט אַ יאָר צוויי אָדער דרײַ, אַז דער דאָזיקער רעב הערצ אָדער רעב זאָרעכ האָט באַדאַרפט שטאַרבנ אונ זײַנע קינדער מיט זײַנע פרײַנט זענענ זיכ צונויפגעפאָרנ צו אימ — איז קעדײַ געוועזנ צו זענ, מיט וואָס פאַר אַ ריירנדיקער פרײַנטלעכקײַט, מיט וואָס פאַר אַ ווירקלעכער איבערגעגעבנהײַט אונ ליבשאַפט דאָס דאָזיקע געזינדל איז געגאַנגענ אונ געהאַנגענ אַרומ דעמ כוילע; עס איז קעדײַ געוועזנ צו זענ, וויאַזוי דער גאַנצער אוילעמ האָט אַרומגערינגלט דעמ דאָקטער אונ וויאַזוי איינער איבערנ אַנדערנ זענענ געלאָפנ צו באַדינענ דעמ כוילע; אונ שטעלט אײַכ פאָר, אַז אַלע האָבנ פאַרגעסנ אָנ זיכ אונ מע האָט נאָר געהאַט צו טונ מיטנ כוילע, אונ ביז דער לעצטער מינוט האָבנ זײַנע קינדער אונ זײַנ ווײַב זיכ נישט געזעצט צו באַדויערנ זייער אייגענע לאַגע, ווי אונדזערע געשעצטע פרויענ מיריאַמ־כײַע בלאַנק מיט איר ליבסטער שנור סאָני בלאַנק, וואָס האָבנ, ווי עס ווײַזט אויס, באַצײַטנס באַוויינט ניט דעמ הער בלאַנק, וואָס האָט זיכ געקליבנ שטאַרבנ, — זיי האָבנ באַקלאָגט זיכ אַליינ. שטעלט אײַכ פאָר, אַז בעשאַס רעב הערצ אָדער רעב זאָרעכ האָט זיכ געראַנגלט מיטנ מאַלעכ־האַמאָוועס, האָט קיינער נישט אינ זינענ געהאַט קיינ צוואָע מיט קיינ באַוואָרעניש, אונ ווענ עמעצער זאָל זיכ געווענ דערפונ אויסרעדנ, וואָלט דאָס געווענ די גרעסטע באַליידיקונג פאַר דעמ גאַנצנ הויזגעזינד. ניט אַזוי ווי דאָ, באַ אונדזער באַרימטנ הער בלאַנק, ווו די מאַדאַמ רעוועקאַ זעמעל האָט אַ ווונק געטאָנ צו איר פילגעליבטנ מאַנ אָסיפּ זעמעל, ער זאָל לויפנ אונ ברענגענ וואָס גיכער מענטשנ, דעמ ראָוו, דעמ נאָטאַריוס, אונ אַז דער דאָזיקער וועלטלעכער דיפּלאָמאַט, מיט וועלכנ מײַנע לעזער וועלנ זיכ באַלד באַקענענ גאַנצ נאָענט, אַז דער דאָזיקער הער זעמעל, זאָג איכ, איז געקומענ צומ נאָטאַריוס, האָט ער מיט אימ געמאַכט אַ גאַנצ לאַנג

שמועס וועגן זאַקאָנעס בכלל און וועגן יערושע באַזונדער. ער האָט באַוויזן, ווי ווײַט ער איז קלאָר אין זאַקאָנעס, און כאָטש ער איז, דאַנקען גאָט, ניט אַזוי נויטבאַדערפטיק, דאָך פאַרהאָפט ער, אַז זײַן געליבטער שוועער, דער הער בלאַנק, וועט אים אָפּשרײַבן דעם גרעסטן ביילעק יערושע, מאַכמעס אים, אָסיפּן, האָט ער ליב, ווי אַן אייגענעם זון. און שפּעטער, אַז דער נאָטאַריוס מיט די איבעריקע זענען געקומען צום כוילע, האָט אָסיפּ אַרום זיי שטאַרק אַרומגעטאַנצט, און אַזוי אײַנגענומען און אויפגעלייגט, אַז אַ מענטש פון דער זײַט האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָ וועט מען שרײַבן טנאָים, ניט קיין צוואָע, אַז דאָ איז אַ כאַסענע, ניט קיין געפערלעכער קראַנקער, וואָס געזעגנט זיך מיטן לעבן... נאָר אין רעוועקאַ האָט זיך ניט פאַרלאָרן: די דאָזיקע געטרײַע טאָכטער איז ניט אָפּגעטראָטן אָפּ קיין מינוט, אָפּ קיין רעגע פונעם קראַנקן פאָטער; אָפּ איר פּאָנעם זענען געווען אָנגעצייכנט אַזעלכע יעסורים, אַזעלכע טיפע שמערצן, אַז דער געפערלעכער סענדער האָט זי געטרייסט:

— וואָס ווייסטו, נאַרעלע?

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער האָבן געעפנט בײַ דער זעלטענער טאָכטער אַ נײַעם קוואַל פון טרערן, און קוים מיט צאָרעס האָט זי געקאָנט אַרויסרעדן אָדער אַרויסקוויטשען:

— טאַטע! מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט!

— וואָס, נאַרעלע? וואָס דאַרף מען ניט, נאַרעלע?

— קיין צוואָע דאַרף מען ניט! מע דאַרף ניט! איך וויל ניט! איך קאָן דאָס ניט איבערטראָגן! דו וועסט נאָך לאַנג, לאַנג לעבן!

— גיי שוין, גיי, נאַרעלע! זעסט דאָך, אַז איך עק זיך!

— מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט!

וואָס האָט געקלערט אונדזער שיינע רעוועקאַ, שרײַענדיק: „מע דאַרף ניט", בײַ זיך אין האַרצן? עס איז נישט גרינג צו וויסן, ליבער פרײַנט, וואָס איר אָדער איך קלערן אין האַרצן; דאָס איז בכלל זייער אַ שווערע זאַך צו טרעפן, און הײַנטיקע יאָרן איז גאָר ניטאָ דער נאַר, וואָס זאָל אַרויסגיין און דערקלערן, וואָס דער אָדער יענער טראַכט בײַ זיך אין האַרצן; יעדער אָפּ זײַנע געדאַנקען איז באַלעבאָס און קאָן זיך מיט זיי באַנוצן, ווי ער פאַרשטייט... על־כּל־פּנים, דאָס קאָן איך אײַך זאָגן, אַז נאָך דעם געוויין מיטן געשריי פון אונדזער פײַנער העלדין רעוועקאַ „מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט!" האָב איך אַליין מיט מײַנע אויגן געזען, ווי זי, רעוועקאַ, האָט אָוועקגערופן איר געשעצטן מאַן, אָסיפּ זעמעל, און האָט זיך מיט אים עפּעס

געסוויחעט און געשושקעט עטלעכע מינוט, און אירע אויגן זענען געווען טרוקן, ווי פעפער. וואס האבן זיי גערעדט — קאן איך אד-הא-יאם נישט וויסן; איך האב נאר געכאפט עטלעכע ווערטער: „יע-רושע...“ „צאוואע“... „א ביילעק“... „זאקאן“...: „אן אכטל“...: „א זון“... „א טאכטער“... און דאס איז שוין גענוג פאר אונדז, און מיר שטויסן זיך שוין אן, פון וואס דאס דאזיקע פארפאלק האט דא געשמועסט. די מאדאם רעוועקא איז געווען עפעס זייער צעטראגן, ווי א סויכער בעשאס ער שמועסט פון א גרויס געשעפט, און הער אסיף זעמעל האט ארײַנגעשטעקט ביידע הענט אין די הויזן-קעשענעס, פארריסן די נאז מיט די אש-קאלירענע ברילן און האט א ביסל ווי אונטערגעשפרונגען, ווי אונטערגעטאנצט, סקריפענדיק שטארק מיט די שטיוול, און אף זײַן פרײַלעך פּאנעם איז געווען קלאר, אז עס איז אים הײַנטיקן טאג ביכלאל זייער אויפגעלייגט אפן הארצן...

דאס אנדערע בעטל, וואס דער אומגליקלעכער קראנקער ליגט אף דעם איצט און אמפערט זיך מיטן מאלעך-האמאוועס, איז, איינגענטלעך, ניט קיין שלאף-בעטל, נאר אזא מין קושעטקע, א גאנץ גרויסע, וואו סענדער האט ליב געהאט צו לייגן זיך אפרוען נאך יעדן מאלצײַט מיט א גאנץ גרויסער גראבער ציגאר אין די ציין. ווי עס ווײַזט אויס, האט סענדער ליב פון טאמיד אן שטארק און מאסיוו מעבל; דאס קאן מען באמערקן נאך דעם גאנץ גרויסן דעמבענעם שרײַבטיש און נאך דער הויכער דעמבענער קרעסלע (פאטעל), וואס האט גיכער א פּאנעם פון א גארדעראבנע שאפע איידער פון א קרעסלע, כאטש אינמיטן איז אויסגעהאקט אן ארט אף סענדערס געזעס, באַצויגן מיט א גאנצער יוכטענער פעל. מערקווירדיקער, שטארקער און מאסיווער פון אלץ איז דאס שרײַב-געצײַג מיט די אלע שמאכטעליאקעס, וואס געפינען זיך בא יעדן לײַטישן מענטשן פון הײַנטיקער וועלט אפן שרײַבטיש. אלץ איז אפגעארבעט און אפגעטעסעט אזוי ערנסט, אזוי ארנטלעך, אזוי געטרײַ, — ניט אנדערש, ווי „פא זאקאזו“ געמאכט געווארן, ווארעם אז מע קויפט בא די הײַנטיקע טאנדעטניקעס, איז דאס נאר קײַ און שפײַ, מיטן ווינט און מיטן רויך, אבי נאר געלט אויסצונארן און גענוג! ניין, סענדער איז ניט פון די דאזיקע שפרינגערס, וואס הײַנט לעבן זיי און מארגן פגרפא! סענדער האט ליב שטארקס, פעסטיקס, מאסיווס — און איז אליין אויך שטארק, פעסטיק און מאסיוו, פארפראוועט פון געזונטע מײַכאלים מיט די בעסטע ווײַנען און פארזארגט אף היפשע, היפשע עטלעכע יאר.

נאָר — אכ! ניטאָ קיינ אייביקע זאכ אפ דער וועלט! איינ איבעריקער טראָפּנ וואסער אינ טײַכ מאכט א גרויסע באוועגונג אינ די כוואליעס; איינ איבעריק שטיקל געפילטע פיש פונ א דרײַ־פיר פונט מאכט אָנ א גאנצע סומאטאָכע, א רעוואָליוציע אינ בויכ — אונ מיר זענענ אלע בא גאָט אינ די הענט!.. ווער וואָלט זיכ דאָס געקאָנט ריכטנ, אז איבער א האָנ מיט א הונ זאָל כאָרעוו ווערנ אזא גרויסע שטאָט, ווי בעטער? 1 ווער וואָלט זיכ דאָס געקאָנט ריכטנ, אז איבער אזא גאָרנישט מיט א נישט, ווי א שטיקל העכט, זאָל עס נעמענ אומ־וואלגערנ אזא מויער, ווי סענדער בלאנק, וואָס האָט זיכ נאָכ אפ זײַנ לעבנס לעבנ קיינמאָל נישט געקלאָגט, אז סע זאָל אימ עפעס ווי טאָנ? אונ פונדעסטוועגנ זעט איר דאָכ, אז אפ דער וועלט קאָנ זיכ אלץ מאכנ.

## דאָס דריטע קאפיטל

**איז א ביסל צו גרויס, דענ עס ווערט דאָ באשריבנ א סאכ פארשוינענ**
**אונ געשמועסט פונ פארשיידענע זאכנ**

אלצדינג קאָנ זיכ מאכנ אפ דער גרויסער וועלט, אונ יעדער צופאל קומט אָנ אזוי אומגעריכט, פּלוצעמ, אז אונדזער מענטשלעכער פארשטאנד שטעלט זיכ אנידער אונ ווערט פארגליווערט, אז ער באגעגנט אזעלכע וווּנדערלעכע זאכנ אינ דער נאטור.

דער פארפאסער פונעמ דאָזיקנ בוכ איז אליינ געווענ אנ אײַדעס בא א סאכ אזעלכע אומגעריכטע צופאלנ. ווי הײַנט שטייט אונדז פאר די אויגנ אונדזער „רעב יאָסל־דאָוויד פאָניע" מיט דער גרויסער באָרד, מיט דער צעפלעצטער נאָז, מיטנ גראָבנ בויכ, מיט דער ברייטער ליסינע אפנ קאָפ; אָט איז ער געקומענ פונעמ דאווענ, אָט האָט ער געמאכט „שעהאקל" אפ א גלעזל ספירט אונ האָט פארביסנ מיט עטלעכע הייסע קארטאָפליעס, אָט האָט ער זיכ צוגעלייגט א מינוט־קעלע אפנ טאפטשאנ — אונ אָט האָט ער ניט געסטײַעט!.. אונ עליע? עליע דער טאָלעסניק וויאזוי איז געשטאָרבנ? אינ באָד פרײַטיק, אפ דער אייבערשטער באנק! נאָר ווענ מיר זאָלנ נאָר וועלנ זיכ ארײַנ־לאָזנ אינ לאנגע שמועסנ, וואָלטנ מיר געקאָנט אָפציילנ נאָכ צוואנ־ציק אזעלכע צופאלנ, ווו דער טויט קומט פּלוצעמ, נישט געריכט. נאָר ניט דאָ איז דער אָרט צו פארנעמענ זיכ מיט אזעלכע „סיפורי־

1 לויט דער טאלמודישער לעגענדע איז איבער א האָנ מיט א הונ כאָרעוו גע־וואָרנ די שטאָט טור־מאלקאָ; בעטער איז כאָרעוו געוואָרנ איבער אנ אקס פונ א רײַטוואָגנ.

מײַסעס" 1. אונ אז א ראמאניסט זאל װעלנ אינ איינ בוכ ארויסשרײַבנ אלצ, װאס ער װייסט, װאלט זײַנ ראמאנ קיינמאל קיינ עק ניט געהאט, ביזנ טויט ארײַנ...

מיט אונדזער געערטעסטנ סענדער בלאנק איז אויכ געװענ אנ אומגעריכטע זאכ. דאס איז געװענ אינ א שײנעם פרימארגנ, נישט אינ קיינ כמארנעם טאג, איז זיכ סענדער אופגעשטאנענ, װי א מענטש דארפ אופשטײנ, אונ טרינקענדיק טיי, האט ער, פונקט װי אלע טאג, א ציי געטאנ באם גלעקל, אונ עס איז ארײַנגעקומענ אונדזער באקאנטער פרויקע, אויסגעצויגנ זיכ פאר דעם באלעבאס, װי א סטרונקע.

— מע האט שוינ געבראכט די פיש? — האט סענדער א פרעג געגעבנ אונ האט אפגעזופט א האלבע גלאז טיי.

— געבראכט! — האט פרויקע געענטפערט, װי א כװאט.

— העכט?

— העכט.

— גרויסע העכט?

— גרויסע העכט.

— פרישע?

— פרישע.

— זאג זעלדעג, די פיש זאלנ זײַנ מיט מערנ געקאכט, — האט סענדער ארויסגעגעבנ א באפעל אונ האט א זופ געטאנ די אנדערע האלבע גלאז טיי.

— מיט מערנ געקאכט,—זאגט אים פרויקע נאכ, װי נאכ א סידער.

— עטלעכע קארטאפליעס אינ די פיש איז אויכ נישקאשע, — האט סענדער באפעלנ װײַטער.

— אויכ נישקאשע, — זאגט פרויקע.

— אונ באטאמט, מאסטקע, װי מיט קליי, רויטלעכ, געדיכט, מיט פעפער, הייס, אויסגעזאלצנ. דו הערסט צי נײנ?

— איכ הער, איכ הער.

— קיינ זראזע דארפ מענ הײַנט ניט, — האט סענדער װײַטער ארויסגעגעבנ א אינסטרוקציע.

— דארפ מענ הײַנט ניט, — זאגט פרויקע.

— אפנ ארט פונעם זראז — אנ עסיק־פלייש.

— עסיק־פלייש, — זאגט פרויקע.

---

1 סוזשעטנ

— גענדזנפלייש אינ סופ.

— גענדזנפלייש אינ סופ, — זאָגט פרויקע.

— די דרויבעלעכ פונ די גענדז אויכ אינ סופ ארײַנ.

— אויכ אינ סופ ארײַנ.

— באַשיטנ מיט גרײַפּלעכ.

— מיט גרײַפּלעכ.

— א ציממעס פונ פאסטערנאַק.

— פונ פאסטערנאַק.

— סע איז נאָכ דאָ באַ אונדז פונעמ װײַסנ װײַנ? — האָט פלוצעמ סענדער א פרעג געטאָנ אונ אנידערגעשטעלט אפ פרויקענ אזעלכע אויגנ, גלײַכ װי אײנער רעדט: „זאָג שוינ, זאָג, מאַמזער, נא, שטעכ מיכ, קוילע מיכ!”... פרויקע איז גאָר צעמישט געוואָרנ; ער האָט זיכ א כאַפּ געטאָנ מיט בײדע הענט באַמ שטערנ, באַ די קנעפּלעכ פונעמ פּידזשאַק, באַ די עלנבויגנס, באַ די קעשענעס, אונ האָט א װאָרפ געטאָנ מיט די אויגנ אפ דער סטעליע, גלײַכ װי דאָרט איז געװענ אָנגעצייכנט, װיפל בוטלקעס װײַנ עס געפינט זיכ נאָכ באַ סענדערנ אינ קעלער, אונ קוימ מיט צאָרעס געענטפערט:

— הא? וואָס? װײַסער װײַנ? נײנ! יאָ! סע איז נאָכ דאָ.

— פארגעס ניט שיקנ נאָכ ביר.

— נאָכ ביר, — זאָגט פרויקע.

— מע מעג שוינ עפענענ א נײַע פאַס אוגערקעס.

— אוגערקעס.

— געדענק זשע, וואָס איכ האָב דיר אָנגעזאָגט מיקויעכ די פיש.

— מיקויעכ די פיש, — זאָגט פרויקע.

— איצט גײ!

פרויקע איז ארויסגעגאנגענ, אונ סענדער האָט גיכ־גיכ געענדיקט מיטנ אָנבײַסנ, האָט זיכ ארומגעטרייסלט, אָפּגעווישט מיט דעמ טיש־טעכל די ליפּנ, די הענט, אופגעשטאנענ, אויסגעגלעט דעמ בויכ, פאַרײַכערט א גראָבע ציגאַר אונ האָט זיכ אראָפּגעלאָזט אינ דער באַקאַנטער קרעסלע ארײַנ. די ציגאַר האָט ארויסגעלאָזט אונ צע־טראָגנ איבערנ גאנצנ קאַבינעט זייער א שיינעמ אראָמאַט, אונ סענ־דערס געדאַנקענ זענענ אוועק ווײַט־ווײַט אינ קיכ ארײַנ, אונ עס האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אז ער הערט א רייעכ פונ געקאָכטע פיש; סענ־דער האָט צעשפּרייט די נאָזלעכער אונ האָט מיטנ גאנצנ קויעכ גענומענ ארײַנשלעפּנ צו זיכ אינ נאָז ארײַנ דעמ שיינעמ, געשמאַקנ אראָמאַט פונ די אויסגעצייכנטע געפילטע פיש, אונ אזוי האָט ער

געכאַפּט א דרימל, זיצנדיק אינ קרעסלע, אַפ א האַלבע שאָ. אופגע-
שטאַנענ, האָט ער זיכ גענומענ א ביסל צו די געשעפטנ, אָפגערעדט
מיט א צוויי־דרײַ מעקלערס, איבערגעזענ די בריוו פונ דער פּאָסט, אָפּ-
געענטפערט, וועמענ מע דאַרפ, אונ האָט א קלונג געטאָנ צו פרויקענ
אונ האָט געהייסנ גרייטנ צומ טיש.

אַז אונדזער סענדער האָט אַרײַנגעטראָטנ מיט א פאַרכאַלעשט
האַרצ אינ עסצימער אַרײַנ, איז שוינ דער לאַנגער דעמבענער טיש
געווענ אײַנגאַנצנ גרייט מיט טעלער, מעסערס, לעפל, פלעשער אונ
קליינע פלעשעלעכ, גלעזער אונ קליינע גלעזעלעכ, מיט אַלערליי גע-
זאַלצנס, הערינג געשניטענער, הערינג געהאַקטער, שמאַלצ־הערינג,
געריכערטער הערינג, געמאַרינירטער הערינג, קליינע הערינגלעכ,
סערדעלנ, איקרע אונ וואַרשעווער קאָלבאַסנ. דאָס עסצימער אַלײנ
האָט מיט דער שטאַרקײַט פונעמ מאַסיוונ מעבל געכאַפּט דעמ אָנבליק
פונ סענדערס קאַבינעט; די דאָזיקע צוויי כאַדאָרימ האָט סענדער
ליב געהאַט מער פונ זײַנ גאַנצנ גרויסנ הויז, מאַכמעס די איבעריקע
כאַדאָרימ זענענ געווענ אופגעפוצט אַפ הײַנטיקנ מאַניר, אונ זייער
גרינגע, רויכיק מעבל האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטנ אַפ זיכ דעמ
שווערנ קערפּער פונעמ געשעצטנ הער בלאַנק. דרײַ פּריבאָרנ זענענ
אַפנ טיש געשטאַנענ: פאַר סענדערנ, פאַר זײַנ ווײַב אונ פאַר מאַרקוסנ.

אונדזערע לעזער זענענ נאָכ ניט באַקענט מיט די איבעריקע
צוויי פּאַרשוינענ. ביזוואַנענ סענדער וועט זיכ אָפּפּאַרטיקנ מיט די
געזאַלצענע זאַכנ, וואָס שטייענ דאָ אַפנ טיש, וועלנ מיר מיט איינ
קוק באַטראַכטנ סענדערס ווײַב מיט איר זונ מאַרקוסנ.

מיריאַמ־כײַע, די מאַדאַמ בלאַנק, איז נאָכ גאָר א יונגע פרוי, פונ
א יאָר זעקס אונ דרײַסיק, נישט מער; זייער א שיינע, א קלאָר־ווײַסע,
ווי געפּאַלענער שניי, מיט זייער שיינע בלײַע אויגנ אונ שוואַרצע ברע-
מענ, מיט זייער אַנ אײַנגענומענ סימפּאַטיש געזיכט; די גוטסקײַט
אירע ליגט איר, ווי מע זאָגט, אַפנ פּאָנעמ. מיריאַמ־כײַע איז א פּאַנ-
שעטע, ערלעכע אונ א פרומע יידישע פרוי. זי טראָגט נישט קיינ אייגענע
האָר, פרעמדע טונקל־רוסאָווע צעפּ באַשיינענ איר קאָפּ. אונ געקליידט
איז זי ניט נאָכ דעמ לעצטנ זשורנאַל, נאָר ריינ, ציכטיק, טשעפּקע,
אײַנגענומענ. איר וווּקס איז ניט זייער קליינ, דאָכ ווײַזט זי אויס
ווי א קינד, ווי א ליאַלקע, אַקעגנ איר מאַנ, וואָס זי שעצט אימ
העכער אונ גרעסער פונ אַלעמענ אַפ דער וועלט, אונ סענדערס וואָרט
איז בײַ איר, לעהאַוודל, א דינ. זי איז בײַ אימ די צווייטע פרוי
אונ האָט מיט אימ איינ־אונ־איינציקנ זונ מאַרקוס, וואָס די נאַטור

האָט אים געשענקט מיריאַמ־כײַעס שײנקײַט מיט סענדערס גוורע, אונ אײנײנעמ איז פונ אימ ארױס אַקוראַט אַזא זעלטענער העלד, װי מיר דאַרפנ אינ אונדזער ראָמאַנ. ארױסלאָזנ אימ אַפ דער גאַס, װענ עס שפּאַצירנ אונדזערע מאָמזעלנ מיט די דאַמענ, איז געװענ, מײנ איכ, אַ געפערלעכע זאַכ, װאָרעמ אינ דער שטאָט, װו עס קומט פאָר אונדזער עמעסע געשיכטע, איז דער צװײטער מאַרקוס ניט געװענ. עמעס, סע זענענ געװענ נאָכ צװײ, דרײַ מאַרקוסנ, נאָר ניט אַזעלכע מאַרקוסנ, װי אונדזער מאַרקוס, מיט אַזעלכע גרױסע בלױע אױגנ, מיט אַזא ברײטנ װײַסנ שטערנ, מיט אַזעלכע שײנע בלאָנדע געקרײַזלטע האָר, מיט אַזעלכע שײנע װײַסע הענט, מיט אַזא הױכנ גרױסאַרטיקנ שטאַלט, מיט אַזא שײנ ליכטיק רײנ פּנעמ, מיט אַזעלכע אײדעלע מאַנירנ, מיט אַזא אײַנגענומענעמ רעדנ... לאַכט, לאַכט, איר געבילדעטע מאָמזעלנ, קורסיסטקעס! אױב אײַערע אײדעלע הערצער זענענ נאָכ ניט פאַרדאָרבנ געװאָרנ פונ פאַרשידענע פרײַע, מאָדנע געדאַנקענ, װעלנ זײ זיכ נאָכ קאָנענ קלאַפּנ, באַגעגענענדיק אַזא מאַנספּאַרשױנ, אַזא שײנעמ קאַװאַליער, װי אונדזער יונגער העלד מאַרקוס בלאַנק, מיט װעלכנ מיר טרעטנ ארױס מיט גרױס גאַדלעס אַפ די בלעטלעכ פונ אונדזער עמעסער ערצײלונג. איכ װײס, איר װעט מיר ענטפערנ: װאָס קומט אונדז ארױס פונ אַ שײנ פּנעמ מיט אַ גרױסנ שטאַלט? דער איקער איז — צי האָט ער עפּעס אינ קאָפּ, אינ האַרצנ? װאָס איז עמעס: מײַנ העלד האָט די נאַטור ניט געשענקט קײנ באַזונדערע פעיִקײטנ אָדער טאַלאַנטנ; װער פאַרמאָגט אָבער אַזא גוט, װײכ, װאַרעמ האַרצ, װי מאַרקוס האָט? װער פאַרמאָגט אַזא גליקלעכע לאַגע צו זײַנ אַ זונ, אַ בענ־זקונימ[1] בא סענדער בלאַנק, װאָס קאָנ אימ געבנ נאַדאַנ, װיפל מײנט איר? צװאַנציק טױזנט, דרײַסיק טױזנט, אונ פאַרװאָס ניט קײנ פופציק טױזנט רובל? סענדער װעט אימ געװיס געבנ פופציק טױזנט רובל, אױב ער װעט גרײכנ דעמ שידעכ, װאָס ער װיל. אונ דעמ שידעכ, װאָס ער װיל, פאַרװאָס זאָל ער אימ ניט גרײכנ? מיט װאָס איז סענדער בלאַנק ערגער פונ גערשנ מירמעלשטײנ?

— װאָס זאָגסטו, מיריאַמ־כײַע, אַפ דעמ דאָזיקנ פאַרכ? — זאָגט סענדער צומ װײַב אונ קוקט ארײַנ אינ די פּיש ארײַנ.

— אַפ װאָסער פאַרכ, סענדער? װאָס פאַר אַ פּיש װילסטו? אַ מיטלשטיק? אַנ עקשטיק? צי אַ קאָפּ?

---

1 אַ זונ, װאָס איז געבאָרנ אַפ דער עלטער.

— לאָז זײַנ א מיטלשטיק מיט אַנ עקשטיק מיט א קאָפּ, — זאָגט סענדער. — איך רעד פונ דעם שייגעצ רעד איך.

— וואָסער שייגעצ, סענדער? נעמ — אָט דאָס איז א גוט שטיקל, סענדער.

— טויזנט מאָל האָרפ מענ דיר זאָגנ, צי וואָס? איך רעד פונ גענדאַליע דעמ שאַדכנ רעד איך. ער שרײַבט שוינ ווידעראַמאָל וועגנ דעמ האָזיקנ גראַביאַנ!

— וועגנ וואָסער גראַביאַנ?

— איך האָב דיר שוינ, דאַכט מיר, צענ מאָל געזאָגט, אַז גענדאַליע דער שאַדכנ דולט מיר א ספּאָדעק, איך זאָל א שידעכ טאָנ מיט מײַער קוואַשע, אָט דעמ באַלעגאָלע־יונג, וואָס פאַרמאָגט ניט מײַנ מיסט. דו פאַרשטייסט? א האָזע פונ א שייגעצ!

— וואָס הייסט, סענדער? מע זאָגט דאָכ אָבער, אַז ער איז אַנ אוישער, א גוויר! נעמ, סענדער, דו האָסט דאָכ ליב א געפילטנ קאָפּ?

— אַנ אוישער? א גוויר, זאָגסטו? א קאַפּצנ, אַנ אָני־וועעוויענ! זעסטו, דער שוטעפ זײַנער, מאָטל פרידמאַנ, האָט א ביסל געלט, נאָר וואָסער א געלט? געראַבעוועט, געגאַזלט, אויסגעריסנ מיט גוואַלד. אַזוי ווי רוונ בײַטשעלע אָדער סימכע פּײַג איז אויכ א גלײַכער שידעכ? האָ? ווי מיינסטו, אשטייגער? איאָ, א פּײַנע זאַכ? סענדער בלאַנק מיט סימכע פּײַג — צוויי גלײַכע מעכוטאָנים, איאָ?

— איך ווייס? מיר האַכט, אַז רעב סימכע איז א... פּײַנער מענטש...

— א פּײַנער מענטש, זאָגסטו? נו, אונ רעב יוליק שלעפּער? אונ רעב אײַזיק פּאַטשייל? אונ זאַלמענ קרומ־פּאָנעמ? אויכ פּײַנע מענטשנ? האָ? זאָל איך זיך מיט זיי אויכ משודעכ זײַנ? ווי מיינסטו?

— איך זאָג דענ, סענדער, אַז...

— אַז וואָס? כאַס־וועשאָלעמ! דו ווילסט נאָר, איך זאָל נעמענ אפ מײַנע עלטערע יאָרנ אונ אַוועקגעבנ אַזא קאַפּיטאַל מיט געלט דער רוער ווייסט וועמענ — עפּעס פּײַפּערס, גאַנאָווימ, שלעפּערס!

— שלעפּערס?

— פאַרשטייט זיך, שלעפּערס! זאָלסטו טאַקע וויסנ, אַז סע איז שלעפּערס, קאַפּצאָנימ, קלאָווימ, שאַרלאַטאַנעס, פליערס, אָנזועצערס, ניטאָ איינער א רעכטער, אַלע אָפּ פרעמד געלט, אַבי קאַרעטעס, פערד־לעכ! סע איז גאָלע הולטײַעס, בלאָטזוויניערס, קולעספּאַט... קולעספּאַטאַר־ניקעס... וואַזוי הייסט דאָס דאָרטנ בא דיר, מאַרקוס, אינ די הײַנטיקע ביכלעכ?

- עקספּלאָטאַטערס, — פאַריכט אים מאַרקוס.

— עקספּלאָפּאַטאַטשניקעס, מערזאַווצעס, סוואָלאָטשעס: און גענוג! און מע וויל, איך זאָל מיך מיט זיי מעשאַדעט זײַן! אָ, ווי לאַנג קרענקען זיי, ניט דערלעבן זאָלן זיי דאָס!

— עס, סענדער. דערווײַל עסטו ניט.

— איך עס, איך עס, וואָס דען טו איך? זעסטו, אָט דער דאָזיקער גערשן, גערשן מירמעלשטיין — אָט דאָס הייסט אַ לײַטישער מענטש, אַ מענטש, אַ פײַנער מענטש, אַ געשטעלטער מענטש, אַ באַרוטער מענטש, אַ מענטש, וואָס סע הייסט מענטש, וואָס מע קאָן אויף אים זאָגן מענטש, מיט איין וואָרט — אַ מענטש!.. ווי מיינסטו, מיריאַם־כײַע, אַשטייגער, אַז איך זאָל וועלן מיט אים אַ שידוך טון, וואָס וואָלט ער געזאָגט, האַ?

— איך ווייס? וואָס קאָן ער זאָגן, סענדער? איך ווייס וואָס?

— אַדרעבא, ווי מיינסטו, מיריאַם־כײַע? איך וויל הערן דײַן מיינונג.

— מײַן מיינונג? איך מיין, אַז... איך מיין גאָרניט.

פאַראַן בײַ אונדז אַ סך אַזעלכע ווײַבער, וואָס מיינען ג אָ ר נ י ט, וואָס מיינען נאָר דאָס, וואָס דער מאַן וויל און וואָס דער מאַן הייסט. מיריאַם־כײַע איז געווען איינע פון די ווײַבער, וואָס האָבן דערעב־ערעץ פאַרן מאַן, נישט מאַכמעס „אַהאַווע“, נאָר מאַכמעס „ייִרע“, דאָס הייסט, נישט אַזוי פאַר ליבשאַפט, ווי פאַר אָפּשײַ. סענדער איז געווען אַ ייִד, וואָס בײַ זיך אין שטוב האָבן אַלע פאַר אים געהאַט דערעב־ערעץ, פונעם ווײַב ביזן געבאַלעוועטן מיזיניק מאַרקוס. אפילו לאָשן פון די „העכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַניסטן“ קאָן מען זאָגן, אַז סענדער איז געווען אַ ד ע ס פּ אָ ט, אַ ט י ר א נ... איך וואָלט נאָך צוגעזעצט דאָס וואָרט „מערדער“, איז ער אָבער געווען ווײַט פון אַ מערדער. ער איז געווען אַ ייִד גלײַך מיט אַלע ייִדן, וואָס בײַ זיך אין שטוב האָט ער געהאַט די דייע, און ווײַטער קיינער ניט. אויב אַז מיר האַלטן שוין דערבײַ, גיבן מיר דאָ איבער אַ ביסל זײַן ביאָגראַפיע אינקורצן: סענדער איז געווען אַמאָל אַ קליין מענטשעלע, גאָר אַ קליין מענטשעלע. דאָס איז געווען שוין לאַנג, אָבער גאַנץ לאַנג, נאָך איידער ער האָט געהאַט די קלינגערס, אַז ער האָט נאָך געהייסן סענדער כאַלפן 1 (לעמײַ זאָלן מיר לייקענען? ער איז געווען אַ כאַלפן), האָט ער זיך דערמאָלט אָנגעליטן פון די שיינע-יִדן, זײַדענע יונגעלײַט, בעגידישע קינדער. אוי, האָט ער זיך פון זיי אָנ-

1 אַ מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט צעזײַטן געלט (אָפּ קלײַנגעלט).

געליטנ! אוי, פלעגט ער שטיינ פאר זיי כעבדא קמיה מאָריה 1, האָבנ דאָס נײַניעריקע קאדאָכעס! אוי, פלעגט ער זיי מעקאַנע זײַנ, אונ אוי, פלעגט אימ אפ זיי ברענענ!.. אונ נאָכדעמ, אז ער איז פונ א כאלפנ ארופ אפ דער מאדרייגע פונ א באַל-האַלוואָע 2, אונ פונ א באַל-האַלוואָע — אפ א פעל-הענדלער, פונ א פעל-הענדלער — א גראַבאַרשטשיק, פונ א גראבארשטשיק — א צעלניקער, פונ א צעלניקער — א קאָמיסיאָנער, פונ א קאָמיסיאָנער — אלייג א סויכער, א צוקער-הענדלער, א גרויסער סויכער, א רײַכער סויכער, ביז א באַנקיר, — איז ער אלצ געוואקסנ העכער אונ העכער אינ די אויגנ פונ זײַנע באקאַנטע, אונ ער האָט אָנגעהויבנ אראָפוואַרפנ אייניציקווײַז די פריִערדיקע נעמענ, ווי א פויגל, וואָס וואַרפט פונ זיכ אייניציקווײַז די אלטע פעדערנ, אונ האָט אָנגעהויבנ צו באקומענ נײַע נעמענ: סענדער גראַבאַרניק, סענדער צעלניקער, סענדער האָרטאָוונִיק. איינער פונ זײַנע אָרעמע קרויווים האָט אימ געשענקט פונ זיכ א „ל“ — איז געוואָרנ „סענדערל“. אונ צומ סאָפ (א צײַט מיט יאָרנ האָט מענ נישט געוווּסט זײַנ פאמיליע) — סענדער בלאנק!.. רעב כאַימקע, רעב זיאמקע, רעב מייערל האָבנ ביסלעכווײַז אופגעהערט צו פארײַסנ פאר סענדערנ די נאָז אונ האָבנ אָנגעהויבנ ארומדרייענ זיכ ארומ דעמ אופגעקומענעמ נאָגיד, פריִער געבנדיק אימ צו וויסנ, אז ער איז פונ די „אופגעקומענע“, מיט אזעלכע אויסרעדלעכ, לעמאָשל: „„א! שאָלעמ-אלייכעמ, א באקאנטער ייִד! דאכט זיכ, סענדער? וואָס זשע מאכט איר עפעס גוטס? עפעס זאָגט מענ אפ אײַכ, אז סע גייט אײַכ, אָנ אײַנהאָרע, זייער גוט?“... אונ נאָכדעמ שוינ: „רעב סענדער-סערדוצע! מיר שטייענ, דאכט זיכ, אפ איינ סטאנציע? קוממט ארײַנ אפ דער נאכט צו אונדז א ביסל!“... „א, רעב סענדער! איר דערווײַטערט זיכ שוינ פונ אונדז?“... „איכ האָב צו אײַכ א קליינע באקאָשע, רעב סענדער: עטלעכע טויזנט קערבלעכ אפ צוויי כאדאָשימ“... „אכ! ווּעמענ זע איכ? ווּענ איכ ווייס, אז איר זענט הי!“... אונ נאָכדעמ: „מיר ווילנ, די גאנצע שטאָט וויל, זי באלעשט, אויסקלײַבנ אײַכ פאר א גאבע, פאר גלאסנע, דעפוטאט, פאר דירעקטאָר אינ באנק“... „הער בלאנק! מיר האָבנ די ערע, מיר בעטנ, איר זאָלט אונדז נִיט אָפזאָגנ. זײַט אזוי גוט אונ גייט ארײַנ אינ אונדזער לאגע, איר זענט דאָכ בא אונדז, ווי זאָגט מענ עפעס, איר פארשטייט צי ניִינ?“...

1 קעאוודאָ קאמיי מאָריי — ווי א קנעכט פארנ האר. — 2 א מענטש, וואָס גיט געלט אפ פראָצענט.

אונדזער סענדער איז ניט געווענ פונ די דאזיקע, וואס פארבליבענ זיכ מיט זייער מאזל אונ בלאזנ, ווי מע זאגט, פונ זיכ; ניינ! ער קאנ אויסהערנ די דאזיקע אלע קאמפלימענטנ גאנצ גלייכגילטיק, מיט אניוועס 1, גלייכ ווי ער וואלט גאר אזא קאווער ניט פארדינט, אונ ענטפערנ, אז ער איז נישט מעסוגל, נישט מיט אלעמענ, נישט אויפגעלייגט, סע איז דא גרעסערע פונ אימ. אבער דארט, טיפ-טיפ אינ הארצנ, האט ער געשמעקט שטארק אנקוועלנ פונ ביידע זייטנ: אי וואס ער האט דערלעבט אזא קאווער, אי וואס אט די אלע קלאווימ האבנ ארויפגעלאזט די וויידלענ אינ פארשטייענ דערעכ-ערעצ. אונ נישט פאר קיינעמ, נאר פארנ ווייב האט ער ליב זיכ פארגיסנ אמאל מיט א געלעכטער.

— וואס זאגסטו עפעס, מיריאמ-כיינע, אפ רעב זיאמקע דעמ מעיוכעס, כא-כא-כא? געדענקסט אימ כאטש, א רועכ אינ זיינ טאטנ?..

קיינ פעטער אנבייסנ, קיינ גוט גלאז ווייַנ האט ניט געקאנט אימ צושטעלנ אזא פארגעניגנ, ווי רעב זיאמקע אוקעדוימע אזעלכע לייט, ווענ זיי האבנ בעדארפט אנקומענ צו אימ. אפנ שענסטנ אויפנ אונ מיטנ גרעסטנ קאווער האט אונדזער סענדער צוגענומענ דעמ געערטעסטנ גאסט בא זיכ אינ קאבינעט, געבעטנ זיצנ, געגעבנ א פאפיראס, אנגעצונדנ אונ אונטערגעטראגנ דעמ גאסט א שוועבעלע, געפרעגט: „וואס האט איר עפעס אזא שלעכט פאנעמ?" אונ געגעבנ אנ אויסרעד: „פארוואס זעט מענ אייַכ עפעס ניט?" ווי אפ נאדלענ איז דער גאסט געזעסנ; ער האט שוינ לאנג אויסגערייכערט דעמ געשענקטנ פאפיראס; ער האט שוינ לאנג זיכ אויסגעהוסט דרייַ מאל אונ אכצנ מאל זיכ אונטערגעהויבנ אפנ בענקל, אפגעווישט דעמ שווייס, גוט אויסגעשנייַצט די נאז, ארויסגענומענ אונ געמאכט זיכ אנ אייגענעמ פאפיראס, איינעמ, דעמ אנדערנ, דעמ דריטנ, עטלעכע מאל געפרווט אנהייבנ צו רעדנ, וואס ער בעדארפ, אונ איבערגעהאקט געווארנ אפנ ערשטנ ווארט, — אונ סענדער האט אלצ דערציילט פונ זייַנע געשעפטנ, פונ זייַנע פארפאלענע כויוועס, פונ זייַנע מישפאטימ, אוקעדוימע, מיט גרויס היסלייַוועס, גלייַכ ווי דער גאסט בעט אימ, וויינט אונ כאלעשט פאר אימ, ער זאל אימ „איינגאנצנ" דערציילנ אונ כאס-וועשאלעמ ניט דורכלאזנ קיינ ברעקעלע... נאר יעדע זאכ דארפ זיכ אבער האבנ אנ עק, אונ א מענטש האט אינ זיכ א גאל! דער גאסט, רעב זיאמקע, אדער רעב כאזמקע, כאפט די מינוט אונ הייבט אנ גלייַכ, גיכ, אינ איינ אטעמ:

1 באשיידנקייַט.

— איכ האָב אײַכ געוואָלט בעטנ, רעב סענדער, איר האָט דאָכ געהערט מיסטאמע, אז איכ האָב אוועקגעקויפט בא דעמ פּאָרעצ שישיבסקינ איינגאנצנ די ווייצ, אונ מאכמעס...

— איכ ווייס, איכ האָב געהערט! — שלאָגט אימ סענדער איבער אינמיטנ. — איכ האָב געהערט פונ אײַער גילדענעמ געשעפט. איכ בינ אײַכ וויניק-וואָס מעקאַנע, רעב זיאמקע, אָבער גאָר וויניק! ווייסט איר זשע, פאַרוואָס? איכ וועל אײַכ דערציילנ! אָט דער שישיבסקי האָט בא מיר פאַרפּיריאָרנ געוואָלט לײַענ פּופּציק טויזנט קערבלעכ, אונ דאפקע אפ גוטע קאָנדיציעס. איכ האָב אָבער דעמלט געהאט אנ אייסעק מיטנ קאָשקיוועקער פּאָרעצ. די מײַסע איז אזוי געווענ...

אונ סענדער האָט אוועקגעצויגנ א שפּאָגל-נײַע מײַסע אפ נײַע זעקס שאָ. רעב זיאמקע איז שוינ פּיטשרנאָס: עס רינענ פונ אימ ריקעס שווייס; ער ווישט זיכ נעבעכ מיט דער פּאָלע אונ זיפצט, ווי אנ אומגליקלעכער פלענער אינ געפענקעניש; רעב זיאמקע שלאָגט אימ איבער די רייד:

— האָט מיר קיינ פאַריבל ניט, רעב סענדער, וואָס איכ שלאָג אײַכ איבער די רייד... איר ווייסט, וואָס איכ בינ געקומענ צו אײַכ?

— ניינ; פונוואַנענ זאָל איכ וויסנ?

סענדער בלאַנק האָט גאנצ גוט געוווּסט, וואָס רעב זיאמקעס וויזיט באַדײַט, נאָר ער מאכט א נאַיוו פּאָנעמ אונ קוקט אימ אינ די אויגנ ארײַנ.

רעב זיאמקע איז אופגעריכט געוואָרנ אונ זאָגט זיכ גאַנצ פריילעכ:

— פאַרשטייט איר מיכ, רעב סענדער, די מײַסע דערפונ איז אזוי: איכ האָב די ווייצ אוועקגעקויפט מיט א שוטעפ, מיט אווראָמ זאלצוואסער...

— מיט אווראָמ זאלצוואסער? נאָט זאָל אײַכ אָפּהיטנ, רעב זיאמקע! דאָס איז דאָכ א שווינדלער, א דרייער, א רעציייעכ, א קוילער! שטעלט אײַכ פאָר, אז פאַרצווייאָרנ ווינטער, ארומ כאַנעקע צי ארומ פּורימ — איכ געדענק ניט אקוראט — קומט צו מיר ארײַנ א ייד. גוט-מאָרגנ! — גוט-יאָר! זייער פײַנ! אונ מישט מיר אופ א מײַסע...

רעב זיאמקע בײַסט זיכ די נעגל, קראַצט זיכ אונטער דער יאַרמעלקע. ער הוסט, ער קלאַפּט מיט די פיס, ער פאַרשפּיליעט זיכ די קאַפּאָטע, ער רוקט אָנ דאָס היטל שטארק, שטארק. אונ סענדער דער-

צײלט גאָר אַ נײַע מײַסע גאַנצ אָנגענעמ, בעהאַדראָגע, מיט זײער שײנע װיצנ פאַרפּראַװעט, אָנ אַנ אױסלאָז, אָנ אַנ עק! רעב זיאַמקע שפּרינגט שױנ אונטער אונ פאַלט אַרײַנ אינ די רײד, שױנ גאָר אָנ דערעכ־ערעצ:

— פאַרשטײט איר, רעב סענדער? האָב איכ באַ אײַכ געװאָלט בעטנ אַ גמילעס־כעסעד אַפ אַ קלײנער צײַט.

— אַ גמילעס־כעסעד?! — פרעגט סענדער שטאַרק־שטאַרק פאַרװוּנדערט, גלײַכ װי מע האָט אימ דערצײלט, אַז דער אונ דער האָט גענומענ דאָס גרױסע געװינס, אָדער ס'איז געװענ נאָרװאָס אינ דרױסנ אַ האַריגע, אַ סרײפע, אַ מאַגײפע...

— יאָ, אַ גמילעס־כעסעד, — ענטפערט זיכ רעב זיאַמקע נישט הױכ, נישט שטיל, נאָר אַזױ, מיטלמעסיק, ניט צו פאַרשטײנ, װאָס װוּנדערט זיכ דאָס עפּעס אַזױ רעב סענדער? — יאָ, אַ גמילעס־כעסעד, ביז װעסנע; נישט קײנ סאַכ: אַ רובל צענ טױזנט.

— איצט האָב איכ נישט, בענעמאָנעס, איכ האָב ניט איצט באַ זיכ, איכ זאָל אַזױ ניט האָבנ קײנ שלעכטס, איכ זאָל אַזױ רײנ זײַנ פונ שלעק מיט אײַכ אינאײנעמ. פאַרװאָס האָט איר מיר נעכטנ ניט געזאָגט? נעכטנ האָב איכ גראָד יאָ געהאַט, איז געקומענ צו מיר אַ מענטש פונ גאַװרילעל פעלקענשטײנ אונ לײגט מיר פאָר אַנ אײסעק, אַזױװי אינ טיטיקיװקע סטראָיעט זיכ הײַנט אַ נײַע פאַבריק אונ גאַװ־רילעל פעלקענשטײנ האָט געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט די שוטפימ נאָכ פאַראַיאָרנ, אַז דער װאַלד דער טיטיקיװקער... אונ אַזױ װײַטער — אָנ אַנ אױסלאָז, מיט מײַסעס אונ מיט קלײנע מײַסעלעכ געבונדנ אונ געפלאָכטנ, אַזױ, אַז סע ברעכט דעמ מױעכ!..

אונ אַזױ גײט זיכ רעב זיאַמקע אַװעק נעבעכ אָנ געלט, אָנ קױעכ, אַנ אױסגעמוטשעטער, אַ נאַסער פונ שװײס, אונ פאַר זײַנ אַװעקגײנ מוז ער נאָכ אױסהערנ אַ לאַנגע נאָטאַציע פונ רעב סענדערנ, אַז ניט אַזױ האַנדלט מענ, אַז מע זאָל דאַרפנ אָנקומענ צו יענעמ, אונ מע טאָר זיכ ניט פירנ אַזױ גרױס, אונ מע דאַרפ זיכ היטנ פונ שלעכטע שוט־פימ, אונ מע דאַרפ װיסנ, װי־אַזױ צו האַנדלענ אונ מיט װעמענ צו האַנדלענ, אונ מע זאָל פרעגנ באַ אימ, באַ סענדערנ, װאָלט ער קלאָר געמאַכט אונ געװיזנ אַ דערעכ אינ אַלע געשעפטנ. אונ באַמ געזעגע־נענ זיכ בעט אימ סענדער אַמאָל אַרײַנקומענ, מאַכטײסע, אַ ביסל שמועסנ... רעב זיאַמקע לױפט אָנ אַנ אָטעמ אונ האָט מוירע זיכ אַרומקוקנ! עס גײט איבער אַ קלײנע צײַט, מע דאַרפ אָבער פאָרט די קלינגערס, — װאָס טוט מענ? ער גײט נאָכאַמאָל צו רעב סענדערנ,

טאָמער, א קאשע אף א מײַסע?.. און ווײַטער די זעלבע געשיכטע; ווײַטער אמאָל דאָס אייגענע! און אזוי איז מיט רעב זיאמקען, מיט רעב כאַיִמען, מיט רעב איציקלען, און אזוי איז מיט אלע זײַנע אלטע באַקאַנטע. אָט אזא מין נעפעש איז ער.

אונדזער סענדער איז ניט בעסער און ניט ערגער פון אלע אנ־דערע אופגעקומענע גווירים, פּאָשעטע מענטשלעך, וואָס קאָנען קיין אנדערע פארגעניגנס נישט האָבן פון קיין זאך, אחוץ געלט און קאָוועד.

אײַגנטלעך, וואָלט איך דאָ באדארפט א ביסל באשרײַבן די ביאָגראַפיע זײַנע: ווער איז ער? פונוואנען שטאמט ער ארויס? ווער זענען זײַנע עלטערן? מיטן גרעסטן און מיטן שענסטן קאָוועד וואָלט איך דאָס געטאָן, ווען איך זאָל דאָס וויסן. איז דען מעגלעך, אז ראָמאניסטן זאָלן קענען א גאנצע וועלט? און וואָס איז אונדז דער אונטערשיד — לאָמיר שמועסן עפנטלעך: וואָס גייט אונדז אָן, ווער איז געווען סענדערס זיידע צי סענדערס באָבע? צי איז זײַן פאָטער געווען א מעלאמעד, א שוסטער, א באָנדער, צי א מעקלער? מיר וויסן נאָר סענדערן; מיר געדענקען אים, אז ער איז אמאָל, ניט הײַנט געדאכט, געווען א געמיינער ייִד, א כאַלפן, א פעל־הענדלער, א מויכער־טאָוועניק, און הײַנט... הײַנט איז ער ס ע נ ד ע ר ב ל א נ ק! קוקט אײַך גוט צו צו אים: עפשער איז ער אײַך אויך קענטלעך, אזוי ווי מיר?

## דאָס פערטע קאפּיטל

טראַקטירט פון מאַרקוסן אליין

שוין צײַט, שוין צײַט צו פארנעמען זיך א ביסל מיט דעם ייִנגסטן פון דער פאמיליע בלאנק; שוין צײַט, אז אונדזערע לעזער זאָלן א ביסל נעענטער זיך באקענען מיט אונדזער יונגן העלד, מיט אונדזער שיינעם מארקוס בלאנק, — דאָס קלענסטע און דאָס בעס־טע קינד פון סענדערן.

„דאָס קלענסטע און דאָס בעסטע" — אזא מײַנונג איז געווען וועגן מארקוסן דער פאָטער אליין איבער צוויי זאכן. ערשטנס, האָט סענדער ליב געהאַט זײַנע קינדער, ווען זיי זענען נאָך געווען קליינע, ברעקעלעך, קאראפוזיקעס; און ווײַבאלד די דאָזיקע קאראפוזיקעס האָבן אָנגעהויבן אונטערצווואקסן, אזוי האָט אונדזער פײַנער סענ־דער אָנגעהויבן באקומען צו זיי א סינע, וועלכע איז געוואקסן אלע־מאָל שטארקער און גרעסער. ער האָט געקוקט אף זיי, ווי אף שוט־

פימ, ווי אפ פרעטענדענטנ אפ זײַנ גוטס, אונ אנ קריג, אנ סצענעס, אנ פעטש האָט זיכ נישט געמאכט קײנ סימכע, קײנ כאסענע; דער פאָטער האָט געארבעט מײַסימ, געטופעט מיט די פימ; די מוטער האָט געװײנט, די קינדער האָבנ געגאָסנ מיט טרערנ, — אונ דער סאָפ האָט זיכ אויסגעלאָזט, אז סענדער האָט געמוזט עפענענ די האנט אונ מיט טויטע קלאָלעס אָפצײלנ געלט, װיפל מע האָט באדארפט.

בא א סאכ גאנצ לײַטישע מענטשנ פירט זיכ אזוי. דער מע־כאבער פונ דער דאָזיקער געשיכטע איז ניט אײנ מאָל געװענ אנ אײדעס בא אזעלכע פײַנע סצענעס, ניט אײנ מאָל געװענ א פאר־מיטלער צװישנ פאָטער מיט זײַנע אײגענע קינדער, װי דער גאנצער סיכסעכ איז געגאנגענ װעגנ איבעריקע עטלעכע הונדערטערס, װאָס מיט דעמ האָט מענ געקאָנט פאָשעט מאצל זײַנ פונ הונגער אונ פונ דאכקעס א גאנצעס הויזגעזינד; געלט האָט טאקע דער פאָטער גע־געבנ, נאָר בלוט האָט ער אָפגעצאפט בא די אומגליקלעכע קינדער א סאכ מער, װי אפ עטלעכע הונדערטערס... אז איכ האָב אפ א צײ־קאװעסט א פרעג געטאָנ דעמ אײַנגעשפארטנ פאָטער, צו װאָס האָט אימ געטויגט דער גאנצער טארעראמ מיט די ביזױנעס, מיט די טרערנ אומזיסט אונ אומנישט? — האָט ער מיר גאנצ ערנסט גע־ענטפערט:

— א קינד טאָר מענ ניט װײַזנ קײנ װעג, א קינד איז א כא־זער, א קינד דארפ מענ לערנענ, סע זאָל װיסנ, אז א קערבל איז ניט קײנ הונט, װעט ער אויכ װיסנ אפ דער עלטער, װיאזוי זיכ צו באגײנ מיט א קינד אונ װיאזוי מע דארפ היטנ א קערבל הײַנטיקע יאָרנ...

סע פארשטײט זיכ, אפ אזא לאָגיקע האָב איכ ניט געהאט װאָס צו ענטפערנ...

די צװײטע סיבע, װאָס מארקומ איז געװענ טײַערער בא סענדערנ קימאט פונ אלע קינדער, איז װײַל מיריאָמ־כײַע איז בא אימ געװענ דאָס צװײטע װײַב, אונ אינגאנצנ איר לעבנ איז געװענ אָפגעהאנגענ פונ איר טײַערנ בענ־יאָכיד.

„נו, מײלע? — פרעגט מיכ דער לעזער. — װו שטײט דאָס, אז די קינדער פונעמ צװײטנ װײַב דארפ מענ בעסער ליב האָבנ?”

נו, מײלע! — ענטפער איכ אויכ דאָס אײגענע. מײלע אהינ, מײלע אהער — סע איז פאָרט אזוי אײַנגעפירט בא א געװיסער קלאס יִדנ. נאָר לעמײַ זאָלנ מיר אװעקגײנ פונעמ עמעס? מארקומ איז טאקע געװענ אנ אנטיקל, װאָס מע קריגט עס גאָר ניט. די גאנצע שטאָט האָט מיט אימ געהאט צו טונ; אז סענדער האָט געבראכט

דעם ערשטנ שאבעס דעם פינפיעריקנ מארקל אינ בעס־מעדרעש מיט א זײַדנ העמדל, סאמעטענע הייזלעכ אונ מיט א גילדנ היטעלע, האבנ אימ ארומגעריגלט א מאסע יינגלעכ, ווײַסעבעווערעניקעס, אונ יע־דער האט אימ או טאפ געטאנ. פונ יענעמ שאבעס אנ איז אוועק־געגאנגענ א שעם אפ דער גאנצער שטאט, אז בא סענדער בלאנק איז דא א מיזינעקל, א מארקל, עקט זיכ מיט אימ די וועלט; עס איז אימ ניט אינ פאנעמ ארײַנצוקוקנ, אונ קלוג איז ער, אז עס זאל אימ נאר קיינ גוט אויג ניט שאטנ... איכ וואלט א באלנ געוועג אנטונ לייזער דעם באלעגאלעס יינגעלע אינ א זײַדנ העמדל, סאמעטענע הייזלעכ מיט א גילדנ יארמעלקע, אונ הערנ, וואס וועלנ זאגנ אט די אלע צוויאקעס, וואס דארפנ אנקומענ צו סענדערס קעשענע, אפ לייזערס אנטיקל, וואס איז שיינ אונ קלוג, אז „עס עקט זיכ מיט אימ די וועלט"? אבער דערווײַל זעענ מיר פאר אונדזערע אויגנ סענדערס מיזינעקל אונ מיר לייענענ גילדענע גרויסע אויסיעס, אנגעצייכנט אפ זײַנ ווײַסנ שטערנ:

„געלט וועסטו האבנ,
א פערד וועסטו זײַנ"...

אונ דארט, בא דער זײַט, שטייט לייזער דעמ באלעגאלעס א זונדל, א שווארצ „אינגבערל" מיט א שטיק בולקע אינ דער האנט (קוימ דערלעבט דעמ גליקלעכנ שאבעס!), אפגעריסנ אונ בארוועס, מיט א פאר גלעזערנע אויגנ, אונ אפ זײַנ באוואקסענעמ שווארצנ שטערנ איז אנגעצייכנט פארקערט:

„א פערד וועסטו האבנ,
א קאפצנ וועסטו זײַנ"...

אכ, פארוואס בינ איכ ניט קיינ פאעט? איכ זיצ אצינד באגײַס־טערט, פול מיט מאכשאוועס; איכ וואלט אנגעשריבנ דערופ א גאנצנ שיר אינ שיינע קלינגענדיקע פערזנ, מיט מעלאנכאלישע, פילאזאָ־פישע, הויכע געדאנקענ, מיט טײַנעס צומ בוירע־שאמאימ 1, פארוואס קומט דאס, אז סענדערס קינד, וואס איז פונקט אזוי קלוג אונ מיט די זעלבע טאלענטנ, ווי לייזערס אידיאט, אונ פונדעסטוועגנ גייט יעדער צו צו מארקלענ מיט א פארטיק שמייכעלע, מיט א כאניפעלע, מיט א קניפ אינ בעקל, אונ צו לייזערס פעמפיק וויל קיינער אפילע קיינ קוק ניט טונ, אונ אז ער קומט זיכ יא עמעצנ אונטער די הענט, טוט מענ אימ א שטורכ, א שנעל אינ נעזל, א צופ באמ אויער, אדער

1 דער באשעפער פונעמ הימל, געמיינט: גאט.

מע רוקט אימ אָנ דאָס היטעלע איבער די אויגנ און מע מאכט פונ אימ כויזעק...

און שפּעטער, אז מיר האָבנ דערלעבט צו זענ אונדזער קליינעמ העלד צו דער בארמיצווע, האָבנ מיר זיכ זאט ניט געקאָנט אָנקוקנ זײַנ שיינע צורע, און האנאָמ מיר האָבנ פונ אימ אליינ קיינ באזונ־דערע שארפע כאָכמעס ניט געהערט, דאָכ האָט מענ אונדז דערציילט פונ דעמ דאָזיקנ פײַער, פונעמ דאָזיקנ מארקל, אזעלכע אנטיקלעכ, אז מיר זענענ בעעמעס געווענ אנציקט פונ דעמ דאָזיקנ יונגאטש. „שטעלט אײַכ פאָר, — אזוי האָט דערציילט כאימ־כאָנע דער מע־לאמעד, — אז מיט זײַנע פּלוצלעכע קאשעס, וואָס ער פרעגט בא אימ, בא זײַנ רעבנ, שטעלט ער אימ אזוי אנידער, אז ער, רעב כאימ־כאָנע, מאָלט אײַכ, וואָס איז בעעמעס א כאריפ, בלײַבט אָפּהענגטיק און קאָנ קיינ מויל ניט עפענענ אקעגנ דעמ דאָזיקנ טאלמיד, וואָס דארפ אויסוואקסנ עפּעס א מינ גאָענ, אָדער איכ ווייס אליינ ניט וואָס!"... איז נאָכ דאָ וואָס צו רעדנ פונ סענדערס פארגעניגנ און פונ מיריאָמ־כײַעס גליק, וואָס האָט זיכ אויסגעגאָסנ אינ טרערנ? מיט וואָס האָט זי פארדינט בא גאָט אזא בראָכע? מיט וואָס האָט זי זויכע געווענ צו האָבנ אזא טאכשיט, וואָס גאָט און לײַט טוענ זיכ פרייענ מיט אימ? ניט אנדערש, אז דער, וואָס לעבט אייביק, האָט זיכ ארומגעקוקט אָפּ איר, ווי זי קומט נעבעכ אָפּ בא סענדערנ, קימאט ווי א דינסט — גאָט זאָל ניט שטראָפנ פאר די רייד! ניט אנדערש, אז דאָס איז איר א רעפוע צו דער מאקע...

נאָר מיריאָמ־כײַע האָט, אפּאָנעמ, ניט פארדינט בא גאָט, אז איר זונ זאָל בעעמעס זײַנ א גאָענ־אוילעמ; קאָלזמאנ רעב כאימ־כאָנע דער מעלאמעד האָט געלעבט, איז מארקל געווענ אזא טאכשיט, אזא גילדנ קעפּל, אז קיינער האָט אימ ניט געקאָנט נעמענ פארהערנ, מאכמעס כאימ־כאָנע איז דערצו געווענ א מאזיק; ער האָט קיינעמ ניט געלאָזט אויסרעדנ א וואָרט: ניט דעמ פארהערער, ניט דעמ טאלמיד. ער האָט גערעדט פאר אלעמענ; ער האָט אליינ געפרעגט און אליינ געענטפערט. און אז יענער האָט געפרעגט דעמ טאלמיד, לעמאָשל: „וואָס לאָזט מיכ דאָ, מארקל, דער טאנע הערנ?" — האָט כאימ־כאָנע פארקאטשעט די ארבל, געמאכט מיט די הענט און אינ דער גיכ געענטפערט: „נו, זאָגט ער דאָכ אײַכ, אז אוווידע־זאָרע[1] איז ניט גלײַכ, זאָגט ער, צו דער פאָ־

[1] געצנ־דינערײַ.

ראָ־אדומאָ [1], פארוואָס? זאָגט ער, מאכמעס אווידע־זאָרע, זאָגט ער, איז אנ אנדער זאכ, אונ די פּאָראָ־אדומאָ, זאָגט ער, איז ווידער אנ אנדער זאכ; איז געדרונגענ, זאָגט ער, אז דער טאנע האָט זיכ געשטעלט, זאָגט ער, אפ דעמ פּאָסעק, צו פרעגנ, זאָגט ער, א ווידעראַנאַנד: מאַדאָכ, זאָגט ער, אווידע־זאָרע איז אזוי, איז דאָכ פּאָראָ־אדומאָ, זאָגט ער, אל־אכאס־קאמאָ־וועקאמאָ!" [2]... אונ מיט דעמ ראָזיקנ „זאָגט ער" האָט כאַימ־כאָנע אזוי פארעדט אונ פארקלאפּט די צייג, אז דער פארהערער איז געבליבנ זיצנ, ווי א מענטש, וואָס מע כאַפּט אימ אופ פונעמ שלאָפ אונ מע זאָגט אימ: „קוק!" — ער קוקט אונ קוקט אונ ווייסט ניט, ווו ער איז אינ דער וועלט...

אז כאַימ־כאָנע איז געשטאָרבנ אונ מארקל איז ארײַנגעפאלנ צו אנדערע מעלאמדימ אינ די הענט ארײַנ, האָבנ די דאָזיקע אָנגעהויבנ באַמערקנ, אז רעב סענדערס זונ האָט א ביסל „א הארט קעפּל", א „שווערע טפיסע" מיט א „קורצנ זיקאָרנ"; דערצו האָט סענדער אָנגעהויבנ ווערנ רײַכער אונ רײַכער, אונ בא לײַטנ האָט ער געזענ, ווי אזוי מע לערנט קינדער אפ דעמ נײַעמ שניט, האָט ער געקריגנ מארקוסנ א צוויי־דרײַ לערערס פונ „הײַנטיקער וועלט", וואָס אונדזער יונגער העלד האָט בא זיי געכאַפּט פונ יעדער זאכ צו ביסלעכ, עטוואָס פונ אויבנ, אזוי, אז צו זיבעצנ־אכצנ יאָר האָט ער געהייסנ זייער א פײַנ באָכערל, ביט ערגער פונ א סאכ אזעלכע באכורימלעכ, וואָס איכ מיט אײַכ קענענ זיי זייער גוט: זיי גייענ זייער שיינ אויסגעפוצט, זיי האָבנ בא זיכ א סאכ ביכלעכ; צווישנ זיכ שמועסנ זיי אפ דער גאס וועגנ טורגעניעוונ אונ שרײַענ אזוי שטארק, אז איר מוזט זיי באמערקנ; צײַטונגענ לייענענ זיי אלערליי, אונ מיט פרעמדע הענט שרײַבנ זיי אליינ אויכ אמאָל ארײַנ א קאָרעספּאָנדענציע אינ א ייִדיש בלאט, אונ שפּעטער, אז ער ווערט עלטער, דערמאנט ער אײַכ, אז ער האָט אמאָל, אינ די יונגע יאָרנ, „געשריבנ אינ די צײַטונגענ". מיט איינעמ וואָרט, אונדזער אויסגעצייכנטער מארקוס וואָלט געוועגנ א יונגל א מאסקיל, ווי אלע מאסקילימ אינ דער פּראָווינצ, א „אינטעליגענט", א געוויינלעכער טיפּ פונ א ייִדיש באָכערל א נאכאל, וואָס נעמט א שיינע קאלע מיט רויטע בעקלעכ אונ מיט א סאכ נאדאנ, — אונ האָט כאסענע, אונ ווערט א פײַנ איידעמל, א באל־האַלוואָע, א שטיקל סויכער, א גרויסער סויכער, א יונגערמאנ א גוויר מיט עטלעכע קינדער, וואָס באקומענ בא

---

1 א רויטע קו, וואָס מע האָט פארברענט אונ דעמ אש געברויכט פאר ריטועלע צוועקנ (א ביבליש געבאָט).—2 איז דאָכ געוויס, זיכער אזוי.

אים פּונקט אַזאַ ערציִונג, ווי זײַנע עלטערן האָבן אים געגעבן, און אַזוי איז „דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת[1] — אײן דאָר גייט נאָך דעם אַנדערן, ווי אַ זייגער... נאָר ניין! אונדזער שיינער העלד האָט געהאַט אַן אַנדער האַסאָגע אין דער וועלט, און זײַן צוועק איז געווען ניט אַזוי, ווי מיר האָבן פֿון־זײַנעטוועגן אויסגעקלעבט. יעדער מענטש האָט זיך זײַן קאַפּריז, זײַנע האַסאָגעס; פֿאַרוואָס זאָל מאַרקוס בלאַנק זײַן ערגער פֿון אַלע אַנדערע מענטשן? איך זע, אַז מײַנע לעזער ווילן טרעפֿן, אַז מיסטאָמע מוז דאָ זײַן אַ שיין מיידל אינמיטן, און מאַרקוס איז שטאַרק פֿאַרליבט... ניין! איר דאַרפֿט געדענקען, אַז מײַן ראָמאַן איז „אַ ראָמאַן אָן אַ ראָמאַן"! איך וועל אײַך ניט גיין שווערן, אַז ווען מײַן שיינער העלד זאָל געווען באַגעגענען ערגעץ אַ מין ראָזאַ, אָדער אַ יעליזאַוועטאַ, וואָלט ער פֿון איר אַנטלאָפֿן, ווי דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט. איך ווייס ניִשט. די עפּאָכע צווישן אַכצן און צוויישן צוואַנציק יאָר איז די געפֿערלעכסטע צײַט פֿאַר די יונגע קינדער, און אַזוי ווי דאָס ברעקעלע קינד מוז נעבעך איבערקומען פּאָקן, מאָזלען און צייגדלעך, אַזוי מוז דאָס גרעסערע קינד איבערקומען די צײַט פֿון ליבע, — און לעמײַ זאָלן מיר זיך נאַרן? מיר האָבן דאָך אַלע געפּאָקט, געמאָזלט, ליב געהאַט און, דאַנקען גאָט, איבערגעקומען אָט די אַלע ווייטיקן געזונטערהייט... וואָס קאָן איך אָבער טון מיט מײַן יונגן העלד, אַז עס האָט זיך אים פּאָרט ניט געטראָפֿן דער צופֿאַל? קאָן איך אים דען מיט גוואַלד זאָגן: „גיי, מאַרקוס, ליב זיך אײַן, שרײַב פּלאָמ־פּײַעריקע בריוולעך, ווער צעגאַנגען ווי אַ וואַקס, הענג זיך, טרינק זיך, אַבי איך זאָל האָבן שטאָף אויף אַ „העכסט־אינטערעסאַנטן ראָ־מאַן"? אויבּפֿראַט, אַז מײַן יונגער העלד האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער אידייע, אַן אַנדער ציל, וואָס ער האָט זיך צו דעם געשלאָגן דורך טיר און דורך טויער מיט אַלע קוכעס פֿון זײַן געזונטן יונגן קערפּער, — מיט איין וואָרט, מײַן מאַרקוס האָט געוואָלט שטודירן, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל שטודירן: אויף דאָקטער, אויף אַדוואָקאַט, אויף אינזשעניער — שטודירן און גענוג!

ווען און וויאַזוי איז דער דאָזיקער געדאַנק אײַנגעפֿאַלן מאַרקוסן אין קאָפּ אַרײַן — קאָן איך אײַך אַקוראַט ניט זאָגן; נאָר די בריוולעך, וואָס ער האָט געשריבן צו איינעם פֿון מײַנע באַווײַרים, צו אַריה־לייבן, זענען געווען מיט אַזאַ פֿײַער געשריבן, אַזוי הייס, אַזוי ענערגיש, אַזוי

---

* דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת — אַ דאָר גייט אַוועק, און אַ דאָר קומט — און די ערד שטייט אייביק.

עמעס, אז איכ האָב זיכ אפ קיינ מינוט ניט פארטראכט, אז דער דאָ־
זיקער יונגער מענטש וועט זיינ צוועק דערגרייכנ (איינע פונ די דאָזיקע
שיינע בריוו האָט דער לעזער באגעגנט אינ דעם ערשטנ קאפיטל פונ
אונדזער עמעסער מייסע).

נאטירלעכ, האָט דער פאָטער ניט געטאָרט וויסנ פונ דער דאָזיקער
פיינער אידייע, אונ איכ רעכנ, אז עס איז גלייכער, וואָס סענדער האָט
ניט געוווּסט, וואָס מארקוס טראָגט בא זיכ אינ קאָפּ אונ אינ הארצנ:
גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט געקאָנט דערפונ ארויס! סענדער האָט גע-
האט צו טונ מיט די שידוכימ, אונ מארקוס האָט געשריבנ הייסע
בריוולעכ צו אריע־לייבנ, אזוי ווי אויבנ איז געשטאנענ.

מער ווי אלעמאָל האָט זיכ אופגעהויבנ דאָס פייער בא אונדזער
יונגנ העלד זומער-צייט, פונקט אינ דער עפּאָכע, ווענ עס קומט פאָר
אונדזער נאטירלעכע געשיכטע; אינ דער דאָזיקער צייט זענענ זיכ
צונויפגעפאָרנ אלע מאלמידימ פונ די גימנאזיעס מיט אלע סטודענטנ
פונעמ אוניווערזיטעט. אכ! ווי שטארק אונדזער מארקוס האָט זיי
נעבעכ מעקאנע געווענ אפ זייערע גילדענע קנעפּלעכ, די אָפיצערסקע
היטעלעכ, די העמדעלעכ פונ די סטודענטנ; ווי פריילעכ, ווי פריי, ווי
גליקלעכ זענענ די דאָזיקע מענטשנ, אונ ווי טרויעריק, געבונדנ אונ
אומגליקלעכ איז ער נעבעכ! דערמאָלט, ווענ זיי שיפנ זיכ אפ דער לאָדקע
אינ דער אויסגעצייכנטער זומער־נאכט אונ זינגענ לידלעכ אקעגנ דער
זילבערנער לעוואָנע, מוז ער נעבעכ זיצנ אינ דער היימ אונ אויסהערנ
אָט די אלע מייסעס מיט די רייד פונעמ פאָטער, וואָס האָבנ זיכ אימ
שוינ אזוי צוגעגעסנ! ער איז פּאָשעט געפּענטעט אינ קייטנ; ער איז
אינ געפענקעניש; מע האָט אימ פארשפּארט, מע האלט אימ אינ אָס־
טראָג; מע לאָזט אימ ניט ארויס אפ דער ליכטיקער שיינ. וואָס האָט מענ
נעבעכ צו אימ אונ צו זיינע יונגע יאָר אונ טעג? פארוואָס קאָנ ער ניט
געניסנ פונ דער זיסער יוגנט, גלייכ מיט אָט די אלע יונגע מענטשנ?
פארוואָס איז פאר אימ אלצ פארשלאָסנ, אלצ באהאלטנ, אלצ פארבאָטנ?
אלע מעגנ, נאָר ער, מארקוס, טאָר ניט; ער דארפ דאָ זיצנ אונ פאר־
שווארצט ווערנ — ביז וואנענ? ביז ווי לאנג נאָכ?

מיט אזעלכע שווארצע געדאנקענ זיצט נעבעכ אונדזער יונגער
העלד, אָנגעשפּארט דעמ שיינעמ קאָפּ אפ די ווייסע הענט, אונ סענדער
דערציילט זייער א שיינע געשיכטע, וויאזוי א שוטעפ האָט אימ ארייג-
געפירט אינ א געשעפט ארײַנ, וויאזוי ער האָט אימ געוואָלט „אָפּ־
קאָכנ", וויאזוי זיי זענענ ביידע געקומענ צומ פּאָרעצ, וויאזוי דער
פּאָרעצ האָט אימ געבעטנ זיצנ, וויאזוי דער שוטעפ האָט זיכ ארײַנגע־

כאַפּט צו אימ אינ די הענט אַרײַנ, וויאַזוי דער פּאָרעצ האָט זיכ מיט אימ אָפּגערעכנט און האָט אימ געזאָגט: „עי, מאָשקאַ! יאַק סיעמאַוש, פּאַנ מאָשקאַ?" כאַ-כאַ-כאַ! — סענדער לאַכט, און זײַנ פֿעט לײַב טרייסלט זיכ פֿאַר געלעכטער. מיריאַמ-כײַע לאָזט ניט אַראָפּ קײנ אויג פֿונ איר טײַערנ זונ, וואָס איז נעבעכ שוינ פֿונ אַ צײַט אַזוי בלאַס, אַזוי אומעטיק; ער עסט ניט, ער טרינקט ניט — וואָס איז „דעמ קינד"?

— וואָס איז דיר, מאַרקל? וואָס טוט דיר וויי, מײַנ קינד? — אַזוי זאָגט אימ די געטרײַע מוטער פֿאַרנ שלאָפֿ, קוקט אימ אינ די אויגנ אַרײַנ און נעמט אימ אָנ בײַ דער האַנט, און טרערנ קלײַבנ זיכ איר אַפֿ די אויגנ.

— אײַ, טשעפּע זיכ אָפּ פֿונ מיר! גאָרניט! — מאַרקוס שלעפּט אַרויס זײַנ האַנט פֿונ אירע הענט, און מיריאַמ-כײַע גײט אַוועק מיט אַ טיפֿנ זיפֿצ פֿונעמ האַרצנ.

איכ פֿרעג אײַכ: בײַ אַזעלכע פֿאַרשײדענע אומשטענדנ, וואָס איז דער כידעש, אַז יעדנ צופֿאַל, וועלכער זאָל קאָנענ אונדזער פֿײַנעמ העלד אויסלייזנ פֿונ זײַנ טרויעריקער לאַגע, וואָלט ער באַגעגנט מיט פֿרייד? וואָס איז דאָ צו וווּנדערנ זיכ, וואָס מאַרקוס האָט גלײַכ מיט אַלע אונדזערע באַקאַנטע בײַ סענדערנ אינ הויז אַרויסגעקוקט אַפֿ דעמ דאָזיקנ צופֿאַל, וואָס קײנער פֿונ זײ האָט הויכ ניט אַרויסגערעדט און וואָס יעדער באַזונדער האָט געטראַכט בײַ זיכ טיפֿ-טיפֿ אינ האַרצנ?...

ליבער לעזער, טײַערער פֿרײַנט! ווער דו ביסט דאָרטנ און וואָס דו ביסט דאָרטנ — גיב מיר אַהער דײַנ האַנט, און לאָמיר זיכ בײדע ווינטשנ, אַז עס וועט קומענ אַמאָל די צײַט, ווענ מיר וועלנ זיכ דאַרפֿנ אָפּגעזעגענענ מיטנ דאָזיקנ נאַרישנ וועלטל, זאָל אונדז גאָט שוימער-אומאַצל זײַנ פֿונ אַזאַ טרויעריקער לאַגע, ווי אונדזער געערטער סענ-דער בלאַנק האָט זיכ געפֿונענ אינ דער צײַט, ווענ זײַנע פֿײַנע מישפּאָכע האָט זיכ צונויפֿגעפֿאָרנ צו אימ „מעוואַקער-כוילע זײַנ"..

## דאָס פֿינפֿטע קאַפּיטל

סענדערס מישפּאָכע פֿאָרט זיכ צונויפֿ ביסלעכווײַז

מיר האָבנ איבערגעלאָזט סענדער בלאַנק אינ קאַבינעט נאָכ דעמ גרויסאַרטיקנ אָנבײַסנ. סענדער האָט זיכ געפֿילט עפּעס ניט אינ בעסטנ; אַ שרעקלעכ שנײַדעניש איז אַפֿ אימ אָנגעפֿאַלנ, און אַ גאַנצע מילכאָמע האָט זיכ אופֿגעהויבנ אינ זײַנ בויכ.

— שלעכט! שלעכט! — האָט ער געזאָגט צו מיריאַמ־כײַענ. — ס'איז מיר שלעכט, זײער שלעכט!

— וואָס זשע איז דיר אַזעלכעס? גאָט איז מיט דיר, סענדער!

— איכ װײס ניט. אָט דאָ איז באַ מיר אַנ אומגליק! — אונ סענדער האָט אָנגעוויזנ מיט בײדע הענט אַפנ בויכ. רײשים-כאָכמע [1], האָט מיריאַמ־כײַע געשיקט רופנ דעמ דאָקטער. האַגאַמ סענדער גלײבט ניט אינ קײנ דאָקטער אונ זאָגט, אַז די גאַנצע „שפּיל" (די מעדיצינ) איז נאָר אַ שאַנטאַזש, אַ „פאָקוס" אַפּ צו נאַרנ געלט, פונ־דעסטװעגנ לאָז אימ װי טאָנ אַ פינגער — שיקט ער באַלד צומ דאָקטער. פאַראַנ אַ סאַכ אַזעלכע צװישנ אונדזערע ייִדנ, װאָס האָבנ עפּעס קײנ „עמונע" ניט אינ דער מעדיצינ, כאָטש די מעדיצינ קאָסט אַ ייִדנ אָפּ מער פונ אַלע אַנדערע מענטשנ אַפּ דער װעלט, אונ ער מעג יאָ גלײבנ אונ ניט גלײבנ — אַלצײנס!

אונדזער געערטער סענדער האָט זיכ געהאַט זײַנ דאָקטער, דעמ דאָקטער קלוגער, אונ מיט אימ האָט ער ליב געהאַט אינ אַ פרײַער צײַט אַרײַנצושמועסנ מיקויעכ „דאָקטאָריע". דער דאָקטער האָט לאַנג געקנעלט, ביז ער האָט אימ אײַנגעבילדעט, אַז פונקט אַזוי װי ער קאָנ שטאַרבנ פונ אַ שלאָפקײַט, אַזוי קאָנ מענ זיכ געזעגענענ מיטנ לעבנ געזונטערהײט. דער דאָזיקער קלאָל איז סאָפּקאָלסאָפּ אימ אַרײַנ אינ קאָפּ, אונ פונ יענער צײַט אָנ האָט ער געפילט, אַז זײַנ לעבנ הענגט אַפּ אַ האָר, כאָטש אַפילע ער איז געזונט אונ שטאַרק אַפּ אַלע אײװורימ. דעריבער האָט ער זיכ געריכט טאָג אַפּ טאָג אונ האָט זיכ שוינ לאַנג צוגעגרײט אַ צװאָע, אױסגערעכנט ביז דער לעצטער פּרוטע (דאָס איז באַ אימ געװענ בעסאָד), אונ יעדער טאָג איז באַ אימ געװענ אַ גע־שענקטער, אונ דעריבער טאַקע פלעגט ער זיכ אָנטאָנ קאָל-האַטײַנוגימ [2] אַפּ דער װעלט: גוט עסנ, רעכט טרינקענ, אױסרוענ די בײנער, געננונ אױסלאַכנ זיכ אַפּ „די הײַנטיקע", „די קאַפּצאָנימ", אָפּגעבנ גאָט זײַנס, דאָס הײסט, דאַװנענ אַלע טאָג, אַמאָל, אַז עס איז געװענ צײַט, אָפּזאָגנ אַ צװײ־דרײַ קאַפּיטלעכ טילימ אונ אַמאָל שענקענ אַ געדאַװע (זעלטנ, זײער זעלטנ). אַכ! װענ יעדער פונ אונדז זאָל האָבנ בעקויעכ, אַזוי װי מײַנ העלד, מעקײַעמ זײַנ אַלע כױװעס, װאָס ליגנ אַפּ אונדז, אונ דערצו נאָכ אַזוי בארוט אָפּלעבנ זיכ דאָס װעלטל — אַכ! װי גרינג װאָלט אונדז געװענ צו גײנ פונ דער װעלט! װי אָנגענעמ װאָלט באַ אונדז געװענ דער טויט! באַרעכנט זיכ אַלײנ: איכ עס מיר אָפּ

---

1 געמײנט: ערשטנס. — 2 אַלדי פאַרגעניגנס.

אָנבײַסנ, פאַרייכער מיר א געשמאקע ציגאַר, טרינק מיר אויס א גוט גלאָז ביר, זאָג מיר אָפּ א פּאָר קאַפּיטלעכ טילימ, שענק מיר אנ אָרעמאַנ א צוויי גראָשנ, איכ נעמ מיר דעמ טינט-אונ-פּענ אונ מאַכ מיר א כעשבנ: דעמ זונ אַזויפיל, דער טאָכטער אַזויפיל, עטלעכע קערבלעכ אָפּ דער שול, א פּאָר רובל אָפּנ מערכעצ, לעהאַוודל, עטלעכע גריוונעס אָפּ צעטיילנ די טאַלמוד-טוירע-יינגלעכ פאַר דער מיטע, אַז זיי זאָלנ פונ מײַנ קאָוועד וועגנ שרײַענ: „צעדק לעפאָניו יעהאַלעך!" 1. נאָכדעמ זאָג איכ מיר אָפּ גאַנצ באַרויִקט ווידע מיט א גלאַטנ לונג-אונ-לעבער. אונ מיט א ריינעמ סאָוועסט, איכ לייג מיכ צו, פאַרמאַכ מיר איינ אויג, דאָס אַנדערע אויג — אונ ווער אַנשלאָפנ... אונ אָפּ מאָרגנ ווידעראַמאָל דאָס אייגענע...

אַז דער דאָקטער איז געקומענ צו סענדערנ, האָט ער אימ געפונענ זייער אינ א טרויעריקער לאַגע.

די ערשטע פראַגע, וואָס סענדער האָט פאַרגעלייגט דעמ דאָקטער, איז געווענ:

— איז מײַנ שלאָפקײַט ניט געפערלעכ, אונ צי וועל איכ נאָכ קאָנענ געזעגענענ זיכ מיט מײַנע קינדער?

— ווענ איר זאָלט זײַנ אַזוי געפערלעכ, — האָט אימ דער דאָקטער קלוגער גאַנצ ערנסט געענטפערט, — וואָלט איכ איצט ניט געהאַט דאָס גליק מיט אײַכ צו רעדנ; נאָר נאָכ די קינדער שיקט וואָס צום גיכסטנ. טוט אָפּ אײַערס, וועט איר זײַנ רויִק, אַראָפּ א מאַסע!

טויט ווי די וואַנט איז סענדער געוואָרנ, אַז ער האָט דערהערט דעמ דאָקטערס רעזאָליוציע. אונ ער האָט אָנגעהויבנ צו ציטערנ, צאַפּלענ מיט אַלע איווורימ: „אוי, מײַנ סאָפּ! אוי, מײַנ עק! אָט דאָס איז שוינ מײַנ עק! אָט דאָס איז מײַנ עק!"...

— זאָגט מיר, דאָקטער, דעמ עמעס, דעמ ריינעמ, לויטערנ עמעס: צי קאָנ איכ האָבנ א שטיקל האָפענונג? איכ בינ ערשט אַלט דרײַ אונ פופציק יאָר! מײַנ פאָטער האָט געלעבט פיר אונ אַכציק יאָר, מײַנ מוטער — זעקס אונ נײַנציק יאָר, אונ מײַנ זיידע, זאָגט מענ, האָט אָפּגעלעבט מער אַלס הונדערט יאָר; פאַרוואָס זשע קומט עס מיר, איכ זאָל אַזוי גיכ?..

באַ די דאָזיקע ווערטער האָט זיכ סענדער צעוויינט, ווי א קליינ קינד. מיריאַמ-כײַע האָט געכאַלעשט, אונ מאַרקוס, וואָס האָט געהאַט זייער א גוט ווייכ האַרצ, האָט זיכ געווישט די נאַסע אויגנ.

1 צ ע ד ע ק  ל ע פ אָ נ אָ ו ו  י ע ה א ל ײ כ — גערעכטיקײַט גייט אים פאָרויס.

אונ דער דאָקטער קלוגער האָט צענומענ די הענט, אויסגעצויגנ דעמ קאָפּ אונ געמאַכט אַזאַ מינע, פּונקט ווי דער רײַזנדער מאַכט, בעשאַס עס ברעכט זיכ איבער אַנ אַקס אונ דער וואָגנ טוט אַ טראַסק אינ דער ערד אַרײַנ.

די דאָזיקע מימיקע האָט אויפ אונדזער סענדערנ געווירקט שרעקלעכ: עס האָט זיכ אימ דײַטלעכ פאָרגעשטעלט, ווי זײַנ איבעריניקסטע „מאַשינעריע", די „גדערימ", האָבנ פּלוצעמ געלאָפּנעט, אונ צוהערנדיק זיכ צומ בויכ, האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אַז דער מאָגנ האָט זיכ אימ ווירקלעכ אַנידערגעשטעלט אויפ אייביק. דאָכ האָט ער זיכ געשעמט אַ פרעגנ טונ דעמ דאָקטער אונ האָט אימ נאָר געבעטנ, ער זאָל אימ נאָכאַמאָל גוט באַטראַכטנ. דער דאָקטער קלוגער איז מערוניצע געוואָרנ צו באַטראַכטנ דעמ כוילע נאָכאַמאָל אונ האָט זיכ צוגעלייגט מיטנ אויער צומ קראַנקנס בויכ. באַטראַכטנדיק אימ, האָט דער דאָקטער ניט אַרויסגעלאָזט קיינ פּיפּס פונעמ מויל, נאָר גלאַט אַזוי געקוויטשעט מיט די פּלייצעס, געדרייט מיטנ קאָפּ, געשמאָרעט מיט דער נאָז, לאַנג־לאַנג געטראַכט, געקוקט דעמ כוילע אינ די אויגנ אַרײַנ, געזיפצט, ווײַטער געשאָקלט מיטנ קאָפּ, געקוויטשעט מיט די פּלייצעס אונ אַזוי ווײַטער. סענדער בלאַנק האָט דאָס אַלץ גוט באַמערקט, אונ טראָפּנס שווייס, קאַלטער שווייס, האָבנ אַרויסגעטראָטנ אויפ זײַנ פּאָרנעמ. נאָכדעמ האָט זיכ דער דאָקטער אויפגעכאַפּט, אויסגעשנײַצט די נאָז שטאַרק־שטאַרק אונ האָט אַזוי געזאָגט:

— מײַנ ליבער הערר בלאַנק! איר ווייסט, אַז איכ בינ אײַכ אַ גוטער־פרײַנט. איכ וועל טונ אַלע מיטלענ. נאָר איר וועט מיכ פאָלגנ, צי נײנ? רופט נאָכ אַ דאָקטער, וועלנ מיר מאַכנ אַ קאָנסיליומ. בא אונדז אינ דער מעדיצינ איז דאָ אַ גלײַכוואָרט: אײנ קאָפּ איז גוט, צוויי איז נאָכ בעסער... — מיט די דאָזיקע ווערטער האָט ער זיכ אָפּגעזעגנט מיטנ כוילע אונ מיט אַלע אַנדערע אונ איז געשווינד אַרויסגעגאַנגענ פונ קאַבינעט. אַראָפּגעלאָפנ פונ די טרעפּ אונ געקומענ אַראָפּ, האָט ער געטראָפנ פּרויקענ מיט זײַנ פּאַלטאָ אינ די הענט. אַרופגעוואָרפנ אויפנ דאָקטער דעמ ראָק, האָט זיכ פּרויקע ניט געקאָנט אײַנהאַלטנ אונ האָט אַ פרעג געטאָנ דעמ דאָקטער: „וואָס הערט זיכ מיטנ באַלעבאָס?" האָט אימ דער דאָקטער קלוגער געענטפערט מיט אַ זיס שמייכעלע אויפ לאַטײַנ (דער דאָקטער קלוגער איז זייער אַ פּאַשעטער בא זיכ, זייער אַ ליבנסווירדיקער מענטש אונ איז מיט יעדנ אַ גוטער-ברודער):

— נישקאָשע, א ביסעלע גארגולעס, א ביסעלע פּלעריז קסוכאַטי־וואַ, נאָר סע וועט זײַן רעכט: דער דאָקטער קלוגער שלאָפט ניט!..

— דער רועב ווייסט אים, ווו ער נעמט אזעלכע מערקישע ווער־טער! — האָט פּרויקע געזאָגט צו זיך אַלײן און פאַרשלאָסן די טיר.

מיר ווייסן ווײַל פאַר קלאָר, אַז פּרויקע האָט זיך גאָר ניט אַנטעקעגנגעשטעלט מיט די בלאַנקס; נאָר מאכמעס ער דינט שוין דאָ א יאָר זיבן־אכט, דערפאַר האָלט ער זיך מיט זײַ שטאַרק היימיש, נאָענט, קימאַט ווי א ווײַטער קאָרעוו, און דעריבער האָט זיך פּרויקע גערעכנט בא זיך, אַז אַלפּי־יוישער קומט אים אויך א שטיקל כיילעק פון סענדער בלאַנקס יערושע. ער איז געווען, נאָך זײַן האַסאָגע נאָך, זייער גערעכט: האָ־רעווען האָט ער געהאָרעוועט, ווי אַ אייזל, און אין דער גאַנצער צײַט פון זײַן געטרײַער דינסט האָט ער נאָך ניט געזען פון זײַן באַלעבאָס קיין מאַטאָנע אפילע פאַר א צווייער, און כוץ־לאָזע האָט נאָך סענדער געהאַט א טעווע אָפּנעמען כעשבון בא פּרויקע פונעם מאַרק ביז דער לעצטער קאָפּעקע! מיט זײַן גאַנצן לעבן איז פּרויקע געווען איבערגע־געבן דעם באַלעבאָס, און פון־זײַן שטוועגן וואָלט ער געגאַנגען אין פײַער און אין וואַסער, און דעריבער האָט פּרויקע געשאַרפט די ציין אַף דרײַ טוץ זילבערנע לעפל, אַ גרויסן זילבערנעם האָדעס, א גוטן בור־שטינענעם, און גאָלד געפאַסט, ציטאַרן־ושפיץ, וואָס נאָך זײַן רעכענונג נאָך האָט ער באַדאַרפט ווערט זײַן, צום ווייניקסטן, פינף און דרײַסיק רובל, א טוץ געפּרעסטע העמדער, מיט נאָך אזעלכע קלייניקײַטן, וואָס די יאָרשים וואָלטן זיך באַם טראַסק ניט אַרומגעקוקט. און איבערהויפּט איז פּרויקע געווען אַנציקט פון סענדערס גילדערנעם זייגער מיט דער מאַסיווער גילדערנער קייט; דאָס דאָזיקע קייטל האָט סענדער בלאַנק אַלײן געלאָזט מאַכן אין דער פאַבריק, און דעריבער איז דאָס געווען אַזוי מאַסיוו. פּרויקע פלעגט ניט איין מאָל האַלטן דאָס קייטל מיטן זייגער, אָנמעסטן זיי אַף זיך, קוקן אין שפּיגל אַרײַן און אָנקוועלן פון זיך. נאָר פּרויקע איז ניט געווען קיין גאַנעוו; כאָלילע! גאָלד האָט געמעגט ליגן פאַר זײַנע אויגן, וואָלט ער ניט געטשעפּעט. „נאָר נאָך דעם באַלעבאָס' טויט,—האָט בא זיך פּרויקע געפּויעלט,—וועט אַלע וועלן נעמען, וועל איך אויך נעמען: וועד וועט זיך אַרומקוקן אַף דעם עלנטן פּרויקען?" און איצט, אַז פּרויקע האָט דערזען, ווי זײַן באַלעבאָס פאַכט מיט דער נעשאָמע, האָט אין אים אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ פאַר שרעק, און זיצנדיק אונטן אַפן בענקל און וואַרטנדיק, אַז אָט־אָט וועט מען אים שיקן נאָך דער „כעוורע־קאַדישע", האָט זיך פּרויקע דערוויל געמאַכט א צעטל, וואָס ער דאַרף, און אַז עס איז געקומען

צומ זייגער מיט דער קייט, האָט ער זיכ געטראַכט, וואָס זאָל ער טאָנ מיט זיי: צי זאָל ער זיי פֿאַרקויפֿנ, צי זאָל ער נעמענ זיכ דעמ זייגער אונ דאָס קייטל אוועקשענקענ בליומקענ (זײַנ קאַלע), צי עפּשער זאָל ער גאָר איבערמאַכנ דאָס קייטל אַפֿ אוירינגלעכ מיט א בראָש פֿונ בליומקעס וועגנ?

— דזינג! דזינג! — האָט דאָס גלעקל זיכ געלאָזט הערנ פֿונ אויבנ. פֿײַל אויס דעמ בויגנ האָט זיכ פֿרויקע געלאָזט לויפֿנ אַרופֿ, אונ אינ עטלעכע מינוט אַרומ איז ער אַראָפּגעלאָפֿנ מיט צוויי דעפּעשנ, וואָס מע האָט אימ געגעבנ אוועקצושיקנ עקסטרע צו די קינדער, אונ מע האָט אימ צענ מאָל אָנגעזאָגט: „ער זאָל לויפֿנ גיכ, אַפֿ איינ פֿוס!” פֿונדעסטוועגנ האָט זיכ פֿרויקע דערלויבט צוצוזעצנ זיכ אַפֿ א רענגעלע, זענ, וואָס שטייט דאָ אינ די דעפּעשנ.

צומ קאָוועד פֿונעמ דאָזיקנ געטרײַענ דינער מוזנ מיר באַמערקנ, אַז אינ די פֿינפֿ יאָר, וואָס פֿאַרשידענע לערערס האָבנ פֿאַרבראַכט בײַ די בלאַנקס אינ הויז, האָט זיכ פֿרויקע צוגעלערנט א ביסל רוסיש לייענענ אונ שרײַבנ. מע קאָנ ניט זאָגנ, אַז פֿרויקע האָט זייער טײַערע פֿעיִקײַטנ צומ לערנענ; דערפֿאַר האָט אָבער מאַרקוס אליינ געזונ גע־קנעלט מיט אימ, ביז ער האָט דערלעבט, אַז פֿרויקע קענ שוינ האַלב טראַפֿ (סקלאַדעס) אונ כאַסמענענ זיכ אַפֿ רוסיש: „פֿרויקע קראָקמאַנ”, אַזוי אַז עס איז אויסגעקומענ גאָר: „מאַנפֿרויקערקאָקער”. גאָר צומ רעכענענ האָט פֿרויקע געהאַט א זעלטענעמ קאָפּ, אונ ווער ווייסט, וואָס פֿאַר א מאַטעמאַטיקער פֿונ אימ וואָלט אַרויס, ווענ זײַנ פֿאָטער, קאָפּל קראָקמאַנ, זאָל ניט געווענ זײַנ קיינ קוימענקערער אונ זאָל ניט געווענ פֿונ בראָנפֿנ שטאַרבנ אונ פֿאַר דעמ טויט אָפּגעבנ פֿרויקענ צו א קאָוואַל, אונ דער קאָוואַל זאָל אימ ניט געווענ שלאָגנ אַלע טאָג ווי א הונט, אונ פֿרויקע זאָל ניט געווענ אָנקומענ פֿריִער צו זײַנ א הויפּ-מעשאָרעס אונ נאָכדעמ א לאָקיי בײַ סענדער בלאַנק. די גרעסטע „זאַדאַטשע” האָט פֿרויקע געקאָנט אויסרעכענענ אַפֿנ קאָפּ, אַזוי אַז דער־באַלעבאָס פֿלעגט ניט איינ מאָל ניוול-ווענישטוימעמ ווערנ 1.

בעכיינ, האָט אונדזער געבילדעטער מעשאָרעס צוגעטראָגנ די דעפּעשנ צומ פּענצטער אונ איז אָפּגעשטאַנענ איבער זיי קאָרעוו צו א האַלבער שעה, ביז ער האָט יאָקאָש צונויפֿגעלייגט.

— בוקי... אָנ... על... יע... נאש — באָליענ... שלאָפּ! אָנ...

---

1 שטאַרק פֿאַרוווּנדערט ווערנ.

פאקאָי... אז... סלאָוואַ... באש... אַנ — אָפאסנאָ... זייער געפערלעך! אָפאסנע! דאָס הייסט, אָט שטארבט ער. אהא?..

און פרויקעס געדאנקען האָבן זיך ווייטער איינגעפלאָנטעט אין דעם גילדענעם זייגער מיט דער שווערער קייט... אף דעם טעלעגראף האָט פרויקע פריִער געוויזן די דעפעשן עפעס א רויטן ייִדן, ער זאָל זיך מאטריִען זיי איבערלייענען און געבן אים צו פארשטיין, וואָס שטייט דאָרטן.

„אך, ווען מע זאָל מיך געוועזן לערנען אין די יונגע יאָרן!" — האָט זיך פרויקע געטראכט, אראָפגעלאָזט טיף אין דער אונטערשטער קעשענע די צוויי רובל מיט די פערציק קאָפעקעס אויסגאָב, אזוי, אז זיי זאָלן טאקע בא אים בלייבן, מאכמעס ווער ווייסט זיך היינט ארומ־קוקן, צי עס איז דאָ אויסגאָב צי ניין? נאָר ווי איבעראשט איז ער געווען, אז ארייִנגעקומען צו רעב סענדערן אין קאבינעט, האָט אים זיין געפערלעכער פרינציפאל באלד אָי כאפ געטאָן:

— אויסגאָב, פרויקע! צוויי מיט פערציק!..

„ער האָט שוין אפילע אויסגערעכנט, דער אלטער גאנאמניק!" — האָט פרויקע געטראכט און האָט בימכילאס־קווידוי[1] אויסגעלייגט אפן טיש די צוויי רובל מיט די פערציק קאָפעקעס און איז מיט א ביטער הארץ אוועק אין זיין רו ארייִן.

באלד אפן אנדערן טאָג איז געקומען סענדערס עלטערער זון, כאיִם בלאנק מיט זיין ווייב סאָני און מיט צוויי קליינע קינדער: פאני — א מיידל פון א יאָר אכט, און מאני — א קליינינשקע פון זעקס יאָר.

וויאזוי סענדערן איז געגאנגען אין זיינע געשעפטן גוט, אזוי איז זיינע קינדער געגאנגען שלעכט. אז כאיִם איז אראָפ פון קעסט, האָט ער געהאט זיינע עטלעכע טויזנט רובל.

— געדענק, כאיִם, — האָט אים דער פאָטער געזאָגט, — אז איך האָב פון מיין צאד געוון יויצע געווען: דיך אויסגעהאָדעוועט, כאסענע געמאכט, געגעבן נאדאן, געהאלטן פינף יאָר אף קעסט אויך — און וואָס נאָך? האָסט צו מיר קלאל-אוקלאל ניט! מיט מיר קערסטו זיך שוין היינט ווינציק־וואָס אָן: איך האָב נאָך קינדער; איך האלט א טאָכ־טער אף קעסט און דארף כאסענע מאכן א זון. פאָר דיר געזונטער־הייט און זיי מאצליעך! אז דו ווערסט זיך שאנעווען, ווערסטו האָבן געלט און סע וועט דיר זיין גוט, אימ-יירצע-האשעם. זע, היט אָפ א קערבל, ווערסטו זיין א מענטש!..

---

[1] געמיינט: בימכילע; פארבייגנדיק זיין קאָוועד.

אז כאַימ איז געבליבנ אַנ געלט, האָט ער צומ פֿאָטער ביט גע-וואָלט שרײַבנ: ער האָט גאַנצ גוט געוווּסט, אז עס וועט זײַנ אומזיסט. נאָר אז מע האָט שוינ אַלצדינג אויסגעפֿאַרקויפֿט פֿונ שטוב, אונ די קינדער האָבנ געבעטנ ברויט אונ עס איז ניט געווענ, האָט זיכ כאַימ געזעצט אונ האָט אָנגעשריבנ אזא מינ בריוו:

„לכבוד אהובי אבי היקר הגביר המפורסם החכם ומופלג כש"ת מוהר"ר סענדער נ"י 1.

שוינ מער אז צוויי יאָר, זינט איכ בינ געבליבנ אָנ א קאָפּעקע, האָב איכ דיר דענ אפֿילע מאַזקיר געווענ 2, זעסטו דאָכ אַליינ, אז מיסטאָמע האָב איכ שוינ קיינ געלט ניט... וואָס רעד איכ? די קינדער אונ מײַנ ווײַב אונ איכ שטאַרבנ פֿאַר הונגער... איכ בינ דאָ א פֿרעמ-דער... על כנ, אהובי אבי 3 פֿאַרשטייסטו שוינ... ביטאָ וואָס צו רעדנ... אזעלכע צוויי קינדער, ווי איכ האָב, דאַכט מיר... אונ מײַנ ווײַב איז דאָפּקע ניט קיינ אויסברענגערנ, ווי אַנדערע... אונ איכ ווייס? פֿאַר-קערט, מיט אַלע מעגלעכקײַטנ... ווענ ניט אָט דער פֿײַפֿערמאַנ, אָט דער גאַזלענ... ער האָט בא מיר אויסגענאַרט דרײַ טויזנט רובל... מעזומענע דרײַ טויזנט קאַרבנ!.. קיינ אַנדערע געשעפֿטנ איז דאָ ביטאָ... עפּ-שער דאָרט, אינ דײַנ שטאָט, ווו מע קענ מיכ, מע ווייסט, ווער איכ בינ... מע זאָגט, אז יאַנקעוו-מוישע צוקערשטיינ האָט געווונענ צענ טויזנט רובל... גרים לאמי ה' היקרה מרת מרים-חיה, לאחותי היקרה מרת רבקה עם בעלה היקר מו"ה יוסף 4 זעמעל מיט זייערע קינדער... ווי גייט עס זיי הײַנט? גרים לאחי המשכיל החכם מוהר"ר מארקומ שיחיה 5. זײַט געזונט אונ פֿיל גליקלעכ, ווי עס ווינטשט אײַכ

דײַנ זונ כ א י מ  ב ל א נ ק.

גאַמ 6 איכ האָב דיר פֿאַרגעסנ מודיע זײַנ, אז זונתי מרת סאָני

---

1 ליכוויד אהויווי אָווי האיאָקאָר האגוויר האמעפֿור-סאָמ העכאָכאָמ אומופֿלאָג קוויד שיימטיפֿאַרטוי מוירייַנו האָראַוו רעב סענדער נייַרוי יאָיר — לעקאָוועד מײַנ געליבטנ פֿאָטער דעמ טײַערנ, דעמ באַרימטנ גוויר דעמ כאָכעמ אונ געלערנטנ, וואָס דער ערע-נאָמענ פֿונ זײַנ פּראַכט איז אונדזער לערער דער ראָוו רעב סענדער, זײַנ ליכט זאָל לײַכטנ — 2 דערמאָנט. — 3 אַל קײנ, אהויווי אָווי — דעריבער, מײַנ געליבטער פֿאָטער. 4 לעימי הויראָסי האיעקאָראָ מאָראַס מיריאָמ-כײַאָ, לאַא-כויסי האיעקאָראָ מאָראַס ריווקאָ אימ באַלאָ האיאָקאָר מוי-רייַנו האָראַוו יויסעפּ — צו מײַנ מוטער, וואָס האָט מיכ געבאָרנ, דער טײַ-ערער הארנטע מיריאָמ-כײַע, צו מײַנ שוועסטער דער טײַערער הארנטע ריווקע מיט איר מאַנ אונדזער לערער דעמ ראָוו יויסעפּ. — 5 לעאָכי האַמאַסקיל העכאָכאָמ מוירייַנו האָראַוו מאַרקוס שעייִכיע — צו מײַנ ברודער דעמ מאַסקיל דעמ קלוגנ אונדזער לערער דעמ ראָוו מאַרקוס זאָל לעבנ. — 6 אויכ.

שתהיה 1 איז איצטער ניט בעקאַוו-האברויע 2, און מײַנע קלענערע טאָכטער מאַניטשקע פּאָקט.

כאַים הנ׳ל." 3

פון טאָג אַף טאָג איז כאַים געגאַנגען אַף דער פּאָסט, און ערשט אין צוויי וואָכן אַרום איז אָנגעקומען אַ בריוו.

— אַ בריוו, סאָני. אַ בריוו פון דער היים!

סאָני איז שוין געזונט געוואָרן און האָט זיך קוים אַרומגעשלעפּט איבער דער שטוב, נאָר דאָס קינד איז נאָך אַלץ געווען שלאַף. מיט גרויס ציטערניש האָבן זיי זיך געזעצט לייענען דעם לאַנג-ערוואַרטעטן בריוו:

„לבני היקר הרבני מוהר׳ר חיים נ״י ע׳ש זוגתו היקרה מרת סאָנע תחי׳ עכב׳ב 4.

רײשים מודיעכם 5 אַז מיר זענען אַלע באָרעכ־האַשעם אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס בעמלעכע פון אײַך צו הערן ניט ערגער, אָמיין! וועהאַשיינים, פֿאַרשטײ איך ניט, וואָס האָסטו געהאַט צו מיר, בני היקר, וואָס זאָלסט מיר אָנטון אַזעלכע יעסורים, און מיר אַלע האָבן איבער אײַך אַ פאַרשטערטן יאָמטעוו? לאָז מען פרעגן בײַ דער וועלט, צי האָב איך ניט יויצע געווען אַקעגן דיר, ווי דער בעסטער פּאָטער? אַלקיין בני היקר, בעט איך דיך, זאָלסט מיר ניט מעקאַצער־יאָמים זײַן 6 און ניט שרײַבן מיר אַזעלכע בריוו, וואָס זיי זענען מיר ניט לעראָצן 7. און אַהער האָסטו ניט וואָס צו פאָרן, מאַכמעס אָן געלט קריגט מען אין ערגעץ קיין געשעפטן ניט הײַנטיקע יאָרן, און אַזעלכע פּײַפּערמאַנס, וואָס נאַרן אויס געלט, זענען דאָ אומעטום אַף דער גאַנצער וועלט. וואָס זאָל מען טון? שווערע יאָרן הײַנט! פונ־דעסטוועגן, אַז מע איז אַ מענטש, קומט מען ניט דערצו, אַז מע זאָל בלײַבן ווי אָפּן וואַסער. דײַן שוואָגער מוהר׳ר יויסעף זעמעל האָט הײַנט דאָס גרעסטע געשעפט, און מע זאָגט, אַז ער פאַרדינט גרודעס מיט גאָלד. איך זיץ שוין הי מער פון דרײַסיק יאָר, האָט זיך מיר נאָך איין מאָל ניט געמאַכט אַזאַ גליקלעך געשעפט, ווי חתני מוהר׳ר

---

1 זוגאָסי מאָראס סאָני שעטיכיע — מײַן פרוי די האַרנטע סאָני זאָל לעבן. — 2 געמיינט: ניט געזונט. — 3 האַנאַל (האַניזקאָר לעיל) — דער אויבן דערמאָנטער (דער זעלבער). — 4 ליבני האיאָקאָר האָראבאָני מוירייני האָראַוו רעב כאַים ניירוי יאָיר אימ סעוירוי זוגאָסי האיעקאָראָ מאָראס סאָנע טיכיע אימ קאָל בנײ־בייסאָם — צו מײַן טײַערן זון אונדזער לערער דעם ראָוו רעב כאַיי, זײַן ליכט זאָל לײַכטן, מיט זײַן ווײַב דער טײַערער האַרנטע סאָני, זאָל לעבן, מיט זײַן גאַנץ הויזגעזינד. — 5 מוידיאַכעם — גיב איך אײַך צו וויסן. — 6 פאַרקירצן די יאָרן. — 7 צום ווילן; געמיינט: דערווידער.

יוסף ב׳י 1 האָט באַקומענ דאָרט אינ זײַנ שטאָט; עס איז א סוואָרע, אז ער קויפט זיכ א דירע פאַר צוואַנציק טויזנט רובל, — לאָז אימ גאָט העלפנ; איכ פאַרגינ אימ מיטנ גאַנצנ האַרצנ. הײַנט גייט מיר א נײַע סעדרע: מע דאַרפ א שידעכ טאָנ מיט מאַרקוסנ אונ געבנ אימ א דרײַסיק טויזנט רובל נאַדאַנ אונ א קוויטאַנציע 2 פאַר א זעקס טויזנט רובל. הײַנט האַלבאָשע 3 אונ כאַסענע-הויצאָעס! איכ האָב צורעכט גע־מאַכט מײַנ הויז, קאָסט מיכ בעלוי-גוזמע צענ טויזנט רובל! הײַנט איז בא מיר געווענ בתי מרת רבקה תחיה 4 צוגאַסט מיט מײַנ קינד (א זעלטנ קינד!), האָט מענ איר געמוזט שענקענ ת״ק 5 קערבלעכ א מאַטאָנע! פונוואַנענ זאָל זיכ דאָס נעמענ אַלעס? גרים לעזוגאָסכאָ מיט די קינ־דערלעכ.

פונ מיר אביך 6 סענדער בלאַנק".

נאָכ א יאָר — א שווער יאָר! — האָט זיכ כאַימ אָפּגעמוטשעט, ביז ער האָט זיכ געקריגנ ענדלעכ א שטעלע מיט פופציק רובל א כוידעש געהאַלט, אונ אינ א יאָר אַרומ האָט מענ זיכ אַרומגעקוקט, אז כאַימ איז אַנ אָרנטלעכער מאַנ אונ איז א געטרײַער מענטש, האָט מענ אימ מויסיפ געווענ נאָכ פופציק רובל. דערפאַר האָט ער אָבער געהאָרעוועט אונ איז געווענ איבנאַנצנ פאַרקויפט דעמ פּרינציפּאַל אונ האָט פאַרבראַכט גאַנצע טעג מיט נעכט אינ וואַלד (דאָס איז געווענ זײַנ שטעלע).

אינ דער דאָזיקער לאַגע איז ער געווענ, ווענ ער האָט פּלוצעמ דערהאַלטנ די עקסטרע טעלעגראַמע פונעמ פאָטער, וואָס רופט אימ אַרויס, ער זאָל טייקעפ-אומנאַד קומענ מיט די קינדער. כאַימ האָט ביט געקאָנט וואַרפנ דעמ וואַלד אפילע אפ צוויי טאָג; נאָר עס איז א טערעצ, אז דער פאָטער איז געפערלעכ שלאַפ אונ רופט, מע זאָל קומענ?

אז כאַימ איז אַרײַנגעקומענ צומ פאָטער אינ קאַבינעט אַרײַנ, איז ער אימ געפאַלנ אפנ האַלדז, אונ אפ סענדערס אויגנ האָבנ זיכ באַ־וויזנ טרערנ. ער האָט צוגערופנ צו זיכ די שנור, געפרעגט „וואָס מאַכ־סטו?" אונ האָט אויסגעצויגנ די לינקע האַנט די צוויי אייניקלעכ, אז זיי זאָלנ א קוש געבנ דעמ קראַנקנ זיידנ; דערפאַר האָט ער זיי א קנײַפּ

1 כאַסאַני מויריינו האָראַוו רעב יויסעפ ניירוי יאָיר — מײַנ אײדעמ אונדזער לערער דער ראָוו רעב יויסעפ, זײַנ ליכט זאָל לײַכטנ. — 2 א שײַנ, וואָס באַפרײַט פונ מיליטער-דינסט. — 3 קליידונג. — 4 ביטי מאָראַס ריווקע טיכיע — מײַנ טאָכטער די האַרנטע ריווקע, זאָל לעבנ. — 5 טאַק — 500. — 6 אָוויכאָ — דײַנ פאָטער.

געטאָנ אינ בעקל און געהייסנ זיי גײַנ זיכ שפילנ. די קינדער זענענ מיט גרויס פאַרגעניגנ ארויסגעלאָפנ זיכ שפילנ און דערווײַל באַטראַכטנ דעמ ייִדנס גרויסנ הויפ מיטנ שיינעמ גאָרטנ. אונטנ האָט זיי פרויקע איבערגענומענ, געשענקט זיי צו מאַרמעלאַדנ און האָט זיכ גענומענ אויספרעגנ באַ זיי: ווי רופט מענ זיי? וויפל זענענ זיי אַלט? וואָס טוט זייער פאָטער אינ דער היימ? וואָס טוט די מוטער? צי האָבנ זיי אויכ אַזאַ גרויסע שטוב, ווי דער זיידע? צי קאָנענ זיי שוינ לייענענ, שרײַבנ? די עלטערע, פאַני, האָט אימ געזאָגט, אַז זי קאָנ שוינ גיכ לייענענ ניט נאָר געדרוקטע, אפילע געשריבענע אויכ. פרויקע האָט זיכ ניט געפוילט זי באַלד אפנ אָרט אָפעקזאַמענירנ. ער האָט ארויסגעכאַפט א שטיקל פאַפיר פונ דער קעשענע און האָט מיט א שטיפטל אָנגעצאַראַפעט: „מאַגפרויקערקאָקער”. די קינדער האָבנ אויסגעשאָסנ א געלעכטער און זענענ מיט א קוויטש אוועק אינ גאָרטנ אַרײַנ, שרײַענדיק: „מאַגפרויקערקאָקער!” אונדזער געריממטער פרויקע האָט דאָס געהערט, און פונ יענער מינוט אָנ האָט ער געטראָגנ א סינע אינ האַרצנ אפ די דאָזיקע צוויי קינדער מיט זייערע עלטערנ צוזאַמענ.

כאַימ איז שפעטער מיט צוויי שאָ אַרײַנגעגאַנגענ צו מאַרקוסנ אינ קאַבינעט, וווּ יענער האָט אימ באַווײַזנ אַלע זײַנע אַנטיקלעכ פונ דער ביבליאָטעק ביז די מינדסטע קלייניקײַטנ. אונדזער יונגער העלד איז געווענ אַזוי צופרידנ, אַזוי גליקלעכ מיטנ גאַסט, וואָס ער האָט זיכ שוינ אַזוי לאַנג מיט אימ ניט געזענ, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסנ צו פרעגנ כאַימענ, ווי גייט עס אימ, און כאַימ האָט פונ זײַנ זײַט אויכ ניט געמאַכט פונ זיכ קיינ רעדע און האָט די גאַנצע צײַט, וואָס זײַנ יונגערער ברודער האָט געפלאַפלט, קיינ איינציק וואָרט ניט געזאָגט. און סאָני? סאָני איז געזעסנ מיט מיריאַמ־ביילענ אינ א ווינקעלע און האָבנ זיכ שטילערהייט געשמועסט פונ היימישע זאַכנ: פונ די דינסטנ די הולטײַקעס, פונ די קינדערשע מאַלבושימלעכ, ווי עס קאָסט יעדע זאַכ גאָלד, פונ דעמ יאַקרעס ביכלאַל און פונ היינער, גענדז, קאַטשקעס, אַז צו וואָס מע רירט זיכ צו, הייסט מענ זיכ אָפגילטנ!

— אַנומלט האָב איכ מיר געהייסנ ברענגענ אייער,—האָט מיריאַמ־ביילע דערציילט דער שנור, און זיי האָבנ ביידע געפלאַמט, — באַ מיר איז שוינ א מעקעכ זיבעציק קאָפעקעס; סײַדנ ערעוו־פייסעכ צאָל איכ א קערבל, א קערבל מיט פינפ — אָבער ניט מער. איכ צייל אָפ די אייער... פינפ שאָק האָב איכ זיכ געהייסנ ברענגענ, מאַכמעס איכ האָב געוואָלט אָפבאַקנ א טאָרט פונ צענ פונט, כאָטש אפילע יענע

וואכ האָב איכ אָנגעבאקנ א פולע שאפע מיט צוקערלעקעכ, אונ עס איז אינ דרײַ טעג פארשווּנדנ געוואָרנ; איכ זאָל זאָגנ אפ דער יִדענע — קאָנ איכ ניט: בא מיר איז הײַנט אנ ערלעכע יִדענע, איכ זאָל האָבנ אזא יאָר... שא! דו דארפסט זי קענענ, זי איז בא מיר געווענ פארזעקסיאָרנ, זי הייסט זלאטע...

— אוי! זלאטע? שוויגער, זלאטע איז בא אײַכ?

— יאָ, זלאטע! זי האָט זיכ שוינ געגעט מיטנ מאנ אונ ווידער־אמאָל כאסענע געהאט.

— וועמענ האָט זי גענומענ, שוויגער?

— ווייס איכ וועמענ זלאטע האָט גענומענ! אזא יאָר זאָל ער האָבנ! עפּעס א שארלאטאנ, אנ אויסוווּרפ. ער איז קלוימערשט א שנײַדער, א קורנאָסער שלימאזל!..

— עפשער מאָרדכע ציפּוירעס? איאָ, איכ טרעפ, שוויגער?

— יאָ, פונוואנענ ווייסטו, סאָני?

— אונ ווו איז הײַנט ציפּוירע? זי דינט געבעכ?

— יאָ? אוואדע! שוינ לאנג געשטאָרבנ!

— אוי! ציפּוירע איז געשטאָרבנ?! וואָס רעדט איר, שוויגער? אײַ־אײַ-אײַ!!!..

אונ גאָט ווייסט, וווּהינ די געערטע דאמענ וואָלטנ פארקראָכנ אינ זייער לאנגנ שמועס, אונ צי זיי וואָלטנ זיכ אמאָל אומגעקערט צו די פינפ שאָק אייער, צי זיי וואָלטנ אזוי, שפרינגענדיק, ניט פארפאָרנ העט־העט אינ די ווײַטע לענדער ארײַנ, — ווענ פרויקע זאָל ניט געווענ פלוצעמ ארײַנגייענ אונ אָנזאָגנ א נײַע בסורע, אז דער הער אָסיפ זעמעל מיט דער מאדאמ אונ מיטנ קינד, מיט נאָכ עפּעס אנ אלטער יִדענע זענענ געקומענ צו פאָרנ.

מײַנע לעזער וווּנדערנ זיכ, וואָס אונדזערע הויכגעשעצטע דאמענ האָבנ אינ אזא צײַט, ווענ דער אלטער ליגט קימאט אפנ טויטנבעט, נישט געפונענ קיינ אנדער זאכ אפ צו שמועסנ, נאָר אייער מיט הינער אוקעדוימע?.. שאט! איר האָט ניט וואָס צו וווּנדערנ זיכ: זיי זענענ אומגערנ ארײַנגעפאלנ אינ אזא אינטערעסאנטנ שמועס מיקויעכ באלעבאטישקײַט, וואָס עס קומענ ארײַנ אינ דעמ אי הינער, אי אייער, אי פעטרישקע, אי קובעבע מיט לאקריץ. דער מעכאבער פונעמ דראָזיקנ בוכ האָט אלײנ געזענ מיט זײַנע אויגנ, ווי א פראָווינציאלע דאמע האָט זיכ צוגעגרייט אינ טעאטער, שיינ, פײַנ, ווי עס קער צו זײַנ; אפילע א בילעט גענומענ אינ דער ערשטער ריי קרעסלעס פאר דרײַ רובל מיט פופציק קאָפּעקעס. פלוצעמ, אינמיטנ ווענ, גייענדיק,

דערזעט זי, ווי א סאָלדאַט טראָגט א ווײַסנ האָנ אונטערנ שינעל אונ קוקט זיכ עפּעס אלע מינוט ארומ אפ אלע זײַטנ. דער מאדאמ איז אײַנגעפאלנ אינ קאָפּ ארײַנ א פרעג טונ דעמ סאָלדאַט, עס קאָנ זײַנ אפ קאטאָווּעס:

— טשטאָ טעבע זא פּעטוכא?

— גוואַרדצאַט פּיאַט קאָפּעיעק סערעבראָממ!

— וואָזמי דוואַרצאַט! — האָט אימ די דאַמע אפ געלעכטער געענטפערט אונ האָט זיכ אָפּגעשטעלט אפ א רעגעלע אונ האָט דערווײַל געכאַפּט א קוק אפנ האָנ.

— פּאזשאלטע דיענעכ'ס! — האָט איר דער יאָווּנ געענטפערט אפ אנ עמעס. די דאַמע האָט לאנג ניט געטראַכט אונ האָט זיכ פארקערעוועט צוריק אהיימ מיטנ סאָלדאַט אונ מיטנ האָנ.

ערשט צומ דריטנ אקט, אז איכ האָב א קוק געטאָנ דורכ מײַנ בינאָקל ארופ, האָב איכ דערזענ, ווי מײַנ דאַמע פונעמ האָנ איז ארײַנגעקומענ אינ טעאַטער ארײַנ אונ דאָס פּאָנעמ האָט איר צוויי מאָל אזויפיל געשײַנט ווי פריִער.

געקומענ אהיימ פונ טעאַטער, האָב איכ זיכ דערמאָנט, אז מאָרגנ איז ערעוו־יאָמקיפּער אונ מע דאַרפ א ווײַסנ האָנ אפ קאפּאָרעס...

„גליקלעכער מאנ! — האָב איכ זיכ געטראַכט. — דו האָסט דאָס געטרײַסטע ווײַב אפ דער וועלט!"...

## דאָס זעקסטע קאפּיטל

רעוועקא, איר געשיכטע אינקורצנ
אונ אָסיפּ זעמעל מיט זײַנע יערושעס

אז די פאמיליע זעמעל איז ארײַנגעקומענ אינ שטוב ארײַנ, איז די מאדאמ רעוועקא זעמעל ארופגעפאלנ דער שטיפמאַמע אונ דער שוועגערנ אפנ האלדז מיט האַלדזנ אונ ווערטער, אונ פונ זיי איז זי מיט דעמ אָנטונ מיט אלעמענ אוועקגעפלויגנ צומ קראַנקנ פאָטער אינ קאבינעט ארײַנ, אונ דער מאנ איר מיט די קינדער מיט דער שוויגער אונ מיט דער שוועגערנ זענענ געבליבנ דאָ. פארוואָס דער הער אָסיפּ זעמעל איז אויכ ניט ארײַנגעגאנגענ באלד מעוואַקער־כוילע זײַנ דעמ שווער — וועלנ מיר גיכ געוואָר ווערנ; אונ דערווײַל וועלנ מיר זיכ באנוצנ מיט דער דאָזיקער געלעגנהײַט צו באקענענ זיכ מיט דעמ הער זעמעל.

ער איז אלט אכט אונ צוואנציק יאָר, אונ מע קאָנ בעשומ־אויפנ ניט וויסנ, צי איז ער א שיינער, צי א מיִעסער יונגערמאנ, ווײַל די

אויגנ זענענ פארשטעלט מיט אש־קאָלירענע ברילנ, די האָר מיט דער געראזירטער באָרד זענענ אָפּגעפארבט, אָנגעפּאָמאדעט אונ לאָזנ פונ זיכ א שרעקלעכנ אראָמאט. דער קאָלנער פונ העמדל איז אזוי אָנגע-קראָכמאלעט, אז דער הער זעמעל קאָנ זיכ קיינ ריר ניט טונ מיטנ קאָפּ אונ מוז זיכ דריידנ מיטנ גאנצנ קאָרפּוס פונ זײַנ דינעם, לאנגנ שטאלט. אפ זײַנ קלאָרווײַסנ קאָמזויל הענגענ עטלעכע קייטלעכ מיט מעדאליאָנענ, אונ אפ דרײַ פינגער — פיר פארשידענע פינגערלעכ מיט א גרויסנ סיגנעט, אונ די שטיוול סקריפּענ בא אימ אפ אזא קאָל, אז מע דארפ אָפּטרעטנ די שטוב. אונדזער זעלטענער פארשוינ אָסיפּ זיצט ניט אײַנ אפ אײנ אָרט, אונ אפילע ווענ ער רעדט מיט עמעצנ, האָט ער אויכ ליב ארומשפּאנענ אהינ אונ צוריק אונ קוועטשנ די סקריפּקעס פונ די שרײַענדיקע שטיוול, האלטנדיק די הענט אינ די קעשענעס. מיר האָבנ שיר ניט פארגעסנ באמערקנ, אז אינ דעמ טײַערנ האלדזטוכ בא אימ שטעקט א גילדענע שפּילקע מיט א קעפּל פונ א באזער, מיט זייער שיינע אָפּגעארבעטע באזערשע אויערלעכ, אונ אפנ קלייננעמ פינגער פונ דער לינקער האנט איז בא אימ א לאנגער, גאנצ לאנגער נאָגל.

— וואָס זשע מאכט איר עפּעס, סאָפיא אבראמאָווגא? — האָט זיכ אָסיפּ געווענדט צו זײַנ געערטער שוועגערנ אונ האָט זיכ צוגע־זעצט צו איר; מיריאָמ־כײַע איז אוועקגעגאנגענ מיט די קינדער אינ זאל ארײַנ. — שוינ א לאנגע צײַט האָבנ מיר זיכ ניט געזענ!

— יאָ, אָסיפּ מאָיסייעוויטש, — האָט סאָני געענטפערט, בא־טראכטנדיק דעמ געשעצטנ שוואָגער, — שוינ גאנצ לאנג! א סאכ וואסערנ זענענ אָפּגעלאָפנ פונ יענער צײַט. נעבוכ צאָרעס האָבנ מיר איבערגעטראָגנ! ווי גייט דאָס עפּעס אײַכ אינ אײַערע געשעפטנ? דער שווער האָט אונדז אמאָל געשריבנ, אז דאָס גליק יאָגט אײַכ פּאָשעט נאָכ. איכ ווייס ניט, וויאזוי הײַנט? מע זאָגט עפּעס, אז אײַערע שוט-פימ האָבנ אײַכ ניט שיינ באהאנדלט, אזוי ווי אונדז... דער געוויסער מערדער פּײַפּערמאנ...

— אָ, סאָפיא אבראמאָווגא! — האָט איר אָסיפּ געענטפערט אונ האָט זיכ אופּגעכאפּט פונעמ בענקל, ווי אנ אָפּגעבריטער, אונ האָט אָנגעהויבנ ארומשפּאנענ איבער דער שטוב, סקריפּענדיק מיט די טײַ־ערע שטיוול. — אָ, איר ווייסט גאָר ניט, וואָס פאר א שווינדלער עס איז דאָ אפ דער וועלט! זיי האָבנ מיכ געוואָלט אומגליקלעכ מאכנ אפ טויזנטער, אפ הונדערט טויזנטער, אפ מיליאָנענ! משעסטנאָיע סלאָ-וואָ! נאָר איכ האָב זיכ יאָקאָש אויסגעדרייט פונ זייערע הענט אונ

האָב מאַצל געווענ א גרויסנ קאַפּיטאַל. אונ האַגאַמ דאָס געשעפט האָט זיכ צוגעשטעלט אָפּ א קליינער צײַט, פונדעסטוועגנ שלאָפּ איכ ניט אונ וועל מיט גאָטס הילפ אויספירנ מײַנס. איכ רעכנ, אז הײַנ־טיקס יאָר זאָל מיר אומקערנ דאָס, וואָס מײַנע שותּפימ האָבנ בא מיר צוגענומענ... אַחוצ האָט בא מיר דאָס הויז, וואָס איכ האָב געקויפט, צוגענומענ גוטע פופציק טויזנט רובל... דער גאָרטנ אַלײנ קאָסט מיכ א קאַסע געלט... דער גערטנער נעמט בא מיר ת"ק קערבלעכ א יאָר. הײַנט ווו איז דער עקיפּאַזש מיט די פערד? ווו איז זײַטיקע הויצאָעס? וואָס מיכ קאָסט אָפּ א יאָר אונטערהאַלטנ קרויווימ אונ פרעמדע, וואָלט מענ זיכ, איכ וויס?.. טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

— נו, אינ קאָרטנ שפּילט איר הײַנט אויכ? — האָט אימ סאָני געפרעגט מיט א זיס שמייכעלע אָפּ די ליפּנ.

— כאַס־ווע־שאָלעמ! — האָט איר אָסיפּ געענטפערט מיט א געפיל פונ א מענטשנ, וועלכנ מע באַליידיקט אומזיסט. — לאָז מיכ גאָט היטנ! סײַדנ אַמאָל אינ א פרײַער צײַט, אינ א לאַנגער ווינטער־נאַכט, אז סע איז ניטאָ וואָס צו טונ, זעצט מענ זיכ אַמאָל צומ „גרינעמ טישל", אי דאָס, דאַרפט איר געדענקענ, אז איכ פאַרשפּיל קיינמאָל ניט; פאַרקערט, איכ געווינ שטענדיק, טשעסטנאָיע סלאָוואָ! (דאָ האָט זיכ אָסיפּ צוגעשטעלט אונ האָט זיכ צעלאַכט, באַווײַזנ זײַנע שוואַרצע ציינ). אָט דאָ ניט לאַנג, נעכאָרנ פונ אָדעס, האָב איכ זיכ באַקאַנט מיט א יונגנמאַנ אינ וואַגאָנ ערשטער קלאַס. ער פרעגט מיכ, ווער איכ בינ? זאָג איכ אימ: דער אונ דער. זאָגט ער מיר: אזוי? קענ איכ דאָכ אײַכ! פרעג איכ אימ: וואָרומ? ענטפערט ער מיר: מײַנ פאָטער האָט בא אײַכ פאַראַיאָרנ געהאַנדלט ווייץ אָפּ הונדערט טויזנט רובל. ווער זשע איז אײַער פאָטער? — פרעג איכ אימ. האָט ער אָנגערופנ זײַנ נאָמענ. בעקיצער, אהינ־אהער, מיר האָבנ זיכ געזעצט שפּילנ. אונ ביז קיִעוו האָט ער מיר אונידערגעלייגט פופצנ טויזנט רובל אונ איז געווענ טויט ווי די וואַנט, אונ איכ האָב אימ נאָכ געמוזט לײַענ אָפּ הויצאָעס א פופציקער, כאַ־כאַ־כאַ! טשעסטנאָיע סלאָוואָ!..

בא די לעצטע ווערטער איז רעוועקאַ אַרײַנגעקומענ צוריק פונעמ פאָטערס קאַבינעט אונ האָט זיכ ווײַטער אַרומגעכאַפּט קושנ מיט סאָנינ לאַנג־לאַנג, ווי צוויי געטרײַע שוועסטער, וואָס האָבנ זיכ שוינ פונ צענ יאָר ניט געזענ, אונ דער גוטער גאָט האָט זיי געבענטשט, אז זיי קאָנענ זיכ ווידער זענ, אונ קושנדיק אונ האַלדזנדיק, קאָנענ זיי אויס־גיסנ זייערע הערצער... אַכ! אינ דעמ דאָזיקנ מאָמענט האָבנ אונ־דזערע צוויי געערטע דאַמענ גאָר פאַרגעסנ, אז בעשאַס זיי זענענ גע־

וועגנ אפ קעסט, האבנ זיי זיך געריסנ, ווי די קעצ, און זענענ געווענ א גאנצ יאר בערויגעז דערפאר, וואס רעוועקא האט געזאגט אפ סאנינ, אז זי האט בא איר אוועקגעגאנוועט א נאזטיכל. און סאני האט איר אויסגעווארפנ דעם מאנ דעם „קארטיאזשניק". עס קאנ זייער זיינ, אז אינ דער דאזיקער מינוט האבנ זיי זיך מיטנ גאנצנ הארצנ מויכל געווענ, וואס זיי האבנ זיך אמאל געקריגט, געזידלט, געיאגט, און אזעלכע צוויי גוטע־פרייינט, ווי אונדזערע געשעצטע דאמענ, רעוועקא און סאני, אינ דער מינוט, זיצנדיג אפ דער גאנצער וועלט גאר ניט גע־ ווענ. עס איז שווער געווענ צו כאפנ אלצ, וואס זיי האבנ גערעדט; ווי די פייגעלעך, האבנ זיי געשטשעבעטשעט און האבנ „אנטפלעקט" און פארגלייבט איינע פאר דער אנדערער אזעלכע זאכנ, וואס פאר זייערע געטרייע מאנענ וואלטנ זיי דאס געוויס ניט געטרויט! סע איז נאר א טייגעג צו זיצנ פונ דער ווייטנס און קוקנ אפ אזא שייטער קארטינע, ווו שיינהייט, גראציע, אופריכטיקייט און אומשולדיקייט ווערנ צו־ נויפגעזאמלט איניינעם, און איר קוקט דערופ מיט פארגעניגנ און מיט קינע איניינעם...

ערשט אינ א האלבע שעה ארום איז רעוועקא אופגעשטאנענ, האט אוועקגערופנ אסיפנ אפ א זייט און האט אים געזאגט אפנ אויער:

— גיי נאר ארייג צום טאטנ, אסיפ; נאר זע האלט צונג, ווארעם ער קענ דיך שוינ, — גלייב מיר! טאמער וועט ער דיך זידלענ, שווייג אים אפ היינטיקס מאל, ביכדיי זאלסט קיינ כאראטע ניט האבנ. גע־ דענק זשע!

אסיפ האט זיך קלוימערשט צעלאכט, און רעוועקא האט אים גע־ זאגט אפ א קאל:

— גיי, אסיפ, דער פאפאשא וויל זיך מיט דיר זענ! — און אסיפ האט מיט א פאריסענעם קאפ און סקריפענדיק מיט די שטיוול אוועק־ געשפאנט ווייטער.

וויאזוי סענדער בלאנק האט אים צוגענומענ און וואס זיי האבנ גערעדט — ווייסט נאר איינ פרויקע, וואס איז די גאנצע צייט גע־ שטאנענ הינטער דער טיר און האט זיך צוגעהערט צום שמועס פונ דעם געשעצטנ שווער מיט זיינ געערטנ איידעם אסיפ זעמעל.

אונדזערע לעזער זענענ אומזיסט אינ קאס אפ דעם פאלשנ מע־ שארעס, וואס האט א האזע צו אונטערהערנ זיך, וואס די פרינציפאלנ רעדנ צווישנ זיך. איר דארפט מויכל זיינ דעם עלנטנ מעשארעס, וואס איז ניט מער ווי א פארקויפטער מענטש, אנ „אומגליקלעכער קנעכט", וואס מוז יעדנ פאלגנ: — אים האט געשיקט אונדזער גע־

ערטעסטע דאַמע סאָפֿיאַ אַבראַמאָוונאַ, ער זאָל זיך אונטערהערן, וואָס זיי רעדן דאָרט, און דערפֿאַר וועט ער באַקומען אין יאָר אַרײַן, וויפֿל ער האָט זיך קיינמאָל ניט געריכט...

שפּעטער מיט עטלעכע שאָ האָט שוין בליומקע (פּרויקעס קאַלע) אויך געוווּסט, אַז רעב סענדער האָט קראַנקערהייט געזידלט דעם אייַדעם, ווי אַ הונט, און אָסיפּ האָט אים דאָס אַנדערע וואָרט ניט געענטפֿערט און איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען, ווי אַ גוילעם מיט גלעזערנע אויגן, און נאָך אַ סאַך אינטערעסאַנטע זאַכן האָט פּרויקע דערציילט זײַן געליבטער קאַלע, פֿאַרבײַסנדיק מיט שטיקער טאָרט פֿון דער קעשענע, מיט ניס און מיט נאָך גוטע זאַכן.

לאָזן מײַנע לעזער ניט מיינען, אַז אונדזער אָסיפּ האָט קיין סייכל ניט געהאַט ענטפֿערן דעם שווער צוריק, אָדער ער האָט אַף אים געלייגט קאָוועד; אָבער גאָר לוי! אָסיפּ האָט געקאָנט פֿאַרדן צען מענטשן מיטאַמאָל. און וועגן אָפּגעבן קאָוועד איז אויך אַ סאָפּעק. וואָרעם סע איז געווען אַ צײַט, ווען אָסיפּ איז געזעסן באַם שווער אַף קעסט און האָט געהאַט אַ סאַך געלט, האָט, פֿאַרקערט, דער שווער אים אָפּגעגעבן קאָוועד. און ווער שמועסט, אַז אָסיפּ מיט רעוועקאַן זענען אַראָפּ פֿון קעסט, און סענדער האָט דערהערט, אַז זײַן איידעם מאַכט אַזעלכע גרויסע, גליקלעכע געשעפֿטן, איז ער געווען צופֿרידן גאָר אַף אַן אַנדערן אופֿן; ער פֿלעגט זיי שיקן גאַנצע אָפּטע בריוו און שעטקען רעוועקאַן אַמאָל די שענסטע מאַטאָנע, און אַף אָסיפּן האָט ער געזאָגט, אַז אים פּאַסט צו זײַן אַ גרויסער גוויר, אַז ער האָט אַ פּאָנעם פֿון אַ „מיליאָנשטשיק".

די ערשטע ספּעקוליאַציע, וואָס אָסיפּ האָט זיך צו איר גענומען, איז געווען דער האַנדל פֿון ברויט. ווען עס האָט גראָד געגאַלטן, — האָט ער, געווייַנלעך, פֿאַרדינט אַ סאַך געלט; נאָר זאָגן האָט ער זיך דערלויבט צוויי מאָל אַזויפֿיל, און אַזוי איז ער אויסגעוואַקסן געוואָרן באַ יעדן אין די אויגן. דער מיסכער מיט ברויט האָט געפֿלאַמט, און אָסיפּ האָט נאָך מער געפֿלאַמט און האָט אײַנגעקויפֿט אַ היפּשן טראַנספּאָרט ווייץ אַף אַ יאָר און אַף צוויי יאָר; ווייץ איז געפֿאַלן, נאָר אָסיפּ איז באַ זיך ניט געפֿאַלן: ער האָט אָפּגעשאָטן דאָס ברויט אין די שפּײַכלערס און האָט דאָס געהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז האַלב איז קאַפּאָרע געוואָרן און די אַנדערע האַלב האָט ער נעבעך געמוזט פֿאַרקויפֿן פֿאַר האַלב געלט. אַז סענדער איז געוואָר געוואָרן פֿון אַזאַ מײַסע, האָט ער אים אַרײַנ-

געשריבנ א בריוול, פול מיט שטעכווערטלעכ, אז ניט אזוי האנדלט מענ: מע דארפ קאָנענ טרעפנ א צײַט, מע דארפ זײַנ געהיט, מע דארפ ניט לאָזנ קריכנ ווײַט. אָסיפ האָט אימ אָפּגעענטפערט, אז אזוי האנדלענ, ווי ער, אָסיפ, האנדלט, קאָנ קיינער ניט, אונ כע וונדערט אימ, אז אזא מענטש, ווי זײַנ שווער, וואָס האָט קיינ־מאָל ניט אָנגעקוקט קיינ פּוד ווייצ, לערנט אימ, אָסיפנ, וויאזוי צו האנדלענ... דעמ דאָזיקנ ענטפער האָט סענדער צעריסנ אונ איז געווענ בערויגעז א קליינע צײַט, ביז ער האָט פּלוצעמ מעקאַבל געווענ א דעפּעש פונ רעוועקאָנ, אז אָסיפס באבע, א רײַכע אל־מאָנע, איז געשטאָרבנ אונ האָט אימ אָפּגעשריבנ הונדערט זעכ־ציק טויזנט רובל. סענדער איז אופגעמונטערט געוואָרנ אונ האָט אָוועקגעשיקט אזא מינ בריוו צו די קינדער:

„לכבוד חתני הגביר המפורסם החכם המשכיל היקר ומהולל מוהר״ר יוסף נ״י 1 הער זעמעל.

ולכבודי בתי הגבירה המפורסמת החכמה המשכלת היקרה המהוללה מרת רבקה שתחי׳ עכב״ב 2. מיט פיל אַגמאַסנעפּעש האָב איכ איבער־געלייענט אײַער טעלעגראמע, אונ סע טוט מיר הערצלעכ לייד, וואָס דײַנ געווימטע באבע, מײַנ הויכגעשעצטע מעכוטעגעסטע, איז נאָכ גאָר יונג פונ דער וועלט געגאנגענ. תנצב״ה 3! נאָר וואָס קאָנ א מענטש העלפנ מיט זײַנ וויינענ אונ טרויערנ, מיסטאמע הייסט גאָט אזוי, אונ דײַנ געטרײַע באבע וועסטו שוינ ניט לע־בעדיק מאכנ; לאָז זי האָבנ א ליכטיקנ גאניידנ, אונ איר זענט נאָכ יונגע קינדער אונ דארפט נאָכ לעבנ אפ דער וועלט. לכן, חתני היקר ובתי היקרה 4, נעמט זיכ ניט צומ הארצנ אונ פארגעסט, אונ לאָז גאָט געבנ, מיר זאָלנ שוינ מער פונ קיינ צאר ניט וויסנ מיט דעמ קלאל־יִסראָעל, אונ קיינ יִנגערע זאָלנ ניט שטארבנ — אָמיינ! מײַנ דייע איז, קינדער, אז דאָס געלט זאָל לעסאטע ליגנ

1 ליכוויד כאסאני האגוויר האמעפורסאָמ העכאָכאָמ האמאסקיל האיאָקאָר אומעהולאָל מוירייענו האָראָוו רעב יויסעפ ניירויִאָיר — לעקאָוועד מײַנ איידעמ דעמ בארימטנ גוויר, דעמ כאָכעמ, דעמ מאסקיל דעמ טײַערנ אונ געליבטנ, אונדזער לערער דעמ ראָוו רעב יויסעפ זײַנ ליכט זאָל לײַכטנ. — 2 אוליכוויד ביטי האגווירא האמעפורסעמעס האכאכאָמאָ האמאסקעלעס האיעקאָר האמעהולאָלאָ מאָראס ריווקאָ שעטיכיאָ אימ קאָל בעגוי בייסאָ — לעקאָוועד מײַנ טאָכטער דער בארימטער כאכאָמע, דער אופגעקלערטער, דער געליבטער, דער טײַערער הארנטע ריווקע זאָל לעבנ מיט איר גאנצ הויזגעזינד. — 3 טעהיי נישמאָסאָ צרוראָ ביצרויר האכאיִמ — איר נעשאָמע זאָל זײַנ אײַנגעקניפּט אינ קניפּ פונ לעבנ. — 4 לאָכיינ, כאסאני האיאָקאָר אוויטי האיעקאָראָ — דעריבער, מײַנ טײַערער איידעמ אונ מײַנ טײַערע טאָכטער.

אינ באנק, ביז גאָט וועט העלפֿנ, איר וועט זיכ ארומקוקנ אונ סע וועט זיכ אײַכ מאכנ עפּעס א רעכטע געשעפֿט. איכ רעכנ, אז דאָס פּריצענט פֿונ אזא קאפּיטאל דארפֿ אײַכ טראָגנ צומ לעבנ, אובי-פראָט איר ווייסט, אז איכ האָרעווע אויכ פֿונ-אײַערטוועגנ אונ וועל מײַנ געלט אינ קיווער ארײַנ ניט מיטנעמענ, אונ א מענטש לעבט ניט אייביק... בלײַבט אײַכ געזונט אונ פֿיל גליקלעכ, אונ איכ זאָל האָבנ פֿונ אײַכ א גרעסערנ נאכעס, ווי פֿונ מײַנ זונ כאיִמ נעבעכ, וואָס האָט מיכ ניט געוואָלט פֿאָלגנ... גריסט אײַער טײַער ליב קינד גאָר פֿרײַנטלעכ.

פֿונ מיר אײַער געטרײַער פֿאָטער

ס ע נ ד ע ר  ב ל א נ ק.

גם זוגתי מרת[1] מיריאָמ-כײַע גריסט אײַכ אלע הערצלעכ.

ס ע נ ד ע ר  הנ״ל".

דאָס דאָזיקע בריוול איז געווענ באַ אָסיפּנ שטארק אָנגעלייגט: ער האָט נאָכ קיינמאָל ניט געזענ, אז זײַנ שווער זאָל אימ שרײַבנ: „הגביר המפורסם החכם המשכיל"[2]. האָט ער אימ צוריק אָפּגע-ענטפֿערט, דאפּקע אָפּ העברעיִש, א מעליצע-בריוו מיט זייער א סאכ גרײַזנ, אונ פֿונ דעמלט אָנ זענענ זיי געוואָרנ שאָלעמ אָפּ א היפּשע צײַט. ביזוואַנענ אונדזער פֿײַנער אָסיפּ זעמעל האָט אָנ-געוואָרנ דאָס געלט. אונ ביזוואַנענ ער האָט דאָס ניט געפּאטערט אײַנגאנצנ, האָט ער זיכ ניט בארויִקט. אונ אז ער האָט דאָס גע-פּאטערט, איז אימ געוואָרנ גרינגער אָפּ דער נעשאָמע אונ ער איז פֿונדעסטוועגנ באַ זיכ ניט אראָפּגעפֿאלנ דאמיט; אונדזער דאָ-זיקער פֿײַנער העלד איז געבוירנ געוואָרנ אונטער אזא גליקלעכנ שטערנ, אז קימאט זײַנ גאנצ לעבנ האָט ער גענומענ אויִנ יע-רושע נאָכ דער אנדערער, אונ ביז ער האָט צעטראָנזשירט אײַנ יערושע, איז אימ שוינ אונטערגעשפּרונגענ א נײַע יערושע; דאָס פֿונ א באָבע, דאָס פֿונ א פֿעטער, דאָס פֿונ א מומע! אונ איכ מיט אײַכ, ליבער לעזער, האָבנ גאָר קיינ זכיע ניט באַ גאָט צו האָבנ אזעלכע באָבעס, פֿעטערס מיט מומעס, וואָס זאָלנ אונדז אויכ דער-מאָנענ פֿארנ טויט צו גוטנ... נײַנ! איכ מיט אײַכ האָבנ אנדערע גליקנ: אָנ אָרעמע פֿלימעניצע כאסענע מאכנ... אונטערהאלטנ א געפּאטענעמ „ששינ-שעבישלישי"[3]... צונויפֿלייגנ זיכ אָפּ א „ניס-

---

[1] ג א מ  ז ו ג אָ ס י  מ אָ ר א ס — אויכ מײַנ ווײַב די הארנטע. — [2] ה א ג ו י ר  ה א מ ע פ ו ר ס אָ מ  ה ע כ אָ כ אָ מ  ה א מ א ס ק י ל — דער בארימטער נגיד דער כאָכעמ דער מאסקיל — [3] א גלײַדשטוסטערקינד.

רעפּ״ 1 נעבעכ פונעמ ווײַבס צאַד, אָדער פירנ צומ פּריזיוו א גליד־גלידשוועסטעריקינד, עפּעס א שלימאַזל, א דער רוועכ ווייסט וואָס!.. ניטאָ וואָס צו רעדנ, לעזער! מע דאַרפ צומאַכנ די אויגנ אונ מע מוז שווײַגנ.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

מע קאָנ ניט זאָגנ, אַז רעוועקא האָט טאָמיד געלעבט גוט אונ פײַנ מיט איר מאַנ. עמעס, אַז רעוועקא איז א קאַלע געוואָרנ פאַר אָסיפּנ, איז זי געווענ קימאַט אײַנגעליבט אינ איר שײנעמ, רײַכנ כאָסנ. רעוועקא איז נאָכ געווענ א קינד פונ פופצנ יאָר, דאָכ האָט זי פאַרשטאַנענ, אַז עס ערוואַרטעט זי א גרויס גליק; דאָס האָט געזאָגט די גאַנצע שטאָט, אונ ס׳איז ניט געווענ קײנ ליגנ: מ ו י ש ע ז ע מ ע ל איז געווענ א גרויסער גוויר, אונ די מאַטאָ־נעס, וואָס ער האָט איבערגעשיקט דער קאַלע, זענענ טאַקע געווענ גרויסאַרטיק, אונ די בריוו, וואָס דער כאָסנ האָט איר געשיקט א יאָר קעסײדער, זענענ געווענ אַזוי שײנ, מיט אַזאַ פײַער געשריבנ, אַז די יונגע, שײנע, געזונטע רעוועקא, וואָס האָט געהאַט א גרויסנ באַגריפ אינ די שענסטע ראָמאַנענ אפ דער וועלט, האָט זיכ, ניט ווילנדיק, אײַנגעליבט אינ איר כאָסנ, וואָס איז שוינ דעמאָלט אַלט געווענ צוואַנציק יאָר. ניט אײנ נאַכט פלעגט די פאַר־ליבטע רעוועקא אויסליגנ אפנ בעטל מיט טרערנ אפ די אויגנ, אונ איר פאַנטאַזיע האָט איר פאָרגעשטעלט איר כאָסנ, אָסיפּ זעמעל, פאַר אַזאַ שײנעמ העלד, פאַר אַזאַ גרויסאַרטיקנ, הויכנ, קלוגנ מאַנספּאַרשוינ, אַז יעדער טאָג, יעדע שאָ, יעדע מינוט האָט זיכ געצויגנ באַ איר אינ די אויגנ אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג!.. עמעס, זי האָט זיכ א מאָל הרײַ געזענ מיט איר כאָסנ, האָט ער באַ איר אויסגעוויזנ ניט אַזוי, ווי די פאַנטאַזיע האָט איר געמאָלט. רע־וועקא האָט פונ אימ קײנ גרויס קלוגשאַפט, שײנקײט אונ ביל־דונג ניט אַרויסגעזענ. פאַרקערט, זי האָט באַמערקט אינ אימ אײ־ניקע קלײניקײטנ אונ נידעריקע מנהגים, אונ אָפּטמאָל געכאַפּט אינ א ליגנ. דאָכ האָט זי גערעכנט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווײַל ער איז א געבאַלעוועטער, א ציטעריקער אונ אפ ראָסקאָש אופגע־צויגנ, אונ אַז אָסיפּ פלעגט אוועקפאָרנ אונ ווײַטער שיקנ זײַנע הייסע, פײַעריקע בריוולעכ, פלעגט זי ווידער אָנהייבנ פאַנטאַזירנ, אַזוי אַז דער עמעסער אָסיפּ איז אַרויסגעפלויגנ פונ אירע געדאַנ־

1 אנ אָפּגעברענטער.

קענ, אונ אפ זײַנ אָרט איז אויסגעוואקסנ ווײַטער א גרויסער, א שיינער, א גוטער, א טײַערער אָסיפּ, א ווירקלעכער העלד!

מיט גרויס ציטערניש האָט רעוועקא געציילט די טעג צו דער כאסענע, אונ דאָ האָט מענ געגייט אפ איר די טײַערסטע אונ שענסטע מאלבושימ אפ דער וועלט: אונדזער הויכגעשעצטער סענדער בלאנק האָט זיכ צעבײַטלט, ביכדיי ער זאָל כאָלילע ניט פארשעמט ווערנ פאר אזא מעכוטנ, ווי מוישע זעמעל. אָט נאָכ א כוידעש, נאָכ א וואָכ, נאָכ צוויי טאָג, נאָכ א טאָג, נאָכ א נאכט, נאָכ א שאָ, נאָכ א מינוט — דער כאָסנ איז שוינ דאָ!.. די כאסענע... די קלעזמער... דער באל... די טענצ... דאָס ווײַסע קלייד... די כאוורטעס... די כופּע-וועטשערע... דאָס געזעגענענ זיכ... אויס כאסענע...

דער ערשטער כוידעש, דער „האָניק-כוידעש”, ווי מע רופט דאָס, דאָס איז דער פריליגנ בא דעמ יונגנ פּאָרפאָלק. די גאנצע וועלט איז באשאפנ געוואָרנ פונ זייער קאָוועד וועגנ, זיי צו פריי־לעכ מאכנ; אונ אפילע אָט דער וואסערפירער, וואָס האָט גע־לאָזט אינ דער היימ א קראנק ווײַב מיט הונגעריקע קינדער, בא־קומט בא זיי אינ די אויגנ עפּעס אויכ א מינ כיינ, אונ דער בעטלער, וואָס שטייט מיט א הוילנ קאָפּ, אָנגעלענט אפנ שטעקנ, מיט אנ אויסגעשטרעקטער האנט — אכ, ווי שיינ דאָס איז!.. אכ, עס זאָל זיכ ציִענ אייביק אזוי!..

ניטאָ, ניטאָ קיינ אייביקע זאכ אונטערנ הימל! דער פריליגנ גייט אוועק, דער „האָניק-כוידעש” גייט אוועק, — אלצ גייט אוועק! רעוועקא האָט פינפ וואָכנ נאָכ דער כאסענע באמערקט איר געליבטנ אָסיפנ, אז ער גייט, קוועטשט ער אפ די סקריפּקעס, ביכדיי זיי זאָלנ שרײַענ, אונ סע זשומעט איר פּאָשעט אינ די אויערנ, אונ סע דרייט זיכ איר דער קאָפּ... אָסיפּ האָט איר גע־ענטפערט, אז סע ווײַזט זיכ איר אויס, אז סע איז ניט מער ווי א נארישער קאפריז, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!.. רעוועקא האָט אימ געענטפערט, אז זי ווייסט ניט, ווער איז צווישנ זיי דער נאר אונ ווער איז דער קלוגער. אָסיפּ איז אָנגעצונדנ געוואָרנ אונ האָט איר מיט קאעס געענטפערט, אז אזעלכע קלוגע, ווי זי, האָט ער געזענ, אז שטעכווערטלעכ האָט ער פײַנט, אז דאָס, וואָס זי ווייסט, האָט ער שוינ לאנג פארגעסנ, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!.. רעוועקא איז שוינ אויכ בייז געוואָרנ אונ האָט אימ געזאָגט, אז זי פארשטייט ניט, אינ וואָס ליגט זײַנ כאָכמע מיט זײַנע קענטענישנ, אז זי

האָט זיכ מער אָנגעליִיענט פונ אים, אז עס איז קיינ מעלאָכע ניט זײַנ א פוסטער גאדלענ מיט א שיינעמ, גלאטנ העמד אונ מיט א ליידיקנ קאָפּ... אָסיפּ איז שוינ אונטערגעשפּרונגענ פאר הארצ־ ווייטעק אונ האָט איר אויסגעוואָרפנ איר פאָטער דעמ גראָבנ יונגאטש, וואָס פארמאָגט ניט דאָס מיסט, וואָס וואלגערט זיכ בא זײַנ פאָטער אפנ הויפ, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!.. רעוועקאנ האָט דאָס שטארק פארדראָסנ, האָט זי אימ געזאָגט: אויב עס שטייט אימ ניט אָנ צו זײַנ בא אנ אָרעמענ שווער, קאָנ ער זיכ פאָרנ געזונטערהייט צו זײַנע רײַכע עלטערנ אפילע הײַנטיקנ טאָג, אונ זי, רעוועקא, וועט אימ קלאל ניט נאָכלויפנ... אָסיפ האָט מיט גרויס קוראזש אָנגעהויבנ ארומשפּאנענ איבער דער שטוב, מיט די הענט אינ די קעשענעס אונ מיט גרויס גאדלעס; ער וועט טאַקע אוועקפאָרנ צו זײַנע פײַנע עלטערנ, סע ארט אימ ניט, אז רעוועקא וועט אימ ניט נאָכלויפנ; אזעלכע פײַנע בעריעס, ווי זי, האָט ער שוינ געזענ א סאכ, אונ דאפקע שענערע, קליגערע אונ מער געבילדעט פונ איר, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!.. דאָס האָט שוינ רעוועקא ניט געקאָנט איבערטראָגנ אונ האָט זיכ באנומענ מיט טרערנ אונ האָט, ווי א צעמישטע, געשריגנ אפ א קאָל:

— וואָנ, וואָנ, שארלאטאנ! וואָנ פונ מײַנע אויגנ! איכ קאָנ דיכ ניט אָנקוקנ! וואָנ!!!

ניששט מער ווי אינ א האלבער שאָ ארום איז שוינ אונדזער העלד אָסיפ געשטאנענ פאר זײַנ טײַערער רעוועקאנ אפ די קני'עס, זי געבעטנ מעכילע, אז ער איז שולדיק, אז ער האָט געזינדיקט פאר זײַנ טײַערער, טײַערער רעוועקא, אז ער איז ניט ווערט אירע טריט, איר מינדסט פינגערל, איר נאָזטיכל, אז ער מעג זײַנ די קאפּאָרע פאר אירע שיינע ליכטיקע אויגנ, אז ער מעג א מיסע־משונע אײַנעמענ פאר איר איינ שמייכעלע, אז וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער געבילט, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!..

אזעלכע אונ אנדערע סצענעס זענענ געווענ יעפטער אונ ענ־ טער, ביז אָסיפ האָט געמוזט מאכנ פלייטע צומ פאָטער אפ א דרײַ כאדאָשימ, אונ כאָטש ער האָט זיכ אמאָל געשוואָרנ, אז צוויי שאָ אפילע קאָנ ער אָנ רעוועקאנ ניט לעבנ, פונדעסטוועגנ האָט דאָס אימ כאָלילע ניט געשאדט, אונ ער האָט דאָס, דאנקענ גאָט, אויסגעהאלטנ, אונ איז ניט געשטאָרבנ. פארקערט, מע זאָגט, אז ער האָט זיכ נאָכ א ביסל פאריכט דאָרט אינ זײַנ שטאָט, צווישנ זײַנע אלטע באקאנטע, אונ שלעכטע מענטשנ, סאָנים, האָבנ אונטערגערעדט,

אז ער שאדכנט זיכ יאקבי צו זײַנער א קוזינע, זייער א שײנ פרײַלינ, וואָס וואַרט נאָר, ביז אָסיפ וועט זיכ געטנ מיט רעוועקאנ (אָ, בייזע מײַלער!)... די דאָזיקע רעכילעסנ האָבנ געגרייכט צו דער וויסטער אונגע — רעוועקא בלאַנק, אָדער רעוועקא זעמעל, — וואָס עס האָט זי גענומענ געקרענקט און פאַרשאַפט גענוג שמערצנ, צי פאַר גרוים ליבשאַפט, צי פאַר סינע — ווער קאָנ דאָס וויסנ?.. גאָט ווייסט, וואָס וואָלט דערפונ ארויס, ווענ עס וואָלט ניט אָנגעקומענ אזא מינ דעפּעשע צו דער מאַדאַם רעוועקא זעמעל:

„Передать Ревеке, скончался папенька, оставил 300 000. Сердечно сокрушен. Приезжай. Осип Земель“.

אפ יִדיש הייסט דאָס:

„איבערגעבנ רעוועקאנ, געשטאָרבנ מײַנ פאָטער, געלאָזט דרײַ הונדערט טויזנט. הערצלעכ דערשלאָגנ. קום צו פאָרנ. אָסיפ זעמעל“.

אונדזער גערימטער סענדער בלאַנק האָט געהאַלטנ סאַמע אינמיטנ מיטיק, ווענ עס איז אָנגעקומענ די דאָזיקע טעלעגראַמע; פונדעסטוועגנ איז דער פאָטער אוועקגעגאַנגענ מיט דער טאָכטער אינ קאַבינעט ארײַנ, און זיי האָבנ זיכ דאָרט פאַרזאַמט אקעגנ א האַלבער שאָ, און אז זיי זענענ ארויסגעגאַנגענ, איז רעוועקא געווענ פאַרוויינט... פאַר קיינ געלט וואָלט רעוועקא ניט געפאָרנ צום מאַנ! נאָר ווער ווייסט ניט, אז די פרויענ זענענ ווייכהאַרציק און האָבנ ראַכמאָנעס אפ אונדז, מאַנספאַרשוינענ, אפילע ווענ מיר טוענ זיי שלעכטס?.. אָסיפ איז נעבעכ געבליבנ א יאָסעמ און איז נעבעכ דאָרט אײנער אלײנ בא אזא צופאַל, בא אזא שווערנ ניסאָיענ!.. רעוועקא האָט זיכ זייער שײנ אָנגעטאָנ, און פונעם ווייִנענ האָבנ איר געפלאַמט די בעקלעכ. פאַרבײַגײענדיק אינ זאַל, האָט זי דערזענ איר שטאַלט אינ שפּיגל, און זי האָט בעשום-אויפנ ניט געקאָנט ניט אָפּשטעלנ זיכ אקעגנ שפּיגל און באַטראַכטנ זיכ א ביסל. אפ איר שײנ מײַלכל האָט זיכ באַוויזנ א שמייכל, ווי אײנער רעדט: „קײנ מײַסע ניט?“... שפּעטער, אז רעוועקא איז געזעסנ אינ וואַגאָנ און דער קוריער-צוג האָט זי געטראָגנ אהינ, אהינ, צו איר געליבטנ מאַנ, צו איר עלנטנ אָסיפנ, האָט זיכ איר געטראָפנ א צופאַל, וואָס מיר קאָנענ ניט פאַרדעקנ פונ אונדזערע לעזער און מוזנ אימ אײנקורצנ דערציילנ.

ארײַנגעקומענ אינ וואַגאָנ ארײַנ, האָט רעוועקא אָנגעהויבנ זיכ זוכנ א רעכטנ אָרט און איז א פּאָר מאָל דורכגעגאַנגענ אהינ און צוריק איבערנ וואַגאָנ; ענדלעכ האָט זי זיכ געפונענ אנ אָרט

באמ פענצטער — אקעגנ א יונגנמאנ, וואס איז געווענ פארטיפט אינ א בוכ. דער צוג איז שוינ לאנג אפגעפארנ, אונ דער יונגער־מאנ האט ניט אופגעהויבנ די אויגנ פונעמ בוכ. רעוועקא איז בעטעווע געווענ א פריילעכע אונ האט פיינט געהאט זיצנ אונ שווייגנ; דאכ האט זי ניט געוואלט די ערשטע פארבינדנ א שמועס מיט איר שאכנ, איר Vis-a-vis. זי האט זיכ אנגעשפארט מיטנ עלנבויגנ אפנ פענצטער אונ האט זיכ פארטראכט. רעוועקא איז געווענ געטלעכ שיינ אינ דער דאזיקער מינוט. דער יונגערמאנ האט פארמאכט דאס בוכ אונ האט זיכ געקליבנ כאפנ א דרימל; נאר זיינע אויגנ האבנ זיכ, ניט ווילנדיק, אפגעשטעלט אפ רע־וועקאנ, אפ איר קלאר ווייס העלדל, וואס איז געווענ אינגאנצנ נאקעט. דער יונגערמאנ איז וואכנדיק געווארנ אונ האט פאשעט אופגעגעסנ מיט די אויגנ די יונגע שיינע פרוי.

— איר פארט ווייט, מאדמואזעל?

רעוועקא האט דערהערט דאס ווארט „מאדמואזעל”, איז זי רויט געווארנ אונ האט נאכ שענער אויסגעזענ ווי פריער. זי האט אימ געזאגט, וווהינ זי פארט, אונ צווישנ זיי האט זיכ גיכ פארבונדנ א לאנגער שמועס, פונ וואס רעוועקא איז געוואר גע־ווארנ, אז דער יונגערמאנ איז א יִד, א סטודענט, זייער א פיינער, א קלוגער אונ א פריילעכער יונגערמאנ. דער סטודענט האט דער־ציילט טויזנטער אנעקדאטנ, אונ רעוועקא האט ערנסט, ערנסט גע־לאכט, צומ גרויסנ פארגעניגנ פונעמ יונגנמאנ, וואס האט ליב געהאט זיינ פריילעכ אונ אויכ יענעמ פריילעכ מאכנ. רעוועקא האט אויכ ניט געשוויגנ אונ האט, פונ איר זייט, אויכ דערציילט עט־לעכע שיינע מייסעס — אונ די יונגע מענטשנ האבנ שטארק־שטארק געלאכט צוזאמענ. אפ די וואקזאלנ זענענ זיי ביידע ארופגעגאנגענ, געגעסנ, געטרונקענ, גענאשט — אויכ צוזאמענ. אפ איינ וואקזאל האט מענ באדארפט ווארטנ אפנ צוג דריי שא. אונדזערע יונגע רייזנדער זענענ ארומגעגאנגענ — געארעמט — אפ דער פלאטפארמ, אונ דער סטודענט האט געהאלטנ עפעס זייער א לאנגע אונ א שיינע רעדע. רעוועקא האט דאס ערשטע מאל דערהערט אזעלכע זאכנ, וואס זי האט אינ אירע בעסטע ראמאנענ ניט געלייענט. א נייע וועלט האט זיכ פאר אירע אויגנ געעפנט, א שיינע, א גרויסע, א ליכטיקע וועלט!.. אונ די זונ האט געשיינט, געקוקט פונ אויבנ. עס האט אלצ געבליט, געזונגענ, געלעבט — עס איז געווענ טכילעס מינ, איר פארשטייט?.. רעוועקא האט אופ־

געהויבנ אירע אויגנ אפ דעמ יונגנ סטודענט אונ האָט זיכ באַגעגנט מיט זײַנע גרויסע, שווארצע, פײַערדיקע אויגנ. זי האָט דערפילט, אז זי איז רויט געוואָרנ, אונ אפנ הארצנ איז איר געווענ אזוי גוט, אזוי ליכטיק, אזוי ווארעמ, ווי אינ דער נאטור. דער קאָפּ האָט אפ איר ווי געברענט... רעוועקא האָט נאָכ קיינמאָל אזעלכעס ניט געפילט, ווי אינ דער דאָזיקער מינוט. זי געדענקט ניט, וואָרומ איר האנט איז געלעגנ אינ די גרויסע ווארעמע הענט פונעמ יונגנ סטודענט. זי געדענקט ניט, וואָס ער האָט איר אזעלכעס געזאָגט, זי האָט נאָכאמאָל זיכ באגעגנט מיט זײַנע שיינע אויגנ אונ האָט פּלוצעמ אויסגעריסנ איר האנט פונ זײַנע הענט אונ זי האָט זיכ דערמאָנט, אז אפ איר קוקט ארויס איר מאַנ אָסיפּ, איר עלנטער אָסיפּ!.. נאָכ אינ מינוט איז זי געשטאנענ אונ האָט געקוקט אפ דעמ יונגנמאנ, גלײַכנדיק אימ מיט איר אָסיפּנ — זײַנע שיינע אויגנ מיט אָסיפּס קליינע רויטלעכע אייגעלעכ אונטער די אש־קאָלירענע ברילנ, זײַנ ליכטיקנ קלוגנ פּרוילעכנ קאָפּ מיט אָסיפּס שאָפּנ־קעפּל, וועלכעס איז ליידיק, ווי א מיאטשיק, דעמ יונגנמאנס גרויסארטיקע רעדע מיט אָסיפּס ליגנימ... „אוועקט, אוועקט, שלעכטע מאכשאָוועס! אוועקט, אוועקט, פאלשע געדאנקענ!.. אהינ, אהינ דארפ איכ פאָרנ!.. איכ דארפ, איכ מוז, איכ קאָנ ניט אנדערש!.. ווער אנדערש? וואָס אנדערש? אהינ! אהינ!!!"... — האָט רעוועקא געטראכט אונ האָט זיכ מיט א קלאפּנדיק הארצ אָפּגעזעגנט מיטנ סטודענט.

אז רעוועקא איז געקומענ, וואוהינ זי איז געפאָרנ, האָט זי נאָכ דורכ דעמ פענצטער דערזענ אָסיפּנ שטיינ אפ דער פּלאטפאָרמ שטארק אויסגעפּוצט; אונ אינ איר קאָפּ איז, ווי א וויכער, דורכגעפלויגנ דער יונגער סטודענט, וואָס זי האָט זיכ מיט אימ אָפּגעזעגנט פריער מיט צוויי שאָ, אונ זי האָט נאָכ ניט אוספּייעט אפילע א קלער טונ, ווי עס געהער צו זײַנ, איז שוינ אָסיפּ געווענ מיט איר אינ וואגאָנ אונ האָט זי געהאלדזט אונ געקושט אונ גערעדט מיט היצ, מיט פײַער. רעוועקא האָט ניט געהערט גאָרניט... נאָר אינ פאיעטאָנ (אָסיפּ איז ארויסגעפאָרנ מיטנ פאָטערס גרויסארטיקנ עקיפּאַזש אקעגנ רעוועקאנ) האָט זי זיכ אָנגעשפּארט מיט איר הייכנ קאָפּ אפ אָסיפּס פּלייצעס אונ האָט זיכ צעוויינט ווי א קליינ קינד... אָסיפּ האָט זי געטרייסט אונ אײַנגענומענ, ווי ווײַט ער האָט געקאָנט, אונ אזוי זענענ זיי געקומענ אהיימ. די נײַע שטאָט, דאָס נײַע הויז, נײַע קענטשאפט, נײַע קאָמפּלי־

מענטנ מיט נײַע געדאנקענ האבנ מיט גוואלד ארויסגעטריבנ פונ רעוועקאס קאפ דאס בילד פונעמ יונגנ סטודענט.

אינ דער דאזיקער צײַט זענענ צווישנ מאנ-אונ-ווײַב פארגע־קומענ עטלעכע מיעסע סצענעס, וווּ אסיפ האט געשפילט די ראָ־ליע פונ א פארזינדיקטנ, וואס האט אפ די קניעס געבעטנ מעכילע, אונ רעוועקא פלעגט אימ פאר ראכמאגעס מויכל זײַנ... איינמאל אינ א פרימארגנ האט זי דאס שטובמיידל געטראפנ אינ א טרוי־עריקער לאגע: די מאדאמ רעוועקא איז געשטאנענ אינ איינ העמד אונ האט אפ זיכ געריסנ די האר, אונ דער הער אסיפ איז געשטאנענ מיט א שטיוול אינ איינ האנט אונ מיט א פאר אש־קאלירענע ברילנ אינ דער אנדערער האנט. ווי אזוי אבער זענענ זיי אלע טאג ארויסגעפארנ מיטנ קנאק אונ מיטנ פײַפ! ווי גרויס־ארטיק איז רעוועקא געווענ געקליידט! וויפל דאמענ אונ מאמזעלנ האבנ איר מעקאנע געווענ אפ איר רײַכטומ, אפ איר גרויסקײַט! א קאפארע, לעזער, א גוטער אײדעלער געבילדעטער מאנ פאר א פאר גרויע פערדלעכ! א קאפארע, לעזערנ, א גליקלעכ לעבנ מיט דעמ ארעמענ ליבנדנ מאנ פאר א לאזשע אינ טעאטער! א קא־פארע, קינדער, אלע אידעאלנ פאר א גרויסארטיקנ אוונט, פאר א גלענצנדנ באל, פאר א טאנצ מיט אנ אפיצער!..

אז דער ערשטער טרויער איז איבערגעגאנגענ, אונ אסיפ האט אופגעהערט צו קלאגנ נאכ זײַנ טײַערנ פאטער, האט ער אינ א יאר ארומ אופגעבראכנ זייער א גרויס געשעפט פונ ערד-קוילנ מיט עטלעכע שותפים, אונ אפ אסיפס הויז איז פלוצעמ, אינ א שיינעמ פרימארגנ, אויסגעוואקסנ א גאנצ גרויסע טאבליצע, מיט גילדענע אויסיעס, מיט די דאזיקע ווערטער:

„Главная Контора Каменноугольного Товарищества
Земеля, Файфермана и Ко“

אינ דער דאזיקער קאנטאר זענענ טאמיד געזעסנ דרײַ בוכ־האלטערס, צוויי קארעספאנדענטנ, א סעקרעטער מיט א קאסיר אונ האבנ פונ זייגער נײַנ אינדערפרי ביז פינפ באטאג געשפילט אינ פרעפעראנס; אונ זעמעל, פײַפערמאנ מיט דער קאמפאניע זענענ געזעסנ אינ פעטערבורג — גאט ווייסט צו וואס, צו ווענ! רעוועקא איז זיכ געזעסנ אינ דער היימ, זייער אינ א שיינ הויז, אונ די פײַנסטע יונגעלײַט פונ דער שטאט פלעגנ זיכ דארט קי־מאט אלע נאכט צונויפקלײַבנ „כאפנ א קערטל“. אזוי איז אוועק־געגאנגענ דרײַ יאר; דרײַ גוטע, בארוטע יאר פאר זעמעלס בוכ־

האלטערס מיט די קאָרעספאָנדענטנ, דריי פרייליכע יאָר פאר רעוועקאנ מיט אירע באקאנטע, — אונ דריי ביטערע יאָר פאר דעמ אומגליקלעכנ הער אָסיפ זעמעל, וואָס האָט געגעבנ געפאטערט אינגאנצנ זײַנ קאפיטאל אונ האָט נאָכ געהאט א פראָצעס מיט זײַנ שוטעפ פײַפערמאנ, וואָס האָט אימ אָנגעפײַפט מעכילע אינ די ערד-קוילנ. שטיל, אָנ צערעמאָניעס, איז די גילדענע טאבליצע ארופ, אונ שטיל, אָנ צערעמאָניעס, איז זי אראָפ פונ זעמעלס הויז אונ ארופגעטראָגנ געוואָרנ אפנ בוידעמ. דאָרט, צווישנ אלע אלטע כאליעוועס, ליגט זי נאָכ אד-האיאָמ-האזע; שפינענ בויענ אפ איר זייערע קונציקע שטיבעלעכ, אונ מײַז טאנצנ אפ איר ארומ מיט גרויס אזעס... אפ איר אָרט הענגט הײַנט אנ אנדער טאבליצע, שוינ בײַשט מיט קיינ גילדענע אויסיעס:

„Механическое прачешное заведение“

דער נאָמענ „זעמעל" שטייט שוינ ניט ארויסגעשטעלט; נאָר מיר ווייסנ, אז די וועש-פאבריק איז זײַנע, אונ ס'איז גאָר קיינ אוילע ניט, אבי פארדינענ געלט. דער כיסאָרנ איז אָבער, וואָס סע פארדינט זיכ ניט. אונדזער אָסיפ זעמעל האָט געעפנט די פאבריק ווי א גרויסער פאָרעץ, אונ מיט אזא שיק, אז גאָט ווייסט, אויב זי וועט זיכ האלטנ נאָכ א כוידעש, אָדער העכסטנס צוויי כאָדאָשימ.

בא די דאָזיקע אומשטענדנ אונ בא דער דאָזיקער לאגע פונ זייערע געשעפטנ האָבנ זיי, אָסיפ מיט רעוועקאנ, פלוצעמ דערהאלטנ די טרויעריקע דעפעשע, אונ אָט אזוי זענענ זיי געקומענ צו סענדערנ אינ שטוב ארײַנ, ווו מיר האָבנ געהאט די ערע זיי שוינ צו זענ.

## דאָס זיבעטע קאפיטל

ווי דער לעזער באקענט זיכ מיט צוויי זײַטיקע פארשוינענ אינעמ דאָזיקנ ראָמאנ

די אלטע לײַט האָבנ שוינ אזא מאזל, משטיינס-געזאָגט, אז ווײַבאלד זיי כאפנ זיכ נאָר ארײַנ צווישנ יונגווארג, אזוי פארגעסט מענ גאָר אָנ זיי, גלײַכ ווי זיי זענענ גאָר ניטאָ אפ דער וועלט.

צווישנ אלע אונדזערע פארשוינענ, וואָס דרייענ זיכ דאָ ארומ בא אונדזער פײַנעמ סענדערנ אינ הויז, האָבנ מיר נאָר דורכגעלאָזנ די מומע דאָבריש, סענדערס אנ אייגענע שוועסטער, אנ

אַלטע ייִדענע פֿון אַ יאָר זיבעציק, מיט אונטערגעבונדענע ציין, אַ הויכע און אַ גראָבע, אַף סענדערס מאַניר.

— ווי קומט איר אַהער, מומעניו? — האָבן זי די יונגע דאַמען געפֿרעגט. — ווען קומט איר אָן? וואָרום און פֿונוואַנען?

— אָך! — האָט זיי די מומע דאָבריש געענטפֿערט, קרעכצנדיק און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — אָך! איך האָב דערהערט די גוטע בשורה פֿון אַ היגן באַלעגאָלע, וואָס פֿאָרט צו אונדז אַלע וואָך; פֿון אים בין איך געוואָר געוואָרן פֿונעם שלאָק! אָך! איין ברודער! איין־און־איינציקער ברודער! און וואָסער אַ ברודער! אַזאַ ברודער! אָך! אָך!

— וואָס אָכקעט איר, דאָבריש? — האָט זיך מיריאַם־כּיִע אָנגערופֿן. — גאָט וועט געבן, וועט ער, אים־ירצה־השם, זײַן געזונט.

— יאָ, מײַן קינד, יאָ, בא גאָט איז אַלץ מעגלעך, יאָ! ער איז אַוואָדע אַ גרויסער בעריע! ער איז אַ דאָקטער איבער אַלע דאָקטוירים!

דער באַרימטער אָסיפּ זעמעל, וואָס האָט באָרוואָס געהאַט דעם שיינעם פּסאַק פֿון זײַן שווער, האָט פֿאַרבונדן אַ שמועס מיט דער מומע דאָבריש און האָט אויסגעשאָטן אײַנגאַנצן זײַן סאַטירע, אַלע זײַנע וויצן מיט די ווערטלעך איבער איר, און דערמיט צעלאַכט דעם גאַנצן עולם. ערשט אין אַ פּאָר שעה אַרום נאָך איר קומען האָט מען זי אַרײַנגערופֿן צום קראַנקן ברודער, וווּ זי איז אָפּגעזעסן עטלעכע מינוט און איז צוריק אַרויסגעגאַנגען, שנײַצנדיק די נאָז און ווישנדיק די אויגן. דער ניט־געפֿאַלענער אָסיפּ האָט זי באַגעגנט מיט אַ הילכיקן געלעכטער און האָט איר אין די אויגן איבערגעקרימט, ווי זי וויינט און שנײַצט די נאָז. דער עולם האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער, און אָסיפּ האָט געשײַנט פֿאַר שׂימחה.

— לאַכט, לאַכט, קינדערלעך! — האָט זיי די גוטע מומע געענטפֿערט מיט גרויס האַכנאָע. — איר וועט אַמאָל אויך אַלט ווערן, וועט מען אײַך אויך אויסלאַכן!

דער לעבעדיקער אָסיפּ האָט ניט אויפֿגעהערט צו שפּעטן פֿון דער אַלטער מומע, צום גרויסן פֿאַרגעניגן פֿון דער גאַנצער פֿאַמיליע, און די גוטע מומע דאָבריש האָט ניט איבערגערעדט דאָס צווייטע וואָרט און האָט געלאַכט גלײַך מיט זיי אַלע.

שווער צו פארשטייג די פראַקטיקייט און די ווייכקייט פונ דער דאָזיקער אַלטער: צי ווייל זי איז טאַקע בעטעווע אַזאַ גוטע פרוי, צי איבער אַנ אַנדער זאַכ? מיר קענענ די מומע דאַבריש פאַר א ייִדענע, וואָס האָט ביז פופציק יאָר עקספּעדירט דריי געזונטע מאַנ־נענ אַפ יענער־וועלט און איז געבליבנ א „קאַטלאָנעס״ 1, ווי עס ווערט בא אונדז אָנגערופנ, און קיינ קינדער האָט זי ניט געהאַט.

די מומע דאַבריש האָט, ווי עס ווייזט אויס, געוווסט, אַז אַפ דער עלטער וועט זי בלייבנ עלנט, ווי א שטיינ, האָט זי פונ פריִער צונגעגרייט א שטיקל פאַרמעגנ, עטלעכע הונדערט רובל מיט א קליינ שטיבעלע און מיט אַנ אייגנ קלייטל פונ „באַקאַליע״, פונוואַנענ זי ציט זיך איר באַדערפעניש. איינ שטאָט הייסט זי בא איטלעכנ „די מומע דאַבריש״, און קריסטנ רופנ זי „דאָברו־כא״. אַכוץ וואָס זי האָט א קלייטל, איז די מומע דאַבריש א שטיקל רויפעטע אויכ; בא איר קריגט מענ אַלערליי רעפועס, פאַר־שידענע גראָזנ, סאַמ, מישיאַק, ראָזמאַרינ, שאַלווי, ראָמאַשקעס, אונ זי איז א ווילדע מומכעטע אַפ אָפּשפּרעכנ אַנ איינהאָרע, ציינ־ווייטעק, א „בעשיכע״, אָפּקוועטשנ „זובישטשעס״, אויסגיסנ אַפ וואַקס, וואַרפנ אַפ קאָרטנ, ברענענ אַנ אַנטלאָפענעמ מאַנ אַפ א קאָטשערע, פאַרטרייבנ מאַכשייפעס, שיידימ, לייצימ, „דאָמאָ־וויקעס״ אונ א סאַכ אַנדערע טאַכבולעס 2 אונ סגולעס. פאַר דער מומע דאַבריש האָט יעדערער אָפּשיי, אונ די קריסטנ גיבנ איר אָפּ גרויס קאָוועד, נאָכ איר ווערט באַכ. זומער קאָנ מענ זי אָפּט באַגעגענענ גאַנצ פרי, איידער די זונ גייט אויפ, אינ פעלד, קלויבנ אירע גראָזנ, אונ ווינטער, שפּעט אינ דער נאַכט, אַקעגנ דער לעוואָנע, מאַכנ מיט די הענט אונ שעפּטשענ מיט די ליפּנ. אינ דער שטאָט, ווו די מומע דאַבריש וווינט, דערציילט מענ וועגנ איר עטלעכע זייער ניט קיינ שיינע מייסעס, אונ „נאַטשאַלסטווע״ האָט אַפ איר שוינ לאַנג אַנ אויג, נאָר אינ די קליינע שטעטלעכ ווערט אַלצ אָפּגעטאָנ פאַרנייט אונ פאַרדעקט.

— איר זענט דאָכ עפּעס יאָ א מומכעטע, — האָט זיך צו איר אָסיפּ ניט אויפגעהערט צו טשעפּענ, — ווי זשע קומט דאָס, אַז איר זאָלט ניט געבנ קיינ רעכטע רעפועה דעמ שווער?

---

1 א פרוי, וואָס די מאַנענ שטאַרבנ בא איר. — 2 מיטלענ.

— גאָט, גאָט וועט אימ צושיקנ א רעפוע־שליימע, מײַנ קינד! ער איז א רויפע־קאָל־באָסאָר 1, מײַנ קינד! ער איז א מאַפּלי-לײַנ-סעס (לעשות 2), מײַנ קינד!..

די מומע דאָבריש קאָנ א גוזמע לאָשנ-קוידעש-ווערטער, אונ דערפאַר גילט זי פאַר א לאַמדאַנטע, א וווילקעבעדיקע, א מאַנצ־בלשער קאָפּ.

— נו, אונ אָפּשפּרעכנ העלפט דענ ניט? — האָט איר אָסיפּ ווײַטער דעקוטשעט מיט זײַנ סאַטירע.

— נײנ, מײַנ קינד! אינ א פרעמדער שטאָט קאָנ מײַנ שפּרעכנ ניט אוילע־יאָפּע זײַנ 3, מײַנ קינד.

אונדזער העלד אָסיפּ האָט לאַנג געטריבנ קאַטאָוועס מיט דער מומע דאָבריש, וואָס האָט אימ גערופנ „מײַנ קינד” אונ איז ניט בערוגעז געווענ, וואָס מע שפּעט איבער איר אזוי אָפּנטלעכ; נאָר אָסיפּס סאַטירע האָט זיכ סאָפּקאָלסאָפּ צוגעגעסנ איטלעכנ, האָט אימ רעוועקא געזאָגט:

— גענוג שוינ, אָסיפּ! — אונ האָט אפּ אימ אזא קוק געטאָנ, אז אָסיפּ איז אנשטומט געוואָרנ אפּ א היפּשער ווײַלע, ביז דער דאָקטער קלוגער איז געקומענ באזוכנ דעמ כוילע, אונ באמ גע-זעגענענ זיכ האָט זיכ מיט אימ אָסיפּ צערעדט מיקויעכ זײַנע גע-שעפטנ. ער האָט אימ דערציילט וועגנ דעמ גרויסנ פּראָצעס, וואָס ער פירט מיט זײַנ געוועזענעמ שוטעפּ פּײַפּערמאַנ, וואָס האָט אימ באראַבעוועט אפּ אָנדערהאַלבנ מיליאָנ, אונ וועגנ דער אמעריקאַנישער וועש־פאַבריק, וואָס גייט בא אימ זייער גוט — טשעסטנאָיע סלאָווא!

דער דאָקטער קלוגער האָט זיכ מכילעס שטאַרק פאַרינטערע-סירט מיט אָסיפּס מײַסעס אונ איז זייער נײַגיריק געווענ צו בא-קומענ א באגריפּ וועגנ דעמ אינטערעסאַנטנ פּראָצעס אפּ אָנדער-האַלבנ מיליאָנ אונ וועגנ דער אמעריקאַנישער וועש-פאַבריק. אונדזער העלד האָט זיכ פּאָשעט מעכײַע געווענ, וואָס גאָט האָט אימ צוגעשיקט אזא מענטשנ, וואָס אינטערעסירט זיכ מיט אימ, האָט ער ארויסגענומענ א גאַנצנ פּאַק פּאַפּירנ: פּראָשעניעס, קאָ-פּיעס, כעשבוינעס, פּלאַנענ, וועקסלענ, קוויטלעכ אונ גלאַט אזוי פּאַפּירנ. דער דאָקטער קלוגער האָט נעבעכ געמוזט איבערקוקנ דעמ גאַנצנ פּאַק מיט פּאַפּירנ, אונ א קאַלטער שווייס האָט אימ

1 א היילער פונ יעדער באשעפעניש. — 2 (לאאסויס) — א ווונדער־שעפער. — 3 געמיינט: קאָנ קיינ פולע ניט האָבנ; קאָנ ניט ווירקנ.

באשלאָגנ. וואָס האָט ער געקאָנט טונ, אז ער האָט זיכ אליינ אָנ־
געפרעגט אונ אומגליק? עטלעכע מאָל האָט ער זיכ געריסנ פונ זײַ־
נע הענט, געקוקט אפנ זייגער, נאָר אומזיסט: אָסיפּ איז אימ
ארײַנגעפאָרנ מיט זײַנע געשעפטנ גלײַכ אינ הארצנ ארײַנ אונ
האָט אימ אָפּגעמוטשעט א גוטע שאָ צײַט, ביז רעוועקא האָט אימ
מיט איר ארײַנקומענ איבערגעשלאָגנ (פאר איר האָט אונדזער העלד
געהאט דערעכ־ערעצ).

אז דער דאָקטער קלוגער איז ארויסגעפאָרנ פונ סענדערס
הויפ, האָט ער ארויסגעלאָזט א פרײַענ זיפצ פונעמ הארצנ, ארומ-
געקוקט זיכ, צי עס לויפט אימ ניט נאָכ דער הער זעמעל מיט
זײַנע דאָקומענטנ.

— א זעלטענער קאָפּ! — האָט דער דאָקטער קלוגער דער־
ציילט בא זײַנע אנדערע פאציענטנ. — אָנדערהאלבנ מיליאָנ! איכ
בינ געוועננ בא א פאציענט, בא דעמ הער בלאנק; איר קענט דאָכ דעמ
הער בלאנק? האָט ער אנ איידעמ, א זעלטענער קאָפּ. שטעלט אײַכ
פאָר, ער פירט א פּראָצעס אפ אָנדערהאלבנ מיליאָנ!

— אזוי? וואָס זשע מאכט עפּעס אײַער כוילע? ווי גייט עס
דעמ הער בלאנקנ אינ געזונט?

— עט! דערווײַל אָנ א שומ פארענדערונג, סטאטוס נער-
וואָזוס... איכ רעכנ, אז מאָרגנ אָדער איבערמאָרגנ — ניט שפּע־
טער — דארפ זײַנ דער קריזיס, אָדער אהער, אָדער אהינ... —
אונ דער דאָקטער קלוגער האָט באוויזנ מיטנ גאנצנ גופ אהער אונ
אהינ.

— או־וואַ! אנ אווײַרע אזא מענטש, ווי רעב סענדער, כלעבנ.
ווי זאָגט איר, הער דאָקטער?

— אָ, אָנ א שומ ספּעק! א פײַנער מענטש, א לײַטישער
מענטש, א פּאָטשטענע מענטש, א זעלטענער מענטש!

— נו, אונ דאָס ווײַב מיט די קינדער, הער דאָקטער?

— אָ, פרעגט נאָר נישט! אוואדע, א גרויסער בראָכ, א גרוי־
סער בראָכ, א גרויסער אומגליק פארנ ווײַב מיט די קינדער געבעכ.
גוטע מענטשנ, ערלעכע לײַט, אלע, די גאנצע פאמיליע! וואָסער א
פאסטעכ, אזעלכע שאָפ. דאָס עפּעלע פאלט נישט ווײַט פונעמ ביימע-
לע... לײַטישע מענטשנ! נאָר וואָס זאָל מענ טונ?

— א דימענטענער מענטש, א גילדענער מענטש, אָט דער
דאָקטער קלוגער!

אַזוי זאָגנ אימ נאָכ זײַנע פּאַציִענטנ, אונ אַזוי זאָגנ מיר אימ אויכ נאָכ דעמ זעלבנ שוואַכ: אַ דימענטענער, אַ גילדענער מענטש! אַלע קענענ אימ. אומעטומ איז ער דאָ. וווּהינ מע זאָל אימ ניט רופֿנ, פֿאָרט ער; וועקט אימ אויפֿ אינ האַלבע נאַכט, וועט ער מיט אײַכ פֿאָרנ אינ עק וועלט אַרײַנ, אַבי דאָס האַלבע קערבל... אוי, האָט ער ליב דאָס האַלבע קערבל!

זײַט זשע מוחל, וואָס האָט איר געוואָלט: אומזיסט זאָל ער צו אײַכ פֿאָרנ? פֿונ די דאָזיקע אידעאַליסטנ איז ניט אויסצושטיינ!

דער דאָקטער קלוגער האָט ליב דאָס האַלבע קערבל; ער האָט דאָס אַזוי שטאַרק ליב, אַז ער לויפֿט נאָכ דעמ נאָכ, אונ דינגט זיכ מיטנ אָרעמאַנ, וואָס קאָנ עס אימ ניט געבנ, אַזוי לאַנג, ביז ער מוז עס אימ געבנ. אונ איכ זע דאָ בעפֿיירעש ניט אַרויס קיינ שומ אַוולע פֿונ זײַנ זײַט, אוּבֿיפֿראַט, אַז מע טרײַבט אימ:

— גיי, נעשאָמע מײַנע, איכ האָב געהערט אינ מאַרק, אַז דער ליגט אַפֿ אַ טיפֿוס אונ בײַ דעמ מאַזלט אַ קינד! גיי, מײַנ לעבנ, גיי-כער. דאָרט קאָנסטו נעמענ אַ קערבל אונ עפּעס טאַקע צוויי, מאַכ-מעס איכ ווייס, וויפֿל פֿלייש מע נעמט אַהינ יעדנ טאָג. אונ דו זאָלסט זענ, וואָסער אַ טואַלעט זײַנ ווײַב מיט זײַנע טעכטער טראָגנ, וואָלסטו אַליינ געזאָגט, האַרצ מײַנס, אַז דער רועכ וועט זיי ניט נעמענ! ניש-קאָשע, מאַמע מײַנע, האָסט גענוג געהאָרעוועט, ביז דו האָסט באַ-קומענ דעמ דיפּלאָמ צו מאַזל! שעמ זיכ ניט, מײַנ קרוינ, דאָס איז דײַנ פּאַרנאָסע, דאָס איז מײַנ קלייט, מײַנ קראָמ, אונ דאָקטוירימ איז הײַנט דאָ גענוג...

איכ רעכנ, אַז מײַנ לעזער שטויסט זיכ שוינ אָנ, אַז אַזעלכע זיסע רייד קאָנ נאָר זאָגנ אַ ווײַב — אַ ווײַב, וואָס איז איבערגעגעבנ צומ מאַנ מיטנ גאַנצנ לעבנ. אַז וויל איז דיר, הער דאָקטער, אַפֿ דער וועלט, אונ אַז וויל איז דײַנ ליבנ נאָמענ, געבענטשטער, דער גליק-לעכסטער פֿונ אַלע, פֿונ אַלע מאַנענ! מיר פֿאַרגינענ דיר מיטנ גאַנצנ, גאַנצנ האַרצנ!

איכ מוז ווידעראַמאָל בעטנ מעכילע פֿונ מײַנע לעזער אונ לעזערנ, וואָס איכ האָב אָוועקגעוואָרפֿנ אונדזער ליבסטע פֿאַמיליע בלאַנק אונ האָב זיכ אַ ביסל פֿאַרנומענ מיט זײַטיקע פֿאַרשוינענ: ערשטנס, איז די גוטע מומע דאָבריש אונדזער סענדערס אונ אייגענע שוועסטער, בלוט אונ פֿלייש; אונ אַזוי ווי די דאָזיקע באַרעמהערציקע שוועסטער האָט געקאָנט קומענ מעוואַקער-כוילע זײַנ דעמ ברודער, האָט זי גע-ווינ פֿאַרדינט אַ שטיקל אָרט אינ אונדזער כראָניקע; אונ צווייטנס,

דעם דאָקטער קלוגער האָבן מיר אהער ניט געבראַכט; אים האָט גע-בראַכט צו פירן פרויקע דער מעשאָרעס.

ווײַבאַלד דער דאָזיקער גוטער דאָקטער איז געקומען צו פאָרן דאָס ערשטע מאָל, האָט ער אָנגעהויבן צו פאָרן אהער פינף מאָל אין טאָג און האָט געמאַכט פון סענדערס בויכווייטעק א גאַנצן יאַריד, און זײַן געטרײַע פרוי, די דאָקטערשע, האָט צעקלונגען איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז דער אַלטער בלאַנק איז פאַרבײַ, און אומגליק, א מין כאָליערע! סע גייט אַרום א כאָליערע אין שטאָט! מע דאַרף זײַן געהיט זייער, זייער! מע דאַרף זיך זען באַצײַטנס מיטן דאָקטער, נישט אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן!..

## דאָס אכטע קאַפּיטל

דער זאַטער גלייבט ניט דעם הונגעריקן, די געזונטע פאַרגעסן אינעם כוילע, און עפּעס נאָך

דער זייגער האָט געקלונגען צען, אַז סענדער בלאַנקס מישפּאָכע האָט זיך געזעצט עסן וועטשערע.

אויבנאָן, אויף מיריאַם-כײַעס אָרט (מיריאַם-כײַע איז געזעסן אין קאַבינעט נעבן איר מאַן דעם כוילע), איז געזעסן רעוועקאַ; נעבן איר, פון דער רעכטער האַנט — סאָני, בײַ דער לינקער האַנט — כאַיִם; נעבן כאַיִמען איז געזעסן אָסיפּ, נעבן סאָניען איז געזעסן מאַרקוס, נעבן אָסיפּן — די אַלטע מומע דאָבריש. דער מאָל-צײַט איז צוגעגאַנגען גאַנץ געוויינלעך; אַלע זענען געזעסן סטאַטע-טשנע, ווײַל סענדערס שטול איז געשטאַנען ליידיק און עס איז עפּעס געווען ניט פרייליך. אונדזער ניט-פאַרלאָרענער העלד אָסיפּ האָט יאָ א פּאָר מאָל א לאַך געטאָן איבער דער מומע דאָבריש, נאָר זײַן סאַטירע האָט אָבער דאָ ניט געווירקט. די מומע דאָבריש האָט געגעסן מיט גרויס דערעכ-ערעץ, דערהײַנטע: זי האָט נאָך יעדן זופּ אָוועקגע-לייגט דעם לעפל און אָפּגעווישט די ליפּן, און אַזוי ווײַטער. פרויקע האָט דערלאַנגט צום טיש מיט גרויס קוראַזש: ער האָט זיך געוואָלט אויספײַנען פאַר די געסט, און פאַר גרויס אימפּעט האָט ער אויסגע-גאָסן אויף דעם הער זעמעל א טעלער יויך; אונדזער פראַנט האָט זיך אויפגעכאַפּט פונעם אָרט און האָט אָפּגעשטעקט דעם געטרײַען מעשאָ-רעס עטלעכע פײַערדיקע פּעטש און האָט מיט טרערן אויף די אויגן זיך גענומען ווישן, בערשטלען, רייניקן און שעלטן פרויקען מיט טויטע קלאָלעס, און פון יענעם אָוונט אָן איז צווישן אונדזער אריס-

טאָקראַט זעמעל מיט פרויקע דעמ מעשאָרעס געוואָרנ א ברענענדיקע סינע אפ טויט.

נאָכ דער וועטשערע זענענ אַלע געגאַנגענ זאָגנ דעמ קראַנקנ פאָ-טער „א גוטע נאַכט". מיריאַמ-כײַע איז געבליבנ בא סענדערנ אינ קאַבינעט. די מומע דאָבריש האָט זיכ געלייגט שלאָפנ ערגעצ אינ א ווינקעלע מיט גרויס האַכנאָע אונ אַניוועס. די קליינע קינדער זענענ שוינ לאַנג געשלאָפנ מיטנ זיסנ, טײַערנ שלאָפ, אונ כאַימ, מאַרקוס, רעוועקאַ, אָסיפ אונ סאָני האָבנ זיכ אַלע באַזעצט אינ דער שיינער, גרויסאַרטיקער זאַל — אונ איכ ווייס אַד-האַיאָמ ניט, וויִאַרומ, פונ וואָס אונ פונוואַנענ זענענ אַלע פלוצעמ מוסקעמ געוואָרנ צו שפּילנ אינ קאָרטנ? — נאָכ איידער מע האָט זיכ אַרומגעקוקט, ווו מע איז אינ דער וועלט, האָט שוינ אָסיפ געהאַלטנ א פּעשל קאָרטנ אינ די הענט אונ דאָס פּאָנעמ האָט אימ געפלאַמט פאַר סימכע. נאָר אָסיפנ איז הײַנטיקנ אָוונט ניט באַשערט געווענ צו טיילנ קאָרטנ, ווײַל רע-וועקאַ האָט זיכ ניט געשעמט אונ אויסגעשריִענ אפ א קאָל צו איר געליבטנ מאַנ:

— זײַט זשע מויכל, אָסיפ מאָיסייעוויטש, גיט אַהער די קאָרטנ, מאַכמעס איר זענט א צו גרויסער מאַזיק אפ פינפ טײַז...

דער אוילעמ האָט זיכ צעלאַכט, אונ אָסיפ האָט זיכ נעבעכ געביסנ די נעגל פאַר דאָסאַדע; ער האָט אויסגעלאָזט זײַנ ביטער האַרצ צומ אומגליקלעכנ פרויקענ, וואָס האָט אינ דער מינוט אַרײַנגעטראָגנ ליכט מיט א שטיקל קרײַד. פרויקע האָט דערלעבט א נעקאָמע אינ זײַנ סוינע אונ האָט שוינ קימאַט פאַרגעסנ, אַז פונ אָסיפס פּעטש איז אימ אופגעלאָפנ א באַק.

רעוועקאַ האָט געטיילט קאָרטנ, אונ דער גאַנצער אוילעמ האָט קלוימערשט געשפּילט אָנ כייִשעק, אָנ ווערטער; נאָר ביסלעכווײַז, וואָס ווײַטער, איז מענ געוואָרנ אַלצ מונטערער, לעבעדיקער; יעדער האָט גערעדט, געקוקט, גערעכנט, געציילט אונ געשטעלט געלט, געכאַפּט א קוק צו יענעמ אינ די קאָרטנ אַרײַנ, געוווּנקענ, געשמייכלט, כוץ אײַנ כאַימ, וואָס איז געזעסנ, ווי א פרעמדער, אונ האָט קעסיידער צעביטנ איינ קערבל נאָכ דעמ אַנדערנ. מער פונ אַלע האָט געלעבט דער הער אָסיפ זעמעל: זײַנע האָר זענענ געווענ צעקאָשמעט, דאָס פּאָנעמ פאַר-פלאַמט, דער שטערנ פאַרשוויצט, אונ אַליינ איז ער אַלעמאָל אונטער-געשפּרונגענ:

— וואַלײַ!.. איכ קויפ!.. שנײַד!.. גיב אימ אַהער, דעמ כעוורע-מאַנ!.. איכ בראָק ווײַטער!.. דער מאַלקע א קניפּ אינ בעקל, אונ דעמ

מיילעכ א פייַנ אונטער דער נאָז!.. צוויי טייַז, ווי די מייַז!.. א פּליאסק אינ פּיסק!.. אהא, רעוועקא!.. גיב נאָר, גיב!.. גוט־גוט!.. נאָכ! נאָכ! נאָכ!.. אָט אַזוי לערנט מענ בא אונדז!.. האק א צאדיק!.. דו פּייַפּסט, ברודער?.. קריכ, קריכ, כאַימ־סערדצע!.. סאָפיא אבראמאָוונא! לייגט זיכ שלאָפנ!.. אָט־אָט־אָט־אָט־אָט־אָט!.. האק! טפּררררו! לויפ ניט!.. מארקוס, שטעל געלט!.. זוכ, זוכ, כאַימ!.. רעוועקא, מאָלאָדיעצ!..

אונדזער געערטער אָסיפּ האָט אַזוי לאַנג געסמאליעט א וועלט, ביז ער האָט זיכ אויסגעבייַטלט ביז גאָר, איז ער אופגעשטאַנענ אונ האָט עפּעס אייַנגעריימט רעוועקאַנ א סאָד אפנ אויער.

— איכ וויל ניט, איכ וויל ניט! — האָט אימ זייַנ ליבסטע פרוי געענטפערט אפ א קאָל. — בעסער הער אופ צו שפּילנ, אז דו האָסט קיינ געלט ניט!

אָסיפּ איז געווענ אויסער זיכ פאר קאַעס; פונדעסטוועגנ האָט ער זיכ אייַנגעהאַלטנ אונ האָט געזאָגט הויכ אפ א קאָל:

— דו מיינסט, אז איכ האָב קיינ געלט ניט? איכ האָב, טשעסט־נאָיע סלאָוואָ! אָט וועל איכ באַלד וויַיזנ.

אונ אונדזער העלד איז אוועקגעלאָפנ גלייַכ צו פּרויקענ אונטנ, בא די טרעפּ, אונ בא אימ געבעטנ א האַלוואָע ביז מאָרגנ זייגער אכט אינ דער פרי, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!.. פּרויקע האָט אימ דערמאַנט די פייַערדיקע פּעטש אונ האָט לאַנג ניט געוואָלט געבנ; נאָר ער האָט אפ אימ ראַכמאָנעס געהאַט (פּרויקע האָט זייער א גוט האַרצ!) אינ האָט אימ געליִענ צענ רובל, ביטנייַ, אז ניט שפּעטער ווי מאָרגנ זייגער אכט זאָל ער אימ דערפאר געבנ פופצנ רובל.

אָסיפּ איז אריַינ מיט גרויס קוראַזש אינ זאַל אריַינ:

— א פייַנע שטאָט! זייגער צוועלפ באַנאַכט קאָנ מענ שוינ ניט צעבייַטנ קיינ הונדערטער, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

עס איז איבערגעגאַנגענ נאָכ א האַלבע שאָ, אונ בא אָסיפּנ האָבנ די צענ רובל געטאָגט, אונ כעווראַ וואָלט זיכ עפּשער צעגאַנגענ פונ די קאָרטנ בעשאָלעמ יעדער אינ זייַנ רו אריַינ, ווענ דער צעהיצטער העלד זעמעל וואָלט פּלוצעמ זיכ ניט אופגעכאַפּט פונעמ אָרט, ווי אַנ אָפּגעבריטער, מיט א גוואַלד:

— סאָפיא אבראמאָוונא! איר דארפט געדענקענ, אז איר שפּילט ניט מיט קיינ זשוליקעס! איכ האָב פייַנט אַזעלכע אפּערעס! טשעס־טנאָיע סלאָוואָ!

סאָני איז געוואָרנ אַלערליי פארבנ, אונ דער אוילעמ איז אָנ־געפאַלנ אפ אָסיפּנ:

— האַ? וואָס איז דאָרטנ? וואָס? וויאַזוי? ווו? ווענ?

— סטײַטיש! — האָט אָסיפּ געשריגנ ניט מיט זײַנ קאָל. — וויאַזוי דערלאָזט איר גאָר אַזעלכעס? מיר זענענ ניט קיינ קאַרמאַנ־שטשיקעס! דאָ שפּילנ אָרנטלעכע מענטשנ, ניט קיינ קאַרטיאָזשניקעס! סאָפיאַ אַבראַמאָוונאַ! איכ פּראָטעסטיר פאַר אַלעמענ, אַז איר האָט געשטעלט אַ גילדנ און האָט אַרויסגענומענ אַ פערציקער אויסגאָב! זײַט זיכ מוידע! טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

— אַכ, איר קאַרטיאָזשניק! — איז אָפּ אים סאָפיאַ אַבראַמאָוונאַ אָנגעפאַלנ. — איר זענט אַלײנ דער גרעסטער אַפעריסט! איר מיינט, אַז איכ זע ניט, ווי איר טרעט אָנ רעוועקאַנ אַלעמאָל אָפּ די פיס אונטערנ טיש?

— אָ, דו מערזאַווקע אײנע! — איז רעוועקאַ אָפּ איר אָנגעפאַלנ. — דו האָסט שוינ אָנגעהויבנ דײַנע אַלטע שטיק?.. — און רעוועקאַ האָט איר אַ וואָרפ געטאָנ די קאָרטנ אינ פּנים אַרײַנ און איז אַרויס פונעם טיש.

— דו ביסט אַלײנ אַ מערזאַווקע! — האָט איר סאָני געענטפערט מיט קאַס. — און דײַנ פרײַנט האָט פאַרשאַרלאַטאַנעוועט אײַנגאַנצנ זײַנ יערושע אינ פּעטערבורג אָפּ גוטע זאַכנ...

— האַ?! וואָס??! איכ???!! איכ???!!! איכ???!!! טשעסטנאָיע סלאָוואָ!!!!

— לאָז זײַנ שטיל!

— וואָס זאָגסטו אָפּ דער קאַטאַסטראָפע, אָפּ אַזאַ טראַגעדיע? — האָט מאַרקוס געזאָגט צו זיכ אַלײנ.

— שששששששאַ! דער באַלעבאָס האָט באַפוילנ, עס זאָל זײַנ שוינ שטיל! — האָט פּרויקע געזאָגט, אַרײַנגעלאָפנ אַ דערשראָקענער.

ווי דער קויעכ פונ עלעקטרע, האָבנ דאָ פּרויקעס ווערטער געווירקט, און בעוורע האָט זיכ ערשט דערמאָנט, אַז ניט איצט איז די צײַט אינ קאָרטנ שפּילנ — און יעדער איז זיכ צעגאַנגענ אָנגעבלאָזנ, מיט אַנ אַראָפּגעלאָזטער נאָז, צו זיכ אינ זײַנ רו אַרײַנ, אָנ ווערטער, אַפילע אָנ אַ „גוטע־נאַכט", שטיל, אָפּ די שפּיצ פינגער...

* * *

ליגנדיק אינ בעט, האָט כאַימ אַ פרעג געטאָנ זײַנ סאָניג: „וואָס הייסט דאָס?" — און סאָני האָט זיכ געשוואָרנ באַ אירע קינדער, אַז זי ווייסט ניט „פונ קיינ פּויסער און פונ קיינ כאַלעמ", און זי וועט גיינ שווערנ באַ אַ סייפער־טוירע, אַז זי האָט אַלײנ געזענ, ווי

אָסיפ האָט אונטערגערוקט עטלעכע מאָל זײַנע קאָרטנ רעוועקאַנ, און ווי רעוועקא האָט געוווּנקענ אפ מאַרקוסנ...

— מעגסט זיך טאַקע איבערנעמענ, כאַיִמ, מיט דײַנ מישפּאָכע! בא מײַנ טאַטנ וואָלט איך אַזוי געווענ, איאָ, כאַיִמ? כאָטש דײַנ שוועסטער איז א טאָכטער, ניט קיינ זונ, וועט זי נעמענ מער ווי דו! איך האָב פאַרשפּילט צוויי און צוואַנציק קערבלעך, און רעוועקא האָט זיי אָפּגעוווּנענ, און יערושע וועט זי אויך נעמענ מער פונ אונדז, כאָטש זי איז א טאָכטער און דו ביסט א זונ!.. רעוועקא האָט טאָמיד געקאָנט מאַכנ דעמ שווער כאַניפּעלעך מיט כיינדלעך, דערפאַר וועט זי זײַנ א גרעסערע יוירעשטע פונ דיר, דאָס זאָג איך דיר פריִער, כאַיִמ! דו מעגסט זײַנ אפ מיר בערוגעז, וויפל דו ווילסט!

* * *

— וויפל האָסטו געוווּנענ, רעוועקא? — האָט אָסיפ א פרעג געטאָנ, ארומגייענדיק איבערנ צימער האַלב אויסגעטאָנ און נאָך אַלץ שטאַרק פאַרפלאַמט.

— דו דאַרפסט דאָס טאַקע נייטיק וויסנ, אָסיפ? — האָט אימ רעוועקא געענטפערט און האָט זיך גענומענ איבערציילנ איר קאַפיטאַל: — פערציק, פופציק, זעכציק, פינפ און זיבעציק, אַכציק, דרײַ און אַכציק, זעקס און אַכציק, זיבנ און אַכציק, נײַנציק, צוויי און נײַנציק מיט פערציק קאָפּעקעס... צוויי און נײַנציק רובל מיט פערציק קאָפּעקעס... אָסיפ! גיב נאָר אַהער מײַנ שקאַטולקע! — אָסיפ האָט איר צוגעטראָגנ די שקאַטולקע, און רעוועקא האָט אַהינ ארײַנגעלייגט איר ביסל אָרעמקײַט, האָט פאַרשלאָסנ און געגעבנ אָסיפנ צוריק דאָס קעסטעלע, ער זאָל דאָס אוועקשטעלנ. מיט גרויס קינע האָט נעבעך אָסיפ געקוקט אפ רעוועקאַס קעסטעלע.

— עס וואָלט שוינ, כלעבנ, א יוישער געווענ, רעוועקא, אז דײַנ „אַלטער" זאָל...

— וואָס מאַכט ער דיר קאַליע, אז ער לעבט, אָסיפ?

— איך מיינ פונ דײַנ טויווע וועגנ, רעוועקא, טשעסטנאָיע סלאָוואָ...

— איך בעט דיך, זאָלסט ניט זאָרגנ פאַר מיר, אָסיפ!

— המ...

— ווי אַזוי ווײַזט „ער" דיר אויס, אָסיפ?

— שלעכט, זייער שלעכט, רעוועקא, הײַנט, מאָרגנ... טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

— נו, נו! בײַס זיך אפ די צונג!

— המ...
— וואָס זאָגט דער דאָקטער, אָסיפּ?
— ער זאָגט, אז „ער" דארפ שרייבנ א צאוואָע, מאכמעס...
— דער דאָקטער איז אזא שוטע, ווי דו!
— המ...
— איכ מיינ, אז בא אימ ליגט ערגעצ א גרייטע צאוואָע! ווי מיינסטו, אָסיפּ?
— לאָמיכ דיר דערציילנ, רעוועקא, באָר דו וועסט דאָכ מיר אפּ קיינ שוועע ניט גלייבנ, — שווער איכ דיר, אז ווענ ניט, זאָל איכ א מיסע-מעשונע איינעמענ דאָ אפנ אָרט, איכ זאָל ניט דערלעבנ אופ־שטיינ, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!
— א? דו שווערסט זיכ שוינ? איז דאָס געוויס א ליגנ! גענוג, גענוג, אָסיפּ!

. . . . . . . . . . . .

א גוטע נאכט! מיר האָבנ באגלייט אלע אונדזערע העלדנ, וואָס דארפנ אציינד רוענ אונ געניסנ דעמ זיסנ שלאָפ נאָכ אלע נאריש־קייטנ מיט די שטוסערייענ פונעמ גאנצנ טאָג. איכ מיינ, אז עס דארפ זיינ א גרענעצ פאר דעמ ראָמאניסט אויכ, ביזוואנענ אימ איז ער־לויבט נאָכצוגיינ מיטנ לעזער פוס-טריט נאָכ זיינע העלדנ. פונ אונדזער זייט איז דאָס אליינ שוינ אויכ ניט אזוי שיינ אונ איידל, וואָס מיר האָבנ זיכ ערלויבט אונטערהערנ, וואָס אונדזערע פיינע העלדנ שמועסנ צווישנ זיכ פארנ שלאָפ. ארויסגייענדיק פונ סענדערס הויז, האָבנ מיר דאָס רעכט בא זיכ אונ צווישנ זיכ רעדנ, שמועסנ, באדויערנ אונ כויזעק מאכנ פונ אלע, מיט וועלכע מיר האָבנ זיכ דאָ באקענט, — קיינער קאָנ אונדז ניש שטערנ; דערופּ בינ איכ א שרייבער, אונ איר, מיינע ליבע פריינט, א לעזער, אז מיר זאָלנ רעדנ פונ „יענעמ" — אונ „יענער" לאָז רעדנ פונ אונדז, וואָס ער וויל אונ וויפל ער וויל... א גוטע נאכט!

## דאָס ניינטע קאפּיטל

אָט דאָ הייבט זיכ אָנ די רעכטע שפּיל, ווו די אקטיאָרנ
קאָנענ באווייזנ אינגאנצנ זייער קונסט

עס מאכט מיר פארגעניגנ, וואָס איכ האָב די געלעגנהייט אָנצו־הייבנ דאָס דאָזיקע קאפּיטל, ווי אנ עכטער ראָמאניסט, אונ פאָר־שטעלנ מיינ ליבנ לעזער אויכ הארצרייסנדיקע סצענעס מיט רירנדיקע

בילדער, גלייכ מיט אלע מיינע כאווערימ די ראמאניסטנ, וואס האבנ שוינ לאנג קיינע-שעמ געווענ[1] אונ וואס איכ קאנ זיכ צו זיי בעשומ-אויפנ נישט גלייכנ, דענ זייער קלײנ פינגערל איז גרעבער פונ מיינע לענדנ. אונ אז איכ זאל אפילע לעבנ נאכ הונדערט יאר, וואלט איכ אויכ נישט געקאנט אנשרייבנ אזויפיל שיינע ראמאנענ, מיט וועלכע אונדזער ביי-זשארגאנישע ליטעראטור האט זיכ נישט וואס צו שע-מענ אקעגנ אנדערע ליטעראטורנ, אונ איכ פארהאפ אפ דעמ. וואס לעבט איביק, אז עס וועט, אימ-ירצע-האשעמ, קומענ א צייט, וואס מע וועט די דאזיקע שיינע זשארגאנישע ראמאנענ אנגרוזענ גאנצע וואגאנעס אונ מע וועט זיי עקספעדירנ וויט-וויט, אונ איכ האב מוירע, אז דער, וואס וועט זיי אוועקהאנדלענ, וועט געווים פארדינענ א גוזמע געלט אינעמ דאזיקנ „פאפיר-מיסכער"... איכ שטעל מיר פאר די טרויעריקע לאגע פונ די דאזיקע ראמאניסטנ (אויב זיי וועלנ דאס דערלעבנ) מיט זייערע אויסגעצויגענע פענעמער, אז זיי וועלנ דערזענ, וויאזוי זייערע אינטערעסאנטע ווערק ווערנ געפאקעוועט אינ זעק אונ אינ טיוקעס, וויאזוי א באסיאק כאפט א גאנצנ טיוק מיט „העכסט אינטערעסאנטע" ראמאנענ פונ פיר טייל מיט אנ עפילאג אונ מיט א „שיר" אונ טוט אימ א שלײדער אינ וואגאנ אריינ! אוועק-אוועק אט די אלע בלאנדע העלדנ, די שרעקלעכע מערדערס, די יידישע גראפנ מיט די באראנענ, די ווילדע מיליאנערנ, די אומ-געלומפערטע יידישע פראצענטניקעס, וואס זענענ ניט געשטויגנ אונ ניט געפלויגנ, אנגעצויגנ אפ הויכע דרוקעס אינ דער ווילדער פאנ-טאזיע פונ די דאזיקע באהעלפער, וואס האבנ זיכ א נאמענ געגעבנ שרייבערס, פארפאסערס, ראמאניסטנ!..

נאר אזוי ווי ביז דעמאלט דארפ נאכ אוועקגיינ א היפשע צייט, ביז-וואנענ דאס יידישע פובליקומ וועט זיכ ארומקוקנ, אז מע האט זיי געהאדעוועט א לאנגע צייט מיט שמאטעס, געגעבנ קיינע שטרוי, פאשעט ווי בעהיימעס, אונ די באהעלפערס וועלנ זיכ נעמענ צו זייער אלטער מעלאכע אונ וועלנ אופהערנ צו פאטשקענ ריינ פאפיר, — ביז אט די דאזיקע גליקלעכע צייט וועט קומענ, וועלנ מיר זיכ אויכ פרווונ כאטש אפ א מינוט נעמענ זיכ אפ דעמ דאזיקנ שניט אונ געבנ די לעזער א ראמאנטישע סצענע, ווי א סורפריז, ווי א פרעמיע צו דעמ דאזיקנ ווערק.

בעכיינ, איז געווענ אנ אויסגעצייכנטע, א זעלטענע זומער-נאכט: אפנ הימל איז ארומגעשווומענ די שיינע לעוואנע (וואס אלע פאר-

1 געקראגנ א נאמענ.

ליבטע זענענ זייער גערנ) אונ האָט מיט איר בלאַס געזיכט אַראָפּגע־
קוקט אַפ דער ערד צו זײַנ אַנ איידעס אַפ די אַלע נידערקייטנ, וואָס
וועלנ אָפּגעטאָנ צווישנ די זינדיקע מענטשנ. די שטערנ זענענ געווענ,
ווי בריליאַנטנ, אויסגעשאָטנ אַפ דעם ריינעם בלויענ הימל, אונ אַ
שרעקלעכ שטילשווײַגעניש האָט געטאָנ הערשנ אַפ דער ערד, גלײַכ
ווי די גאַנצע נאַטור מיט אַלע אירע באַשעפענישנ זענענ אַנשלאָפנ
געוואָרנ מיט אַ זיסנ, אַ שרעקלעכנ שלאָפ, גלײַכ ווי אַלצ איז אויס־
געשטאָרבנ אַפ דער ערד. מע האָט נישט געהערט קיינ קאָל פונ קיינ
מענטשנ, קיינ געזאַנג פונ קיינ פויגל, קיינ בילנ פונ קיינ הונט, קיינ
שאָרעכ פונ קיינ גרעזעלע, קיינ באַוועגונג פונ קיינ צווײַגעלע. אַלצ
איז געשלאָפנ מיטנ טײַערנ, מיטנ זיסנ שלאָפ אינ דער שיינער שטאָט
N, וווּ עס קומט פאָר אונדזער פײַנע געשיכטע.

אונ איכ, דער פּראָפעסאָר פונעם דאָזיקנ בוכ, נאָר איכ אַליינ
בינ געווענ דער איינציקער מענטש אינ דער גאַנצער שטאָט, וואָס
האָט געוואַכט די דאָזיקע שיינע זומער־נאַכט; איכ האָב מיר געשפּאַצירט
איינער אַליינ איבער אַלע גאַסנ, פאַרטיפט אינ געדאַנקענ, אונ געזוכט
מאַטעריאַל צום שרײַבנ, אונ וויפל איכ האָב ניט געטראַכט אונ גע־
קלערט, האָב איכ גאָרנישט געקאָנט אויסקלערנ אַזעלכעס, וואָס זאָל
טויגנ אינ אַ ראָמאַנ אַרײַנ. ביז גאָט האָט ראַכמאָנעס געהאַט אַפ אַ
יונגנ שרײַבער, אונ מײַנע אויגנ האָבנ דערזענ עפּעס אַ רעדל פונ
שוואַרצע פיגורנ... די פיגורנ זענענ צוגעגאַנגענ אַלעמאָל נענטער
צו מיר, אונ מיר האָט זיכ אויסגעוויזנ, אַז איכ זע מייסים, אָנגעטאָנ
אינ שוואַרצע קליידער; די מייסים האָבנ עפּעס ווי גערעדט צווישנ זיכ,
געטײַנעט אונ געקריגט זיכ; זיי זענענ געשטאַנענ אַרום אַ מיטע,
אונ איכ וואָלט געקאָנט שווערנ, אַז זיי האָבנ געהאַלטנ אַ מינ זאַכ,
ווי אַ פלעשל, אַ בוטילקע, וואָס יעדער באַזונדער האָט זי אָנגעבויגנ
צו זיכ אינ מויל אַרײַנ אונ איבערגעגעבנ דעם צווייטנ, דער צווייטער
דעם דריטנ, אונ אַזוי ווײַטער. אַ פראָסט איז איבערגעגאַנגענ איבער
מײַנ לײַב, אונ די האָר האָבנ מיר זיכ געשטעלט קאַפּויר. איכ האָב
געוואָלט זיכ לאָזנ לויפנ, האָבנ מיכ די פיס ניט געפאָלגט. אַד־האַיאָם־
האַזע קאָנ איכ ניט פאַרשטיינ, וויאַזוי איכ בינ ניט געשטאָרבנ פאַר
שרעק, פאַר פּאַכעד! נאָר שטעלט אײַכ פאָר מײַנ איבעראַשונג, אַז די
דאָזיקע מייסים מיט דער מיטע זענענ צוגעגאַנגענ נאָענט צו מיר,
אונ איכ האָב זיי דערקענט!

— אַ גוטנ־אָוונט! דאָס זענט איר, כעווירע שאַמאָסים? כעווירע
מעקאַברים?

— גוט־יאָר! יאָ, דאָס זענען מיר.

— פונוואנען? וווּהין?

— פונעם בייס־האקוואָרעס צו רעב סענדער דעם נאָגיד... זאלמען! ווּ זענען די קיילים? בא לייווי־מאָרדכען? שטעלט אנידער די מיטע און גיט אהער דאָס פלעשל, וועלן מיר נעמען צו קאפּעטשקעלעך.

— רעב רעפאָעל! וואָס רעדט איר? רעב סענדער איז געשטאָרבן?

— יאָ געשטאָרבן, ניט געשטאָרבן — ס׳איז נישט אונדזער אייסעק: מע האָט געשיקט רופן, גייען מיר. מיסטאָמע ניט פאר ווילטיק, פארשטייט זיך! ווען קומט מען אָן צו רעפאָעל דעם אוי־בערשאמעס? אז מע גייט אף יענער וועלט... מיכאָעל, האָסט, דאכט זיך, א שמעק טאבעק?

— אזוי? הייסט דאָס, איז רעב סענדער אויך אָפגעשטאָרבן, רעב רעפאָעל? און אווײרע, כלעבן.

— און אווײרע? וואָס איז? געהאט א גראָבן בויך? לאָזן זיך די ווערעם פרייען... אויסבאהאלטן זיך פונעם טויט איז א ביסל שווער־לעך, און אפן בעסוילעם איז דאָ אָרט גענוג, טאטע מײַנער!.. כעוורע, בון? גענוג אײַך שוין צו כלעפּטשען. לאָזט אן אָרט אף שפּעטער. סענדעריכע איז א גאנץ ווילע יידענע, און אן עמער שפּירט וועט מיסטאָמע זײַן, האָ? מיר זאָלן אים כאָטש קאָנען ביז טאָג מאכן זײַן רעכט... ווי מיינט איר, ס׳איז שוין שפּעט?

— זייגער צוועלף, רעב רעפאָעל.

— האָ? צוועלף? קינדער! די נאכט שטייט ניט! הײַדא!

די פּלוצעמדיקע בסורע פון סענדערס טויט האָט אף מיר אזוי שטארק געווירקט, אז איך האָב זיך געלאָזט גיין מיט דער כעוורע שאמאָסים, נישט געפרעגט זיך וווּהין און צוליב וואָס. אז סענדער האָט געלעבט, איז ער מיר ווייניק־וואָס אָפּגעגאנגען, און אז איך האָב דערהערט, אז ער איז געשטאָרבן, האָט דאָס מיך עפּעס ווי א צופּ געטאָן, א ריס אין הארצן: וואָס פרעגט איר? א מענטש לעבט, עסט, גייט ארום, און פּלוצעם — נא דיר! וויאזוי זאָל דאָס נישט אָננעמען באם הארצן? אויבּפראט נאָך אזא סענדער, וואָס... וואָס...

נאָר לאָמיר בעסער הערן, וואָס זאָגט די שטאָט, וואָס רעדט דער עוילעם, אָט די אלע רעדלעך, וואָס שטייען דאָ ארום דעם הער בלאנקס הויז, בא דעם הער בלאנק אין הויף, באם הער בלאנק אין שטוב?..

## דער ערשטער אקט

— וואָס פאר א גרויסער אוילעמ, קיינ אײַנהאָרע ניט!

— ניט אומזיסט זענענ מיר יידנ, ראכמאָנימ-בניי־ראכמאָנימ.

— וואָס זשע מיינט איר? ער האָט אוואדע פארדינט, אז מע זאָל אימ אָנטאָנ קאָוועד.

— וואָס איז דאָרט אזעלכעס? מיט וואָס?

— יאָ, די גרויסע טויוועס, וואָס די שטאָט האָט פונ אימ דאָ געהאט? די גליקנ?

— טויוועס ווילט איר? וואָס פאר טויוועס?

— צי עפּשער א באלצדאָקע א גרויסער?

— וואָס הייסט בא אײַכ, רעב מייער, א באלצדאָקע?

— צי גלאט אזוי א גרויסער גאדלונ?

— איכ ווייס ניט, וואָס איר ווילט האָבנ?

— אונ דערצו א גרויסער לאמדנ מיסטאמע?

—יאָ, א גאָענ־אוילאָמ, כוץ זײַנ שאָדנ...

— דערפאר איז ער אָבער געווענ א גרויסער יערײ־שאָמאַימ 1!

— יאָ, א גוואלדאָווגע זאכ!

— א לאמעדוואָווניק 2! כא-כא-כא!

— איר זענט אלע זייער פרומ!

— פרומ, זאָגט איר? אונדזערע קינדער גייענ אויכ אָנ היטלענ, ווי רעב סענדערס קינדער, הא? וואָס זאָגט איר, רעב כאַימ? מײַנ אײדעמ רייכערט אויכ א פאפּיראָס אומ שאבעס, איאָ?

— אונ אונדזערע טעכטער טראָגנ מיסטאמע אויכ די אייגענע האָר, הא?

— קומט אײַכ א דאנק!

— וואָס טויגנ אונדז די אלע שטוסערײַענ, איכ בעט אײַכ? וואָס זאָגט עפּעס אונדזער גאבע?

— אונדזער גאבע פונ כעוורע־קאדישע?

— יאָ, יאָ, אונדזער רעב קאלמענ פלאָקנ?

— איכ ווייס? איכ מיש מיכ שוינ ניט אינ קאָהאָלשע זאכנ... לאָזנ זיי זיכ דאָרט שלאָגנ קאָפּ אינ וואנט!

— וואָס זאָגט איר אפ אימ? ער מישט זיכ שוינ ניט אינ קאָהאָלשע זאכנ!.. גוטע יאָרנ? הא?

---

1 א גאָטס-פאָרכטיקער. — 2 א באהאלטענער צאדיק.

— איכ מיינ, וואָס טויג אונדז אָט די דאָזיקע פּוסטע מאכ־לויקעס? זאָגט בעסער, מע וועט עפּעס געבנ געלט?

— וואָס הייסט געלט?

— וויפל געלט? געלט צו געלט איז ניט גלייכ!

— איכ מיינ א צענ זעקלעכ...

— פארוואָס ניט קיינ צוואנציק, איכ בעט אייכ!

— צוואנציק טויזנט קערבלעכ? ווי איז מיר! וואָס וועלנ מיר טאָנ מיט אזא סומע געלט?

— טפו זאָלסטו ווערנ, אז אָנ אונ ווי איז דיינ סייכל!.. וואָס זאָגט איר אָפּ אזא שײלע פונ א טאמ?..

— איכ זאָג אייכ דעמ עמעס, צוואנציק טויזנט קערבלעכ איז גאָר ניט אזא אײַ־אײַ-אײַ! וואָס איז דאָרטנ? וועט אָנקומענ ווינציקער א ביסל די יאָרשימ! א גרויסער אומגליק!..

— ער האָט אָנגעזאמלט גענוג, נישקאָשע!..

— קאָשער געלט!

— מיט פרעמדע הענט!

— יידיש בלוט!

— שא!.. וואָס איז דאָרט אזא גוואלד?

— ווו? אינ שטוב? מע קער אימ שוינ „אופהייבנ"? ניינ! מיר דאכט, אז עס איז געצלס קאָל?

— וואָסער געצלס?

— געצל דעמ שניידערס!

— וואָס וויל ער? דאָס איז א שייגעץ! אומעטומ מישט ער זיכ אריינ!

— א שניידערל, א פאלגע! איר ווייסט דענ ניט?

— אזוי טאקע? אונ איר קאָנט דאָס ניט סויוול זיינ[1]? וויבאלד א נאש־בראט זאָגט א וואָרט, אזוי כאפּט אייכ אוועק דער רועכ!.. אז געצל איז א שניידער, איז אייכ ווינד־אונ־ווי? איכ בינ אויכ א שניי־דער אונ שעמ מיכ קלאָל נישט מיט מיינ מעלאָכע! אבי ניט קיינ פּוסטע־פּאסניק, קיינ בלוטזויגער, קיינ שאבסע־צוויניק[2], א רועכ אינ אייער טאטנס ביינער אריינ, פארוואָס זאָל מענ טאקע דאָ נישט אָפּלעקנ קיינ ביינדל?.. איר האָט א סאכ אזעלכע רעב סענדערס? פארוואָס זאָל מענ טאקע נישט נעמענ אפּנ שניידערשנ שולכל אויכ א מאט־בייע? פרעסערס! זויפערס! שקאָצימ! הולטייעס!..

1 פארליידנ; פארטראָגנ. — 2 אנ אָנהענגער פונ דער רעליגיעזער סעקטע, וואָס עס האָט געגרינדעט שאבסע צווי (1626—1676). געמיינט: אנ אפּיקוירעס; אנ אויסוואָרפ.

— איר האָט זיך אָפּגעזוכט קאָוועד, וואָס טויג מיר מײַסעס...

— וואָס שרײַט מען דאָרט אזוי?

— דאָס טײַנעט א טרעגער; ער שרײַט — דרײַסיק טויזנט! דרײַסיק טויזנט, און גענוג!

— דרײַסיק! פערציק! דרײַסיק!

— פערציק! פערציק!

— וואָס פערציק?

— פערציק טויזנט קערבלעך!

— פערציק! פערציק! פערציק!..

— שרײַט, קינדער, פערציק!

— פערציק! פערציק! פערציק!!!...

## דער צווייטער אקט

— איך פרעג אײַך אלײן, רעב קאַלמען, איר זענט אן ערלעכער ייִד, ווי קומט עס, איר זאָלט אזעלכעס זאָגן?..

— וואָס זאָג איך וואָס? איך זאָג דען כאָלילע עפּעס? וואָס זענט איר מיך דאָ כוישעד, רעב כאַיִם? אײַער פֿאָטער — לאָז אים גאָט געבן יאָרן, — גאָט איז א גרויסער קינצלער — נאָר ווען כאָלילע־וועכאַס, די שאָ זאָל ניט זײַן, ער מאכט צו אן אויג, וועט מען אײַך צעטראָגן די שטוב אױף שטיקלעך! איר זעט? טוט א קוק, זײַט מויכל, דורך דעם פענצטער, וואָס פאר אן אוילעם עס קלויבט זיך!

— וואָס זשע ווילט איר, רעב קאַלמען?

— וואָס וויל איך? וואָס זאָל איך וועלן? איך וויל גאָרניט! פראָמענע — לאָז זײַן ווי איר ווילט! איך בין אײַך, גלייבט מיר, דער בעסטער גוטער־פרײַנט, און מיט אײַער פֿאָטער — איז איך וויים? מיטן שעננסטן אויפן! מיט א האלוואַע, מיט א גמילאָס־כעסעד, מיט, מיט אלץ... איך מיין אײַער טויווע דאָ. איר מוזט דאָ יויצע זײַן. פּאָרט, ווי זאָגט מען, א קאַפּיטאַל... דער ערשטער גוויר אין שטאָט... דער ראָש־ווערישנ!.. און לעמײַ זאָלן מיר זיך דאָ טאקע נארן? אײַער פֿאָטער איז אוואדע געווען א פײַנער מענטש, אן ערלעכער מענטש... אויב ער לעבט נאָך, לאָז אים גאָט געבן יאָרן... און אויב ניט, לאָז ער מיר מויכל זײַן... ער האָט פּאָרט נישט יויצע געווען פאר דער שטאָט!.. איז א יוישער, אז איר, א יוירעש, אן עלטערער זון... א... א... ווי זאָגט מען...

— וואָס האָט איר צו אונדז, רעב קאַלמען, גאָט איז מיט אײַך?

דער טאטע איז טאקע פארביי... ער איז דאָך אָבער נישט גע־שטאָרבן — ער לעבט דאָך נאָך! עס איז דען נישט קיין שפּיכאָס־דאָמים? איך פרעג אייך, רעב קאלמען? איר האָט גאָר קיין מוירע ניט פאר גאָט?..

— ע, רעב באָים, איר שמועסט זיך מיט מיר אוים גאָר אָפּ אַן אַנדער אויפן! ווער איז שולדיק? איר זענט אַלײן שולדיק!.. איר האָט געמאכט א גוואלד: „ייִדן, ראטעוועט!" איז זיך דער אוילעם ביסלעכווייז צונויפגעלאָפן... מע הערט אזא געוויין!.. מע זעט אַלע לויפן, אַלע שרייען: „געשטאָרבן! געשטאָרבן!".. מע האָט געפרעגט דעם דאָקטער, זאָגט ער: „שלעכט! שלעכט"... אײַער מעשאָרעס זאָגט: „אַן עק! א סאָף!.." און דאָ וויינט מען, — נו, איז מען דאָך ייִדן, לויפט מען! אײַער פאָטער איז דאָך פאָרט, ווי זאָגט מען... און פרווּוט זאָגט דעם אוילעם, אז ער איז נאָך ניט געשטאָרבן, וועט מען אײַך דען גלייבן? שוין צו שפּעט!.. אָן גייען די בעוורע־נויסיי־האמי־טע[1] — נו גיי, טײַנע מיט זיי!.. שקאָצים! ווער האָט געשיקט נאָך אײַך?.. שיקורים, ארויס, איך אײַער טאטנס מאמעס טאטן אריין!..

דער דריטער אקט

— אוי, א דוביער האָט מיך דערשלאָגן! זעלדע, איר הערט א געוויין? איר הערט, ווי די באלעבאָסטע רעוועט?

— וויסט איז מיר! זלאטקע, אָט דאָס איז ער אויסגעגאנגען אפּאָנעם! ווינד איז מיר! ניטאָ שוין מײַן באלעבאָס!.. מאלקע! זלאט־קע! לויפט ארויף און טוט א פרעג בא פרויקען, א מאקע איז מיר א גרויסע.

— אָן לויפט פרויקע.

— וו? וואָס טראָגט ער דאָס? עפּעס א פעקל?

— פרויקע־סערדצע, וואָס הערט זיך דאָרט? שוין, צי נאָך ניט? פרויקע! וואָס שטומסטו? רעד! שוין, צי נאָך ניט?..

— שוין... נאָך ניט... געפעלט דיר א ביסל, ווי זי האָט געעפנט א מויל! ליגט אין דער ערד אלע! ווערט די קאפּאָרע פאר מיר און פאר מײַן בליומקען! א שיינע פּאָדיאקע! געדיינט און געדינט — זאָלסט זאָגן, אפילע אין האנט אריין אָנגעשפּיגן... ווער? וואָס? ווע־מען? אַן אייבערשטע העמד, אַן אלטן זשילעט — מאקעס־בכוירעס[2]

---

1 שאמאָסימ, וואָס טראָגן אוועק אפּן בעסאלמען דעם געשטאָרבענעם. — 2 געמיינט: מאקעס.

אײַכ אלע מיט אײַער באַלעבאָסטע צוזאמענ! זי האָט דערזענ בא מיר די שליסלעכ, האָט זי זיי בא מיר צוגענומענ... געווענ זיבנ יאָר, האָב איכ קײנ מאָדעמ נישט גענומענ, וועל איכ גיינ הײַנט צו דער שאפּע, גייג זאָלט איר אפ קוליעס!... האָרעווע פונ־אײַערטוועגנ טאָג מיט נאכט, ווי א פארקויפטער, קיינ כײַע־שאָ, — אונ וואָס?.. ברענענ זאָלט איר אפנ פײַער! אנ אומגליק וואָלט געווענ, ווענ פרויקע זאָל האָבנ נאָכ א גארניטער מיט נאָכ א פּאָר שטיוועלעטנ!.. אונ א זייגער? ווער האָט הײַנט ניט קיינ זייגער? א ליאדע פארכ טראָגט זיכ הײַנט ארומ מיט א זייגער: נא, זע, קוק מיכ אָנ! אונ פרויקע דארפ ניט! פרויקע דארפ גאָרניט! פרויקע דארפ נאָר דינענ יעדנ באזונדער, ווי א הונט!.. די שטיוול פוצ, צומ טיש דערלאנג, געננ לויפ, א בריוו טראָג אָפּ, אהינ גיי, דאָרט שטיי — טפו זאָלט איר ווערנ אלע מיטאנאנדער!.. זעלדע! די לעפל! גיט אהער די לעפל!

— וואָסערע לעפל? וואָס טשעפּעסטו זיכ?

— אָנ־אָ, די זילבערנע לעפל! א טוצ לעפל! גיט נאָר אהער, זײַט מויכל, די זילבערנע לעפל, זעלדע! נו, גיכער, גיכער!..

## דער פערטער אקט

— אוי, מײַנ קרוינ, מײַנ סענדער! אפ וועמענ לאָזטו מיכ איבער? בא בײַנ אונ דרײַסיק יאָר אנ אלמאָנע — ווו איז דאָס געהערט געוואָרנ אזעלכעס?..

— וויינט ניט, שוויגער, גאָט איז א פאָטער, אונ דער שווער קאָנ נאָכ לעבנ בלײַבנ, שוויגער!

— אוי, זאָג עס ניט, סאָניטשקע, זאָג עס ניט! דו האָסט אימ נישט געזענ הײַנטיקע נאכט, סאָניטשקע! סע איז גאָר ניט דער סענדער, וואָס פריער!

— אָט וועלנ מיר הערנ, וואָס וועט דער דאָקטער זאָגנ, שוויגער! דער דאָקטער איז דאָרט?

— אוי, וואָס קאָנ אימ דער דאָקטער העלפנ, סאָניטשקע, אז איכ בינ אזוי זינדיק בא גאָט אונ אזוי אומגליקלעכ, עלנט אונ אומגליקלעכ?..

— אוי, אזא ברודער, איינ־אונ־איינציקער ברודער, ווי איינ אויג אינ קאָפּ! קינדערלעכ, בעט גאָט, ער איז א גרויסער גאָט, א שטארקער גאָט, א גוטער גאָט, ער קאָנ אלצ, ער קאָנ פונ טויט אויכ לעבעדיק מאכנ!.. אוי, מײַנ טײַערער סענדער! געדענקסטו, ווי טײַער

דײַנ אײנציקע שוועסטער, דײַנ דאָבריש, איז בא דיר געווענ? גע־
דענקסטו, סענדער מײַנער, ווי געטרײַ, ווי גוט איכ בינ געווענ צו דיר,
אז דיר איז, ניט הײַנט געדאַכט, די צײַט געווענ ניט אינ בעסטנ, אונ
איכ האָב דיכ, סענדער, אונטערגעהאַלטנ מיט אַלצ, ווי ווײַט איכ
האָב געקאָנט, אונ דו האָסט מיר צוגעזאָגט, אז גאָט וועט דיר צושיקנ
א שטיקעלע האַצלאָכע, וועסטו מיר אָפּדאַנקענ מיטנ גרעסטנ קאָוועד,
אונ צום סאָפ, סענדערל, האָסטו פאַרגעסנ אָנ דײַנ אײנציקע שוועס־
טער דאָבריש, וועלכע איז דיר עפּשער געטרײַער פונ אַנ אַנדערנ, סענ־
דערל, לאָז דיר גאָט מויכל זײַנ, ווי איכ בינ דיר מויכל מײַנ קריוו־
דע, סענדערל! מיסטאָמע וועלנ מיכ דײַנע טײַערע קינדערלעכ ניט
פאַרלאָזנ אפ דער עלטער, אונ עמעצער וועט זיכ עפּשער אַרומקוקנ
אפ מיר אויכ, דײַנ אײנציקע שוועסטער, א פאַרוויסטע אַלמאָנע אונ
א קראַנקע, סענדערל! נאָר איכ האָב נאָכ א ביטאָכנ אפ דעמ, וואָס
איכ בינ ניט ווערט זײַנ הײליקנ נאָמענ צו דערמאָנענ אָט דאָ, אז אויב
איכ האָב בא זײַנ שטול א שטיקעלע זכוס, וועט ער אימ נאָכ צושיקנ
א רעפוע־שלײמע, אימ־ירצע־האַשעמ, כאָטש אַנדערע קוקנ אַרויס,
סענדערל, אפ דײַנ טויט, אונ איכ וועל נאָכ האָבנ די זכיע צו רעדנ
מיט דיר, אימ־ירצע־האַשעמ, אונ דאָס אַלצ דערצײלנ אינ פרײדנ!..

## דער לעצטער אקט

דער דאָזיקער לעצטער אקט קומט פאָר אינ א צוגעשלאָסענעמ ביידער, וווהינ מיר קאָנענ בעשום־אויפנ נישט ארײַנ. איכ האָב נאָר געקאָנט זעג דורכ דעמ פענצטער אונדזער געערטעסטע מאַדאַמ רעווע־קא זעמעל, וועלכע איז געזעסנ מיט זײער א פאַרפלאַמט פּאָנעמ בא א קײַלעכיקנ טיש, אָנגעשפּאַרט דעמ קאָפּ אפ איר שײנער ווײַסער האַנט, אונ אירע גרויסע אויגנ האָבנ אומגעבלאָנדזעט פאַרטראַכט.

נאָר אויכ גאָט ווייסט, וואָס טראַכט אַצינד די דאָזיקע פײַנע פרוי? אַרומ איר דרייט זיכ ארומ איר ליבלעכער מאַנ, דער גערימטער אָסיפּ זעמעל, מיט די הענט אינ די קעשענעס, קוועטשנדיק די סקריפּענדיקע שטיוול; ער וויל צוגײנ צו רעוועקאַנ אונ וויל איר עפּעס זאָגנ, נאָר, ווי עס ווײַזט אויס, קאָנ ער ניט...

ווו איז אונדזער מאַרקוס, דער יונגסטער פונ אַלע יאָרשימ?.. סע קאָנ זײַנ, אז ער איז דער אײנציקער, וואָס זיצט אַצינד איבערנ פּאַטערס קאָפּ. סע קאָנ זײער געמאָלט זײַנ, אז מאַרקוס איז דער אײנציקער, וואָס האָט אינ דער מינוט לאַכלוטנ פאַרגעסנ אָנ זיכ אונ טרעט נישט

אָפּ פונעם קראנקן פּאָטער, וואָס איז פּארביי. אַלץ קאָן זיין אפּ דער וועלט, און מיר זענען נישט מעכויעוו ארייַנקריכן יעדן באזונדער אין הארצן אריין. גיט אהער אייער האנט, לעזער, און לאָמיר אוועקגיין פון דעם דאָזיקן הויז אין דער דאָזיקער נאכט. מאכמעס קיין פארגעניגן, ווי איר זעט ארויס, קאָנען מיר דאָ היינטיקע נאכט נישט געניסן... לאָז גאָט געבן פריילעכערע און מער אייַנגענעמענע סצענעס אין אונדזער לעבן!

# דאָס צענטע קאַפּיטל

## ווי אונדזער געשיכטע באקומט גאָר אַן אנדער פּנים

שווארצע וואָלקנס האָבן זיך אָנגערוקט אפּ סענדער בלאנקס הויז, און א פינצטערע, א שרעקלעכע פינצטערע נאכט האָט זיך דאָ אויסגעצויגן: א גאָטס שטראָף האָט זיך אויסגעגאָסן אפּ סענדערס קאָפּ מיט זיין גאנצן הויזגעזינד. נאָר... לעמיי זאָלן מיר זיך באָרגן? איר האָט שוין געווים געלייענט גענוג ראָמאנען און זענט שוין מיסטאמע גוט באקענט מיט די אַלע אָנשטעלן, מיט די קונצן פון דעם ראָמאניסט, וואָס פירט אייך און פירט אייך, און איר מיינט, אז איר זענט שוין מיט אים אינגאנצן פארטיק! צום סאָף — סטאָפּ! אייַערע נערוון זענען שטארק אָנגעצויגן, און ביזן סאָף געפינט איר זיך אין איין ציטערניש, אין איינע פּכאָדים. ניין, ראבויסיי! איך בין א שלעכטער ראָמאניסט. איך קאָן ניט אָט די מעלאָכע, און סוידעס האָב איך פיינט: אונדזער פילגעליבטער העלד סענדער איז ניט געשטאָרבן, האגאם איך וואָלט געקאָנט אויספירן גאנץ לייַכט, אז ער זאָל יאָ שטארבן, אזוי ווי עס שטארבן פיל העלדן באם פארפאסער אונטער דער האנט און ווערן בא אים דערטרונקען אין איינע טראָפּן טינט. נאָר, איך פרעג אייַך, איז דאָס א קונץ א גרויסער — אזוי זיך באגיין מיט א פרעמד לעבן? מע דארף האָבן יוישער, מיינע ליבע פריינט, און מע דארף באַרעכענען יענעמס אויך. סענדער בלאנק האָט טאקע געשריבן א צוואָע, געזאָגט ווידע, זיך פיין געזעגנט מיט דער פאמיליע, נאָר שטארבן האָט ער פונקט אזוי געוואָלט, ווי איך מיט אייַך ווילן שטארבן.

— נו? וואָס האָב איך געזאָגט? ווער איז גערעכט? האָב איך אייַך דען ניט געזאָגט, אז עס מוז קומען א קריזיס? אאוט צעזאר, אאוט ניהיל[1] — אהין אָדער אהער! דאנקען און לויבן גאָט, וואָס אהער!

---

[1] אָדער צעזאר, אָדער גאָרנישט (לאטייַן). געמיינט: אָדער גאָר, אָדער גאָרנישט.

אזוי האָט געזאָגט אונדזער געטרײַער דאָקטער קלוגער מיט אזא רויִקער שטימע, אז די מומע דאָבריש האָט זיכ צעוויינט, ווי א קליינ קינד, אונ האַלטנדיק די הענט איבערנ קאָפּ, האָט זי צעשטופּט דעמ גאַנצנ אוילעמ אונ האָט זיכ געלאָזט צומ כוילע אינ קאַבינעט אַרײַנ.

— אוי, לאָזט מיכ! לאָזט מיכ! לאָזט מיכ צו אימ! איכ וויל אימ זענ מיט מײַנע אויגנ! איכ וויל אימ אָנקוקנ! לאָזט מיכ! לאָזט מיכ!

בא די דאָזיקע ווערטער האָבנ זיכ אַלע אונדזערע באַקאַנטע פרויענ איבערגעקוקט צווישנ זיכ. אונדזער געליבטער סאַטיריק אָסיפּ זעמעל האָט אזוי אָנגעטראָטנ מאַרקוסנ אפנ פוס, אז יענער האָט אוזש אויסגעשריגנ פאר ווייטעק.

דאָס גאַנצע געזינדל האָט זיכ צונויפגעקליבנ ארומ דעמ קראַנקנ סענדערנ, וואָס איז פונ טויט לעבעדיק געוואָרנ — מאַזלטאָוו!

— וואָס זאָגט איר אפ מײַנ מאַנ? — האָט די גוטע דאָקטערשע געקלונגענ אינ אַלע גאַסנ. — וואָס זאָגט איר עפּעס? איאָ, מע מעג בעטנ גאָט פאר אזא דאָקטער? פונ טויט לעבעדיק געמאַכט! וואָס? נייִנ עפּשער? וואָס, איכ בעט אײַכ? א מענטש האָט עפּעס א ווערט? אָט לעבט ער, אונ אָט — טפו!

אונ די גוטע דאָקטערשע שנײַצט די נאָז אונ ווישט די אויגנ, אונ אַלע גוטע ווײַבער שנײַצנ די נעז אונ ווישנ די אויגנ.

. . . . . . . . . . . . . .

אָכ, ווי שיינ, ווי אײַנגענומענ, ווי זיס דאָס איז אָנצוקוקנ פונ־דערווײַטנ אזא אידיליע, ווענ די גאַנצע פאַמיליע טאַנצט ארומ ארומ דעמ קראַנקנ, וואָס האָט איבערגעלעבט די שווערע קראַנקייט, אי־בערגעקומענ, אָפּגעשוויצט, איבערגעטראָגנ דעמ קריזיס, אונ אַציִנד הייבט ער אָנ קומענ צו זיכ, ביסלעכווײַז ווערנ א מענטש, איבערא־נײַס לעבנ, לעבנ צוזאַמענ מיט אָט די אַלע איבערגעגעבענע, ליבע, געטרײַע, וואָס קוקנ אימ אינ די אויגנ אַרײַנ אונ קאָנענ זיכ גאָר זאַט ניט אָנקוקנ, גלײַכ ווי מע האָט אימ ניט געזענ שוינ פונ צוואַנ־ציק יאָר, גלײַכ ווי ער האָט זיכ אומגעקערט פונ א ווײַט לאַנד, אונ יעדער לויפט אימ מעקאַבל־פּאָנעמ זײַנ, אונ בא יעדנ אינ די אויגנ באַקומט ער גאָר אנ אַנדער כיינ, אונ וואָס ער זאָל ניט זאָגנ, איז דאָס א כאָכמע. אַלע דרייענ זיכ ארומ אימ, נאָר מער פונ אַלע איז דאָס ווײַב. מיר דאַכט זיכ, אז די ווײַבער זענענ דערומ באַשאַפנ גע־

וואָרנ, אז זיי זאָלנ וויינענ, וועלנ מיר ליגנ שלאָפ, אונ פרייענ זיכ אונ
ארומטאנצנ ארומ אונדז, וועלנ מיר הייבנ אָנ געזונט צו ווערנ.

דער מעכאניקער פונעמ דאָזיקנ בוכ האָט ערגעץ א כאווער אונ זייער א נאָענטנ גוטנ־פריינט, וואָס איז אָפּגעלעגנ דריי וואָכנ אפ א היציקע שלאָפקייט, אונ אז ער האָט אָנגעהויבנ קומענ צו זיכ, אונ איכ בינ געקומענ אימ צו באזוכנ, האָט מיכ באגעגנט אינ פּאָרצי־מער זיינ ווייב, זייער א צערטלעכ באשעפעניש, וועלכע איז אימ גע־ווענ אזוי שטארק איבערגעגעבנ, טאקע נאָר ווי א גוט, א געטריי ווייב קאָנ זיינ איבערגעגעבנ איר מאנ א יאָר דריי נאָכ דער כאסענע.

— נו, וואָס מאכט ער, דער פיינער מענטש?

— אָ, ער האָט אויסגעטרונקענ אָט ערשט דריי לעפל זופּ, דריי גאנצע לעפל זופּ!.. — אונ דאָס יונגע ווייבעלע האָט זיכ באגאָסנ מיט טרערנ.

— איכ פארשטיי ניט, וואָס איז דאָ פאראנ צו וויינענ, אז א מענטש טרינקט אויס דריי לעפל זופּ? איכ בינ אליינ מאווטעכ, אז שפּעטער מיט עטלעכע טעג וועט ער קאָנענ אויסטרינקענ א סאכ מער פונ דריי לעפל, ניט נאָר זופּ, אפילע באָרשטש, אונ נאָכ בעסערס פונ באָרשטש!

— אָ, וואָס ווייסט איר? וואָס ווייסט איר? פריער מיט דריי טאָג האָט ער מיכ שוינ קימאט-קימאט גאָרנישט דערקענט!.. אונ רעדנ? וואָס ווייסט איר? וואָס ווייסט איר?..

— פע, כלעבנ, א כארפּע, א בושע אליינ צו וויינענ אציינד! פרייענ דארפט איר זיכ, פרייענ, לאכנ, זינגענ, טאנצנ, ניט וויינענ!

— וואָס איז, איכ וויינ דענ? — האָט מיכ דאָס דאָזיקע נארישע ווייבל געפרעגט, אונ טרערנ האָבנ זיכ געגאָסנ פונ אירע שיינע אויגנ, וואָס איז אנ אוויירע געווענ, זיי זאָלנ זיינ רויט אונ נאס פונ געוויינ.

— אוי, פּאוואָליע! פּאמעלעכ! —האָט זי אָנגעשריגנ אפ מיר, אז איכ האָב מיינ כאווער א גרינגנ קוועטש געטאָנ בא דער האנט. — זעצט זיכ אָט דאָ, בא דער זייט, אָט שטייט א בענקל, איר קאָנט אימ כאָלילע אומגערנ א זעצ טונ מיט דער האנט, אָדער מיטנ פוס... — אונ אליינ האָט זי זיכ געשטעלט אפ די קניִעס בא אימ צוקאָפּנס אונ האָט אָנגעהויבנ צו אימ רעדנ, ווי מע רעדט צו א ברעקעלע קינד, וואָס ליגט נאָכ אינ וויגעלע אונ עס שפּילט זיכ מיט די פיסעלעכ:

— נו, מוציקל? וואָס ווילסטו? וויאזוי איז דיר, מוציקל?

אונ „מוציקל“ איז געלעגנ, פארוואָרפנ דעמ קאָפּ ארופ אונ האָט זיכ געפּעסטעט, געמאכט כיינדלעכ, ווי א קליינ קינד. אונ אז איכ

האָב געוואָלט מיט מײַנ כּאַוועה, וואָס איז אַצינד געווענ אינ בעסטנ געזונט, אַ ביסל שמועסנ וועגנ אונדזערע געשעפטנ, האָט דאָס דאָזיקע ווילדע ווײַבל אַנידערגעלייגט איינ הענטל אפ איר מאַנס מויל אונ דאָס אַנדערע הענטל אפ מײַנ מויל אונ האָט אונדז מער קיינ וואָרט נישט געלאָזט אויסרעדנ.

דאָס אַנדערע מאָל, אַז איכ בינ געקומענ צו מײַנ כּאַוועה אונ האָב נאָכ ניט אויספּייעט אַראָפּוואַרפנ די קאַלאָשנ פונ די פיס, איז שוינ זײַנ ווײַבל געלאָפנ אַקעגנ מיר מיט פאַרטיקע קולעקעס; איכ האָב געמיינט, אַז זי וויל מיכ דאָ טייטנ אפנ אָרט.

— וואָס איז באַ...?

— שששששששאַ! ששששאַ! שאַ! ער שלאָפט. נאָרוואָס אָנגעשלאָפנ געוואָרנ. ששאַ!

— ער שלאָפט? לאָז ער שלאָפנ געזונטערהייט! לאָז...

— שששששאַ!!! אוי, איכ בעט אײַכ, ששששאַ!..

אונ אפ איר פּאָנעם איז געווענ אויסגעגאָסנ אַזויפיל ראַכמאָנעס מיט געבעט, אַז איכ האָב געמוזט אַנטרונענ ווערנ פונדאַנענ אונ ניט שטערנ דעם זיסנ שלאָפ פונ מײַנ גליקלעכנ כּאַוועה, וואָס, איכ בינ זיכ מוידע, איכ האָב שטאַרק-שטאַרק מעקאַנע געווענ אים אינ דער דאָזיקער מינוט!..

איינער פונ די דאָזיקע געבענטשטע לײַט, וואָס אפ זייער דאָליע איז אָנגעצייכנט געוואָרנ צו פאַרזוכנ דעם טאַם פונעם דאָזיקנ גליק, איז געווענ, בילעטי-סאָפּעק 1, אונדזער געשעצטער סענדער בלאַנק, בעשאַס ער איז איבגאַנצנ געזונט געוואָרנ אונ איז אופגעשטאַנענ פונעם בעט. דער ערשטער, וואָס אים איז באַשערט געווענ אָנצוקוקנ אים פריִער פאַר אַלע, איז געווענ אונדזער בראַוועה מעשאָרעס; מיט ציטערנדיקע הענט האָט פרויקע גענומענ אַרופציִענ אפ זײַנ באַלעבאָס די מאַלבושימ, אונ אַז עס איז געקומענ צום גילדענעמ זייגער מיט דער שווערער קייט, האָט זיכ פונ פרויקעס האַרצ אַרויסגעכאַפּט אַ שווערער, שווערער זיפצ.

מיט גרויס פּאַראַד איז אונדזער העלד אַרײַנגעקומענ אונ האָט זיכ געזעצט צום טיש מיטיק עסנ, אַרומגערינגלט מיט זײַנ גאַנצער פאַמיליע. סענדערס האַרצ איז אַזוי צעווייקט געוואָרנ, קוקנדיק אפ זײַנע קינדער מיט די אייניקלעכ, אַז ער האָט אָנגעהויבנ צו לאַכנ, זאָגנ ווערטלעכ, אויספרעגנ אונ אויסהערנ יעדנ באַזונדער, אונ דער־

---

1 אָנ קיינ שום צווייפל.

מיט האָט ער פרייילעך געמאַכט דאָס גאַנצע הויז, און יעדערער האָט דערציילט, ווי איבעראַשט, דערשראָקן ער איז געווען, אַז ער האָט דערהאַלטן די טרויעריקע טעלעגראַמע. און רעוועקאַ האָט, דערציילנדיק, זיך אַזש צעוויינט. האָט זי דער פאָטער באַרויִקט:

— וואָס וויינסטו, טאָכטער? אָט בין איך שוין געזונט, נאַרעלע!..

— יאָ, פאַפּאַשאַ! — האָט איִם די געטרייַע טאָכטער געענטפערט. — איך דערמאָן זיך אָבער, אין וואָס פאַר אַ טרויעריקער לאַגע איך האָב דיך געטראָפן, וויינט אין מיר מיַין האַרץ... אַך, פאַפּאַשאַ!..

— וויין ניט, נאַרעלע! אַבי גאָט האָט געהאָלפן, איך קאָן זיצן גלײַך מיט איַיך אַלע בײַם טיש, עסן און טרינקען, ווי אַ מענטש, דאַנקען גאָט דערפאַר, נאַרעלע!

— קיין איַינהאָרע ניט! — האָט די מומע דאַבריש אַריַינגעשטעלט איר וואָרט.

— ווען קאָן איך איַיך זען נאָכאַמאָל, קינדערלעך? — האָט זיך סענדער געווענדט צו דער גאַנצער פאַמיליע מיט זייער אַ רירנדיקער שטימע. — איר וועט זיך אַלע צעפאָרן, יעדער אין זײַן שטאָט אַריַין, און איך וועל ווײַטער בליַיבן אַליין! אַך, ווען איך זאָל איַיך אַלעמען קאָנען האַלטן דאָ אַרום זיך! (סענדער האָט באַוויזן מיט זײַנע גרויסע הענט אַרום זיך, ווי אַ קוואָטשקע מיט די פליגל, וואָס שיצן אונטער זיך אַ סאַך הינדעלעך).

— איר קאָנט דאָס דען ניט אויספירן? — האָט זיך די מאַדאַם סאָני בלאָנק איַינגעשטעלט פרעגן דעם גוטן, באַרעמהאַרציקן שווער.

— ניין, קינדער, איך קאָן דאָס ניט אויספירן: יעדער האָט זיך זײַנע געננג און איטלעכער לעבט זיך מיט זײַן סייכל, און עס איז זייער שווער, אַז מיר זאָלן זיך אַלע קאָנען אויסגליַיכן. גאָט זאָל מיר העלפן, איך זאָל שוין פּאַטערן, כאַסענע מאַכן מײַן בען־זקונים, וואָלט איך שוין מער ניט באַדאַרפט האָרעווען און וואָלט מיר געלעבט מיט מיַין אַלטיטשקער, ווי זאָגט מען, דיר דאַ באַבאַ. האַ? וואָס זאָגסטו, מיריאָם־כיַיעניו?

— נו, און מיטן געלט וואָס וועט איר טון? — האָט זיך אָסיפּ ניט ווילנדיק אַרויסגעכאַפּט און איז פּאַרטיק געווען די רעגע נעמען דאָס וואָרט צוריק, נאָר עס איז שוין געווען שפּעט: סענדער איז אָנגעצונדן געוואָרן פאַר קאַעס און האָט איִם מיט אַ שטאָך געענטפערט:

— וואָס איך וועל טון מיטן געלט? איך וועל דאָס געבן, גע־

וויינטלעכ, דיר, אונ דו וועסט שוינ מיסטאמע מאכנ דערמיט גרויסע געשעפטנ פונ ערד־קוילנ מיט גרויסע אמעריקאנישע פאבריקעס...

דער גאנצער אוילעמ איז געבליבנ זיצנ ווי אפ קאָרלענ, אונ אונ־זער פײַנער אָסיפ האָט אראָפּגעלאָזט די נאָז אונ האָט אָנגעהויבנ רײַבנ איינ פוס אָנ דעמ אנדערנ. אלע האָבנ דערפילט, אז דערפונ קאָנ ארויס זייער א מיִעסע סצענע, אונ האָבנ, ווי מע זאָגט, געגאפט אפ די בענק. נאָר איינ מארקוס, וואָס איז עפּעס הײַנט געווענ זייער אופּ־געלייגט אונ פריילעכ, האָט פּלוצעמ אויסגעשאָסנ אזא שטארקנ גע־לעכטער, אז אלע זענענ פארציטערט געוואָרנ. דאָס געלעכטער האָט זיכ אָפּגעצויגנ היפּשע עטלעכע מינוט, אונ מארקוס האָט זיכ פאר־גאנגענ אונ איז געוואָרנ ברוינ אונ בלוי, אזוי, אז אלע האָבנ געמיינט, עפּשער איז ער גערירט...

— ערד־קוילנ!.. כא־כא־כא! כא־כא־כא־כא!.. — האָט מארקוס קוימ אויסגערעדט אונ האָט זיכ ווײַטער פארגאנגענ אפ א לאנגע צײַט.

— אונ דאָס געלט פארטעכערנ, — זאָגט זיכ סענדער ווײַטער, — אונ פירנ נאָכדעמ א פּראָצעס מיט פײַפערמאנענ?..

— פײַ... כא־כא־כא! פײַפ... כי־כי־כי! פײַפער... כאָ־כאָ־כאָ! פײַפערמאנענ?.. — האָט מארקוס קוימ אויסגעשריגנ אונ האָט זיכ פארגאנגענ פּאָשעט אפ צו שטארבנ.

מיר ווייסנ ניט, וואָס איז דאָ פאראנ וואָס צו לאכנ אפ ערד־קוילנ אָדער אפ א פאמיליע פײַפערמאנ? ניט אנדערש, אז מארקוסנ האָט גענומענ אפ צו לאכנ דער הער זעמעל אליינ מיט זײַנע געשעפטנ אונ פּראָצעסנ, אונ ווײַל דעמ פאָטערס ווערטער האָבנ דאָ געהאט דעמ גרעסטנ עפעקט, דעריבער האָט זיכ מארקוס ניט געקאָנט אײַנהאלטנ אונ האָט געמוזט איינ מאָל פאר אלע מאָל ארויסלאָזנ דאָס, וואָס האָט אימ עטלעכע טאָג קעסיידער אזוי געשטיקט. אקעגנ זשע אָבער, פאר דעמ הער זעמעל איז דאָס געווענ די גרעסטע באליידיקונג, אונ מיר קאָ־נענ אימ, אלפּי־יוישער, בעשומ־אויפנ ניט שולדיק מאכנ, וואָס ער האָט זיכ אופגעכאפּט פונעמ אָרט אונ האָט אָפּגעשטעקט זײַנ געליבטסטנ שוואָגער א פלאמפּײַעריקנ פאטש, אזוי, אז די פענצטער האָבנ אזש געקלונגענ.

דער דאָזיקער אומגעריכטער פאטש האָט ווי א דונער דערשלאָגנ יעדנ באזונדער, אונ קיינער האָט קיינ וואָרט ניט געקאָנט אויסרעדנ. סענדער איז געוואָרנ מאָלע־קאָעס־וואָכיימאָ 1, אונ די אויגנ זענענ בא

1 שטארק אינ קאעס געוואָרנ; שרעקלעכ אופגעבראכט.

אימ אָנגעגאָסנ געוואָרנ מיט בלוט — און ער איז טאקע געשעכט געוועזנ; ווו איז דאָס געהערט געוואָרנ אזא אזעס, אז מע זאָל פאטשנ פאר אימ אינ די אויגנ, בא זײַנ טיש, אינ זײַנ הויז, זײַנ קינד, זײַנ פלייש און בלוט?!.. ווי א צערייצטער בער, ווי א לייב, ווענ ער כאפט זיך אוס פונעמ שלאָפ, ווי א בייזער לעמפערט, איז אונדזער סענדער אופגע־שטאנענ פונעמ אָרט, האָט אָנגעוויזנ מיט דער האנט אפ דער טיר און האָט אויסגעברומט אפ דער גראָבער שטימע:

— וואָנ!.. וואָנ פונ מײַנ טיש!.. וואָנ פונ מײַנ שטוב!.. אלע וואָנ!.. אלע!.. איר האָט געמיינט, איך שטארב שוינ, זענט איר געקומענ מיך יארשענענ?!.. וואָנ!!!..

. . . . . . . . . . . . . .

גוואלד, ווו נעמט מענ אזא פעדער צו באשרײַבנ די דאָזיקע סצע־נע? ווו נעמט מענ אזא פארב אויסצומאָלנ דאָס דאָזיקע שיינע בילד, ווי עס זיצנ פארשטיינערטע מענטשנ מיט גלעזערנע אויגנ און מיט אָפענע מײַלער, און אפ זייערע פענעמער שטייט אָנגעקריצט שרעק, צי־טערניש און פארשטומונג? ווו נעמט מענ אזא קויעך ארויפצולאָזנ זיך צומ גרונט פונ יעדנס הארצ, וואָס יעדער האָט געפילט, וואָס יעדער האָט געטראכט אינ די דאָזיקע עטלעכע שווערע מינוטנ?.. לאָזנ זיך אונדזערע לעזער אליינ פאָרשטעלנ, איטלעכער ווי ער קאָנ, נאָך זײַנ האסאָגע נאָך.

## דאָס לעצטע קאפיטל

דער פאָרהאנג לאָזט זיך אראָפ, און דאָס שפיל נעמט אנ ענדע

**א טארעראם, א ליארעמ, א געפילדער! מיריאָמ־כײַע האָט זיך** געקישט מיט די געסט, געזעגנט מיט די קינדער. סאָני האָט געוויינט. דער הער אָסיפ זעמעל איז ארומגעגאנגענ שטארק צערודערט און האָט געסקריפעט מיט גרויס ראש. מארקוס האָט זיך באהאלטנ בא זיך אינ צימער און האָט עפעס אלעמאָל ארויסגענומענ א קאָנווערט און האָט אימ צוגעטראָגנ צומ מויל, צומ הארצ און ווײַטער צומ מויל. די קליינע קינדער האָבנ צונויפגעלייגט זייערע קוקלעס, וואָס די באָבע האָט זיי געקויפט. נאָר איינ רעוועקא איז ארומגעגאנגענ זייער צערו־דערט, און אייב באק האָט איר אזוי געפלאמט, אז זי האָט זיך גע־מוזט פארשטעלנ מיט נאָזטיכל. נאָר מער פונ אלעמענ איז געווענ

פאַרנומענ אונדזער פילגעליבטער געטרײַער מעשאָרעס פּרויקע: ער האָט דאָס נעבעכ געהאָרעוועט מיט אַלע זײַנע קויכעס, לויפנדיק אַפּ די טרעפּ — טאָ אַראָפּ, טאָ אַרופ, אונ האָט געשלעפּט פונ די קעשענעס לעקעכ, ניס אונ קאָנפעקטנ, אונ האָט געקנײַפּט זלאַטקעס די שוואַרצע אונ מאַלקעס דאָס מיידל אונ האָט זיי געזאָגט:

— נו, קינדער? מאַרש! וואָס האָב איכ אײַכ געזאָגט? כאַ-כאַ-כאַ! מאַרש איינ אײַער רו אַרײַנ, פונוואַנענ איר זענט געקומענ! אונ מיר, זעלדע, וועלנ בלײַבנ פאָ-סטאַראָמו אַפּ אונדזער מיסט — טראַ-לאַ-לאַ! טראַ-לאַ-לאַ! טראַ-לאַ-לאַ!..

* * *

סענדער בלאַנק האָט זיכ געזעגנט מיט די קינדער זייער ליבלעכ. ער האָט זיכ צעקושט מיט רעוועקאַנ, מיט כאַימענ, מיט כאַימס קינדער, אונ האָט עטלעכע מאָל איבערגערעדט, וואָס ער האָט פאַרגעסנ שענקענ זיי עפּעס אַ מאַטאָנע.

— אוי-וואַ! אוי-וואַ! פאַרוואָס האָט איר מיכ נעכטנ, אייערנעכטנ ניט דערמאָנט? אוי-וואַ!..

נאָר אַז עס איז געקומענ צום געשעצטנ הער זעמעל, האָט אים סענדער זייער קאַלט געזאָגט „פאָר-געזונט" אונ האָט אים אויסגעצויגנ דעם גראָבנ פינגער, וואָס אָסיפּ האָט שטאַרק-שטאַרק געדריקט, אונ האָט מיט זייער אַ רירנדיקער שטימע געזאָגט צום שווער:

— איכ פאַרהאָפּ, אַז איר וועט אונדז געווים פאַרצײַענ. איר ווייסט, אַז אונדזער גאַנצער ווילנ איז... אַז מיר... אַז איר... אַז אײַער געזונט... אַז דאָס, וואָס איר זענט, דאַנקענ גאָט, אינ בעסטנ געזונט... אַז מיר אַלע... אַז... אַז... אַז...

מיט דעם לעצטנ „אַז" האָט זיכ דער שיינער העלד זעמעל דערוואָרגנ אונ איז געוואָרנ רויט ווי פײַער פאַר כאַרפּע, וואָס ער איז פאַרקראָכנ דער רועכ ווייסט וואוהינ!..

אָנגעצויגנ, שטאַרק אָנגעצויגנ איז געוועזנ דאָס געזעגענענ זיכ אונ דאָס אָפּרײַזנ פונ דעם הער בלאַנקס קינדער, אונ יעדער האָט דאָס געפילט, אונ סע איז עפּעס יעדנ געווענ אַזוי ביטער, אַזוי שלעכט אַפּנ האַרצנ, אַזוי ליידיק אינווייניק!.. נאָר אַרויסרעדנ, אויפדעקנ דאָס אייגער פאַר דעם אַנדערנ האָט קיינער ניט געוואָלט אונ ניט געקאָנט. יעדער האָט זיכ געהאַט זײַנע געדאַנקענ, יעדער איז געווענ פאַרנומענ מיט זיכ זעלבסט. נאָר די קליינע קינדער האָבנ פאַרטרויט איינס דעם אַנדערנ זייערע געפילנ מיט זייערע געדאַנקענ.

— זע נאָר, זע, מאַני, וואָס פאַר א הויכער מויער! איי-איי-איי! בא אונדז איז ניטאָ אזא שטוב! איי-איי-איי! וויפל פענצטער! וויפל קוימענס! וואָס איז דאָס? פאַפאַשאַ! מאַמאַשאַ! וואָס איז דאָס? ווער זיצט דאָ? וואָס פאַר א גראָז! וואָס פאַר ביימער!

גליקלעכע קינדער! קוועלט אָנ, קוועלט אָנ פונעמ גרינעמ גראָז, פונ די שיינע ביימער, פונ דער גרויסאַרטיקער רייַכער נאַטור! גיכ-גיכ וועט איר עפשער געוואָר ווערנ פונ אַנדערע זאַכנ, וואָס וועלנ אייַכ פאַרשלאָגנ דעמ קאָפּ, אונ איר וועט פאַרגעסנ די נאַטור מיט אירע שיינע בילדער, גלייַכ מיט אייַערע עלטערנ אַציַנד, וואָס זענענ אויכ אַמאָל געווענ קינדער אונ האָבנ אויכ געקוקט אַפ דעמ דאָזיקנ גראָז, מיט די דאָזיקע ביימער, מיט דער דאָזיקער זונ, מיט די זעלבע אויגנ, וואָס איר קוקט אַציַנד... גליקלעכע קינדער! גיב גאָט אַפ לאַנג, אַפ לאַנג אייַער גליק!..

נאָר ווי ווייסט אונ פינצטער עס איז אונדזערע רייזנדער געווענ אַפנ האַרצנ, אזוי, פאַרקערט, ליכטיק, פריש, וואַרעמ, גרינ אונ פרייַלעכ איז געווענ אינ דרויסנ. אינ די לעצטע טעג פונעמ כוידעש מייַ איז דאָס געווענ, אונ די זונ האָט נאָכ ניט אזוי געבראָטנ, ווי געוואַרעמט, געלייַכט, געמאַכט לעבעדיק אַלצ, אי דאָס גראָז, וואָס אַפנ פעלד, אי די שעפעלעכ, וואָס אינ פעלד, אי די מענטשנ מיט די קליינע מענטשעלעכ, די קינדער, וואָס קריכנ אַרויס גאַנצ פרי פונ די פינצטערע האַלב-צעוואַלגערטע שטיבעלעכ, פונקט ווי די טאַראַקאַנעס פונ די שפאַלטנ, — אַלע אונ אַלצ בענטשנ, לויבנ אונ דאַנקענ די שיינע וואַרעמע ליכטיקע זונ, וואָס שטייט אַציַנד אינ האַלבנ הימל אונ גיסט פונ זיכ איר צערטלעכע וואַרעמקייט אַפ דעמ גרויסנ ברייטנ פעלד, וואָס האָט דאָ ניט לאַנג אַרופגעצויגנ אַפ זיכ דאָס גלאַטע גרינע קלייד. ווי א לויטערער שפיגל איז ריינ דער הימל; עס שווימענ אַרומ ערטערווייַז שיטערע שטיקער וואָלקנס, נישט אַפ א רעגנ, נאָר אזוי שווימענ זיי, אזוי לאַנג, ביז זיי ווערנ צעקראָכנ, צעגאַנגענ, אונ מע ווייסט ניט, וווּהינ זיי זענענ אַוועק. ווייַט-ווייַט אַפנ האָריזאָנט זעט זיכ אַרויס א שפיצ קלויסטער אָדער א גרינער דאַכ פונ א פריצישנ הויפ, עס באַווייַזט זיכ אַפ א מינוט אונ עס ווערט ווייַטער פאַרשווונדנ. דער וועג איז א פאָסט-וועג אונ איז גלייַכ, ווי אַפ א ברעט. דער שטויב איז נאָכ ניט אזוי גרויס, ווי אינ כוידעש טאַמוז. די סטויפעס פונעמ טעלעגראַפ פליענ פאַרביי! פאַרביי! אונ עס שווינדלט אינ די אויגנ, אונ מע הערט א געזאַנג פונ פייגעלעכ, אונ מע זעט דעמ גערודער, וואָס עס טוט זיכ צווישנ די קליינע באַשעפענישנ אינ דער נאַטור.

גויִמ מיט זייערע אָקסנ אונ מיט זייערע אקער־צײַג באַוועגנט מענ גאַנצ אָפּט; אייניקע פונ זיי נעמענ אראָפּ דאָס היטל אונ גיבנ אָפּ דעמ גוט־מאָרגנ פונ דער װײַטנ.

פלוצעמ, מע קוקט זיכ גאָר נישט אַרומ, אָט איז שוינ דער װאַלד! פלוצעמ איז װי פינצטערער געוואָרנ אונ עס האָט מיטאַמאָל א זעצ געטאָנ א גריבער, א פרישער אראָמאט אינ נאָז ארײַנ, אונ עס איז עפּעס װי קילער געוואָרנ אפּנ לײַב. מע הערט קימאט יעדנ קלאַפּ פונ די פיס פונ די פערד אונ פונ די רעדער. װי א לאַנג, שמאָל שנירל ציט זיכ דער װאַלד; פונ ביידע זײַטנ יונגע בעריאָזעס, װי מיט קרײַד אָפּגעווײַסט; קיינ ווינט איז נישטאָ, אונ זייערע גרינע בלעטלעכ געפינענ זיכ באַרויִקט, שטיל; צווישנ דעמ יאַמ מיט די ביימער לײַכט זיכ דורכ די ליכטיקײַט — לויטער, פונקט װי א שפּיגל. פונ װײַט הערט מענ א קאָל „אַאוּ!" אונ דער ווידערקאָל ענטפערט אויכ „אַאוּ!"... נאָר אָט האָט זיכ שוינ דער װאַלד אויכ געענדיקט, אונ מע איז ארײַנגעפאָרנ אינ א זאַמד, א געדיכט, טרוקנ זאַמד, וווּ די פערד גייענ געמאָסטענע טריט אונ דער װאָגנ קאַטשעט זיכ פאַמעלעכ, אונ אָפּטמאָל כאַפּט זיכ ארויס פונ אַנ אַקס אָט װי א זיפצ, אָדער א קרעכצ. די פערדלעכ איז נישט גרינג צו שלעפּנ די פיס פונעמ זאַמד. דער רײַזנדער איז דעמלט אופגעלייגט אָנצושפּאַרנ זיכ אפּ א זײַט אונ כאַפּנ א דרימל, אָדער אזוי ליגנ אויסגעצויגנ אונ קוקנ אַהינ, אינ דער װײַטקײַט, אונ קלערנ, טראַכטנ, אָדער גאָרנישט קלערנ, אזוי לאַנג, ביז דער באַלעגאָלע טוט א געשריי אפּ די פערד מיט א פײַפ, אונ די פערד טוענ פלוצעמ א שלעפּ דעמ וואָגנ אונ הייבנ אָנ ווײַטער לויפנ, װי פריִער, ביז עס קומט צומ טײַכ, ווּ די פערד שרעקנ זיכ פריִער אונ נאָכדעמ גייענ זיי טריט בא טריט, אונ דאָס װאַסער זשומעט, רוישט אונטער די רעדער. אונ אז מע קוקט אראָפּ, זעט מענ דעמ אָפּשײַנ פונ דער זונ, וואָס ציטערט אינ װאַסער אונ װיגט זיכ אַהינ אונ אַהער, גלײַכ װי מע װאַרפט זי אונטער אינ א לײַלעכ... נאָכ דעמ טײַכ איז נאָכ א ביסל זאַמד, אונ ווײַטער — דער זעלבער ברייטער פּאָטשטאָװער שליאַכ מיט די גרינע פעלדער פונ ביידע זײַטנ אונ מיט די סטויפּעס פונ דעמ טעלעגראַפ, גלײַכ צומ װאָקזאַל, וואָס מע זעט ארויס פונ דער װײַטנ.

אפּנ וואָקזאַל, אינ הויפ, האָבנ אונדזערע פאַרשוינענ שוינ געטראָפנ עטלעכע דראָזשקעס מיט פאַעטאָנעס, אונ די זונ האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ אראָפּלאָזנ נידעריקער אונ נידעריקער. אראָפּגעשפּרונגענ פונעמ װאָגנ, האָט אָסיפּ געכאַפּט די דאַמענ אונטער די הענט, װי אַנ עכטער קאַװאַלער, אונ האָט זיי אראָפּגעטראָגנ אפּ דער

פלאטפארמע, אויסגעשריגנ אפ א קאל: „באסילשטשיק!“, כאטש דער באסילשטשיק (טרעגער) האט שוינ גאר ניט געהאט וואס צו נעמענ, מאכמעס כאימ בלאנק האט אינ זײַנע ברייטע ארעמס ארײַנגעכאפט אלע כפייצימ מיט די קינדער, אפילע די בולקעס מיט די בייגל, וואס האבנ באדארפט פארנעמענ אנ ארט קימאט ווי א פאסאזשיר; נאר אונדזער געערשטעסטער אסיפ זעמעל האט געהאט א „ברייטנ כאראק־טער“, אונ האט ליב געהאט אינ וועג אויסשטעלנ זיכ לײַטיש, ווי א פײַנער מענטש, אזוי, אז אלע זאלנ ארומ אימ פארדינענ... ארײַנגעלאפנ אינ זאל ערשטער קלאס, האט דער הער זעמעל א גע־שריי געטאנ זייער ברייט: „עי, טשעלאוויעק! טשאיו!“ — כאטש עס איז געווענ צענ מינוט צומ צוג, אונ קיינ טיי האט זיכ לאכ־לוטנ קיינעמ ניט געגלוסט. דער הער זעמעל האט נישט געקאנט לײַדנ, וואס דער בופעטשיק שטייט צונויפגעלייגט די הענט. קיינ טיי האט ער אליינ נישט געטרונקענ, ווײַל ער האט באדארפט אוועקלויפנ נאכ בילעטנ, אונ בעדערעכ־האליכע 1 איז ער צוגעלאפנ צומ בופעט, האט גיכ באטראכט דורכ די אש־קאלירענע ברילנ אונ אויסגעשמעקט מיט דער נאז אלע גוטע זאכנ, וואס אפנ בופעט, האט אויסגעטרונקענ (ווײַטער אנ כיישעק) אונ פארביסנ, זיכ צע־צאלט ארנטלעכ, גענומענ בילעטנ, מיט א צוויי־דרײַ באקאנטע זיכ געוויטעט, שטארק געסקריפעט מיט די שטיוול, געקוקט דורכ די אש־קאלירענע ברילנ אפ א יונגע דאמע אזוי שטארק, אז די דאמע האט געמוזט אפטרעטנ אינ אנ אנדער זײַט, אונ האט זיכ גענומענ ארײַנצוזעצנ די דאמענ, רעוועקאנ מיט סאנינ, אינ וואגאנ ארײַנ אזוי געשרײַ, גלײַכ ווי ער וואלט דערפאר גענומענ גאט ווייסט וואס פאר א געהאלט!..

אינ צוויי מינוט ארומ איז שוינ קיינ צוג נישט געווענ; נאר א ווײַסער צעיאנגענער רויכ האט זיכ געקויקלט־געקויקלט אונ איז אויכ פארשווונדנ ווייט־ווײַט, אינ דעמ אונטערגעפארבטנ הימל, אונ א שטארקער פײַפ מיט א טויבנ גערויש האט נאכ א ביסל גע־קלונגענ אינ די אויערנ פונ דעמ פארשווונדענעמ צוג. נאר גיכ איז אלצ שטיל געווארנ. דער בופעטשיק פארמאכט שוינ זײַנ קרעמל; דער סטוראזש פארקלאפט שוינ די טיר; די באסילשטשיקעס מיט די זשאנדארמענ צעגייענ זיכ, דער אהער, דער אהינ; אונ עס ווערט אומעטיק, — פונקט ווי אינ א יידישער שול פרײַטיק־צו־

1 פארבײַגייענדיק; אונטערוועגס.

נאכטס, נאָכ מײַרעוו, אז אלע צעגײען זיכ אהײם, נאָר ארנ-מוישז דער שאמעס דרייט זיכ נאָכ ארומ צונויפקלייבנ די איבערגעלאָזענע סידורימ אפ די סטענדערס, אונ יארעמע דער שול-סטאָראָזש קריכט פארלעשנ די לאָמפּנ מיטנ מויל אונ די ליכט מיט צוויי באשפּיגענע פינגער, אונ קוקט ארוים, אז עס זאָל שוינ זײַנ נאָכ וועטשערע, ביכדיי ער זאָל שוינ קאָנענ גיינ פארלעשנ די ליכט בא עטלעכע באלעבאטימ אונ כאפּנ דערפאר א טרונק בראָנפנ מיט א שטיקל „שאבעסקאָווע" קוילעטש.

נישטאָ קיינ צוג, נישטאָ קיינ פארשויבענ, נישטאָ קיינ העלדנ. עפשער וועלנ מיר זיכ נאָכ אמאָל מיט זיי באגעגענענ?

עס קאָנ זײַנ.

דערווײַל לאָמיר זיכ געזעגענענ.

אפ ווידערזענ!

# ארבע-קויסעס [1]

איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ ווײַנשענקער. איך בין אַ ווײַנ-שענקער פון קאַמע-וועקאַמע יאָרן. בײַ מיר אין קעלער קאָנט איר געפינען אַלטע ווײַנען, וואָס זענען שוין אַלט... שאַ, אָט וועל איך אײַך זאָגן. אויב איר געדענקט — נאָר איר קערט אַוואַדע געדענקען — פאַר דעם ערשטן טערקישן קריג בין איך געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין אַקערמאַן און קיין פּעטראָסיע אײַנקויפן אַ ראַמשל מיט ווײַן. מיילע, די כידושים פונעם דאָזיקן לאַנד, וואָס איז בעצמעס אַן „ארץ זבת חלב ודבש" 2, און דער פּאַכעד מיט דער מוירע פון דער מילכאָמע, — דאָס איז אַלץ קעדײַ, כלעבן, באַשרײַבן צו ווערן אין אַ ייִדיש בלאַט; נאָר אַזוי ווי עס איז איצט ערעוו יאָמ-טעוו, און די הויפּט-לייזונג איז בײַ מיר פאַר פּייסעך, מאַכמעס — איר ווייסט דאָך — ווען דאַרף אַ ייִד ווײַן? פּייסעך אַף אַרבע-קויסעס; לאָ-כײַן, בין איך אַצינד שטאַרק פאַרנומען מיט די קוינים און קאָן זיך נישט אָפּגעבן מיט אַזעלכע זאַכן, ווי אַ פעליעטאָן צו שרײַבן, וואָס בײַ מיר איז דאָס, אײַגנטלעך, נאָר אַ דוואַר-שיבעש 3, גאָר אַ קלייני-קײַט, אַ שפּילכעלע. וואָרעם, בעצמעס, לעמײַ זאָלן מיר זיך נאַרן? אַ ייִדישן פעליעטאָן, אַ פעליעטאָן אַף פּאָשעט ייִדיש, — אויך מיר אַן אייסעק! וועלכער ייִד קאָן נִיט אָנשרײַבן אַ ייִדיש בריוול? מע נעמט אַ פען, מע שרײַבט — שרײַבט זיך...

בעקיצער, בין איך געווען איין מאָל אין מײַן לעבן אין אַקערמאַן און האָב געבראַכט פון דאָרט אַ ראַמשל מיט ווײַן, זאָג איך אײַך, אַז עס איז געווען אַ דוואַר-פּעלע 4; און איבערהויפּט האָב איך געבראַכט פון דאָרט אַ „ווימאַראָזיק", וואָס עס שטייט נאָך אַד-האַיאָם פון אים אַ פּעסל ווימאַראָזיק, שוין אַ געמישטער, פאַרשטייט איר מיך, מיט אַ „באַרדיטשעווער טענעדאָס", שוין עטלעכע מאָל געמישט, דערגאָסן, פאַרפּראַוועט, איבערגעמאַכט און צוגעזעצט מיט אַ „בעסאַראַביער

1 פיר קייסעס; געמיינט: ווײַן, פּייסעך צום סיידער.— 2 ע ר ע ץ ז אָ וו א ס כ אָ ל אָ וו א ו ד וו אָ ש — אַ לאַנד, וווּ עס רינט מילך און האָניק.— 3 אַ קלייניקײַט — 4 אַ וווּנדער-זאַך.

רײנ-װײנ״ אונ האלט זיכ נאָכ אַד־האַיאָמ־האַזע מיט זײַנ שטאָלט, מיט זײַנ לױטערקײט, מיט זײַנ מעסיקעס, מיט זײַנ גלאַטקײט, מיט זײַנ געשמאַק, מיט זײַנ װאַסער... דאָס הײסט מיט זײַנ װאַסערקײט... מיט זײַנ... מיט... מיט... מיט...

פונ דעמלט אָנ, דאָס הײסט, פונ דער ערשטער מילכאָמע אָנ, בינ איכ שױנ קײנ קרימ מער ניט געפאָרנ, מאַכמעס װײַנ האָב איכ גע־בראַכט דעמלט זײער א סאַכ, א גאַנצע װײַנ, אַזױ אַז ס׳איז געװענ גענוג פאַר מיר אױפ עטלעכע יאָר — אונ דאָס שטעטל, װײסט איר דאָכ, איז א קלײנ שטעטל — אונ נאָכדעמ, אַז אײניקע סאָרטנ װײַנ האָבנ בא מיר אָנגעהױבנ אױסצוגײנ, האָב איכ שױנ מיסטאָמע אָנגעהױבנ צו באַצײַענ װײַנ פונ... דאָס הײסט, איכ באַצי אים שױנ דאָרטנ; איכ האָב שױנ װײַנ אַלע יאָר, לאָז זיכ אײַכ דאַכטנ, ניט קײנ גאָר שלעכטער װײַנ, װאָרעמ קײנ אַקערמאַנ פאַר איכ שױנ ניט — דאָס איז עמעס, אָבער א מײװנ בינ איכ, באָרעכ־האַשעמ, גלײַכ מיט אַלע באַרדיטשעװער װײַנ־שענקערס, אונ די קױנימ, װאָס איכ האָב, װעלנ די באַרדיטשעװער װײַנשענקערס ניט האָבנ, צײַט זײ װעלנ לעבנ, דענ מײַנע קױנימ אַלײנ זענענ אײַכ גרױסע מעװינימ אױפ װײַנ. מײַנע קױנימ זענענ פאַרשידע־נע קױנימ: ס׳איז דאָ אַזעלכע קױנימ בא מיר, װאָס זײ קומענ אַרײַנ צו מיר אינ קעלער „פאַרזוכנ אַרבאַ־קױסעס־װײַנ״ טײקעפ נאָכ שושנ־פורימ; אונ ס׳איז דאָ קױנימ, װאָס קומענ צו מיר „אױסקלײַבנ אַרבאַ־קױסעס־װײַנ״ א צװײ־דרײַ טעג פאַר פײסעכ; אונ ס׳איז דאָ בא מיר װידער אַזעלכע קױנימ, װאָס טרעטנ ניט אַרײַנ צו מיר ביזנ ערעװ־פײ־סעכ אַרײַנ, אונ די מיניע 1 גײט קימאַט ביז ליכט בענטשנ. אַזעלכע „כאַפּערס״ האָב איכ פײַנט; איכ קאָנ זײ ניט סױװל זײַנ; זײ גיב איכ שױנ איבער מײַנ פלױניסטע, אונ זי רעכנט זיכ שױנ מיט זײ אָפּ, װי זי פאַרשטײט — אונ זי איז גאַנצ גערעכט, כלעבנ: לעמײַ זאָל א ייִד אָפּלײגנ „אַרבאַ-קױסעס״ אױפ לעצט? װאָס איז? פאַרװאָס איז דאָס א קלענערע מיצװע פונ אַלע אַנדערע מיצװעס?

דער בעסטער, דער לײַטישסטער פונ אַלע מײַנע קױנימ, װאָס איכ האָב ליב — איז מיכאָעל־מענאַשע דער שטילער, א גאַנצ לײַטישער ייִד, א שטילער מענטש, א באַרוטער מענטש.

— זײַט זשע מױכל, — זאָגט ער צו מיר, אַרײַנקומענדיק טײקעפ נאָכ שושנ־פורימ מיט צװײ גרױסע גרינע פלאָיעס, מיט דרײַ פלעשער אונ מיט א קלײנ פלעשעלע. אונ מיר לאָזנ זיכ אַראָפּ אינ קעלער

---

דאָ: דאָס געשעפט.

ארײַנ מיט צוויי גלעזלעכ אפ צו פארזוכנ. די גלעזלעכ צאפ איכ אָנ פול, אונ מיר טראָגנ זיי בײדע צו צום מויל. דעמ ערשטנ זופ שלינגט מי־כאָעל־מענאשע נישט אראָפּ; ער האלט אימ עטלעכע מינוט אפ די ציינ אונ דרייט מיט דער צונג אינ מויל א היפּשע ווײַלע, אונ ערשט נאָכ־דעמ נעמט ער אימ ארופ אפ די ליפּנ. זאָגנ זאָגט ער גאָרנישט — גר איז, ביכלאל, א גרויסער שווײַגער, — ער טוט נאָר א מאכ מיטנ קאָפּ, אונ איכ פארשטיי שוינ, וואָס דאָס הייסט.

— דאָס איז דער אקערמאנער, רעב מיכאָעל־מענאשע! — זאָג איכ אימ. — אציינד וועלנ מיר זיכ נעמענ צומ „זמירער ווײַנ"... נו, וואָס זאָגט איר עפּעס אפ דעמ „זמירער", רעב מיכאָעל־מענאשע?

— גוט! — ענטפערט ער מיר.

— נו, אונ ווי געפעלט אײַכ דער „ליסאבאָנער באָרדאָ", רעב מיכאָעל־מענאשע?

— גוט!

— נו, וואָס וועט איר עפּעס זאָגנ, רעב מיכאָעל־מענאשע, אפנ „טערקישנ פּאָרט־ווײַנ"?

— גוט!

— אָט דער דאָזיקער „קאָוועשאנער פּראָנצווײַנ" איז מײַנ ארבעט, רעב מיכאָעל־מענאשע. נישקאָשע? הא?

— גוט!

— איר ווילט אָט דעמ, רעב מיכאָעל־מענאשע? דאָס איז א „היי־מישער פּאָרטוגאל". ווי געפינט איר אימ?

— גוט!

האקלאל, מיכאָעל־מענאשע ווייסט, אז קיינ שלעכטנ ווײַנ האָב איכ נישט, אונ ווענ איכ זאָל אפילע יאָ האָבנ א שלעכטנ (ס'איז גאָר נימאָ קיינ ש ל ע כ ט ע ר ווײַנ; וואָס הייסט ש ל ע כ ט ע ר ווײַנ?), וואָלט איכ אימ אויכ נישט געגעבנ. דערפאר איז ער צופרידנ פונ מיר, אונ איכ פונ אימ.

דער צווייטער מיוחס בא מיר איז — געדאליע־לייזער דער הויכער. ער איז אפילע א ביסל אנ אויסטראכטער, — סע מאכט זיכ אמאָל א מעפונעק, — דאָכ קאָנ מענ אפ אימ נישט זאָגנ, אז ער איז כאָלילע נישט קיינ מיוחס.

— אנו, קומ נאָר, קומ! — מאכט ער צו מיר אונ שלעפּט מיכ אראָפּ פאר א האנט אינ קעלער ארײַנ. מיר „אירצנ" זיכ נישט, מיר האָבנ אינ אײנ כיידער געלערנט אמאָל, כאווײרימ געוועזנ. — אנו, ווײַז נאָר, ווײַז אקאָרשט דעמ אקערמאנ! ער הייסט נאָכ אלץ בא דיר „אקער־

מאנ״? ס'וואָלט שוינ ציַיט געווענ, ער זאָל הייסנ באַ דיר „באַרדי־טשעוו״, ניט „אקערמאַנ״.

— וואָס עפּעס „באַרדיטשעוו״?

— וואָס עפּעס „באַרדיטשעוו״, פרעגסטו? שוינ דאָ, דאַכט זיכ, א יאָר מיט א מיטוואָכ, אז דו ביסט געווענ אינ אקערמאַנ, אונ פונ דעמלט אָנ הייסנ באַ דיר נאָכ אַלצ אַלע ווײַנענ „אקערמאַנ״... נו, ווײַז שוינ, ווײַז אהער דײַנ פּראָנצווײַנ פונ צמוקים.

— פונ וואָסערע צמוקים?

— פונ די ראָזשינקעס, וואָס דו מאַכסט דעם פּראָנצווײַנ. קוק אים אָנ, ווי ער מאַכט זיכ עס א ביסל געפּיינערט, פאַר מיר האָסטו זיכ ניט וואָס צו באַהאַלטנ, ברודער! הײַנט גיב מיר נאָכ א צוויי קוואָרט פונעמ „זמי־רער״; נאָר איכ בעט דיכ, ס'זאָל זײַנ א ביסל ווייניקער צוקער אינ אים, מאַכמעס ביז איכ וועל אים דערטראָגנ אהיימ, וועט ווערנ פונ אים אָדער ספּירט, אָדער עסיק.

— ביסט משוגע, צי כאָסער־דייע, גערעליע־לייזער?!

— נו־נו־נו! ווייסט דאָכ, אז איכ האָב פײַנט אָט די אָנשטעלנ! הײַנט גיב מיר א קוואָרט ווײַנ א ריינעמ, א קאָשערנ, ניט קיינ געשמאַדטנ, אָנ וואַסער, אָנ סיראָפּ, אָנ ראָזשינקעס אונ אָנ אָט די אַלע דײַנע צוזעצעכצנ. איכ קענ דאָכ דיכ: צו דיר אז סע קומט אַרײַנ אונ עמער ווײַנ, קאָנסטו זיכ ניט אײַנהאַלטנ אונ פּראָוועסט אים אזוי לאַנג, ביז סע ווערט פונ אים א גאַנצע פאַס, אונ דו טראַכסט אים צו משו־געוווילדע, משוגענע נעמענ, אונ דער אוילעמ לעקט פונ אים די פינגער, גלײַכ ווי פונ עפּעס רעכטס.

— גיי שוינ גיי, גערעליע־לייזער, דו ביסט א גוטער לעצ...

דער דריטער קוינע, פונ די מיטוויִנימ, איז באַ מיר דאַפקע א געמיי־נער ייִד, א ייִד א שויכעט, רעב וואָליקע דער שויכעט. רעב וואָליקע האָט אפילע ליב אויסקאָכנ דאָס וואַסער אונ הייסט זיכ אָפּטמאָל געבנ אזא ווײַנ, וואָס ניט נאָר אינ אקערמאַנ, אפילע אינ שפּאַניע וואַקסט נישט אזעלכער; דאָכ איז רעב וואָליקע דער שויכעט א מייווינ אפ א גלעזל ווײַנ, אונ ווײַבאַלד א מייווינ, אזוי איז ער מיר שוינ אײַנגעבאַקנ אינ האַרצנ.

— אײַער „זמירער״, — זאָגט רעב וואָליקע דער שויכעט אונ קנייטשט מיט דער נאָז, — אײַער „זמירער״ איז הײַנטיקס יאָר עפּעס ניט געראָטנ.

— דעהײַנע, רעב וואָליקע, מיט וואָס?

— רעהײַנע, מיט דעם, וואָס ער האָט ניט איַן זיך די ווײַניקײַט, די מאָסטקעקײַט מיטן גלאַטקײַט, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַראַיאָרן.

— ווייסט איר זשע, רעב וואָליקע, פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי?

— פֿאַרוואָס? אַדרעאַבע?

— דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך נאָך באַראַרפֿט אַ קאָפּ אויסשטײַן; פֿאַראַיאָרן איז געווען אַן איבער־יאָר, איז ער מער אויסגעשטאַנען...

— ס'קאָן זײַן, — ענטפֿערט רעב וואָליקע דער שויכעט, פֿאַרזוכט דעם רויטן ווײַן און מאַכט מיט די ליפּן.

— נו, וואָס וועט איר זאָגן, רעב וואָליקע, אַפֿן „פּוילישן באָרדאָ" עפּעס? איאָ, סע נעמט?

— נעמען נעמט עס; ס'האָט אָבער ניט אין זיך דאָס „שפּיצל", וואָס פֿאַראַיאָרן.

— וואָסער שפּיצל?

— דאָס שפּיצל, וואָס עס שפּיצלט אַפֿן שפּיץ צונג.

— אַ? דאָס מיינט איר? דאָס קאָן ניט זײַן, רעב וואָליקע. איך מוז עס אײַך מאַסביר זײַן, געבן צו פֿאַרשטיין. די מײַסע דערפֿון איז אַזוי: יעדער ווײַן, בעשאַס ער איז נאָך ווײַן, האָט ער אין זיך אי אַ מעטי־קעס, אי אַ זיסקײַט, אי אַ ווײַניקײַט. די מעסיקעס גופֿע האָט אויך אין זיך אַ ווײַניקײַט, און די ווײַניקײַט האָט אין זיך אַ זיסקײַט... יאָ, איז אַז עס קומט זיך צונויף די זיסקײַט פֿונעם ווײַניקײַט און די ווײַ־ניקײַט פֿונעם זיסקײַט, קומט שוין דערפֿון אַרויס אַ זיס־ווײַניקײַט, אָדער אַ ווײַניק־זיסקײַט... דערפֿאַר קאָן עס שוין ניט האָבן אין זיך דאָס... דאָס... מאַמאָשעס, דעם רעכטן, דעם שאַרפֿן שפּיץ פֿונעם... איר פֿאַרשטייט?

— איך פֿאַרשטיי, איך פֿאַרשטיי! — זאָגט רעב וואָליקע דער שויכעט, און דערפֿאַר האָב איך אים ליב, וואָס ער פֿאַרשטייט אַ זאַך, אַז מע גיט זי אים צו פֿאַרשטיין.

די איבעריקע קוינים מײַנע, פֿון די מעוויבים, האָט דאָך נישט קיין שיר און קיין ערעך צו באַשרײַבן, דען יעדערער האָט זיך זײַנע מײַלעס מיט זײַנע כעסרוינעס, זײַנע קאַפּריזן מיט זײַנע מעשוגאַסן, און דער ווײַנשענקער מוז עס אַלעמען אויסשטיין און איבערטראָגן.

נאָר דאָס איז נאָך אַלץ גערעדט געוואָרן עטלעכע טעג פֿאַר פּיי־סעך; אָבער דעם טאָג פֿון ערעוו פּייסעך דאַרף מען זײַן טאַקע מאַ־מעש פֿון אײַזן, אַז מע זאָל עס קאָנען איבערטראָגן; דעמלט מיש איך זיך שוין מער ניט און לאָז איבער דעם גאַנצן פּידיען אַפֿ מײַן

זוגאָסי, וועלכע איז גיט צו פאַרזויגדיקן, דערצו אַ בעריע-ליפּלאָע [1], אַ געשלייפטע זאַב.

— גיט מיר פונעם רויטן, סאָרע-דווירע, פונעם רויטן! — שרייט מען צו איר פון אַלע זייטן.

— ווי טייער איז בא אייך וויין, סאָרע-דווירע?

— גיט מיר פון דעם, וואָס פאַראיאָרן!

— איך וויל ניט פונעם פאַראיאָריקן; פאַראיאָרן האָט איר מיר געגעבן באָרשטש, ניט קיין וויין!

— איך האָב בא אייך געבעטן רויטן, און איר האָט מיר געגעבן ווייסן!

— וואָס פאַר אַ ביסל עסיק האָט איר מיר געגעבן, סאָרע-דווירע?

— גיט מיר פון דעם, וואָס מיין מאַמע האָט ליב!

— גיט מיר פון דער גרויסער פאַס, סאָרע-דווירע, פון דער גרויסער פאַס איז בעסער!

— גיט מיר אַ האַלבע קוואָרט רויטן און אַ האַלבע ווייסן.

— גיט מיר, וואָסערע איר וועט מיר געבן, אַבי וואָלוול.

— גיט מיר גיכער, סאָרע דווירע, שוין צייט אין שול אַריין.

— אין שול אַריין! מע גייט שוין אין שול אַריין! דער עולם לויפט שוין אין שול אַריין...

* * *

עמעס, עמעס. דער עולם לויפט שוין אין שול אַריין!.. אַך, ווי שיין דאָס איז! ווי גרויסאַרטיק! מעלאָכים-בעניי-מעלאָכים!.. אָנגעטאָן גייט מען אין בגדיי-מאַלכעס. די נייע קאַפּאָטקעלעך בא די קליינע קינדער, בא די ווייסעכעוודעניקעס קנאַקן. די שטיוועלעך סקריפּען. די היטעלעך גלאַנצן. און אַפּן האַרצן? — אַך, אַפּן האַרצן איז עפּעס אַזוי אויפגעלייגט, אַזוי גוט, אַזוי פריי!

— סאָרע-דווירע! פאַרשלים שוין דעם קעלער! סאָרע-דווירע, אַנעק! אויס פידיען! געגנוג! אויס ווייַנשענק! שוין יאָמטעוו! יאָמטעוו!..

---

[1] אַ וווּנדערלעכע בערי.

# פונעם וועג

## I

צו מיינע שוועסטער, ברידער און גלאַט אזוי גוטע־פרײַנט. — איך האנדל אײַנ מײַנ קראַם און פאָר מיר בּעשאָ״עם אהיים — די אומבּאקאנטע קאַ־קארדע מיטנ דאַפּ צאָס. — א יס ווײַנ־גנשעפט! — נײַנ פּענ און כײַנ יײַטיק קערבל. — דער כילעפּ פונעם געשריבּענעם אפּ ג. דרוקטס און צוריק. — דער צוועק פונ דער דרוקערײַ. — די שלימאזלדיקע 3 רובּל מיט 1 קאָפּע־קעס, וואָס העגגענ אינדערליופטנ צווישנ "עם הר זפרײַט" און צווישנ לינעצקינ. — אנ אישע צנוע מאַראס כאשקע די ווילנערקע. — ג. דרוקטע פּעטש מיט יידישע פּײַגנ.

זײַט זיכ מוידע, מײַנע ליבּע שוועסטער און ברידער, די גוטע לעזערנ און לעזער פונעם „יודישנ פאָלקס־בּלאט", אז אייניקע פונ אײַכ האָבּנ שוינ אָנגעהויבּנ צו בּענקענ נאָכ מיר, האגאמ איכ האָבּ עס ניט פארדינט. זײַט זיכ מוידע, שוועסטערלעכ און ברידערלעכ, אז פיל פונ אײַכ האָבּנ מיכ ניט איינ מאָל געזוכט אָט דאָ, אינעמ אונטערשטנ עטאזש, ווו מיר פלעגנ זיכ פריִער זעננ אָפטלעכ, קימאט אלע וואָכ; איכ ווייס, איכ פיל, אז איר האָט מיכ געזוכט; איכ ווייס אפילע, אז אייניקע פונ מײַנע גוטע־פרײַנט האָבּנ זיכ שוינ א ביסל געפרייט: „הא? ניטאָ שוינ שאָלעמ־אליכעמ? זייער רעכט..." זאָרגט זיכ ניט, ברידערלעכ, איכ בּינ דאָ! פרייט זיכ ניט, ליבּע פרײַנט, איכ בּינ דאָ! איכ בּינ נאָר א צײַט אינ דער היימ נישט געווענ. איכ בּינ, ווי איר זעט, יעצט אויכ ניט צו הויזע: איכ האָבּ דאָס גליק צו שמועסנ מיט אײַכ אצינד פונעם וועג, און איכ וועל האָבּנ דאָס פארגעניגנ צו רעדנ מיט אײַכ ניט איינ מאָל פונ דער פרעמד, בּיז גאָט בּאָרוכ־הו וועט זיכ דערבּארעמענ אפּ מיר און וועט מיכ ברענגענ צוריק אל המנוחה ואל הנחלה1... שא, וואָס איז דאָרט? איר ווייסט ניט דעמ טײַטש פונ די לעצטע צוויי ווערטער?* פע, שעמט זיכ: שוינ העכער א יאָר, אז מע לערנט מיט אײַכ העברעיִש אינעמ פאָלקס־בּלאט; שוינ העכער א יאָר, אז מע וויל אײַכ אײַער פאָשעטנ אָרעמענ זשארגאָנ אויסבּעסערנ, אויסהייליקנ, אויסלאָשנ־קוידעשנ, אולעסאָפּ ווייסט איר נאָכ ניט קיינ טײַטש־ווערטער — שעמענ מעגט איר זיכ!..

---

1 על האמענוכאָ וועעל האנאכאלאָ — צום רו־אָרט און צו דער היים.

*זע קאָמענטאר, ז 336.

בעכיינ בינ איכ, אײַער קנעכט אונ אײַער פרײַנט, אײנ וועג אונ האָב אצינד א געלעגנהײַט מיט אײַכ צו פארברענגענ א קאָפ; א ביסל אויסרעדנ זיכ דאָס הארצ.

סע איז נאָר א הארצ־ווייטעק, א צעזעצעניש מײַנע סאָנים, זאָג איכ אײַכ, אז עס קומט מיר אָנ יעדער זאכ אזוי שווער, גלײַכ ווי איכ וואָלט דאָ אויקער־האָרים זײַנ (אָט דאָס וואָרט פארשטייט איר?), גלײַכ ווי איכ וואָלט בערג געריסנ! געפעלט אײַכ א ביסל אנ אייסעק, צו וואָס מענ דארפ האָבנ זכוס־אָוועס: אײַנהאנדלענ א ביסל פרישע סכוירע, א ביסל דאָס, א ביסל יענצ — א טײַערע מעציע! אונ טאָמער מיינט איר, אז, כאָלילע, אפ קרעדיט. פע! נאָר פאר מעזומענע געלט, פאר בארע קערבלעכ — אונ דאָכ האָב איכ א ביסעלע צוגעשוויצט, צוגעהאָרעוועט, צוגעלייגט א קאָפ הישטאדלעס, אָנגעטאָנ זיכ א קויעכ — אונ טאקע פאָרט אויסגעפירט מײַנס, געקריגנ, באקומענ, געפונדנ, געהאנדלט, אײַנגעקויפט, אײַנגעפאקט — אונ מארש אהיים!

נאָר איכ זע, ראבויסײַ, איר מיינט, אז איכ שמועס דאָ מי־קויעכ מײַנ לאנגאָנעדיק געשעפט, מיקויעכ מײַנ ווײַנ־געשעפט, מיט וועלכנ איכ האָב אײַכ באקאנט געמאכט הײַנטיקנ כאָל־האמויד פייסעכ*? כאָלילע־וועכאָס! א סריפע לאָז קומענ אפ אלע ייִדישע ווײַנקעלערס, אונ אויסכאפעניש, אונ אײַנשרומפעניש, ווי מײַנ פלוינים זאָגט (אונ איז עפשער ניט גערעכט?). גענוג ווערט מענ אויסגעריסנ דעם ערעוו־פייסעכ מיטנ גאנצנ יאָמטעוו: גיי, קריכ אינ קעלער, טאָ אראָפ, טאָ ארופ, דעם גיב דאָס, דעם גיב יענצ, איט־לעכנ באזונדער אוגאָדזשענ זײַנ קאפריז, דעם זויער, דעם זיס; דעם זויערלעכ, דעם זיסלעכ; דעם מיט א באטאמטקײַט, דעם מיט א שפיצל, דעם צאָרעס אינ קאָפ, דעם א מאקע אינ בויכ, ווי מײַנ פלוינים זאָגט (אונ איז זייער גערעכט!), — אונ נאָכ אלעמענ מיינט איר, אז מע איז עפשער צופרידנ? יאָ נו, עס פארשטייט זיכ, מיט א ייִדנ קאָנ מענ טאקע אויסקומענ, גאָט זאָל ניט שטראָפנ פאר די רייד! א שיינע פאָדיאקע, כ׳לעבנ! א קאָוועד זיכ דערלעבט, באָ־רעב־האשעם, א מענדאל! הערט כאָטש, הערט, אונ גאפט אפ די נעגל.

---

* פעליעטאָנ: „ארבע־כוסות״, „יודישע פאָלקס־בלאַט״ 1888, נומ. 11—12 (באמ. פונ אויט.).

* * *

ווײַהי האיוים 1 (ווו א „ווײַהי", זאָגט ראשע 2, דאָרט איז שוינ א צאָרע!), דאָס איז געווענ אזוי גרויס, ווי אומ „איסרע-כאג" 3, טייקעפ נאָכ פייסעכ, קומ איכ מיר פונעמ דאווענ גאנצ פײַנ, ווי איכ בינ געוווינט געוואָרנ; אפנ האַרצנ איז עפּעס א ביסל יאָמטעוודיק, אופגעלייגט, גאָר קיינ מײַסע ניט; אָנבײַסנ וועט דאָכ געווים זײַנ עפּעס א מינ צוגעפרישטע מאצע, שירײַימ פונעמ ליבנ פייסעכ, נישט צו פארזינדיקנ, הײַנט אז גלעזעלע מאשקע שמועסט מענ ניט — נו־נו!..

— ווו ביסטו ערגעצ? — האָט מיכ מײַנ פליוניס אָנגעכאפּט פלוצעמ גאָר אומגעריכט, — גיי שוינ גיי, ארויסגיינ זאָל דיר די פארע, אינ קעלער ארײַנ גיי, וועסטו שוינ זענ, וואָס דאָרט טוט זיכ!..

א דונער האָט מיכ ניט דערשלאָגנ! טשינאָווניקעס? רויטע קעל־נער! ווי קומט צו מיר פלוצעמ איננמיטנ איסרע-כאג רויטע קעל־נער? אונ וואָס טוענ זיי עפּעס אָט דאָ בא מײַנע פעסער? צו זייער יאָמטעוו איז נאָכ פאראנ גוטע 6 וואָכנ, הא? עפּעס מע־שונע ווילד!.. איכ כאפּ אראָפּ דאָס היטל אונ גיי צו צו זיי א ביסעלע נעענטער: נישקאָשע, מיר זענענ באקאנט פונ קאמע־זוע־כאמע יאָרנ; גוטע אדוינימלעכ 4, גאנצ ווילע אדוינימלעכ, צו־געלאָזטע, בלאזגעוואטע, האָבנ נישט פײַנט אָט א יענצ-אָ... נאָר אָנ אונ אומגליק: מיר קריגנ זיכ ניט... נאָר פונדעסטוועגנ קלאפּערט עפּעס דער פופּיק; גאָרנישט, א גנעלעכטער, שטוסערײַ מיט בלאָטע-שעביבלאָ־טע, נאָר פאָרט, ווי זאָגט מענ עפּעס, א קאשע אפּ א מײַסע, יזיג, ראכמאָנימ-בניי-ראכמאָנימ.

— מאָשקא! כאָדי נו סיודא, סערדיצע!

די אדוינימ מיט נאָכ עפּעס אנ אָדנ, שוינ ניט קיינ באקאנ־טער, מיט א קאָקארדע, קוקנ אפּ מיר מיט א שמייכעלע אונ וויבקענ צו מיר מיט די אויגנ עפּעס גאָר מײַסע קאטאָוועסלעכ. איכ גיי מיר צו נאָכ נעענטער, אויכ מיט א שמייכעלע, ווי זאָגט מענ... מאכ זיכ א האַרצ... אונ די פּיס קוימ־קוימ וואָס זיי

1 אונ ס'איז געווענ א טאָג; איינמאָל. — 2 דאָ: דער קאָמענטאר אפּ ביבל אונ טאלמוד (רש"י — ראבײנו שלוימע יִצכאָקי). — 3 דער ערשטער טאָג נאָכ יאָמטעוו. — 4 געמיינט: פריצימ.

האלטנ מיכ. פלוצלים איז מיר דורכגעלאָפנ א מאכשאָווע: „אהא! אוואדע א רעוויזאָר, א מעסירעלע, א פאטענט״...

— דעמ פאטענט! יענטע! דעמ פאטענט! גיכער דעמ פא־טענט!

— ני, מאָשקא, נע פאטענטי ני, אלע כאָדי נו סיודא — נא!

אזוי זאָגט צו מיר מײַנ אומבאקאנטער אָדנ און טראָגט מיר אונטער גלײַכ צו דער באָרד א גלעזל ווײַנ, ווי אײנער רעדט: „נא, טרינק, נעשאָמע מײַנע, קוויק זיכ, און לאָז דיר ווויל באַ־קומענ״...

בקיצער, לעמײַ זאָל איכ אײַכ לאנג ברײַענ? דאָס נײַע פאָ־רעצל מיט דער קאָקארדע האָט זיכ צו מיר גוט צוגעטשעפעט, אָבער גאָר בעוויפנ-אכאר 1, איכ זאָל אימ נאָר זאָגנ, פונוואנענ באצי איכ ווײַנ. און ווידעראמאָל און אָבעראמאָל, און טאקע שוינ א ביסל מיט פארדראָס:

— נו גאָוואָרי, אָטקודאָווא ווינאָ?

— איז וואלאכיא! — ענטפער איכ אימ, — איז וואלאכיא!..

צווישנ די אדוינימ ווערט גאָר פרײלעכ, מע קוועלט.

— איז וואלאכיא, מאָשקא? איז קאקאָי מעסטאָ, מאָשקא?

— איז קאקאָי מעסטע? — ענטפער איכ זײ; — איז וואַ־לאכיא, טאמ וואָלכעש ספיוואיע! מאמעליגע! מאמעליגע! — ווײַז איכ זײ מיטנ האנט אינ מויל ארײַנ, אז דאָרט, אינ דער בעסא־ראביע, עסט מענ מאמעליגע*.

עס ווערט צווישנ די אדוינימ נאָכ פרײלעכער, און די נײַע קאָקארדע טוט מיכ פלוצלים א כאפ:

— א דאוונאָ ביל, מאָשקא, אווו וואלאכיע?

— א דאוונאָ? — ענטפער איכ אימ מיט א ביטמינע 2, און כאפ זיכ ארויס מיט א וואָרט, מײַנס־סאָטנ, און ענטפער אימ ביטמימעס:

— דאוונאָ, פאניע, דאוונאָ; באָלש טרידציעט ליעט!..

נו, און מער דארפ מענ ניט! דעמ אײגענעמ טאָג האָט מענ בא מיר דעמ פאטענט צוגענומענ, דעמ קעלער פארכאסמעט מיט דער גוטער כסימע, און עס איז א סוואָרע, אז איכ וועל נאָכ האָבנ אפ זיכ א שטראָפ, אָדער אנ אונגאָלאָוונאָסט; וואָס איז?

---

1 אפ אנ אנדער אויפנ. — 2 מיט א פארוונדערונג.

* א מײַכל אינ בעסאראביע פונ אזא סאָרט ארבעס (באמ. פונ אווט.).

בײַשער דער ווײַנ איז ניט קײנ גוטער ווײַנ, א ביסל איבערגע־
שפּילט אונ האָט אינ זיכ אנ „אָפּזעצ“; אונ אומגליק א גרויסער!
אז בא אונדז אינ שטעטל וועלנ די פיר באלעבאטימ (סאכאקל
4 באלעבאטימ טרינקענ ווײַנ בא אונדז צו קידעש אונ צו האַוו־
דאָלע!) כאס־וועשאָלעמ טרינקענ ווײַנ איבערגעשפּילטערהײט אונ
מיט אנ „אָפּזעצ“, זאָג איכ אײַכ! נאָר גײ טײַנע מיט אכײנו־בנײ־
יִסראָעל! מיסטאמע האָט זיכ עמעצער מיסקאנע געווענ אפ מײַנ
שעפּע, האָט ער מיכ געמאסערט... א סרײפע זאָל קומענ אפ אלע
ווײַנקעלערס מיט אלעמ מיט אנ אנדער! איר ווילט מיכ ניט
פאַר קײנ ווײַנשענקער? נו טרינקט זשע אײגנ־ווײטעק, ווי מײַנ
ווײַב זאָגט, אונ איז גאַנצ גערעכט... גאָט דער האַר, וואָס פאַר־
לאָזט נישט אפילע קײנ מילב, וועט מיכ אויכ ניט פאַרלאָזנ מיט
מײַנ הויזגעזינד; אויביפראט, איכ האָב גרויס קענטשאַפט אונ
בינ אלײנ אויכ עפּעס ניט קײנ גרויסער אמהאָרעצ, אונ א פּענ
אינ האַנט האָב איכ אויכ, נישט צו פאַרזינדיקנ. מײַנ פּענ —
דאָס איז מײַנ אָל, מײַנ נאָדל, מײַנ האַמער, מײַנ גאַנצער וואַר־
סטאַק, אונ מיט איר, מיט דער פּענ, קאָנ איכ מיר באשטײנ מײַנ
שטעטל אומעטומ, באָרעכ־האשעמ! נאָר אזויווי איכ בינ א גרוי־
סער מעטופּל מיט קינדערלעכ אונ א ביצרעכ [1] א גרויסער, לאָכײַנ
קענ מיר די פּענ אלײנ נישט טראָגנ מײַנ גאַנצ באַדערפעניש, מוז
מענ זיכ אלזאָ וואַרפנ אפ אלע זײַטנ, דאָס הײסט א ביסל אונ־
טערהאַנדלענ אויכ, מינ־האַצאַד זוכנ א קערבל, דענ דאָס זײַ־
טיקע קערבל איז זײער זיס אונ אָנגעלײגט; וואָס דענ זאָל טאָנ
א ייִד, נעבעכ? אז דאַרפנ דאַרפ ער, אונ האָבנ האָט ער ניט,
מוז ער זיכ וואַרפנ אפ אלע זײַטנ: טאָמער דאָ ארומ, טאָמער דאָרט
ארומ... דערומ זוכט דער סויכער אמאָל א מעקלערײַ, וואָס גיט אויכ
אמאָל א קערבל; דערומ פאַרנעמט זיכ א מעלאמעד מיט שאדכאָנעס;
עס גיט אויכ אָפּטמאָל א קערבל, אונ א שײנ קערבל; דערומ
פאַרנעמט זיכ דער מויכער־ספאָרימ מיט מעש אונ מיט קופּער
אויכ — אונ אזוי אומעטומ, באָרעכ־האשעמ, וואַרפט זיכ דער
ייִד, דרײט זיכ אונ קריכט טאָ הינ, טאָ הער...

אונ איכ, ראבויסײַ, אז איכ ארבעט שוינ יאָ מיט דער פּענ,
בינ איכ זיכ עפּעס, ווי זאָגט מענ, פונ דער כעוורע מעכאַב־
רימ. שמיר איכ זיכ, הײסט עס, ארומ ספאָרימ! לאָכײַנ טו איכ מיר

1 א נויטבאַדערפטיקער.

אמאָל א האנדל מיט דער סכוירע אויכ; נאָר קיינ מאזל-בראָכע, זאָג איכ אײַכ בעפיירעש, זע איכ דאָ אויכ ניט. נאָכ ווינציקער ווי אינעם ווײַנ-געשעפט; אײַ, וועט איר דאָכ מיכ פרעגנ, וואָרוינ טויג מיר דאָס געשעפט, אז קיינ פארנאָסע גיט עס מיר ניט? וועל איכ אײַכ ענטפערנ דערופ דאָס, וואָס א מארק-ייִדענע האָט אמאָל געענטפערט:

— שאלו את 1 האמארק-ייִדענע — מע האָט געפרעגט די מארק-ייִדענע: האָסטו עפעס פארנאָסע פונ דײַנ מולטערל? לייזטו עפעס געלט?

— גייענ, — האָט די מארק-ייִדענע געענטפערט, — לייזנ לייזט זיכ גאָרניט, אונ קיינ פארנאָסע האָב איכ אויכ ניט.

— צו וואָס זשע טויג דיר דאָס מולטערל מיטנ גאנצנ מארק?

— פונ וואָס זשע וועל איכ לעבנ, — האָט די מארק-ייִדענע געענטפערט, — אז ניט דאָס מולטערל מיטנ מארק?..

אינ וועלכנ באשטייט פאָרט מײַנ מיסכער? מײַנ מיסכער באשטייט אינ דעם, וואָס איכ קויפ צונויפ פארשריבנס, פארדראָקעט פאפיר, פארפאטשקעט מיט טינט פונ אלע זײַטנ; דאָס דאָזיקע געדראָקעט פאפיר גיב איכ אָפדרוקנ; דאָס געדרוקטע פארקויפ איכ, אונ פארנ געלט קויפ איכ ווידער פארשריבנס פאפיר אאוו. אזוי אז איכ האלט טאָמיד אינ איינ בײַטעניש: גיב מיר געשריבנס אונ נא געדרוקטס; נאט אײַכ געדרוקטס אונ גיט מיר געלט; נא דיר געלט אונ שרײַב מיר ווײַטער; דו שרײַב, איכ דרוק, אונ איר, ליבע לעזער, גיט געלט!..

איז דאָכ א קאשע: אז דער לעזער וויל אונ באגערט צו לעזנ דאָס, וואָס דער שרײַבער שרײַבט, צו וואָס זשע דארפ מענ נאָכ דעם שרײַבערס שרײַבערײַ דורכלאָזנ דורכ א דרוק? לעמאַי זאָל מענ זיכ אומזיסט מאכנ אנ אומזיסטנ קלאָפאָט מיט אומזיסטע הויצאָעס? דער טערעץ איז דאָ אפנ אָרט, ראַבויסײַ: מיר האָבנ ליב פירעקעכיקע, געדרוקטע אויסיעס; קוים איז דאָס שוינ אָפגעדרוקט, אזוי איז דאָס הייליק, טויראס-לאָקעש, גאָר א כאריפעס, עס מעג זײַנ דאָס גרעסטע נארישקײַט. לעמאָשל, וואָס פאר א פארנעמ האָט בא אונדז, אז א ייִד זידלט אָפ דעם אנדערנ ייִדנ אינמיטנ מארק, מאכט אים מיט דער בלאָטע — גאָרניט, מיילע-מיילע; וואָס קאָנ מענ טונ מיט אנ אָנכאפער? אויבפראט א מויל איז דאָ בא יעדנ, אונ מע קאָנ אָפצאָלנ צוריק בעקיופל-קיפלאָימ 2. ניט אזוי איז דאָס אייגענע זידלערײַ, ווענ סע

---

1 שאָאלו עס. — 2 וויפל מאָל אזויפיל.

איז געדרוקט; געדרוקטערהייט האָט עס גאָר אַנ אַנדער כיינ; סע הייסט ניט גלאַט אַזוי אינ טאַטנ אַרײַנ געשאָלטנ, נייג, סע הייסט א ק ר י ט י ק, א פּאָלעמיקע; סע איז איידעלער א קאָפּ — אונ סע איז טאַקע שענער אויכ: לאָזנ טאַקע הערנ צענ טויזנט ייִדנ, ווי רוונ שילט שימענענ אינ טאַטנס טאַטנ אַרײַנ, פאַרוואָס ניט? לאָזנ אַלע ייִדנ זענ, ווי שימענענ שטעלט רוונענ א פײַג, מאַכטייסע. פאַרוואָס דענ ניט? אַשטייגער, ווענ וואָלטנ מיר געוווּסט, ליבע לעזערנ אונ לי־בע לעזער, אַז דער אַרויסגעבער פונעם „הויז-פרײַנט" האָט ניט דער־צאָלט דעם בעסטנ פונ זײַנע מיטאַרבעטער דעמ ה' ליִנעצקי קיינ דרײַ רובל מיט 15 קאָפּ. זילבער, ווענ סע זאָל, כאָלילע, ניט זײַנ קיינ דרוק? אונ וואָס וואָלטנ מיר דעמלט געטאָנ? גאָרניט; דער „הויז־פרײַנט" וואָלט זיכ געווענ א „הויז-פרײַנט", אונ דער געוויסער ייִדי־שער פאָלקס-שריפטשטעלער ליִנעצקי וואָלט געבליבנ אָנ די 3 רובל מיט די 15 קאָפּ!.. אײַ, וואָס האָט ער דענ מיטנ דרוקנ בעסער גע־מאַכט? בא וועמענ געפינענ זיכ אצינד די 3 רובל מיט 15 קאָפּ.? באַם „הויז-פרײַנט"? צי בא ליִנעצקינ? מיר דאַכט זיכ, איכ האָב מוירע, אַז זיי (די 3 רובל מיט 15 קאָפּ.) זענענ ניט דאָ אונ ניט דאָרט; אַט אַזוי הענגענ זיי זיכ ערגעץ אינ דער לופטנ אונ אַט אַזוי וועלנ זיי שוינ הענגענ ביז עליִאָהו-האַנאָווי וועט קומענ, וועט ער שוינ מאַכנ א פשאָרע...

נאָכ א וויכטיקע זאַכ וואָלטנ מיר נישט געוווּסט, ווענ מיר זאָלנ באַר האָבנ צו טונ מיט געשריבענעם פאַפּיר, ניט געדרוקט מיט פירעקעכיקע אויסיעס; מיר וואָלטנ ניט געוווּסט, אַז אַזאַ גערימטער פאָלקס-שרײַבער, אַזאַ באַליבטער זשאַרגאָניסט, ווי לי־נעצקי איז, וואָס האָט אָפּגעדינט מיט זײַנ טאַלאַנטפולער פעדער דעמ פאָלק קימאַט 25 יאָר, האָט זיכ פלוצלים, אַפּ דער עלטער געראַדעוועט אַפּ א מינ פּאָעזיע פונ מאַכזער-שטיק, וואָס האָט זיכ פאַרוואַלגערט בא ווילנער מאַרק-ייִדענע מאָראַס כאַשקע די ווילנערקע שעטיכיע! האָט איר געהערט א מײַסע? ליִנעצקי, דער מעכאַבער פונעם אומשטערבלעכנ „פוילישנ ייִנגל", וועלכעס איז איבערזעצט אינ דער פּאָלנישער שפּראַכע (אונ אַצינד זעצט עס איבער דער באַוווּסטער קיִעווער פּראָפעסאָר אַנטאָנאָוויטש אינ רוסישנ), ליִנעצקי דער פילגעליבטער פאָלקס-סאַטיריקער, דער אי־בערזעצער פונ דער ייִדישער היסטאָריע נאָכ גרעץ, — אַט דער ליִנעצקי, וואָס האָט אַפּ זײַנ לעבנ באַשריבנ טויזנטער בויגנ פּאַ־פּיר, האָט ער קיינ אַנדער זאַכ ניט געקאָנט אויסטראַכטנ פאַרנ

„פאמיליענ-פרײַנט", בילטי באדכאָנישע גראַמענ פונ האָישאָ מאָ־
ראס באשקע שעטיכיע? און זי, האצנוע מאָראס באשקע שעטי־
כיע האָט געשווינגנ א צײַט פונ אייניקע באַדאָשימ, נאָר פלוצלימ
האָט זי געעפנט א מויל: „גיב מיר אָפּ, סע מײַנס!.." אַראָפּ, ל י־
נ ע צ ק י, פונ אײַער פ י ע ד ע ס ט א ל; אײַער אָרט וועט פארנעמענ
אציגד די איישע־צנוע פונ ווילנע מאָראס באשקע שעטיכיע.

נאָר ווי אזוי די מײַסע איז דאָרטנ, מיר האָבנ צו פארדאנקענ
נאָר דעמ דרוקערײַ, וואָס מע טוט אלעס דרוקנ, און דאָס איז
פאר נאַש־בראט גאָר ניט קיינ שלעכט געשעפט: זידלט אײַך, ברוי־
דערלעך, פאטשט אײַך, שטעלט אײַך פײַגנ — מיר וועלנ אײַך
דרוקנ, דאָס געדרוקטע וועלנ מיר פארקויפנ, פארנ געלט וועלנ מיר
קויפנ געשריבנס און דאָס געשריבענע ווידער אָפּדרוקנ אזוי.
אזוי... און וואָס מער פעטש, איז אלצ פריילעכער צומ שרײַבנ,
און וואָס מער פײַגנ, איז אלצ געדיכטער צומ דרוקנ; א בראָכע־
וועהאצלאָכע זאָל קומענ אפ ידישע פעטש מיט ידישע פײַגנ —
אָמינ סעלאָ!

II

איכ פאָר, וווהינ די פור גייט. — מײַנ שאָכנ, א ייִד, א „יודייע־מאכשאָוועס".
— די רויטע נאָז. — א ידענע אָנ ציינ. — די געברענטע קרעטשמע. — די באלע־
באָסטע מאכט ווארעניקעס. — אנ אייצע פונ א טאלמיד־כאָכעמ. — אנ ענטפער
דעמ אָדעסער אײַנבינדער. — א מעווינעס מיט א קריטיק פונעמ „יודייע־מאכ־
שאָוועס".

ארומפאָרנדיק איבער די קליינע שטעטלעכ, ווו קיינ אײַזנבאנ
איז נאָכ לעסאָטע ניטאָ, מוז איכ האנדלענ מיט די באלעגאָלעס
און פאָרנ אהינ, וווהינ די פור גייט; דאָס איז די בעסטע און די
ביליקסטע נעסיע, זאָג איכ אײַך.

— וווהינ פאָרט מענ דאָס? — פרעג איכ דעמ באלעגאָלע.

— וווהינ דארפ מענ דאָס? — ענטפערט ער מיר, באטראכטנ־
דיק מיכ מיט מײַנ טשעמאָדאנ.

— וווהינ איכ דארפ — דארפ איכ; זאָגט מיר בעסער, ווו־
הינ פאָרט איר?

— וווהינ איכ פאָר — פאָר איכ; זאָגט מיר בעסער, וווהינ
דארפט איר?

— טע־טע־טע! איר זענט דאָכ עפּעס גאָר א מאָדנער באלע־
גאָלע, כלעבנ.

— טע-טע-טע! איר זענט דאָכ עפּעס גאָר א מאָדנער פארשוינ,
כלעבנ.

מײלע בעקיצער, לעצאָנעס אהער, לעצאָנעס אהין, מיר קומען יאָקאָס דורך, און איך באַקום אן אָרט בײַ אים אין בויך; דאָס הייסט, ניט אין בויך מאַמעש, נאָר אַנטקעגן בויך, העט־העט גאַנץ אויבן, אויף מײַן טשעמאָדאַן, דען אַלע ערטער אין בויך זענען שוין פֿריִער באַשטעלט — און מיר פֿאָרן. אויף מײַן העכ־צערדעק 1 שווער איך אײַך, אַז עס איז ניטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, אַלס פֿאָרן גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַרײַן, און אַ מאַרשרוט. מע דערציילט פֿון אַן ענגלענדער, וואָס האָט פֿאַר־בראַכט אַ קײַלעכדיק יאָר אויף דער באַן אין אײן וואַגאָן; דאָרט האָט ער געגעסן, געשלאָפֿן, געשריבן, מיט אײנעם וואָרט געלעבט; דאָרט האָט ער באַקאַנטשאַפֿט געשלאָסן מיט פֿיל פֿאַרשידענע לײַט; דאָרט איז ער עלטער געוואָרן מיט אַ יאָר, מיט אַ גאַנץ יאָר אין זײַן לעבן...

די ערשטע צײַט ביז איך מיר געזעסן אויף מײַן טשעמאָדאַן און נישט געקוקט אויף קײנעם פֿון די פּאַסאַזשירן; וועמענס אײ־סעק איז דאָס? יִדן פֿאָרן — לאָזן זיי פֿאָרן געזונטערהייט; זעלטן, זעלטן, בײַ אַ גוטן טרייסל פֿון דער בויך האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט די שטערנס, איך מיט נאָך אַ יִדן, וואָס איז געזעסן גראָדע קעגן מיר גאַנץ נאָענט, אַזוי אַז אונדזערע פֿיס זענען געווען גאַנץ נאָענטע שכנים, נאָר אויסגעמישט: „מײַנס—דײַנס“, מײַסע שותּפֿות, און בײַ יעדן קלאַפּ אין שטערן האָבן מיר בײדע אויסגעשריִען אויף אַ קאָל: „אוי! אוי!“; נאָר רעדן צווישן זיך האָבן מיר ניט גערעדט; מיר זענען בײדע געווען פֿאַרנומען מיט אונדזערע אײגענע געדאַנקען, מיר האָבן בײדע געקוקט פֿון בײדע זײַטן בויך אויף די שײנע נאַ־טור, אויף דאָס זומער־לעבן, אויף די געלע פֿעלדער, אויף וועלכע די אַרבעט איז געגאַנגען זייער פֿלײַסיק; „שניט־צײַט“ — עפּעס ניט קיין קלײניקײַט, פֿאַרשטייט איר מיך; דער פּויער אַרבעט; ער אַר־בעט גוט, געטרײַ, ער שוויצט, ער האָרעוועט; די זון באַקט, און ער האָרעוועט; „דערום איז ער אַ פּויער — קלער איך מיר — אַז ער זאָל האָרעווען; אַ פּאָשעטער בעפּעש...“

— נאָר נישט דאָס, וואָס אַ יִיד, — רופֿט זיך אָן צו מיר פּלו־צלים דאָס יִידל, וואָס זיצט מיר אַנטקעגן, — נאָר נישט דאָס! אָבער נאָר ולא, כרחוק מזרח ממערב 2!

---

1 ערנוואָרט. — 2 לוי, קירכויק מיזראָך מימאַאַראָוו — ניט ווײַט ווי מיזרעך פֿון מײַרעוו.

עס וווּנדערט מיכ זייער, וואָס דאָס ייִדל האָט מיר אזוי צו־געטראָפנ מײַנ מאכשאָווע, אונ איכ ענטפּער אים:

— וואָס שמועסט איר וואָס! עס איז גאָר ניט דער סנאסט, גאָר אנ אנדער בלוט, אנדערע ביינער; מע מעג אים אוואדע מע־קאנע זײַנ, וואָס מיינט איר!

— מעקאנע זײַנ? — ענטפערט מיר דאָס ייִדל, — מעקאנע זײַנ? איכ ווייס ניט אפ וואָס?

— וואָס רעדט איר וואָס? בא זיכ אינ דער היים... ניטאָ קיינ דײַגעס... עסט געשמאַק...

— עט, נאט אײַכ א גראָשנ!.. — ענטפערט ער מיר, אונ מער וויל ער נישט רעדנ.

עס גייט אוועק נאָכ עטלעכע מינוט; איכ קוק אים אַרײַנ אינ די אויגנ אַרײַנ אונ פּרוּוו גיכ מיט אים נאָכ א שמועס טונ.

— אוואדע, ווענ מיר זאָלנ א צ י ב ו ר זײַנ דאָרט, דאָרט, ווו אונדזערע עלטערנ האָבנ אזוי געלעבט, געפּאשעט פי, שאָפ אונ רינדער...

— „דאָס לאנד קנאאנ[1]"? ענטפערט מיר! ע—נו, נאריש־קײַטנ.

— נארישקײַטנ? פארוואָס עפּעס נארישקײַטנ?

— עט, קוימעמיִעסלעכ[2], צאצקעלעכ? דאָס האָב איכ פײַנט!

אונ מײַנ ייִדל מאכט צו די אויגנ, נעמט דאָס שפּיציקע בערדל איבּ די ציינ אַרײַנ, אונ וואַרפנדיק מיטנ קאָפּ אהינ אונ אהער, כאפּט ער א דרימל טונ.

* * *

פונעם ייִדל טראָגנ זיכ איבער מײַנע אויגנ אהינ, אינ בויד אַרײַנ, אונ איכ דערזע א רויטע נאָז, איכ מיינ א ווײַבל מיט א רויטער נאָז; איכ וואָלט געמעגט שווערנ, אז די רויטע נאָז ווערט בא איר אלע מינוט רויטער אונ גרעסער פונ שנײַצעניש, וואָס זי שנײַצט זי, אונ פונ געוויינ, וואָס זי וויינט... א כידעש איז מיר געווענ, וואָס איכ האָב דאָס ביז אהער נישט באמערקט, אז איי־נער וויינט דאָ אינ בויד; פארקערט, א געלעכטער מיט א רעדערײַ האָב איכ יאָ געהערט צווישנ די ווײַבער; נאָר א געוויינ? וואָס איז עפּעס אינמיטנ-דרינענ א געוויינ? איכ וויל א פרעג טונ בא מײַנ ייִדל, מאכט ער זיכ, ווי ער שלאָפט; „א ייִד א גאנעוו!" — קלער איכ מיר בא זיכ אינ מויעכ.

1 פאלעסטינע. — 2 געמיינט: פוסטע גרויסהאלטערײַ.

— קיין שלעכטס! — ענטפערט מיר מיין ייִדל אַף מיין מאַכשאָווע.

— וואָס קיין שלעכטס? — פרעג איך אים פאַרוואונדערט.

— אַסער, אויב איך ווייס, וואָס זי וויינט, דאָס ווייבל.

— יאָ, אָבער גלאַט אַזוי, פון דער העלער הויט, וואָס איז דאָס פאַר אַ געוויין?

— וואָס בידעשט איר זיך אַזוי? — טוט מיך אַ פרעג פון דער בויך אַ ייִדענע אָן צייגן, — וואָס איז דאָס אַזאַ בייזער וואונדער אַף אייך? ניט פון ווילטמיק וויינט זי, דאָס ווייבל, ניט פון גרויס ראָסקאָש, מעגט איר מיר גלויבן, מיינאַסטאַמ אַז זי וויינט, טוט איר ווי.

— דאָס אוואדע! אָבער וואָס איז די מייסע? עס מוז דאָך זיין עפּעס אַ מייסע?

— מיילע מייסע היינט, מייסע מאָרגן! — ענטפערט די ייִדע־נע אָן צייגן, — מיילע, אַז זי וויל פאָרט ניט זאָגן, וואָס זי וויינט, קאָן מען זי נייטן, האַ?

— כאַס־ווּעשאָלעם! ווער זאָגט דען נייטן?

— אייַ, איך בעט אייך, באַ ייִדן ווערט באַלד אַן אייסעק, — מישט זיך אַריין אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ גרינגער קאַפּאָטע. — געפעלט אייך אַ ביסל, איבער וואָס מע קריגט זיך דאָ? דאָס ווייבל איז אַ קאָרזשעווער איז זי, פון קאָרזשעוו; זי איז מיינע אַ שוועס־טער; נו, איז דער מאַן אירער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָט זי אים באַגלייט, וויינט זי.

— אויב אַזוי, איז שוין רעכט דער פּאָסעק! — רופט זיך אָפּ מיין ייִדל און דרעמלט ווייטער.

„אַלע אַהין, קיין אַמעריקע? — קלער איך מיר באַ זיך אין האַרצן; — אַלע אַהין? און וואָס וועט זיין דער טאַכלעס? ווערן וועבנערעס, פּעדלערס, פּאַקן־טרעגער, אַ שייגער טאַכלעס?..."

— נו, מיילע, מאַכ בעסער! — ענטפערט מיר מיין ייִדל אַף מיינע איבערלעבנע געדאַנקען, וועלכע ער טרעפט אַזוי קונציק, גלייך ווי ער וואָלט זיין באַ מיר אין האַרצן. „נאַ דיר אַזאַ מין שלאָק! קלער איך מיר; עפּעס אַ מעשולאַכעס, אַ „יודייע־מאַכ־שאָוועס"*! ווער קאָן ער זיין? פונוואַנען? עפּעס יאָ קענטלעך און ניט קענטלעך".

— איך בין אַ לעפּעשיווקער בין איך, פון לעפּעשיווקע, — ענטפערט מיר מיין ייִדל אַף מיין מאַכשאָווע. — איר זענט גיך־

* וואָס טרעפט יענעמס געדאַנקען. (באַמ. פון אויט.).

ווענ איכ לעפּעשיווקע? בײַנ? א היפּש שטעטל, נישקאָשע, איר מעגט זיכ אהינצו דורכפאָרנ מעגט איר זיכ; דאָרט וועט איר קענ-נענ אויסברענגענ א ביסל סכוירע דאָרט...

— א ביסל סכוירע? פונוואַנענ ווייסט איר, וואָס פאַר א סכוירע איכ פיר?!

— ננו? — ענטפערט מיר מײַנ ייִדל, דער „ווידייע-מאַכשאָ-וועס", אונ מאַכט צו די אויגנ אונ דרעמלט ווײַטער.

מער קענ איכ פונ אימ קיינ איינציק וואָרט ניט אַרויסציִענ דעמ גאַנצנ וועג, אונ איכ הייב זיכ אָנ צוצוהערנ צומ שמועס, וואָס גייט צווישנ די ווײַבער, אינעמ געווייג פונ דער רויטער נאָז אונ צו די טײַנעס פונ דער ייִדענע אָנ ציינ, ביז איכ הייב אָנ אײַנצודרימלענ: די בויד וויגט זיכ; זי וויגט זיכ אונ טרייסלט אונ וואַרפט אונדז אונטער; די גלעקלעכ פונ די פערד קלינגענ; די לופט איז מעכײַע-נעפאָשעס; די זונ הייבט זיכ אָנ צו זעצנ אונ באַפאַרבט דעמ הימל מיט גאָלדענע פּאַסנ; א קיל ווינטעלע הייבט אָנ דורכצובלאָזנ אונ פאַרגאַנווערט זיכ הינטער אונדזערע פּאָלעס אונ רירט אָנ דאָס שפּיציקע בערדל פונעמ ייִדל, וואָס זיצט מיר אַנטקעגנ; שטילערהייט דאַווענענ מיר מינכע אונ צו דער „שמונע-עסרע" באַגעגענענ מיר אונדז ווידער מיט די שטערנס: „אוי! אוי!"...

— שאַ! אָט דאָ נעכטיקנ מיר! — שרײַט אויס דער באַלע-גאָלע. אונ מיר הייבנ אָנ אַרויסצוקריכנ מיט גרויס מי פונ דער בויד אײַנציקווײַז.

„ווו זענענ מיר, אשטייגער?" — קלער איכ מיר, אַרומקוקנדיק זיכ איבער אַלע זײַטנ

— אינ דער געברענטער קרעטשמע. — ענטפערט מיר דער „ווידייע-מאַכשאָוועס". — אָט דאָ וועלנ מיר עסנ גוטע וואַרעניקעס מיט קעז, אָט וועט איר זענ, אָט.

די באַלעבאָסטע פונ דער קרעטשמע, א נידעריקע ייִדענע מיט קליינע אייגעלעכ, שמועסט זיכ אויס קוידעמקאָל מיטנ באַלעגאָלע, אונ נאָכדעמ גייט זי וצו צו מײַנ ייִדל, דעמ „ווידייע-מאַכשאָוועס", אונ גיט אימ אָפּ א ברייטנ באָרעכ-האַבע, ווי א לאַנגאָניקנ באַקאַנטנ.

— נו? האָב איכ אײַכ געזאָגט, אַז דאָ וועלנ מיר עסנ גוטע וואַ-רעניקעס מיט קעז? — האָט זיכ צו מיר דאָס ייִדל געווענדט, באַ-טראַכטנדיק מײַנ טשעמאָדאַנ, וועלכנ איכ היט אָפּ, ווי דאָס שוואַרצ-אַפּל פונעמ אויג; — וואָס ציטערט איר אַזוי איבערנ טשעמאָדאַנ וואָס ציטערט איר?

— וואָס הייסט, וואָס ציטער איכ? א קאשע אפ א מײַסע? אונ-
טערוועגס...

— או-ווא! איכ זאָג אײַכ! מע דארפ דאָס טאקע נייטיק דארפ
מענ דאָס!

— וואָס רעדט איר? איר ווייסט כאָטש, וואָס עס געפינט זיכ בא
מיר אָט דאָ אינ טשעמאָדאנטשיק?

— אײַ-אײַ-אײַ!

— טאקע אײַ-אײַ-אײַ! זאָלט איר טאקע וויסנ! די בעסטע ספאָרימ
וועט איר בא מיר געפינענ.

— שמאטעס! — ענטפערט מיר דאָס ייִדל.

— אונ קסאָווימ פונ די בעסטע שרײַבערס.

— פאפירלעכ! — ענטפערט מיר דאָס ייִדל אונ קוקט מיר גלײַכ
אינ די אויגנ ארײַנ אונ נעמט מיכ דורכ דורכ-אונ-דורכ. „וואָס איז
דאָס פאר א מינ אָנשיקעניש? — קלער איכ מיר; — אוואדע א
פליאסק אונ פאָרט מיסטאמע צומ רעבנ אפ שאבעס..."

— איר האָט א גרויסנ טאָעס! — ענטפערט מיר דער „יודייע-
מאכשאָוועס".

— זאָגט מיר, איכ בעט אײַכ, פונוואנענ ווייסט איר, וואָס איכ
טראכט בא מיר אינ הארצנ? ווער זענט איר?

— הארט צו א קאָפ, אָט וועלנ מיר אָפּעסנ, וועלנ מיר זיכ בא-
קאנענ וועלנ מיר.

* * *

די פארשוינענע הייבנ אָנ אופצובינדנ זייערע פעקלעכ; די מאנצ-
בלענ דאווענענ מײַרעוו, אונ די ווײַבער רעדנ אלע אינאיינעמ; העכער
פונ אלע הערט מענ די ייִדענע אָנ ציינ, נאָר די רויטע נאָז זיצט זיכ
אינ א ווינקעלע אונ וויינט. „וועלכ גוטעס יאָר איז זי איבערגע-
בליבנ דאָ? — קלער איכ זיכ, — ווער האָט זי ניט געלאָזט אויכ
פאָרנ אהינ קיינ אמעריקע? לאָזנ זיי אלע פאָרנ!.."

— מיסטאמע האָט זי ניט מיט וואָס, — ענטפערט מיר דאָס
ייִדל, דער „יודייע-מאכשאָוועס".

— נו, אונ די קאָמיטעטנ? — ענטפער איכ אימ.

— אָ? די באלעטויוועס! מע קענ זיי שוינ, מע ווייסט זיי, מע
ווייסט זיי! שא, אָנ טראָגט זי שוינ, די באלעבאָסטע, די וואַרע-
ניקעס, יאָנ-אָנ; אָט דאָס איז א סכוירע דאָס; בעסער פונ אלע אײַערע
באלעטויוועס מיט די קאָמיטעטנ, אפילע פונעמ לאנד קנאאנ אפילע...

אונ אַרײַנקוקנדיק אינ שיסל מיט וואַרעניקעס, פונ וועלכע עס גייט א פארע מיט א שיינעמ אראָמאט, האָט זיכ מײַנ יִידל אזוי צעהיצט אונ צעווערטלט, אז עס איז שוינ געווענ גאָר ניט דאָס יִידל, דאָס שטיל, פארזאָרגטע יִידל, וואָס אינ בויד.

— וואָס איז די מײַסע? — האָט ער זיכ אָפּגערופנ צו דער באַלע־באָסטע, — וואָס איז די מײַסע מיט אײַערע וואַרעניקעס הײַנט?

— וואָס זשע איז?

— וואָס זשע איז, פרעגט איר? באַט, קוקט, זײַט מויכל, עפּעס גאָלע טייג; קיינ קעז זעט מענ גאָר ניט, מיר בײַסנ, אונ קיינ קעז איז נאָכ אַלץ נישטאָ!

— בײַסט ווײַטער, וועט איר געפינענ קעז אויכ! — האָט זיכ פּלוצלימ דערהערט א קאָל פונ הינטערנ אויוונ.

מיר קוקנ זיכ ארומ אונ דערזעענ זיצנ צווישנ אויוונ, בא א שטענדער, אנ אלטנ יִידנ מיט א צעפּלאַצטער יאַרמעלקע אונ מיט א צעריסענעמ טאַלעס־קאָטנ איבער א געמאָרע.

— דאָס איז דער באַלעבאָס פונ דער קרעטשמע, — רוימט מיר אײַנ דאָס יִידל א סאָד אָפּנ אויער, — א גוואַלדאָוונער שויטע.

— א דאַנק אײַכ פאר דער אייצע! — ווענדט זיכ דאָס יִידל צומ באַלעבאָס, — ווו טוירע, דאָרט איז כאָכמע...

די אייצע פונעמ באַלעבאָס איז אָבער בעעמעס א וויכטיקע אייצע: „בײַסט ווײַטער, וועט איר געפינענ קעז אויכ!"... אונדזער יִדישער הייסער טעמפּעראַמענט (טעווע), אונדזער סעמיטיש בלוט איז אזוי אומרויִק, אז מיר האָבנ קיינמאָל קיינ צײַט ניט, אונ אײדער מיר ווייסנ נאָכ דעמ אָנפאַנג, ווילנ מיר שוינ וויסנ דעמ סאָפ; ניטאָ קיינ געדולד! אָט האָב איכ ניט לאַנג ערהאַלטנ א בריוול פונ אנ אָדעסער אײַנבינדער, שרײַבט ער מיר בעזעה־האַלאָשנ: „אַלע אָדעסער מאַסקילימ, אונ איכ אויכ צווישנ זיי, וווּנדערנ זיכ זייער אפ דעמ הער ש אָ ל ע מ אַ ל ײ כ ע מ, וואָס האָט ארויסגעלאָזט פונ זײַנ טאַלאַנטפולער פעדער אזא געמיינ ווערק, ווי דאָס לעצטע ווערק, וועלכס איכ, אָדע־סער אײַנבינדער, האָב בעשומ־אויפנ נישט געקענט אויסלעזנ ביז ענדע..."

— בײַסט ווײַטער, הער אײַנבינדער, וועט איר געפינענ קעז אויכ!..*

* זע קאָמענטאַר, ז. 336

* * *

— וויזט נאָר, וויזט עפּעס פונ אײַער סכוירע אהער! — האָט זיכ צו מיר געווענדט דער „יוידייע־מאכשאָוועס“, שוויצנדיק איבער די וואַרעניקעס.

איכ בינ זיכ מוידע, אַז קוים ווערט א שמועס וועגנ מײַנ סכוירע, ווערט נאָר א נײַע הויט אפּ מיר, אונ דעמלט בינ איכ קאַפּאַבל אוועק־צוואַרפנ ניט נאָר וואַרעניקעס מיט קעז, אבי צו באַווײַזנ מײַנ ביסל אָרעמקײַט, אויסשטעלנ זיכ מיט מײַנ קראָם.

איכ האָב אופגעבונדנ מײַנ פּעקל אונ האָב אָנגעהויבנ פאַר־צולייגנ פאר מײַנ יידל, דעמ „יוידייע־מאכשאָוועס“, אונ פאר אלע איבעריקע פאַרשוינענע דעמ בעסטנ פונ מײַנע מאַנוסקריפּטנ (קסאָווימ); צומ באַדויערנ מוז איכ זיכ מוידע זײַנ, אז דער גאַנצער אוילעמ, יידנ אונ ווײַבער, האָבנ אויסגעהערט נאָר די ערשטע עטלעכע שורעס, האָבנ געשמאָרעט מיט די נעזער, א ביסל צוגעשמייכלט אונ האָבנ זיכ גיכ צערעדט צווישנ זיכ, גאָר נישט הערנדיק פונ מײַנ פאָרלעזונג, אונ ענדלעכ האָבנ זיי זיכ אײַנציקווײַז ארויסגערוקט אינ דרויסנ אפּ דער שיינער לופט; נאָר מיר בײדע זענענ געבליבנ; נאָר איינ „יוידייע־מאכשאָוועס“ האָט מיכ אויסגעהערט מיט קאָפּ. קוקנדיק אינ שיכל אַרײַנ מיט די וואַרעניקעס, האָט ער אלע מינוט אויסגערופנ:

— אכ! ס'איז דאָכ עפּעס גאָר קײנ מײַסע ניט! המ... כלעבנ, קיינ מײַסע ניט!.. פײַנ! פײַנ! אַנטיק! הײַנטיקס מאָל זייער געראָטנ!.. א מענדאל קומט איר, א מענדאל, כלעבנ!.. גוט!..

אזוי האָט ער מיר אלצ אונטערגעגעבנ כיישעק אונ האָט מיר פאַ־דאקעוועט, ביז ער האָט זיכ אָפּגערעכנט מיט אלע וואַרעניקעס. אונ נאָכ דעמ איז ער פלעצלעכ געוואָרנ שטיל אונ אונמוטיק. באַראַבאַנענדיק מיט די פינגער אינ טיש, האָט ער מיר געקוקט אינ מויל אַרײַנ א היפּשע צײַט, אונ איכ האָב אלצ געלייענט אזוי לאַנג, ביז איכ האָב זיכ ארומגעקוקט, אז ער הייבט אָנ צו דרימלענ אונ אראָפּלאָזנ דעמ קאָפּ אפּנ טיש.

— נו? — האָב איכ אימ א פרעג געטאָנ.

— וואָס נו? — האָט ער מיר געענטפערט.

— וואָס הייסט וואָס נו! ווי געפעלט עס אײַכ? אָבער איאָ, ס'איז גוט?

— וואָס איז גוט?

— אָט דאָס, וואָס איכ האָב אײַכ דאָ פאָרגעלעזנ!

— א? אָט דאָס מיינט איר? פע, פאסקודסטווע!

— וואָס הייסט פע? — האָב איך אים פאַרוווּנדערט איבערגע־פרעגט אונ בינ א קליינע צײַט געבליבנ ערשטוינט, אָנ לאַשנ... — וואָס רעדט איר דאָס? איר האָט דאָך פריִער גאָר געלעקט די פינגער!!

— דאָס האָב איך געלעקט די פינגער פונ די וואַרעניקעס האָב איך.

— איר האָט דאָך געזאָגט א מענדאַל, וואָס טוט זיך דאָס מיט אײַך?!

— דאָס האָב איך געמיינט א י ר א מענדאַל, דער באַלעבאָסטע. פאַרשטייט איר מיך.

— וואָס עס האָט זיך מיר געכאַלעמט יענע נאַכט אונ הײַנטיקע נאַכט!.. — האָב איך זיך צעבייזערט אונ האָב צוריק פאַרבונדנ מײַנ פעקל מיט די קסאָווים; אזעלכע טײַערע קסאָווים, וועלכע איך האָב קוים מיט צאָרעס, מיט לײדנ באַקומענ, אײַנגעפּאַסט, אײַנגעלאָדעט, אָנגעמאָרדעוועט זיך, אונ צום סאָפ גא דיר א מעווײנעס מיט א יאַשער־קויעך פונ א ײדנ, אונ פונ א קלוגנ ײדנ? אויב אלע ײדנ זײַנענ אזעלכע מעווינים אפ מײַנ געדרוקטע סכוירע, ווי אפ מײַנ ווײַנ, מעג איך זיך באַצײַטנס אומקערנ אהיימ צו מײַנ ווײַב־אונ־קינדער — א שיינע ריינע קאַפּאָרע!..

— פונדעסטוועגנ פאַלט בא זיך ניט אראָפּ, — האָט מיך דער „יודייע־מאַכשאָוועס" געטרייסט, — דאָרט איז דאָ איינ שטיקל א ניש־קאָשעדיקס, אָט־אָ יענעמ אלמנס... יענץ איז טאַקע גאָר קיינ מײַסע ניט, נאָר ווער וועט דאָס קענענ צעקײַענ אונ פילנ דעם טאַמ, וואָס מיר פילנ? ווער דאַרף דאָס? ווער פרעגט זיך נאָך אפ דעמ? אונ וואָס זענט איר, רעב ײִד, פאַר א שילאַטנ־שאַמעס צו זאָרגנ פאַרנ אוילעמ? ווער בעט אײַך? ווער האָט געשיקט נאָך אײַך? פונ וועמענ האָט איר געהאַט א בריוול, אז איר דאַרפט זיך אויסעק זײַנ אינ דעם איניענ?

— סטײַטש! וואָס רעדט איר דאָס? טויוואָס־האַקלאַל!.. דאָס פאָלק!..

— וואָס מיר פאָלק? ווער מיר פאָלק? דאָס הונגעריקע פאָלק? דאָס פאָלק איז הונגעריק, הונגעריק, הונגעריק! — אונ איר טוט זיי טויוועס, איר האָדעוועט זיי מיט מײַסעלעך אונ מיט לידלעך, מיט כאָכמעס אונ מיט ווערטלעך? איר גיט זיי אייצעס אונ זאָגט זיי מוסער? איר דערציילט זיי א באָווע־מײַסע אונ פאַרשלעפּערט זיי, אונ פאַרדרימלט זיי, דאָס הונגעריקע פאָלק ייִסראָעל? ברויט גיט זיי! איר הערט, וואָס איך זאָג אײַך? ברויט גיט דעם הונגעריקנ! א שטיקל ברויט!!!..

— ווּעמען איז פּלוצלים א שטיקל ברויט? — האָט א פרעג געטאָנ די באַלעבאָסטע, אריינלויפנדיק פונ קיכ מיט א לעבל ברויט אונ מיט א מעסער.

— גיינ! — האָט איר דער „יודייע־מאכשאָוועס” געענטפערט,— דאָס שמועסנ מיר דאָ מיקויעכ אנ איניענ, ווייס איכ...

## III

אונדזער הומאָריסטישער באַלעגאָלע מאכט א נאכטלעגער אינ דער קרעטשמע. — דער לעפּעשיוועקער דיכטער מיט פרוגס לידער, די לעפּעשיוועקער מוזע. — מיר פאָרנ ווייטער. — יידישע קינדער מערנ זיכ אונ שטארבנ. — די „רויטע נאָז” הייבט אָנ דערציילנ א שיינע מייסע.

פונ די געשמאקע ווארעניקעס מיט קעז אינ דער קרעטשמע האָט האַנאָע געהאט ניט נאָר דאָס יידל, דער „יודייע־מאכשאָוועס”, נאָר אויכ אונדזער באַלעגאָלע, וועלכער האָט דאצו נאָכ געמאכט א היפּשע קויסע אונ האָט אונדז „מאכריז־אומודיע” געווענ [1] מיט זיינ גראָבער געמבע, אז ער האָט בעדייע דאָ אונטערצונעכטיקנ, דאָס הייסט, נישט איינגאנצנ נעכטיקנ, נאָר אזוי געבנ אויסרוענ די „אָדלערס”, ביז די לעוואָנע וועט אופגיינ, ווענ די פערדלעכ זענענ דאָכ נישט מער ווי פערד, ווי זאָגט מענ, א שטומע צונג, לעהאַוודל, ווי א מענטש, וואָס הייַנט לעבט ער אונ מאָרגנ עסט ער ווארעניקעס מיט קעז...

— ניט אומזיסט שטייט געשריבנ אינעם הייליקנ סידער וחפצת ושרצת [2] — וויאזוי די מייסימ עסנ, אזא פּאָנעם האָבנ זיי...

אונדזער באַלעגאָלע (א גרויסער סאטיריקער!) האָט זיכ אזוי צעווערטלט אונ צעוויצלט, אז דער „יודייע־מאכשאָוועס” האָט זיכ פארקליבנ אינ א ווינקל אונ האָט זיכ געלייגט מיטנ קלומעקל צוקאָפּנס באַפּנ א דרימל, אונ די ווייבער צוזאמענ מיט דער „רויטער נאָז” האָבנ זיכ אייניציקווייַז ארויסגערוקט פונ דער שטוב אינ קיכ אריינ צו דער באַלעבאָסטע, צווישנ וועלכע עס איז גיכ פארבונדנ געוואָרנ א שמועס, זייער־זייער א לאנגער אונ אנ אינטערעסאנטער; דאָס האָט מענ געקענט ארויסזענ פונ זייערע פארטיפטע פּענעמער, אנגעלענט אפ צוויי פינגער, אונ פונ זייערע קעפּ, וואָס האָבנ זיכ געשאָקלט אפ אַלע זייטנ. גערעדט האָבנ זיי, ווי דער שטייגער איז, אַלע איניינעמ; געשאָקלט מיט די קעפּ, געזיפצט, געשמוצערט מיט די לעפּצנ אונ גע־

---

1 אויסגערופנ. — 2 וועכאָפּאצטאָ וועשאָראצטאָ — בוכשטעבלעכ: וועסטו וועלנ — וועסטו פּ'יזענ; אזא פראזע איז אינ סידער ניטאָ; ס'איז אנ אויסגעטראכטע קאָמבינאציע פונ העברעישע ווערטער.

שנײַצט די נעזער; צומייסטנ האָט זיכ געלאָזט הערנ די „רויטע נאָז“, וועלכע האָט פונ גרויס שנײַצעניש באקומענ א מינ פײַפ פונ א שווי־פער, וואָס וויל נישט בלאָזנ בעשומ־אויפנ קיינ טקיע־גדולע 1 אונ האקט זיכ איבער אונ פארקריכט קיינ „בויבעריק“...

— ווייסט איר, וואָס איכ וואָלט אײַכ געזאָגט, רעב ייִד? — האָט זיכ געווענדט צו מיר דער לעפעשיווקער יונגערמאנ, — אָט פאָלגט מיכ, קומט בעסער ארויס אפנ גאס; דאָרט, אינ הויפ וועלנ מיר קריגנ א ביסל היי אונ וועלנ זיכ צולייגנ פּאָשעט אפ גאָטס ערד, זומער־לעבנ, מעכײַע־נעפאָשעס.

— דאָס פעקל! — האָט מיר נאָכגעשריגנ דער „יודייע־מאכשאָ־וועס“ פונ זײַנ ווינקל, — דאָס פעקל אײַערס! די קסאָווים אײַערע, כאס־וועשאָלעמ! א קאשע? מע קענ זיי, כאָלילע, די שאָ זאָל ניט זײַנ, אוועקלאקכענענ; א ווערטעלע, אזא גוטס, אזא אשירעס־ראוו 2!

— ניט געדאכט זאָל ער ווערנ! — האָב איכ זיכ געווענדט צומ יונגנמאנ פונ לעפעשיווקע, — איר ווייסט ניט, וואָס איז דאָס פאר א מינ קליפּע אָט דער שלימאזל, דער „יודייע־מאכשאָוועס“?

— הארט אויס, איר וועט זיכ מיט אימ צערעדנ א ביסל, וועט איר ערשט זענ, וואָס דאָס איז פאר א מינ שלאק, — האָט מיר דער לעפעשיווקער יונגערמאנ געענטפערט, אונטערבעטנדיק זיכ צוקאָפּנס היי פונ אונטער די פערד, — איכ זאָג אײַכ, עס שטעקט אינ אימ א רועכ, נישט קיינ גוטע זאכ, קענג נאכט גערעדט, א פארשלעפטע קרענק אונ געגונג! וואָס זאָגט איר אָבער אפ די נאכט, אפ דעמ הימל מיט די שטערנ מיט דעמ רייעכ, וואָס דאָ איז? עס איז טאקע גאָר א גאנײדנ דאָ בא זיי, אינ די דערפער, א־א!

אונ דער לעפעשיווקער יונגערמאנ האָט צעשפרייט די נאָז אונ האָט ארײַנגעצויגנ אינ זיכ מיטנ גאנצנ קויעכ דעמ טײַערנ ארעמאט פונ די נאָענטע פעלדער אונ וועלדער, אונ האלטנדיק פאררריסנ דעמ קאָפּ ארופ אפנ הימל, האָבנ מיר א היפשע צײַט ביידע געשוויגנ שטיל, צוהערנדיק זיכ צומ גראגערנ פונ די זשאבעס ערגעצ נישט ווײַט אינ א טײַכל, אונ צוקוקנדיק זיכ צו דער וונדער־שיינע נאטור אינ דער אויסגעצייכנטער זומער־נאכט. מײַנ יונגערמאנ האָט זיכ אלצ געקוויקט מיט דער לופט.

— אָבער וואָס זאָגט איר, וואָס זאָגט איר אפ די נאכט?! איכ האָב אזא נאכט בא אונדז, אינ דער לעפעשיווקער בלאָטע, קיינמאָל

1 א געוויסער אויסגעצויגענער קלאנג באמ שופער בלאָזנ. — 2 א גרויס רײַכטומ.

נישט פאַרזוכט! איכ האָב, צײַט איכ לעב, אזאַ הימל ניט געזענ, אזוי־
נע רייכעס נישט געשמעקט, אזעלכע קוילעס נישט געהערט. שטראָפ
מיכ גאָט!

— וואָס זשע איז? — האָב איכ אימ א פרעג געטאָנ, — וואָס איז דאָרט אזעלכס? בא אײַכ איז דענ נישט דער זעלבער הימל מיט דער זעלבער ערד מיטנ זעלבנ זומער?

— ווייס איכ, וואָס איר רעדט? צאָרעס איז בא אונדז דאָ, יע־סורימ, צאָרעס אונ דאַלעס — אָט דאָס קריגט איר בא אונדז! א הימל, זאָגט איר? ווער קוקט אָנ בא אונדז דעמ הימל? ווענ? דעמי גאנצנ טאָג איז מענ אזוי אָנגעמאָרדעוועט פונ דער וויסטער פאַר־נאָסע, אז עס קומט די נאכט, פאַלט מענ ווי א סנאָפּ, אונ גאנצ פרי־ איז מענ שוינ ווידער אפנ יאריד — אונ אזוי איז מענ אינ דעמ יאָכ א גאנצע וואָכ, אונ אז עס קומט דער ליבער שאבעס־קוידעש, שלאָפט מענ, רוט מענ, מע עסט אונ מע שלאָפט, מע שלאָפט אונ מע עסט — וואָס נאָכ האָט דער ייִד, משטיינס־געזאָגט? צאָרעס, יעסורימ אונ דאַ־לעס אונ ווײַטער נישט א לעק! דער קאָפּ איז אזוי דערשלאָגנ, אז מע פאַרגעסט אָנ דעמ זומער מיטנ הימל מיט די רייכעס מיט אלעמ מיטאנאנדער. צו וואָס דארפ עס א ייִד? צו וואָס טויג עס אימ? אָט זיצנ דאָרט אינ קיכ אונדזערע ווײַבער אונ באַלאַקענ, דער רועכ ווייסט וואָס, אונ עס ציט זיי גאָר נישט אינ דרויסנ ארויס צו דער לופט, צו דער באמור, ווו אלעס רעדט, אלעס זינגט, אלעס האָט א מויל, האָט אויגנ... אפילע די לופט רעדט אויכ אזוינע זיסע רייד, אז עס ווערט פול דאָס הארצ ווי אנ אויג.

נאָכ וואָס ווייסט א ייִד, ווי קענ א ייִד פאַכשטיינ,
וואָס טוט זיכ אינעמ דיכטעכס העכצ?

בא די ווערטער האָט זיכ מײַנ יונגערמאנ אופגעכאפּט, אָנגענומענ זיכ באמ טאלעס־קאָטנ אונ, זיצנדיק אפ דער ערד מיט פאריסענע אויגנ ארופ, האָט ער זיכ אלצ געשאָקלט, ווי א לולעוו, אהינ אונ אהער, אונ האָט זיכ מיט א שטיל קאָל, מיט זייער א ווייכער רירנדער שטימע אונטערגעזונגענ מיט נוסעכ פונ שאכרים 1, ווענ מע צעדאַווענט זיכ היימ, אָדער מיטנ ניגנ פונ דער געמאָרע, ווענ מע צעלערנט זיכ גע־שמאק...

נאָכ וואָס ווייסט א ייִד, ווי קענ א ייִד פאַכשטיינ,
וואָס טוט זיכ אינעמ דיכטעכס העכצ?..

1 דאָס פרימאָרגנדיקע דאַוונענ.

ווי גכויס, ווי שכעקלעכ ביטער איז זײַנ טכויעכ,
ווי טיפ, ווי ברענענד איז זײַנ שמערצ?!..

בא די לעצטע ווערטער האָט דער יונגערמאַנ צעפּירט מיט די הענט, פאַרוואָרפנ דעמ קאָפּ אַפּ א זײַט, אונ אַפּ זײַנע קלײנע שווארצע אײגעלעכ זענענ געשטאַנענ טרערנ... איכ בינ פונ דער סצענע אַזוי איבעראַשט געווענ, אַז איכ האָב לאַנג נישט געקענט אויסרעדנ א וואָרט, אונ מײַנ יונגערמאַנטשיק האָט זיכ אַלצ געזונגענ מיטנ זעלבנ טרויעריקנ נוסעכ:

אַכ, וואָס ווײסט א ייִד, ווי קענ א ייִד פאַרשטײנ,
וואָס טוט זיכ אײנעמ דיכטערס הערצ?..

— זאָגט מיר, זאָלט איר מיר געזונט זײַנ, וואָס איז פאַר לידלעכ?

— ס'איז פונ דעמ בלאַט איז דאָס; ס'איז פרוגס; ס'איז דאָ א פרוג איז דאָ אַפּ דעמ בלאַט. הײסט ער פרוג, זינגט ער אַזעלכע לידלעכ. אוי לידלעכ! אוי, זײַנע לידער, זײַנע לידער!

אונ מײַנ יונגערמאַנטשיק האָט ווידער אויפגעהויבנ די אויגנ ארופּ, אונ איכ האָב דערזענ אינ זײ א פײַערל, וואָס האָט געבלישטשעט אַקעגנ דעמ בלויענ לויטערנ הימל, אַפּ וועלכנ עס האָבנ זיכ אויסגעשאָטנ אַלפּײ־אַלאָפימ 1 שטערנ.

— ווי קומט צו־נ־אײַכ קײנ לעפּעשיווקע דאָס „בלאַט"? — האָב איכ אימ געפרעגט.

— ע!.. עפּעס האַלט איר אונדז גאָר פאַר ווילדע מענטשנ אַפּאָנעמ? נישט אַזוי די מײַסע, ווי איר מײנט, רעב ייִד! ס'איז א סוואָרע, אַז בא אונדז אינ לעפּעשיווקע איז שוינ אויכ אויפגעגאַנגענ די זונ פונ האַסקאָלע אונ פונ וויסנשאַפט: בא אונדז איז דאָ עטלעכע באָכערימ אונ א צוויי־דרײַ יונגעלײַט מאַסקילימ, וואָס האָבנ ספּאָרימלעכ... מיר שרײַבנ אויס אַלע אינײנעמ דאָס „בלאַט" פונ פּעטערסבורג אונ טײלנ זיכ מיט דעמ. מײנט נישט, אַז מיר זענענ אַזעלכע נאַראָנימ; מיר פאַרשטײענ שוינ אויכ אַנ אײסעק; א רעכטעס בוכ, אַז עס גײט ארויס, לײגנ מיר זיכ צונויפּ אַלע אונ שרײַבנ עס אויס. נישקאָשע, מיר ווײסנ אויכ, וואָס הײסט א גאַזעט, א פעליעטאָנ, א לידל — אוי, פרוגס לידלעכ, פרוגס לידלעכ! איכ קענ זײ אַלע אַפּ אויסווייניק, איכ בינ קלאָר אינ פרוגנ, ווי א וואַסער.

— אַלע לידער אַפּ אויסווייניק?

---

1 טויזנטער טויזנט.

— נו, וואָס זשע ווונדערט איר זיכ אזוי? מיר האָבנ זיי אזוי לאנג געכאזערט, געכאזערט, ביז מיר האָבנ זיכ אײַנגעכאזערט. טאָמער גלייבט איר ניט, אָט הערט, זײַט מויכל.

אונ מײַנ יונגערמאנטשיק האָט גענומענ שיטנ מיט לידער, ווי פונ א זאַק, שוינ אָנ א שום נוסעכ, נאָר גלאַט אזוי, ווי מע זאָגט „אשריי“, ניכ־ניכ, אלע מיטאמאָל — נאָר אז ס'איז געקומענ צו די ווערטער:

„וואָס ווייסט א ייִד, ווי קענ א ייִד פאַרשטיינ“...

האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט, צעשאָקלט אונ ווידער געזונגענ מיטנ טרויעריקנ נוסעכ פונ שאכרים.

— וואָס איז די מײַסע? — האָב איכ אימ א פרעג געטאָנ, — וואָס איז די מײַסע, וואָס אז עס קומט צו די ווערטער, ווערט איר עפּעס גאָר אנ אנדער מענטש, א נײַע הויט קומט אָפּ אײַכ, אונ איר הייבט אָנ צו זינגענ מיט הארצ, אזוי געשמאַק, אזוי געטרײַ?

מײַנ שײַלע האָט אימ, ווי עס ווײַזט אויס, א ביסל צעדולדערט, אונ ער איז געוועזנ ווי געפּלעפט, נישט וויסנדיק וואָס צו ענטפערנ דערויפ.

— פאַרשטייט איר מיכ, מײַנ ליבער ייִד, פאַרשטייט איר מיכ, איכ קענ עס אײַכ נישט ארויסגעבנ, וואָס דאָס איז; מע דארפ זיכ גאָר גוט צוהערנ צו די ווערטער, צולייגנ קאָפּ אונ פאַרשטיינ, וויפל ה א ר צ דאָרט ליגט, וויפל... וויפל... מע דארפ דאָס פילנ, אָט דאָ־אָ.

אונ מײַנ יונגערמאנטשיק האָט מיר אָנגעוויזנ מיטנ גראָבנ פינגער זיכ אויפנ טאַלעס־קאָטנ.

— זאָגט מיר נאָר, וואָס איכ וועל אײַכ פרעגנ, — האָב איכ זיכ צו אימ פלוצלימ געווענדט מיט א נײַער שײַלע, — זאָגט מיר דעמ עמעס: איר שרײַבט אליינ אויכ לידלעכ?

— פונוואַנענ נעמט איר דאָס? — האָט ער מיכ פאַרוווּנדערט א פרעג געטאָנ, — פונוואַנענ ווייסט איר, אז איכ מאַכ אליינ אויכ לידלעכ?

— אַ? זעט איר? אָט האָט איר זיכ ארײַנגעכאַפּט! מיילע בעקיצער, צו וואָס טויג אונדז לאנגע מאַכזאָקעס? ווײַזט נאָר אהער אײַער פּעקל, בינדט דאָס אויפ אונ לאָמיר אָקאָרשט זענ, וואָס האָט איר דאָרט? נישקאָשע, איכ קענ אײַכ באַהילפיק זײַנ; איכ בינ דרינענ א געניטע־מענטש, א „בוואַלעצ“, ווי מע זאָגט. נו, מאַכט זשע ניט קיינ קרומע האָווײַעס אונ באווײַזט נאָר, וואָס איר האָט!

מײַנ יונגערמאנטשיק האָט אָפּ מיר א ביסל געקוקט, ווי איינ סאָ־

פעק, ענדלעכ האָט ער פארקאַטשעט די פּאָלע אונ האָט ארויסגעצויגנ פונ דער הויזנ־טאַש א היפּש פּעקל פּאַפּיר, פארבונדנ מיט אנ אלטער רעצוע.

— אָט דאָס איז גאָר אײַער קרעמל? — האָב איכ א פרעג געטאָנ, צונעמענדיק בא אימ דאָס פּעקל פונ געל אונ פעט פּאַפּיר.

— אײַ, פּאַמעלעכ, פּאַוואָליע, כאַפּט נישט פונ די הענט! א ייִד כאַפּט באַלד פונ די הענט! וואָס איז פאַר א כאַפּנ וואָס? האָט צײַט, איכ וועל אײַכ אַלײנ בעסער לייענענ, וואָס האָט איר קיינ צײַט ניט? א ייִד האָט דיר קיינמאָל קיינ צײַט ניט; עס איז דיר אנ אנטיק מיט א ייִדנ!

די לעוואָנע איז נאָרוואָס אופגעגאַנגענ אפנ לויטערנ הימל אונ האָט באַוויזנ, אז מיט איר ווײַסער אונ מאַטער ליכטיקייט קענ זי מער באַלײַכטנ די ערד, אלס אלפי־אלאָפימ בריליאַנטענע שטערנ. די לופט, וואָס איז געווענ ביז אהער געדיכט אונ וואַרעמ, האָט אָנגע־הויבנ קילער אונ פרישער צו ווערנ. די פערד, וואָס זענענ געשטאַנענ ניט ווײַט פונ אונדזער וואָגנ, האָבנ געענדיקט עסנ זייער געשמאַ־קע וועטשערע, דאָס ביסל האָבער, אונ האָבנ פארביסנ מיט היי אונ געשמיסנ מיט די ווײדלענ די ווילדע בייזע פליגנ, אונ פונעמ בײַדל האָט זיכ געלאָזט הערנ א שרעקלעכע כראָפּערײַ פונ אונדזער באַלעגאָלע, וועלכער האָט נישט געפילט דורכנ שלאָפ, אז די לעוואָנע איז שוינ דאָ אונ עס איז שוינ צײַט שפּאַנענ אונ פאָרנ.

איכ האָב זיכ אויסגעצויגנ אפנ ביסל היי אונ האָב געקוקט אפ מײַנ יונגנמאַנטשיק, וועלכער האָט אופגעבונדנ דאָס פּעקל אונ האָט אָנגעהויבנ ארויסציִענ פונ האָרט אײנ פּאַפּיר נאָכנ אנדערנ, פארשי־דענע פּאַפּירנ מיט פארשידענע טינט געשריבנ פונ אלע זײַטנ, אונ האָט מיט א ציטערנד קאָל אָנגעהויבנ צו לעזנ זײַנע לידער...

„אכ, ליבער גאָט, וואָס פאַר א טײַער פאָלק ייִדעלעכ דו האָסט!“ — האָב איכ מיר געטראַכט, צוהערנדיק זיכ צו די לידער פונ מײַנ יונגנ־מאַנטשיק, צו די כאַלוימעס פונ דעמ לעפּעשיוקער דיכטער, וועל־כער האָט געלעזנ אונ געלעזנ אנ א סאָפ אונ אָנ א ברעג! — אכ, רי־בוינע־שעל־אוילעמ! וואָס פאַר א טײַערע אומע דו האָסט! אָט דאָס זענענ כאַלוימעס פונ א לעפּעשיוקער ייִדל, וואָס יאָגט זיכ נאָכ פאַר־נאָסע, וואָס זוכט א שטיקל ברויט דאָס גאַנצע לעבנ, וואָס פירט א שטענדיקע מילכאָמע מיטנ מאָגנ; דער מאָגנ מאָנעט: „גיב מיר דאָס, גיב מיר יענצ“ — אונ ער שטופּט אימ אָפּ מיט א קנאָבל, מיט א צי־בעלע. דער מאָגנ שרײַט: „רויצייעכ! גאַזלענ! איכ וועל אײַנגעדאַרט,

איינגעשרומפנ, איינגעצויגנ!..״ אונ ער כאפט א דארע שישקע פונ ברויט אונ רייבט זי אנ מיט קנאבל אפ וואס די וועלט שטייט... עט, נארישקייטנ, די קישקע אויכ מיר א זאכ! מע דארפ בעסער צונויפ־שלאגנ א קערבל אפ עפעס בילכערע זאכנ: א סייפער, א ביכל, פא־פיר, טינט...״

— קינדערלעכ האט איר עפעס א סאכ? — האב איכ אימ א פרעג געטאנ, ארייננקוקנדיק אינ זיינ בלייכ אויסגעמוטשעט פאנעמ.

— קינדערלעכ? וואס עפעס פלוצלימ קינדער? — האט ער מיכ פארוואונדערט איבערגעפרעגט. — וואס פאר א מאשל אהער?

— גלאט אזוי, איכ וויל עס וויסנ, וויפל קינדערלעכ האט איר שוינ?

— וויפל? פינפ, זאלנ געזונט זיינ; דריי זענענ אוועקגעגאנגענ פונ פאקנ, אונ צוויי פונ הערדזלעכ.

— פונ הערדזלעכ? וואס הייסט, פונ הערדזלעכ?

— פונ הערדזלעכ; עס האט זיי ווי געטאנ אינ האלדז... נאר לע־מיי נאפקעמינע? וואס קער זיכ עס אנ מיט מיינע לידער?

— עס קער זיכ נישט אנ גארניט; נאר גלאט אזוי, עס האט זיכ מיר געוואלט וויסנ.

— עס איז דיר נאר א „טרעיאטער״ מיט א יידנ! א ייד וויל דיר אלצ וויסנ, באלד וויסנ! א ייד איז דיר גאר קיינ קאטאוועס! מע לייענט אימ א ליד, אונ ער גיט דיר קינדער!.. אט הערט בעסער אט דאס לידל; עס הייסט: „צו דעמ בלאט״.

— צו דעמ בלאט?

— צו דעמ בלאט.

— נו, מאכטייסע, לייענט־לייענט.

אונ דער לעפעשיווקער דיכטער האלט דאס פאפירל אקעגנ דער שיינ פונ דער לעוואנע אונ לעזט אפ א קאל:

„צו דעמ בלאט.

אז אונדזער פעטער נויעכ איז נאכ אינ קאסטנ געזעסנ זאט,
האט אפ אימ דער גרויסער אלמעכטיקער גאט אינ הימל ראכמאנעס געהאט!
אונ האט אימ דורכ א טייבעלע געשיקט פונ א פייגנ־בוימ א בלאט.
אונ אונדזער פעטער נויעכ האט אוואדע פונ אזא מאטאנע האנאע געהאט...
פונקט אזוי ביסטו בא אונדז אינ דער שטאט לעפעשיווקע דאס איינציקע יידישע בלאט:

פאַרצוויייאָרנ האָסטו בא אונדז אפילע קיינ איינציקנ באַלנ
נישט געהאַט,
פאַראַיאָרנ האָסטו שוינ אָנגעהויבנ צו אונדז אריינטרעטנ קימאַט.
אונ היינט האָסטו שוינ בא אונדז צוויי אויסלעזער: יאָסל דענ
פעלדשער אונ מיכ אבאָנענט מ׳ „פאָלקס-בלאַט"!

אכ, ריבוינע-שעל-אוילעמ, ריבוינע-שעל-אוילעמ! זע נאָר, וואָס פאַר א טייער פאָלק ייִדעלעכ דו האָסט אונ נעמ זיכ איבער! זע נאָר, ווי!אַזוי...

— נו, וואָס זאָגט איר עפּעס דערויפ? — האָט מיכ דער לעפּע-שיווקער דיכטער א פרעג געטאָנ, אָנרירנדיק מיכ מיטנ עלנבויגנ אָנ דער זייט, — האַ? איאָ, קיינ מייסע ניט? צוויי הונדערט אונ פיר אונ זעכציק שורעס — אונ אלע לאָזנ זיכ אויס מיט „אַט". נו, וואָס זשע שווייגט איר וואָס?

— וואָס זאָל איכ רעדנ? עס איז אוואַדע קונסטיק. נאָר עס איז צו לאַנג, עפּעס ווי א מינ זמירעס, „כל מקדש" [1]... מיט... מיט... מיט... האַקלאַל — צו פרוגס קומט דאָס נאָכ ניט.

— אָ! אָט האָסטו דיר באַלד מיט א ייִדנ. אז מע ווייזט אימ עפּעס, מאַכט ער דיר א גאַנצנ פּירעש אונ הייבט דיר באַלד אָנ צו קייענ יעדעס וואָרט! מיט א ייִדנ קענ מענ דיר קיינמאָל נישט אויסקומענ! ווייז אימ דאָס, זאָגט ער דיר יענצ; פרעג אימ לאָקשנ, ענטפערט ער דיר בוידעמ! פונ א ייִדנ קומט דיר קיינמאָל קיינ גוטס ניט ארויס! קיינמאָל.

מיינ לעפּעשיווקער פּאָעט, וועלכנ איכ האָב אָנגערירט סאַמע אינ דער לעבער, האָט זיכ אזוי צעביזערט, אז אונדזער באַלעגאָלע האָט זיכ אופגעכאַפּט פונעמ שלאָפ, אראָפּגעשפרונגענ פונעמ וואָגנ אונ, קראַצנדיק זיכ מיט ביידע הענט אונטער דער היטל, האָט ער זיכ גע-שטעלט אויסטייַנענ מיט דער לעוואָנע אפ זיינ לאָשנ:

— וועלכער גוטער-יאָר האָט געשיקט נאָכ דיר? האַ? האָסט קיינ צייט ניט געהאַט נאָכ א ביסל מיכ לאָזנ אויסרוענ זיכ נאָכ דער וועטשערע. א מיסע-משונע זאָל קומענ אפ דער באַלעבאָסטע, — זי וועט זיכ עס הייסנ אָפּגילטנ; ווערעמ זאָלנ עסנ אונ טאָטשענ איינער לייב, א פעגירע זאָל אפ איינ קומענ, מיינע דריי לייבנ, ווי איר פרעסט מיינ לייב אונ פלייש, דעמ גאַנצנ האָבער אופגעריבנ, א כאָליערע אפ

1 „קאָל מעקאַדעש" — א רעליגיעזער הימנ.

אײַכ מיט די פֿאַרשוויגענע, מיט דער קרעטשמע, מיט אַלעמ מיט אַנאַנ־
דער; אײ, ייִדנ, פֿאָרנ, פֿאָרנ! טראָגט די קלומקעס, שוינ צײַט פֿאָרנ!

דער אוילעמ האָט זיכ אָנגעהויבנ ביסלעכווײַז קלײַבנ אינ וועג
אַרײַנ; דער „ווידויע־מאַכשאָוועס" איז געשטאַנענ נעבנ אונדז אונ
האָט געקוקט אויפ מיר אונ אויפ לעפּעשיוקער יונגנמאַנטשיק מיט
אַזעלכע אויגנ, אַז עס האָט זיכ מיר אויסגעוויזנ, ווי ער לאַכט אונדז
אויס... ביסלעכווײַז האָבנ די ווײַבער אָנגעהויבנ צו קריכנ אינ בויד
אַרײַנ, פֿאַרוויקלטע אינ צענ שאַלנ, נישט קוקנדיק אויפ די וואַרעמע
זומער־נאַכט. קריכנדיק אינ בויד אַרײַנ, האָבנ די ווײַבער נעבעכ
שטאַרק געקרעכצט, גלײַכ ווי עס וואָלט זיי עפּעס שטאַרק ווײ געטאָנ.

— וואָס וויקלט איר זיכ אַזוי? — האָב איכ זיכ אײַנגעשטעלט אַ
פֿרעג טונ בײַ איינע פֿונ זיי.

— נישט פֿאַר גרויס ראָסקאָש, — האָט מיר אָפּגעענטפֿערט די
ייִדענע אָנ צײנ; — דאָס איז מאַכמעס מיר האָבנ אַלע צו טונ מיט
די צײנ.

— אַלע?

— טאָקע אַלע. דאָס נעמט זיכ פֿונ קינדלענ נעמט זיכ עס; אַ
שפּילכל, מיינט איר, האָבנ 21 קינדער?

— 21 קינדער? — האָבנ מיר, מאַנצבלענ, אַ פֿרעג געטאָנ אַלע מיט־
אַמאָל.

— יאָ, נו וואָס זשע איז? — האָט אונדז די ייִדענע אָנ צײנ גע־
ענטפֿערט; וואָס זשע איז פֿאַר אַ כידעש בײַ אײַכ? לעמײַ, איכ האָב
אַ שוועסטער, נאָכ אַ ייִנגערע פֿונ מיר מיט דריטהאַלבנ יאָר, האָ?
ניינ! מיט דרײַ יאָר; נו, האָט זי געהאַט אויפ איר לעבנ 26 קינדער,
אַכוץ וואָס זי האָט אַ פּאָר מאָל מאַפּל געווענ.

— נו, אונ אַלע לעבנ?

— אַ שיינע מײַסע וואָלט געווענ, אַז זיי זאָלנ אַלע לעבנ! העכער
ווי אַ העלפֿט זענענ אויסגעשטאָרבנ קליינערהייט; עס איז איבערגע־
בליבנ אַ שטיקלעכ 12 אָדער 13, נישט מער, אונ די איבעריקע זענענ
אויסגעשטאָרבנ.

— אויסגעשטאָרבנ?

— אויסגעשטאָרבנ!

„ייִדישע קינדער שטאַרבנ... ייִדישע קינדער פֿאַלנ ווי פֿליגנ!.." —
האָב איכ מיר געטראַכט. — „ווענ ייִדישע קינדער זאָלנ נישט אַזוי
שטאַרבנ, וויפֿל וואָלטנ מיר אַצינד געווענ אויפ דער וועלט? נאָר ייִדי־
שע קינדער פֿאַלנ ווי שטרוי, זיי שטאַרבנ..!"

— אנ אומגליק א גרויסער! — האָט מיר דער „יוידייע-מאכשאָ-וועס״ געענטפערט אפ מײַנע געדאנקענ; — א גרויסער אומגליק! וועט זײַנ ווינציקער מיט עטלעכע טויזנט קאפּצאָנים, איבעריקע נעפּאַשעסלעכ, „הויקערס״, קאליקעס אפ דער וועלט... אנ אומגליק א גרויסער!

— פונדעסטוועגנ זאָגט דאָס נישט, — האָט זיכ אָנגערופנ איינע פונ די ווײַבער מיט א הייזעריק קאָל; — מע טאָר נישט זינדיקנ; אז גאָט וויל, גיט ער קינדער — שרײַט מענ, ס'איז א סאכ; אונ אז גאָט וויל נישט, גיט ער נישט קײנ קינדער — שרײַט מענ גוואלד אונ מע לייגט אײַנ די וועלט; אָט האָט איר אײַכ א גוטנ מוסער פונ אָט דעמ ווײַבל, וואָס זיצט גראָד קעגנ אײַכ (דאָ האָט די הייזעריקע ײדענע אָנגעוויזנ מיט די אויגנ אפ דער „רויטער נאָז״). האָבט זיכ, א שיינער מוסער, אָפּגעוועט דרײַ יאָר מיט א מאנ אונ לעסאָפּ נישט קײנ קינד, נישט קײנ רינד, ווי א שטיינ; אצינד, אז „ער״ האָט זיכ אוועקגעלאָזט קײנ אמעריקע, איז זי געבליבנ מיט די פיר ווענט, נישט האָבנדיק צו וועמענ א וואָרט אויסצורעדנ, גאָט זאָל נישט שטראָפנ פאר די רייד!

— פארוואָס זשע איז זי שוינ אויכ נישט געפאָרנ מיט אימ קײנ אמעריקע? — האָב איכ געפרעגט.

— ס'איז א מײַסע דריבנ פאראנ, א שיינע מײַסע; דערציייל נאָר, ציפּע, דערציייל זיי, — האָט זיכ די הייזעריקע ײדענע געווענדט צו דער „רויטע נאָז״, — דערציייל זיי, שעמ זיכ נישט; לאָזנ זיי כאָטש הערנ, ווי עס קאָנ זיכ פארלויפנ א רעציכע אפ דער ווײַסער וועלט; לאָזנ זיי כאָטש זענ, וויאזוי די „מאנצבלענ״ באגייענ זיכ בא אונדז מיט די „נעקייווועס״; לאָזנ זיי כאָטש הערנ אונ זיכ א מוסער אראָפּנעמענ פונ אונדז, ווײַבער, וואָס מיר קומענ אָפּ אפ דער וועלט, אונ אלצ פונ־זייערטוועגנ, פונ זייער טויווע וועגנ...

מיר האָבנ אלע געבעטנ דאָס ווײַבל מיט דער רויטער נאָז, אז זי זאָל אונדז די מײַסע דערציילנ; די „רויטע נאָז״ האָט זיכ אפילע א ביסל געקווענקלט, זיכ געקלאָגט, אז עס טוט איר שוינ ווייי אינ הארצנ דערציילנדיק יעדנ באזונדער איר געשיכטע; צומ סאָפ איז זי ווייכער געוואָרנ, האָט גוט אויסגעשנײַצט די נאָז אונ האָט אָנגעהויבנ מיט א ביסל א פארוויינט קאָל בעזע־האלאָשנ: *

---

* זע קאָמענטאר, ז. 339

# האָפענונג

(נאָכ שאָבינ)

I

דער סייכל איז געקומענ צומ ריבוינע־שעל־אוילעמ אונ האָט זיכ געקלאָגט אפ דער האָפענונג; גאָט איז דערפונ געווענ נימ צופרידנ: ער האָט ליב געהאט די דאָזיקע פריילעכע פלאַפלערנ, די האָפענונג, וועלכע ער האָט באשאפנ אינ איינ שיינעמ, ליכטיקנ פרי־לינגס־מאָרגנ צו דערפרייענ דעמ מענטשנ. דאָס איז געשענ באלד נאָכ יענער פינצטערער נאכט, ווענ עס האָט זיכ ווי פונ זיכ באוויזנ אפ דער וועלט דאָס אומגליק...

גאָט האָט צוגעהערט דעמ קאָל פונעמ סייכל אונ האָט אימ באַ־פוילנ, ער זאָל באלד אויסרעכענענ אלע זינד, אלע פארברעכנ פונ דער האָפענונג.

ווייבאלד דער סייכל האָט נאָר אָנגעהויבנ צו רעדנ, איז שוינ שווער געווענ אימ אָפצושטעלנ, איינצושטילנ:

— אָט די ליגנערנ, וועלכע שמייכלט דעמ מענטשנ, מאכט מיט אימ לייטיש געלעכטער אונ לאָזט אימ איבער, ווייבאלד עס טרעפט אימ דאָס אומגליק; די האָפענונג מיט אירע זיסע ריידעלעכ לאָזט מיכ קיינ גלייכ וואָרט נישט אויסרעדנ, יעדער טרייבט מיכ ארויס!..

„מע קענ נישט שולדיקנ דעמ מענטשנ, וואָס ער האָט ניט ליב דעמ סייכל", — האָט זיכ גאָט געקלערט; — „צווישנ אלע באשעפענישנ איז נישטאָ נאָכ אזא נישט קיינ אָנגענעמער גאסט, ווי דער סייכל: אָנשטאָט צוויי אויגנ האָט ער זעקס אונ קוקט אפ אלע זייטנ אונ דער־קוטשעט שרעקלעכ; אָנשטאָט הארצ ליגט בא אימ א שטיקל אייז; דעריבער איז בא אימ טאָמיד אזא בלייכ געזיכט"...

דער סייכל האָט גערעדט אלצ העכער אונ שטארקער; ענדלעכ האָט אימ דער ריבוינע־שעל־אוילעמ געענטפערט:

— גענוג! גיי ברענג מיר אהער די האָפענונג, ביכדיי זי זאָל

זיכ אלײנ קענענ פארענטפערנ, אונ ווענ איכ וועל ארויסזענ, אז זי איז בעעמעס אזוי שעדלעכ דער וועלט, וועל איכ זי טײקעפ-אומזיאַד צונעמענ צו זיכ אינ גאַנײידנ אַרײַנ...

דער סײכל האָט זיכ באַלד געלאָזט אינ וועג אַרײַנ, נאָר ניט אַזוי גיכ טוט זיכ, ווי עס רעדט זיכ; ער האָט לאַנג געזוכט די האָפענונג אונ האָט זיכ נישט געקענט אָפּזוכנ; ער איז געוואָרנ אויסער זיכ אונ האָט א געשרײ געטאָנ:

— אַכ! ווער וועט מיר אָנווײַזנ, וווּ געפינט זיכ ערגעצ דאָס דאָזיקע לעבעדיקע מײדכענ די ליגנערנ, — האָפענונג?

ווי ער האָט נאָר אויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, האָט ער דער־זענ פאַר זיכ א שרעקלעכע פיגור מיט טיפע־טיפע אויגנ אונ מיט א בלאַס געזיכט; דער קאָפּ איז געווענ באַדעקט מיט פראָסט, מיט שניי; אינ יעדער האַנט האָט זי געהאַלטנ א הײס האַרצ, שטאַרק קוועטשנ־דיק מיט די פינגער, גלײַכ ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרלעשנ אינ זײ דאָס פײַער.

דאָס איז געווענ די פאַרצווייפלונג (отчаяние), דאָס אומגליק.

— קומ מיט מיר! — האָט זי געזאָגט צומ סײכל; — איכ וועל דיר העלפנ אָפּזוכנ די דאָזיקע אַפּעריסטקע, די האָפענונג; זי איז מײַנ ערגסטער סוינע, גיב מיר דײַנ האַנט אונ קומ!

דער סײכל איז אָבער נישט געווענ קײנ נאַר אונ האָט עפּעס ניט קײנ בײשעק געהאַט צו מאַכנ מיט דעמ אומגליק זאַפּאַניבראַטא; נאָר ווײַל אימ האָט זיכ זײער געגלוסט צו דערטאַפּנ די האָפענונג, האָט ער איר געגעבנ זײַנ האַנט.

אונ אַזוי זענענ זײ געגאַנגענ בײדע צוזאַמענ זוכנ די האָפענונג אונ פאַרטרײַבנ זי פונ דער וועלט. זײ זענענ געוואָר געוואָרנ, אז זי געפינט זיכ ערגעצ בא א געוויסנ פילאָסאָפ, וועלכער זיצט עפּעס איבער זײער א וויכטיק ווערק; נאָר קוימ זענענ זײ אַהינ אַרײַנגעקומענ, אַזוי איז שוינ די האָפענונג אַנטרונענ געוואָרנ...

— מיר מוזנ טאָמיד גײנ צוזאַמענ, — האָט דאָס אומגליק גע־זאָגט צומ סײכל; — אז מיר וועלנ שטענדיק זײַנ אינײינעמ, וועלנ מיר געווים אײַנעמענ די גאַנצע וועלט!

— אָ! — האָט איר דער סײכל געענטפערט, — העלפ מיר נאָר כאַפּנ די האָפענונג, וועט אַליצ זײַנ רעכט!

II

וווּ איז זי געווענ, די האפענונג?

אינ דער דאזיקער צײַט איז זי זיכ געזעסנ צוקאפנס בײַ א יונג קינד, בײַ א קראנק איינ-אײנציק קינד, אונ האט דערציילט אזעלכע שײַנע מײַסעס! אכ, ווי שיינ, ווי צויבערלעכ איז זי געווענ! ניט אומזיסט האט זי גאט אזוי ליב! אפ איר איז געווענ זייער א שיינ גרינ קלייד, וועלכעס דער פרילינג האט איר געשענקט אלע יאר צום געבורטסטאג; דאס קלייד איז געווענ באפוצט מיט טײַערע, פרישע שמעקנדיקע בלומענ, אונ אינ אירע האר האט געברענט א שטראל פונ דער ליכטיקער זונ. גאט האט איר געשענקט א פאר פליגלענ, ווי בײַ א מאלעכ; אירע צערטלעכע הענטלעכ, איר שיינ געזיכט איז באשאפנ געווארנ נאר אפ צו געבנ גליק, אונ פונ איינ קוק אפ איר איז שוינ געווארנ ליכטיק אונ װארעמ אינ אלע איװורימ. װער האט געקאנט צו איר האבנ טײַנעס, וואס זי איז טאמיד געווענ נאר פרײלעכ, טאמיד נאר געלאכט, שטענדיק דערציילט אונ צוגעזאגט גוטע זאכנ?

אט אזוי האבנ זי געטראפנ די צוויי רײַזנדע צוקאפנ בײַ דעמ קראנקנ קינד, וועלכעס האט זיכ געקליבנ „אינ ווײַטנ וועג ארײַנ“. דאס קראנקע קינד ליגט אינ אנ ארעמ שטיבל מיט אויסגעבראכענע פענצטער, פארקלעפט מיט פאפיר; א קאלטער ווינט גאנוועט זיכ אפטמאל ארײַנ דורכ א שפאלט, דורכ די ווענט; דאס לעצטע בענקל האט מענ שוינ אויסגעהייצט צו דערווארעמענ דאס אומגליקלעכע באשעפעניש, וועלכעס בארעט זיכ מיט דעמ טויט אונ הערט זיכ צו צו די זיסע שיינע מײַסעס, וואס די האפענונג דערציילט אימ, אונ איז אינ דער דאזיקער מינוט גליקלעכ, איבערגליקלעכ...

פלוצלימ האט א זעצ געטאנ א קעלט אינ שטוב ארײַנ; די ה א פ ע נ ו נ ג האט א ציטער געטאנ; זי האט דערפילט, אז לעבנ איר שטייט א גאסט — דער סייכל! מיט דעמ אומגליק וואלט זי זיכ נאכ געקאנט שטרײַטנ; נאר דער סייכל איז געווענ פאר איר צו שטארק; עס איז איר געווארנ שלעכט, די קויכעס האבנ זי אוועקגעווארפנ, אונ זי האט שוינ געוואלט אנטלויפנ פונדאנענ...

— ניינ! זײַ דא, זײַ דא, מיט מיר, מיט מיר! — האט נעבעכ דאס קראנקע קינד געשריענ אונ געבעטנ מיט טרערנ.

אונ די האפענונג איז געבליבנ. זי האט גענומענ דאס קראנקע קינד צו זיכ אפ די הענט אונ האט דאס אנגעהויבנ קושנ. א קאלטע האנט האט זי דערפילט בײַ זיכ אפ די פלייצעס. די האפענונג האט

זיכ ארומגעקוקט, נעבנ איר איז געשטאנענ דאָס אומגליק. זי [עס] האָט מיט קאַעס א כאַפּ געטאָנ די האָפענונג אונ האָט זי איבערגעגעבנ צומ סייכל פונ האנט אפ האנט:

— נעמ אונ פיר זי דיר אָפּ צומ בעסדנ-שעל-מײַלע [1]; אצינד בינ איכ פרײַ אונ קענ מיר געוועלטיקנ...

דער סייכל האָט אוועקגעפירט די האָפענונג געקאָוועט אינ קייטנ, אונ אומגליק האָט אָנגעהויבנ צו געוועלטיקנ אפ דער וועלט.

## III

די האָפענונג איז געשטאנענ פאַר דעמ בעסדנ-שעל-מײַלע מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ, אונ דער סייכל האָט גערעדט אפ איר מיט פײַער. די האָפענונג האָט געשוויגנ שטיל: זי האָט נישט געקאָנט אָפּ-לייקענענ, אז זי האָט אלעמענ פאַרדרייט דעמ קאָפּ מיט אירע פיזמוי-נעס, מיט אירע גילדענע כאלוימעס, וואָס זענענ ניט געשטויגנ, ניט געפלויגנ, אונ דערמיט געטאָנ פיל שלעכטס דער וועלט...

אז גאָט האָט זי א פרעג געטאָנ: צי האַלט זי זיכ פאַר שולדיק? האָט זי מיט א זיפצ געענטפערט: יאָ; נאָר אינ דער מינוט האָט זי אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, אונ קוקנדיק מיט איר זעלטנ-שיינ געזיכט אפ גאָט, האָט זי אזוי געזאָגט:

— וואָס זשע זאָל איכ טונ, אלמעכטיקער גאָט? דו האָסט מיר ארײַנגעלייגט אינ מײַנ הארצנ א כיישעק צו וועלנ גוטס, צו ווינטשנ יעדנ באזונדער גליק, נאָר קיינ קויעכ, קיינ מאכט אפ צו טונ גוטס האָסטו מיר ניט געגעבנ. איכ קאָנ נישט צוזענ גלײַכגילטיק די אלע צאָרעס מיט די יעסורימ, פונ וועלכע דײַנע מענטשנ לײַדנ נעבעכ; אונ אזויוויי העלפנ בינ איכ ניט אימשטאנד, דערומ טרייסט איכ זיי כאָטש מיט מײַנע זיסע מײַסעלעכ...

ווי גאָט האָט דאָ געקלערט וואָס צו טונ מיט דער ה אָ פ ע נ ו נ ג, איז ארופגעקומענ אפנ הימל א נעשאָמע פונ א געשטאָרבענעמ מענטשנ.

— אָט וועל איכ א פרעג טונ בא דער דאָזיקער נעשאָמע, וואָס טוט זיכ עפּעס אצינד אפ דער ערד? — האָט גאָט געזאָגט.

---

1 דער הימלשער ריכטער. געמיינט: גאָט.

## IV

א שרעקלעכע מײַסע האָט די נעשאָמע דערציילט! העכער האַלב מענטשנ, וועלכע עס איז שוינ נימעס געוואָרנ צו מוטשענ זיכ אַפ דער וועלט, האָבנ זיכ אַלײנ גענומענ דעם טויט. דער געהענעמ איז געוויס פול מיט אַזעלכע אומגליקלעכע. די, וועלכע זענענ לעבנ געבליבנ, פירנ נעבעכ זייער אַ טרויעריק, זייער אַ פינצטער לעבנ. אַ שרעקלעכער אײַנ-דיפערענטיזמ איז אָנגעפאַלנ אַפ אַלע מענטשנ, אַלעס, צו וואָס מע האָט זיכ גענומענ, האָט מענ איבערגעלאָזט אָנ אַנ ענדע. מע זאָגט, אַז די האָפענונג איז ערגעצ אַנטרונענ געוואָרנ פונ דער ערד, דעריבער גייט אַלעס צו גרונט... עס קענ זײַנ, אַז זי איז אַוועק נאָר אַפ אַ קלײנער צײַט. אַכ! ווענ זי זאָל אַצינד זיכ אומקערנ צוריק, וואָלט זי אַ סאַכ מענטשנ מעכײַע געווענ! נאָר קײנער ווייסט ניט, ווו זי איז...

## V

ווײַבאַלד די האָפענונג האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט זי שוינ ניט געוואַרט, ביז מע וועט זי אַרויסלאָזנ, מיט אַ קלאַפ פונ די פליגלענ האָט זי איבערגעריסנ די אײַזערנע קייטנ און איז אַראָפּגעפלויגנ צוריק אַפ דער ערד.

און דער אַלמעכטיקער גאָט האָט איר דערלויבט צו בלײַבנ, אַזוי ווי זי איז געווענ פריִער, — מיט אַלע אירע מײַלעס און כעסרוינעס. די מענטשנ זענענ שוינ אַזוי געוווינט געוואָרנ מיט איר, אַז זיי קענענ זיכ שוינ אָנ איר ניט באַגיינ.

און גאָט האָט געזאָגט צום סיכל, ער זאָל זיכ גיינ אײנ זײַנ רו אַרײַנ און מער נישט קומענ צו אים מיט קיינ מעסירעס...

# בלומענ

(צענ קלײנע מײַסעלעכ)

## א

## פונעמ בארג סינײַ

בא אונדז אינ קאסרילעווקע, פונ יענער זײַט בעסמעדרעש, שטײט א בארג, א הויכער בארג, הויכ ביז דער כמארע, ביזנ הימל.

אזוי האָט ער מיר אויסגעוויזנ אינ יענער צײַט, ווענ מיר האָבנ געלערנט אינ כײדער, אונ גערופנ האָבנ מיר אימ „בארג סינײַ“.

אינ א שײנעמ זומער־טאָג, גאנצ פרי, זענענ מיר, כעוורע, צענ כײדער־ייִנגלעכ, נאָכ יונגע קינדער, געגאנגענ, מיט די הײליקע ספאָ־רימ אונטער די אָרעמס אונ מיט די אָנבײַסנס אינ די הענט, אינ כײ־דער ארײַנ.

די זונ האָט נאָרוואָס אָנגעהויבנ ארויסצוגײנ „פונ איר פוטערפאס“ אונ האָט צעגאָסנ אירע מילדע גילדענע שטראלנ אפ דעמ שפיצ בארג.

אונ דער בארג איז געווענ באדעקט מיט טוי, מיט ראָסע, אונ די ראָסע האָט געבלישטשעט, ווי דימענטנ; ווי פערל זענענ געהאנגענ די טראָפנ. רײנ, מעכײַע רײנ, איז געווענ די לופט, אזוי רײנ, ווי איר קאָנט זיכ נאָר פאָרשטעלנ.

איבעראשט, פארקישעפט זענענ מיר געווענ מיטנ דאָזיקנ געטלעכנ אויסזיכט פונעמ דאָזיקנ געטלעכנ פרימאָרגנ.

— ווײסט איר וואָס, כעוורע? — האָט זיכ אײנער פונ אונדז אָנ־גערופנ. — ווײסט איר וואָס, כעוורע? לאָמיר גאָר ארופגײנ אפנ בארג סינײַ!

— ווײסט איר גאָר וואָס, קינדער? — האָט זיכ אָנגערופנ נאָכ אײ־נער. — לאָמיר טאקע ארופקריכנ אפנ בארג סינײַ. מיר זענענ אפ אימ נאָכ קײנמאָל ניט געווענ!

אונ מיר האָבנ זיכ אלע גענומענ דראפענ ארופ אפנ בארג סינײַ;

אפּ אַלע פיר, אַפּ די הענט מיט די פיס, זענען מיר אַלע מיט כיישעק געקראָכן אַפּן באַרג סינײַ.

און אַז מיר זענען געקומען אַפּן שפּיץ באַרג און האָבן אַ קוק געטאָן אַראָפּ, אַראָפּ אַפּ דער ערד, זענען מיר פאַרציטערט געוואָרן.

אַזוי הויך זענען מיר געווען פון דער ערד, אַזוי קליין האָט אונדז אויסגעוויזן די ערד.

— ווו זענען מיר, קינדער, ווו זענען מיר?

— ווו זענען מיר, זאָגסטו? אונטער דער כמאַרע.

— אונטער דער כמאַרע, זאָגסטו? העכער פון דער כמאַרע!

— העכער, העכער, — א ו נ ט ע ר ן  ה י מ ל!

— איר זעט דעם בעסמעדרעש, קינדער, דעם בעסמעדרעש זעט איר?

— יאָ, קוים־קוים, ווי אַ קליין שטיבעלע די גרייס.

— ווי אַ שטיבעלע, זאָגסטו? ווי אַ טישל די גרייס, ווי אַ בענקעלע.

— ווי אַ בענקעלע, זאָגסטו? ווי די געמאָרע די גרייס, ווי מײַן סידער.

— ווי דײַן סידערל, זאָגסטו? ווי אַן איי, ווי אַ וועלשן ניסל.

— ווי אַ ניסל, זאָגסטו? ווי אַ פּאַסאָליע, ווי אַן אַרבעסל.

— ווי אַן אַרבעסל? ווי אַ מאָנדל, ווי אַ מילב, ווי אַ... אַ.. אַ..;

און ס'איז באַ אונדז אַלע געבליבן דער העסקעם, מיר זאָלן זיך אויסציִען אויבן, אַפּן באַרג, מיט די פּענעמער אַרופּ.

איך האָב זיך שטאַרק אײַנגעקוקט אינעם בלויען הימל, און מײַנע אויגן האָבן דעם הימל צו זיך צוגעצויגן, אַלץ נענטער און נענטער, אַזוי לאַנג, ביז איך האָב אים צו זיך צוגעצויגן נאָענט, גאַנץ נאָענט.

אַזוי נאָענט, אַז איך האָב די האַנט אויסגעצויגן און האָב מיט מײַנע פינגער זיך צוגערירט צום הימל, צום קאַלטן הימל, זיך צוגערירט, אָנגענומען, אָנגעטאַפּט, געהאַלטן, געהאַלטן, געהאַלטן...

ביט נאָר די אויגן אַליין זענען געווען אין הימל; מײַן נעשאָמע, מײַן האַרץ, מײַן גוף, מײַן גאַנצער „איך" — איך בין אינגאַנצן, אינגאַנצן געווען דאָרט, אויבן, אין הימל.

איך בין געווען אין הימל און האָב געזען מאַלאָכים. מיט די ווײַסע ברייטע פליגלען זענען די מאַלאָכים געשוווּמען אונטערן ברייטן בלויען הימל; זיי האָבן זיך געוויגט און געוויגט, געשוועבט און געשוועבט — און געשטאַנען אַפּ איין אָרט. פון זייער וויגן זיך און פון

זייער שווערנ זענענ געגאַנגענ זיסע זעלטענע קוילעס! סע האָט זיכ געזונגענ אונ געזונגענ, אזוי שטיל געזונגענ, אזוי שיינ געזונגענ, אזוי זיס געזונגענ, ווי די קויהאַנימ מיט די לעוויִמ, ווי דער „אָרגל" אינ בייס־האַמיקדעש בא ייִדנ פאַרצײַטנס, ווי סע שטייט בא אונדז אינ הייליקע ספאָרימ געשריבנ.

אונ א גרינג, קיל ווינטעלע איז פאַרבײַ מיר דורכגעלאָפנ, אונ האָט מיכ עטוואָס, קוים־קוים, אָנגערירט אינ שטערנ. אונ א טײַערער רייעכ, א רייעכ פונעמ גאַנ־ייִדנ, איז פאַרבײַ מיר דורכגעגאַנגענ, אונ מײַנע אויגנ האָבנ זיכ צוגעמאַכט...

— אינ כיידער ארײַנ, שקאָציִמ, אַכבערוישימ, הולטײַעס! אינ כיידער ארײַנ, ימאַכ־שמויניקעס! האַרט, שיבעניקעס, איכ וועל אײַנ שוינ צושטעלנ, לײַדאַקעס, א בענקעלע צומ רעבנ! אינ כיידער ארײַנ, פוסטעפּאַסניקעס, קאָלבויניקעס, אינ כיידער ארײַנ!

דאָס איז געווענ דער שאַמעס פונ בעסמעדרעש, רעב יעקוסיעל דער שאַמעס, א בייזער ייִד מיט א צעפּלעצטער נאָז אונ מיט א שטענדיקנ לולקע־ציבעק אינ די ציינ.

אונ מיר זענענ מיטאַמאָל אראָפּגעפאַלנ פונעמ הימל אַפ דער ערד.

## ב

## קויסל־מאַאראָווי

(די איבערגעבליבענע וואַנט פונעמ בייס־האַמיקדעש)

— דערציילט זשע מיר, איכ בעט אײַכ, אַקוראַט. האָט איר, הייסט דאָס, אַלײנ געזענ מיט אײַערע אייגענע אויגנ די „קויסל־מאַאראָווי"? אזוי, הייסט דאָס? האָט איר זי גוט געזענ? דערציילט זשע מיר, וויאזוי, אונ וואָס, אונ ווענ?..

אזוי האָט מײַנ רעבע זיכ אָנגערופנ צו א ייִדנ, וואָס איז נאָרוואָס געקומענ צוריק פונ ערעצ־יִיסראָעל, פונ יערושאָלאַיִמ.

— זאָגט זשע מיר, איכ בעט אײַכ, מאָלט מיר אויס אַקוראַט, וויאזוי, אונ ווו, אונ וואָס, אונ ווענ?

דער יערושאָלאַיִמ־ייִד האָט אימ אויסגעמאָלט אַקוראַט, וויאזוי, אונ ווו, אונ וואָס, אונ ווענ, אונ מײַנ רעבע האָט געשלונגענ די ווערטער, אָנגעקוועלט, געוואָרנ ברייטער ווי לענגער, ווי א מענטש, וואָס נעמט אָפּ א גרוס פונ א נאָענטנ מענטשנ אינ א ווײַטער מעדינע.

דער רעבע האָט זיכ אַזוי שטאַרק אײַנגעקוקט אינעמ יערושאָלאַימ־ייִד, אַז ער האָט גאָר ניט באַמערקט, ווי מיר, בעוורע, האָבנ זיכ אײַנ־ציקווײַז אַרויסגערוקט פונעמ טיש, אונ האָבנ זיכ אַרויסגעגאַנוועט אינ דרויסנ אַרויס, אונ האָבנ געכאַפּט אַ גליטש אויפנ אײַז.

אַז מיר זײַנענ געקומענ צוריק אינ כיידער אַרײַנ, האָבנ מיר נאָכ געטראָפנ זיי זיצנ.

— קויסל־מאַראַווי! — האָט דער רעבע געזאָגט צומ יערושאָ־לאַימ־ייִד. — קויסל־מאַראַווי! אָט דאָס איז אונדז פאַרבליבנ פונ אונדזער גאַנצנ בייס־האַמיקדעש, פונ אונדזער גאַנצער מעלוכע! קויסל־מאַראַווי! קויסל־מאַראַווי!..

אונ דער רעבע האָט זיכ צעוויינט.

## ג

## אוורעמל

אַז איכ האָב זיכ מיט זיי באַגעגנט, זײַנענ זיי בײדע צוזאַמענ אַלט געווענ קימאַט צוויי הונדערט יאָר.

— אוורעמל! מיר האָבנ אַ גאַסט.

— ווער איז?

אונ דאָס פּאָרפאָלק פונ צוויי הונדערט יאָר האָבנ מיכ אויפגענו־מענ מיט פרייד, מיט פאַרגעניגנ.

אונ איכ האָב בײַמ פּאָרפאָלק פונ צוויי הונדערט יאָר פאַרבראַכט די צײַט מיט פרייד, מיט פאַרגעניגנ.

בײדע נידעריקע, ווײַסע, ווי געפאַלענער שניי, אָנ ציינ, אײַנגע־בויגענע, נאָר פרײלעכע, ציכטיקע, לעבעדיקע, ווײַזנ אויס ווי ברודער אונ שוועסטער, ניט ווי מאַנ אונ ווײַב.

— איכ געדענק נאָכ אײַער זיידנ, אײַער עלטערזיידנ; געווענ אַ ווויי־לער ייִד, גאָר אַ ווווילער, אָבער טאַקע גאָר אַ ווווילער, ניט אַזוי ווי הײַנ־טיקע ייִדנ — ניינ, אָבער טאַקע גאָר ניינ! מיר האָבנ זיכ באַקענט מיט אימ, אַפּאָנעמ, — ווו האָבנ מיר זיכ באַקענט מיט אײַער עלטערזיידנ?

ער שאַקעלט מיט די ליפּנ אונ דערציילט מיר אַלטע מײַסעס פונ אַמאָליקע יאָרנ, אונ דערמאַנט ער זיכ אָנ י ע נ ע יאָרנ, ווערט ער ווי מונטערער, פרישער, יונגער.

— הער נאָר, סערדצע! — זאָגט ער צו דער אַלטיטשקער. — געדענקסט ניט, נעשאָמע מײַנע, וויאַזוי האָט געהייסנ דער פּאָרעצ,

וואָס זײַנ עלטער־עלטערזיידע האָט פונ אימ געהאלטנ די ארענדע? הא, סערדצע?

— פ א נ  פ ר ז ש ע ש ר ז ש א נ ס ק י, — זאָגט זי, — אוורעמל, פרזשעשרזשאנסקי האָט ער געהייסנ.

— יאָ, ביסט גערעכט, סערדצע, ביסט גערעכט: פאנ פרזשעשר־זשאנסקי האָט ער געהייסנ.

אונ זיי פײַפנ אויס מאָדנע דעמ האָזיקנ נאָמענ מיט דער צונג.

— דאָס האָט באדארפט זײַנ, סערדצע, ניט זייער לאנג, איאָ? ווי מיינסטו, סערדצע?

— ניט לאנג, אוורעמעלע, נישט לאנג; א יאָר... א יאָר זעכציק אָדער זיבעציק; נישט מער, נישט מער ווי א יאָר זיבעציק, — ענטפערט אימ די אלטיטשקע.

אונ דער אלטער יונגערמאנטשיק דערציילט מיר אלערליי מײַסעס, אנעקדאָטנ, ביז שפעט־שפעט אינ דער נאכט ארײַנ.

— קומ שוינ, אוורעמעניו, קומ שוינ שלאָפנ!

אונ די אלטיטשקע נעמט דעמ אלטנ אונ פירט אימ אָפ פאר א האנט שלאָפנ, ווי מע פירט אָפ א קליינ קינד, אונ אינ עטלעכע מי־נוט ארומ קומט זי ארײַנ צו מיר שוינ אליינ, א ביסל אויסגעטאָנ, מיט א ווײַסנ אָנגעקראָכמעלטנ שלייער אפנ קאָפ אונ מיט עטלעכע שפיל־קעס אינ מויל. זי זעצט זיכ צו צו מיר א ביסל שמועסנ, אונ מיר שמועסנ ווידער א היפשע ווײַלע, אונ מיר קאָנענ זיכ גאָר זאט ניט אָנ־רעדנ; דאָס הייסט, ניט איכ רעד — זי רעדט, די אלטיטשקע רעדט, אונ איכ הער זי אויס.

— איר קאָנט זיכ גאָר ניט פאָרשטעלנ, — זאָגט זי צו מיר, אָנגעשפארט אפ די אויסגעטריקנטע עלנבויגנס, — איר קאָנט זיכ גאָר ניט פאָרשטעלנ, ווי שוואכ מײַנ אוורעמל הייבט אָנ צו ווערנ די לעצטע צײַט. אנ איבעריקע האלבע שאָ לאָז ער זיצנ בא דער נאכט, ווערט ער מיד אונ מוז גיינ שלאָפנ. נאָר לעמײַ זאָל איכ זינדיקנ? א דאנק גאָט דערפאר. קיינ סאכ אוורעמלענ, ווי מײַנ אוורעמל, איז ניטאָ. איכ האָב נאָכ פונ אימ קיינ איינציק מאָל, כאלילע, קיינ אומקאָוועד נישט געהאט, קיינ קרומ וואָרט ניט געהאָרכט. פונ דער ערשטער שאָ נאָכ דער כופע ביז היינטיקנ טאָג צו הונדערט אונ צוואנציק יאָר. לעמײַ זאָל איכ זאָגנ? איכ האָב צו אימ גאָרניט, איכ האָב צו אימ גאָרניט, אונ מיר לעבנ זיכ, באָרעכ־האשעמ, צופרידנ, ווי גאָט האָט געבאָטנ, אונ צומ איבערשטנ קיינ טײַנעס האָבנ מיר אויכ ניט... ער פירט אונדז

אוים פון קאמע יאָרן, און מיר דאַרפן, כאָלילע, צו לײַדן ביז אָנ־קומען, און קײן פּרעמדס האָבן מיר נאָך קײנמאָל ניט פאַרנומען, געלויבט איז גאָט באָרוכ־הו...

— נו, און אַנדערע קינדער?..

— מײַנע קינדער?.. עכ־עכ־עכ! גאָט באָרוכ־הו האָט מיך גע־שטראָפט, אויסגעשטאָרבן אַלע קינדער... אײניקלעך האָבן מיר, געלויבט דער אײבערשטער, אור־אײניקלעך און אור־אור־אײניקלעך, קײן אַנהאָרע ניט... נאָר קײן קינדער נישטאָ; אַלע אויס־געשטאָרבן.

די אַלטיטשקע האָט זיך פאַרטראַכט.

אין א מינוט אַרום רופט זי זיך אָן צו מיר:

— וואָס זאָגט איר עפּעס אַף אים?

— אַף וועמען?

— אַף מײַן אוורעמלען.

איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטײן, וואָס זי מײנט דערמיט, האָב איך נאָר א שמײכל געטאָן און האָב איבערגעטראָגן אונדזער שמועס אַף אַן אַנדער אינײען.

מיר האָבן נאָך לאַנג־לאַנג פאַרבראַכט. מיר האָבן גערעדט וועגן אַלערלײ זאַכן און וועגן פאַרשידענע לײַט; נאָר מער און אָפטער פון אַלע האָט זיך גערדרייט בא איר אַף דער צונג אוורעמל, איר אוורעמל. אוורעמל איז געווען א בײַשפּיל אַף יעדן אויפן, א פאַרגלײַכן צו יעדן מענטשן. אוורעמל! אוורעמל! אוורעמל!

עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז סע זיצט אַקעגן מיר א ווײַבל, א יונג ווײַבל, ניט קײן אַלטע ייִדענע פון קאָרעוו צו הונ־דערט יאָר.

איך וואָלט א באַלן זײַן וויסן, ווו איז אַציַנד דאָס דאָזיקע פאָרל?..

## ד

## דער אויצער

אַף יענער זײַט בארג, הינטערן אַלטן בעסמעדרעש, געפינט זיך אַן אויצער.

אַזוי האָט מען געשמועסט בא אונדז אין שטעטל.

נאָר קומען צום אויצער איז ניט אַזוי גרינג. אַז אַלע ייִדן

אינ שטעטל וועלנ לעבנ בעשאָלעמ און וועלנ זיכ נעמענ אלע אימ זוכנ, דעמאָלט וועט מענ אימ געפינענ.

אזוי האָט מענ געשמועסט בא אונדז אינ שטעטל.

און אז אלע ייִדנ וועלנ לעבנ צופרידנ, עס וועט ניט זײַנ קיינ קינע בא ייִדנ, קיינ סינע, קיינ קריג, קיינ לאָשנ־האָרע, קיינ רע־כילעס, און מע וועט זיכ נעמענ אלע, וועט מענ אָפּזוכנ דעמ אוי־צער, און אז ניט — וועט ער אַרײַנ טיפּ־טיפּ אינ דער ערד אַרײַנ...

אזוי האָט מענ געשמועסט בא אונדז אינ שטעטל, און מע האָט אָנגעהויבנ זיכ צו שפּאַרנ און איבערשפּאַרנ, צו אמפּערנ זיכ און צו ווערטלענ זיכ, צו זידלענ און צו קריגנ זיכ, וואָס ווײַטער אלץ מערער, אלץ שטאַרקער, און אלץ איבערנ אויצער. דער האָט געזאָגט: ער דאַרפ זײַנ דאָ, דער האָט געזאָגט: דאָרטנ. — און מע האָט ניט אויפגעהערט זיכ צו שפּאַרנ און איבערשפּאַרנ, צו אמפּערנ זיכ און צו ווערטלענ זיכ, צו זידלענ און צו קריגנ זיכ, וואָס ווײַטער אלץ מערער, אלץ שטאַרקער, און אלץ איבערנ אויצער — און דער אויצער... האָט געזונקענ אלץ טיפער און טיפער אינ דער ערד אַרײַנ.

## ה

## אנ אזעס

אפ דער ערד איז ער געזעסנ, אפ דער ערד, בא דער טיר פונ דער שול. ער איז געזעסנ און האָט גערעכנט די גראָשנס, געציילט די פּרוטעס — די פּרוטעס, וואָס ער האָט דורכנ טאָג געמאַכט, צו־נויפגעקליבנ.

צוויי מאָל אינ וואָכ, מאָנטיק און דאָנערשטיק, גייט ער איבער די הײַזער. פּרוטעס נעמט דער אָ ר ע מ ע ר אָרעמאַנ בא די ר ײַ כ ע אָרעמעלײַט. די צוויי טעג זענענ ז ײַ נ ע.

ווי ליכטיק שײַנט די זונ, ווי וואַרעמ זענענ אירע שטראַלנ! איינ האַנט האַלט ער אינ בוזעמ, און אינ דער אַנדערער האַלט ער די גראָשנס, די פּרוטעס. ער וואַרפט זיי און קלינגט מיט זיי: ער ציילט זיי און רעכנט זיי. פּלוצעמ...

ווער פאָרט דאָס אינ דער דאָזיקער קאַרעטע, זעקס פערד גע־שפּאַנט? א! דאָס איז דער גראַפ פונעמ שטעטל.

די פערד טראָגנ די קארעטע, אונ דער שטויב גייט נאָכ, ווי צוויי וואָלקנס, בא די זײַטנ.

דער שטויב האָט אימ א ביסל פארשאָטנ די אויגנ מיטנ מויל אונ האָט אימ אפ צוויי מינוט פארשטעלט די שײַנ פונ דער ליכטיקער זונ.

— א ביסל א האָזע! אנ אזעס פונ א גראפ! — האָט ער א מורקע געטאָנ זיכ אינ באָרד ארײַנ, אונ האָט זיכ ווידער גענומענ צו דער ארבעט, רעכענענ די גראָשנס, ציילנ די פּרוטעס...

## ו

## אײַנגעטיילט זיכ

הײַנט איז געוואָרנ א מאָדע: „כעוורעס", „כאדאָרימ", „שקאָלעס", „סאנאטאָריע". אמאָל האָבנ מיר דערפונ גאָר נישט אָנגעהויבנ צו וויסנ.

געשטאָרבנ אנ אָרעמאנ אונ איבערגעלאָזט א טוצ קינדער יעסוימימ — כאָטש נעמ וווארפ זיי ארײַנ אינ וואסער ארײַנ! מאָלט אײַכ, עס רעדט זיכ נאָר אזוי; עס האָט זיכ נאָכ נישט געמאכט, מע זאָל נעמענ לעבעדיקע נעפאשעס אונ ווארפנ זיי אינ טײַכ ארײַנ! עס רעדט זיכ נאָר אזוי...

אזוי ווי הײַנט געדענק איכ. קאסריעל דער וואסערפירער איז געשטאָרבנ, אונ באלד נאָכ אימ איז געשטאָרבנ זײַנ ווײַב קאסריליכע, אונ ס'איז געבליבנ פונ זיי א היפּש ביסל קינדער, אָנ א טאטנ, אָנ א מאמענ, אָנ א ווינקל, אָנ א שטיקל ברויט — א גוואלד, א גוואלד, בוישעכ איז געוואָרנ אינ שטאָט, כוישעכ צווישנ די אָרעמעלײַט.

— ראָצכימ! גאזלאָנימ! קוילערס! וואָס שווײַגט מענ? ווי לאָזט מענ דאָס אזויפיל נעפאשעס אויסגיינ פונ הונגער? פארוואָס טוט מענ עפּעס ניט? ווו זענענ די נעגידימ אונדזערע? די גוירימ?

די נעגידימ, די גוירימ זענענ געווענ פארנומענ מיט זייערע געשעפטנ, אונ די אָרעמעלײַט האָבנ ניט אופגעהערט צו פילדערנ אונ צו ליארעמענ, אזוי לאנג, ביז ס'איז געקומענ אפדערנאכט, האָט מענ געמאכט באמ ראָוו אנ אסיפע, אונ ס'איז געבליבנ, מע זאָל זיכ מיט די קינדער אײַנטיילנ.

אָט דאָ איז ערשט געוואָרנ דער רעכטער געפילדער: באלאָבימ אפ אזא גרויסער מיצווע זענענ געווענ א סאכ, אונ קינדער — סאכאקל זיבנ.

## ז

## צוויי נעשאָמעלעכ

— שוינ פארטיק בא דיר דאָרט אלצדינג? נעמ אָט די צוויי אונ טראָג זיי אראָפּ אהינ, אפ דער ערד, אונ קומ באלד צוריק.

אזוי האָט גאָט באָרוכ־הו געזאָגט צומ מאלעכ, אָנווייזנדיק אימ אפ צוויי זינדיקע נעשאָמעלעכ.

אונ דער מאלעכ האָט גענומענ די צוויי זינדיקע נעשאָמעלעכ אונטער די פליגל אונ האָט זיכ אראָפּגעלאָזט מיט זיי אפ דער ערד.

אונ די נאכט האָט פארשפּרייט אירע שווארצע פליגל אפ דער ערד, אונ ס'איז געוועזנ פינצטער...

אונ א קאלטער ווינט, א שטארקער ווינט האָט געדרייט אונ געבלאָזנ דורכ די פענצטער, דורכ דער טיר, דורכ די ווענט פונ א קליינ איינגעהויקערט שטיבל. אינעמ קליינ איינגעהויקערט שטיבל, אפ שטרוי געבעט, ליגט אפ דער ערד אנ אויסגעטריקנט ווייבל. דאָס ווייבל ליגט אונ קאטשעט זיכ. זי קאטשעט זיכ — זי גייט צו קינד.

אונ א קאלטער ווינט, א שטארקער ווינט האָט געדרייט אונ געבלאָזנ אונ האָט ניט געקאָנט דורכבלאָזנ די געמויערטע ווענט מיט די הויכע טירנ אונ פענצטער פונ א שיינ רייכ הויז. אינעמ שיינעמ רייכנ הויז, ווייכ געבעט, גוט געבעט, מיט אטלעס אונ מיט זייד, ליגט א געזונטע, א שיינע פרוי. די געזונטע שיינע פרוי ליגט אונ קאטשעט זיכ. זי קאטשעט זיכ — זי גייט צו קינד.

אונ דער מאלעכ האָט אינדערגיכ אהער אריינגעלאָזט די צוויי נעשאָמעלעכ.

— גייט, קינדערלעכ, — האָט ער צו זיי געזאָגט, — גייט, ברידערלעכ, קומט אָפּ א ביסל אפ דער וועלט!

אונ ס'איז אינ דער דאָזיקער נאכט געבאָרנ צוויי יינגלעכ: איינס אפ דער ערד, אפ שטרוי, — אפ הונגער, אפ דאגעס, אפ צאָרעס — א פּיקערל, אנ עסערל, אנ איבעריקס אפ דער וועלט; אונ דאָס אנדערע — אפ אטלעס אונ אפ זייד, אפ פרייד, אפ גוטס, אפ גליק, אפ לאקעטקעס, אפ זאבאווקעס, צו געניסנ פונ דער וועלט.

— האיזטאָכנ? — האָט דער מאלעכ געפרעגט באמ ריבוינע־שעל־אוילעמ. — איז טאקע רעכט אזוי? דעמ ג אָ ר, אונ דעמ

גאָרניט? דעם שטרוי, און דעם אטלעס? דעם לאַקעטקעס, און דעם דאַכקעס?

— קוק אַראָפּ און שווײַג! — האָט אים געענטפערט דער האַר פון דער גאַנצער וועלט.

עס איז איבערגעלאָפן צוואַנציק יאָר.

און די נאַכט האָט פאַרשפּרייט אירע שוואַרצע פליגל אויף דער ערד, און ס'איז געווען פינצטער.

און אַ שטאַרקער ווינט, אַ קאַלטער ווינט האָט געדרייט און געבלאָזן דורך די פענצטער, דורך דער טיר, דורך די ווענט פון אַ קליין אײַנגעהויקערט שטיבל. פונעם קליין אײַנגעהויקערט שטיבל הערט זיך אַ קאָל, אַ וויינענדיק קאָל:

— ריבוינע-שעל-אוילעם! ליבער גאָט! נעם אָן מײַן געבעט, הער צו מײַן געוויין; שיק מיר דעם טויט, נעם מיך צו פון דער וועלט — איך קאָן זיך שוין מער דאָ ניט מוטשען!

— ניין, לעב נאָך, לעב נאָך, מוטשע זיך, — לעב לאַנג, לעב לאַנג, מײַן קינד!..

און אַ שטאַרקער ווינט, אַ קאַלטער ווינט האָט געדרייט און געבלאָזן און האָט ניט געקאָנט דורכבלאָזן די געמויערטע ווענט מיט די הויכע טירן און פענצטער פון אַ שיין רײַך הויז. פונעם שיינעם רײַכן הויז הערט זיך אַ קאָל, אַ וויינענדיק קאָל:

— ריבוינע-שעל-אוילעם! ליבער גאָט! נעם אָן מײַן געבעט, הער צו מײַן געוויין; נעם צו דעם מאַלעך-האַמאָוועס פון מיר. איך וויל לעבן. אַן אַווײַרע אַזאַ גוטס. איך וויל פון דער וועלט אַזוי יונג נישט גיין!

— גיין, שטאַרב, גיין, שטאַרב, געזעגן זיך, — גענוג שוין געהוליעט, מײַן קינד!..

און אַ שטאַרקער ווינט, אַ קאַלטער ווינט, האָט געדרייט און געבלאָזן די נאַכט, און די זינדיקע נעשאָמע אינעם גליקלעכן הויז, פון דעם גוויר דעם געווונטן, איז ניט ווילנדיק צוריק אַהין הימל אַרויף.

און אַ שטאַרקער ווינט, אַ קאַלטער ווינט האָט נאָך לאַנג דאָ געבלאָזן און געדרייט, און די זינדיקע נעשאָמע אינעם געפאַלענעם שטיבעלע האָט זיך ניט ווילנדיק באַם קאָפּצן באַם קראַנקן געהאַלטן נאָך לאַנג, נאָך לאַנג געהאַלטן!

ח

# איך שעם זיך

איך האָב געהאַט אַ כאַווער. מיר האָבן געלערנט אין איין כיידער. אינאיינעם געלערנט, אינאיינעם געטאָן נאַרישקייטן, אינאיינעם געטיילט פריידן און ליידן.

די בלינדע, וואָס מע רופט זי פּאַרטונע, די האַצלאָכע, האָט זיך צוגעשמייכלט צו מײַן כאַווער, און סע האָט אים באַגליקט, און ס'איז אים אָוועקגעגאַנגען בעסער און בעסער, און איז גע־וואַקסן העכער און העכער.

און איך בין געבליבן פון אונטן...

לאַנג, גאַנץ לאַנג האָבן מיר זיך ניט געזען, ניט באַגעגנט. מיר זענען געגאַנגען אויף פאַרשידענע וועגן, מיר האָבן געוווינט אין פאַרשידענע שטעט.

איינמאָל בין איך געקומען אין דער שטאָט, וווּ מײַן כאַווער האָט געוווינט, און בין געגאַנגען פאַרבײַ מײַן כאַווערס אויסגע־צייכנט הויז און האָב זיך אָפּגעשטעלט:

„יאָ אַרײַנגיין, צי ניט אַרײַנגיין?"

און איך בין אַרײַנגעגאַנגען.

שטעלט איר זיך פאָר — ער האָט מיך דערקענט!..

— וואָס זשע מאַכסטו, ברודער? ווי גייט עס?

אַ היפּשע ווײַלע זענען מיר געשטאַנען פון פאַרנט; אינוויינײניק צו זיך האָט ער מיך ניט אַרײַנגערופן.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז סע וווּנדערט מיך, האָט ער צו מיר געזאָגט, באַטראַכט מײַן האַלבאָשע:

— זײַ מיר מויכל, גוטער־ברודער, האָב קיין פאַריבל, איך בעט דיך, זײַ מיר מויכל, איך קאָן ניט, איך שעם זיך!..

— דו שעמסט זיך? דו שעמסט זיך מיט מיר?

— אַך, ניין, כאָלילע, ניט דאָס מיין איך, ניט דאָס האָב איך געזאָגט! איך האָב געזאָגט, איך שעם זיך מיט... מיט מײַן גרויס־אַרטיק הויז... פאַר דיר, פאַר מײַן אַלטן כאַווער, פאַר... פאַר... זאָג מיר, ווי וווינסטו? ווו שטייסטו? איך וועל קומען, איך וועל זײַן בא דיר, איך וועל זײַן בא דיר!

ער האָט געוואָרפן אַן אויג אױף מײַנע אױסגעדרייטע צעריסענע שטיוול און איז געוואָרן רויט פֿאַר בושה...

איך האָב אים פֿאַרשטאַנען און האָב אים מוחל געווען מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן גאַנצן האַרצן!

# ט

## עק וועלט

דאָרט, אױף יענער זײַט בעסוילעם, הינטער דער שטאָט, גייט זיך צונויף דער הימל מיט דער ערד.

דאָרט, אױף יענער זײַט בעסוילעם, הינטער דער שטאָט, איז עק וועלט.

אַזוי האָבן מיר אַלע איין כיידער אָפּגעפּאַסקעט און האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך — צונויפֿזאַמלען זיך שאַבעס באַטאָג, ווען דער אוילעם, ווען אַלע ייִדן, ווען די גאַנצע שטאָט שלאָפֿן מיטן זיסן שאַבעסדיקן שלאָף, און זיך לאָזן גיין און גיין ביזן עק וועלט.

שאַבעס באַטאָג, ווען דער אוילעם, ווען אַלע ייִדן, ווען די גאַנצע שטאָט זענען געשלאָפֿן מיטן זיסן שאַבעסדיקן שלאָף, האָבן מיר זיך צונויפֿגעזאַמלט און האָבן זיך געלאָזט גיין און גיין ביזן עק וועלט.

און מיר זענען געגאַנגען — צו אַ שאָ, צו צוויי, צו דרײַ — ווייס איך בית; נאָר מיר זענען, באָרעכ־האַשעם, מיט גאָטס הילף, געקומען בעשאָלעם ביז דער מיל, ביז דער ווינטמיל.

דאָ, בײַ דער ווינטמיל, האָבן מיר זיך געזעצט רוען. זיך צוגעזעצט, צוגעלייגט. צוגעלייגט זיך, אויסגעצויגן זיך אויפֿן גרינעם גראָז, אױפֿן שמעקנדיקן גראָז, און געכאַפּט אַ דרימל.

יעדער פֿון אונדז איז פֿאַרנומען מיט זײַן זאַך, מיט זײַנע געדאַנקען, מיט זײַנע פֿאַרגעניגן. ס'איז שטיל. קיינער זאָגט ניט קיין וואָרט; קיינער וויל, מע זאָל אים איבערשלאָגן, קיינער וויל יענעם איבערשלאָגן.

— וווּ זשע איז עק וועלט? — האָט זיך אָנגערופֿן איינער פֿון אונדז.

— אָט דאָס איז דאָך עק וועלט, נאַרעלע! — האָט אים דער אַנדערער געענטפֿערט.

און ס'איז בא אונדז אַלע געבליבנ דער העסקעמ, אַז דאָ, הינטער דער ווינטמיל, איז עק וועלט; אַז ווײַטער פונ דער מיל איז שוינ די האָריי-כווישעכ, די פינצטערע בערג, וואָס זענענ באַדעקט מיט אַ שוואַרצ גראָז, אונ דאָרט, אַפ די בערג, געפינענ זיכ נאָכ אַדהאיאָמ קלייִנע ייִדלעכ מיט לאַנגע בערד ביז די שפּיצ פינגער פונ די פיס, — די קלייִנע ייִדלעכ, וואָס גאָט האָט זיי אַהער פאַרטריבנ פאַר זייערע צינגער, פאַר זייערע לאַנגע צינגער, דערפאַר, וואָס זיי האָבנ געהאַרגעט איינער דעמ אַנדערנ מיט די צינגער; אונ אַפ יענער זײַט בערג איז שוינ דער פאַרגליווערטער יאַמ, וואָס דער שטורעמווינט פאַרטרײַבט אַהינ אַלע אָקרעטנ מיט אַלע שיפנ אונ וואָס קיינער קומט שוינ פונ דאָרט ניט צוריק...

— איכ בעסמעדרעש אַרײַנ! ווײַסעכווערעניקעס! איכ בעסמעדרעש אַרײַנ! לײַטישע באָכערימלעכ! דאַכט זיכ, שענער צו זיצנ איכ בעסמעדרעש שאַבעס באַטאָג אונ לערנענ „פּירעק״ 1 איידער וואַלגערנ זיכ, גלײַכ מיט אַלע שקאָצימלעכ, הינטער דער מיל. איכ בעסמעדרעש אַרײַנ, גויִימ, אַמעראַצימ, איכ בעסמעדרעש אַרײַנ!

דאָס איז געווענ „מאַטיע רויטעבאַק״, אַ שיינער ייִד, אַ ווידייע־סייפער 2, אַ באַלעבאָס מיט אַנ אייגענער שטוב אונ מיט אַ „שטאָט״ איכ מיזרעכ־וואַנט, די דריטע שטאָט פונעמ אָרנ־קוידעש...

י

## מאַלעכ־האַמאָוועס

איכ האָב געהערט איכ כיידער. מײַנ רעבע האָט מיר דערציילט. מײַנ רעבע רעב מייער, זיכרוינע-ליוורָאכאָ...

שרעקלעכע מײַסעס האָט ער זיכ אָנדערציילט פונעמ מענטשנס סאָפ, פונעמ מאַלעכ־האַמאָוועס מיט די טויזנטער אויגנ פונ קאָפ ביז פיס, פונעמ מאַלעכ־האַדוימע מיט די אײַזערנע ריטער, וואָס קומט איכ קייווער אַרײַנ מיט אַ דאָפּראָס:

— רשע! מה שמך? 3 ראָשע! וויאַזוי רופט מענ דיכ? עסקת בתורה? 4 וואָס האָסטו געלערנט?

1 דער טאַלמודישער טראַקטאַט „באָות״ (אָוועס). — 2 אַ לערנער. 3 — ראָשעַ׳ מאַ שמעכאָ? — 4 אָסאַקטאָ באַטוירא?

און נאָך פיל שרעקלעכע, בעעמעס מוירעדיקע מינוטעס. און עס איז איבערגעגאַנגען אַ פראָסט איבערן לײַב, און די האָר האָבן זיך געשטעלט קאַפּויער.

נאָך שרעקלעכער פון אַלץ איז בײַ מיר געווען דער מאַלעך־האַמאָוועס, דער מאַלעך־האַמאָוועס מיט די טויזנטער אויגן פון קאָפּ ביז פיס. און איך בין זיכער, אַז ווען איך וואָלט דענסט־מאָל זיך באַגעגנט מיטן דאָזיקן פאַרשוין, וואָלט איך געוויס געשטאָרבן פאַר פּאַכעד אַליין.

אַך, ווי עס בײַטן זיך די צײַטן!

איצט, ווען איך זע זיך מיט „אים" קימאַט יעדן טאָג, ווער איך גאָר ניט ניספּאָעל.

איך פיל „אים" נעבן זיך; איך הער „זײַן" אָטעמען אָט דאָ, נעבן זיך; איך ווייס, איך הער, אַז „ער" גייט מיר נאָך פון הינטן פּוסטריט — און גאָרניט!

— נו, גיכער, גיכער! — זאָגט „ער" מיר. — מאַך אַ צאַוואָע און קום...

— מאָרגן, אים־יירצע־האַשעם, מאָרגן! — ענטפער איך „אים" און לייג דאָס אָפּ פון טאָג אָפּ טאָג.

און אַזוי ווי איר זעט, נאַרן מיר איינער דעם אַנדערן. ער זאָגט מיר: „צאַוואָע"! איך אים: „מאָרגן... מאָרגן... מאָרגן..."

## צו אונדזער פּאָעט

אז עס פלעגט קומען אונדזער צײַט די שיינע —
דער זומער — די לופט די פרישע, די ריינע,
איז די ערד געוואָרן מיט גראָז צוגעדעקט,
ביימער האָבן געבליט, די בלומען — געשמעקט,
דער סאָלאָוויי האָט אין גאָרטן געקלונגען
און האָט זײַנע זיסע לידער געזונגען...

דער זומער איז אוועק, די לופט איז שוין קאַלט;
דאָס ביימעלע וויינט, דאָס בלעטעלע פאַלט...
דאָס יונגע פייגעלע האָט זיך באַהאַלטן
פאַר אונדזער ווינטער דעם לאַנגן, דעם קאַלטן...

יעצט, אז איך האָב שוין אזויפיל צאָרעס געגעסן,
אז איך זיץ אין מײַנע דאַלעד־אַמעס פאַרשלאָסן...
יעצט וואָלט איך געוויס מיט פרייד פון מײַן ביטער לעבן
עטלעכע יאָר — גאָר ניט געקלערט — אוועקגעגעבן —
איך זאָל קענען נאָכאַמאָל יענע לידער הערן
און מײַנע יעצטיקע לאַנגע באַגיסן מיט טרערן...

איך געדענק דײַנע לידער, אונדזער פּאָעט,
יענע הייסע ווערטער, וואָס דו האָסט גערעדט!
זיי האָבן אונדז טאָמיד אונטערגעהאַלטן;
און הײַנט... האָסטו זיך גאָר פון אונדז באַהאַלטן;

הײַנט, אז מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזער מוט,
הײַנט, אז עס איז אונדז אַלע זייער ניט גוט,
האָסטו קימאַט דײַנע ברידער פאַרגעסן,
וואָס דו ביסט מיט זיי צוזאַמען געזעסן!

שטיי אויף, דו, פּאָעט! וווּ ביסטו ערגעץ דאָרט?
זאָג אונדז פון דער ווײַטנס דײַן קלוג וואָרט!
וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן האָבן דען דײַנע ברידער,
אַז ניט דײַנע זיסע, די טרייסטנדע לידער?..

# מע פרעגט מיכ, וואָס איכ וויינ?

Посвящается коллеге М. С — ру

מע פרעגט מיכ, וואָס איכ וויינ, וואָס באַטײַטנ מײַנע טרערנ?
אָכ, עס וויינט זיכ אַלײנ — איכ בינ דאָס זעלבסט ניט גערנ!
ווענ איכ נעמ די לירע אונ וויל מיר עפּעס שפּילנ,
גיט זי מיר איבער אירע אייגענע געפילנ.

איכ וויל אַ ביסל זינגענ, מײַנע אָרעמע ברידער;
גענוג שוינ מיר צו קלינגענ וויינענדיקע לידער —
איכ נעמ די ערשטע טענער, אַ פריילעכנ אַקאָרד,
איכ וויל, עס זאָל זײַנ וואָס שענער — עס וויינט זיכ אָבער פאָרט!

די לירע וויינט, זי סקריפּעט, זי שרײַט, זי דערוועקט ראַכמאָנעס,
איכ הער, ווי עמעצער כליפּעט — דאָס קרעכצנ אירע סטרונעס...
איכ וויל אַ ביסל לאַכנ, געוויינט האָב איכ אַ טײַכ —
איכ וויל זיכ פ ר ײ ל ע כ מ אַ כ נ מיט אַלע מענטשנ גלײַכ.

מע לאָזט מיכ לאַנג ניט טאַנצנ, מע מאַכט מיר גיכ אַנ עק:
מע הייסט מיר גאָר אײַנגאַנצנ פונדאַנענ ווײַט אַוועק!
איכ פרעג: וואָס בינ איכ ערגער? איכ בעט, איכ וויינ, איכ שרײַ:
פאַרוואָס אָט אַלע פעלקער גייענ דאָ פראַנק-אונ-פרײַ?

עס איז ניט הײַנט געוואָרנ, עס איז אַנ אַלטע גזירע:
דו ביסט אַ ייִד געבאָרנ — ד אָ ס איז שוינ אַנ אַווירע!
לערנענ איז מײַנ לעבנ, מײַנ האַסאָגע איז — אַלעס וויסנ,
איכ כאַכמעס אימער שוועבנ — דאָס איז מײַנ בעסטער ביסנ.

מע זאָגט מיר אָבער: „ניינ! צו אונדז זאָלסט זיכ ניט גלײַכנ,
דאָס דאַרפנ מיר אַלײנ, דו גיי געשעפטנ מאַכנ"...
איכ בינ מערוצע האַנדלענ; אַנ עק, אַ סאָפ — אויס טוירע!
ר אַ ז י נ ק ע ס מ י ט מ אַ נ ד ל ע נ — לאָז דאָס כאַטש זײַנ
מײַנ סכוירע.

מע זאָגט מיר אָבער: „ניינ! דו האָסט דערצו האַצלאָכע,
דאָס קענענ מיר אַלײנ, גיי לערנ אַ מעלאָכע".
דעמ ייִכעס אָפּ אַ זײַט, צו דער אַרבעט מוז מענ זיכ נעמענ;
עס איז שוינ טאַקע צײַט, מיר זאָלנ זיכ דאַמיט ניט שעמענ.

מע זאָגט מיר אָבער: „נײנ! דו אַרבעטסט טאַקע, ווערסט ניט מיד,
דו האָרעפּסט אָבער פֿאַרשטײנ, אַז דו ביסט בא אונדז... אַ ייִד".
איכ פֿרעג: וואָס בינ איכ ערגער אַזוי.
עס איז ניט הײנט געוואָרנ, עס איז אַנ אַלטע גזירע:
דו ביסט אַ ייִד געבאָרנ — דאָס איז שוינ אַנ אַווירע...

פֿונ דאָרפֿ טרײבט מענ מיכ, אינ שטאָט לאָזט מענ מיכ
ניט אַרײנ;
דאָ טאָר איכ ניט האָבנ קײנ הויז, דאָ טאָר איכ גאָר ניט זײנ.
קײנ פֿעלד טאָר איכ ניט האַלטנ, קײנ ערד טאָר איכ ניט קויפֿנ;
מע האָט אַלצ פֿאַר מיר באַהאַלטנ — וווּהינ זאָל איכ אַנטלויפֿנ?
איכ פֿרעג: וואָס בינ איכ ערגער אַזוי.

עס איז ניט הײנט געוואָרנ, עס איז אַנ אַלטע גזירע:
דו ביסט אַ ייִד געבאָרנ — דאָס איז שוינ אַנ אַווירע...
אונ צו מײנע אײגענע ברידער ווענ איכ קוק זיכ צו,
הער איכ די זעלבע לידער אונ האָב קײנ הילפֿ דאַצו.
איכ פֿאַרשטעל מיר שטאַרק די אויגנ, איכ זאָל ניט זענ, וואָס טוט
זיכ דאָ —
ווי דער אָרעמאַנ ווערט אַרויסגעצויגנ, ווי עס איז קײנ עמעס ניטאָ,
ווי אײנער יאָגט דעם צווײטנ אונ מאַכט פֿונ אימ אַ טעל,
אויפֿ אײנ האַנט טראָגט ער קײטנ אונ אויפֿ דער אַנדערער — די פֿעל...

די קאָהאָלשע רעדל־פֿירער, די גאַבאָימ, די נעמאָנימ,
די שאַמאָסימ, די פֿאַרזאָרגער — ראַכמאָנימ־בנײ־ראַכמאָנימ...
די באַלעטאַקסע — די באַלעטויוועס, וואָס עסנ פֿלײש
אונ פֿאַרקויפֿנ בײנער,
די נאַלאָגנ מיט די כויוועס, וואָס וואַקסנ ווי אַ באַרג מיט
שטײנער;

די „גוטע־ייִדנ", די צאַדיקימ, מיט די פֿײערדיקע כסידימ,
די באַלעמאָפּסימ, די מאַזיקימ, די זאָגערס, די מאַגידימ,
די מאַסקילימ די פּאַטריאָטנ, וואָס זענענ אויכ ניט בעסער,
די דאָקטוירימ די דעספּאָטנ, וואָס קוילענ אָנ אַ מעסער.

אונ נאָכ, אונ נאָכ, אונ נאָכ... נאָר וואָס האָבנ מיר צו רעדנ?
לעזער! ווײ איז אונדז אונ אָכ — אי מיר אי דיר — אונדז ייִדנ!!
איר פֿרעגט מיכ, וואָס איכ ווײנ, וואָס באַטײטנ מײנע טרערנ?
איר זעט זיכ שוינ אַלײנ — איכ בינ דאָס זעלבסט נישט גערנ!

# ערעוו שאבעס*

„גוט־מאָרגנ! וואָס מאכסטו, ווי גייט עס דיר, עסטער?
א קוק טונ אפ דיר איז א שרעק!
מיר דאכט, אז דו וויינסט נאָכ, מײַנ טײַערע שוועסטער!
געכוג דיר צו וויינענ — אנ עק!“

— וויאזוי זאָל איכ ניט וויינענ, וויאזוי זאָל איכ ניט קלאָגנ?
געשטאָרבנ מײַנ לייזער, מײַנ קרוינ!
געבליבנ בינ איכ, יענטעלע, — וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ? —
מיט נײַנ יעסוימימ אלײנ!..

געפלויגנ אפ שאבעס איז איינמאָל מײַנ לייזער,
אינ בויד איז געזעסנ דער דאיענ;
רעב פײַוויש דער דאיענ איז געווענ א בייזער,
האָט ער אָנגעהויבנ צו שרײַענ:

— „דו הולטײַ, יונגאטש אײנער, פאָר א ביסל גיכער —
דער שאבעס איז שוינ אפ דער נאָז!..“
מײַנ לייזער האָט געפאָלגט, האָט זיכ צעלאָזט ווי א וויכער
אונ האָט געטריבנ די פערד אָנ א מאָס, —

אז רעב פײַוויש דער דאיענ זאָל ניט פארשפעטיקנ כאָלילע
צו קומענ אינ שאבעס ארײַנ!
אונ ער זאָל נאָכ טרעפנ „דעמ מעירכעצ“ אפילע —
אלצ ווי עס געהער דאָרט צו זײַנ...

פלוצלימ האָט זיכ אינ וואָגנ אנ אקס אָנגעבראָכנ,
צוויי רעדער האָבנ געמאכט לאָפ;
רעב פײַוויש דער דאיענ איז אהיימ קוימ פארקראָכנ,
אונ לייזער... האָט זיכ צעבראָכנ די קאָפ...

א דאנק די גוטע לײַט, די „כעווירע־קאדישע“:
זיי האָבנ זײַנ רעכט אימ געמאכט,
אונ פאר פערציק רובל — מײַנ גאנצע יערושע! —
צו קייווער־ייִסראָעל געבראכט...

---

* דער שיר איז געבויט אפ דער מאָס פינ נעקראסאָווס
„Здравгсвуй, родная. Как можется, кумушка?“
ער קאָנ געזונגענ ווערנ מיט דער זעלבער מעלאָדיע, וואָס איז באווּסט יעדנ אינ רוסלאנד. (באמ. פונ אווט).

אַף מאָרגן איז געקומען דער גאַבע שאַליטע
און האָט מיך פאַר טאַכריכים געמאָנט;
מײַנע סאָנים זאָלן אַזוי לעבן, ווי געבן א פרוטע
האָב איך אים אַפילע געקאָנט!

ער האָט מיר געהייסן פאַרזעצן די קישעלעך
און אָפּצאָלן דעם הייליקן בויון;
איך האָב אים מײַן שטיבל אַף הינערישע פיסעלעך
פאַרמאַשקנט אַף אייביק מיטן הויף...

א וויסטע אַלמאָנע! איך האָב געהאָרעוועט און געקליבן,
און עס איז אַלעס אַוועק מיטן דעם רויך, —
מײַן עלטערע טאָכטער איז אַן אַגונע געבליבן,
און די קלענערע, זאָגט מען, בלײַבט אויך...

דעם עלטערן זון האָב איך געפּאַטערט אין דער מילכאָמע,
און דער אַנדערער איז קיין אַמעריקע אַנטלאָפן;
דער דריטער ליגט אין „העקדעש" און פּאָכט מיט דער בעשאָמע;
דער פערטער האָט אויך ניט געטראָפן:

אים איז געפעלן גאָר לערנען, שטודירן —
און האָט שוין אַכט קלאַסן געענדיקט;
און הײַנט הוסט ער אונטער „איך וועל לאַנג ניט געדירן..."
זאָגט ער אַליין דאָס מיר שטענדיק.

דעם פינפטן האָב איך אָפּגעגעבן צו א באַלמעלאָכע
און האָב אָנגעטראָפן אַף א סבוירע;
און מיט די צוויי לעצטע האָב איך אויך קיין האַצלאָכע:
זיי וואַלגערן זיך נאָך אין דער „טאַלמוד־טוירע"...

אַליין זיץ איך אין קלייטל און פריר א גאַנץ טאָג,
קוים וואָס איך פאַרדין מיר מײַן ברויט;
מײַן לעבן איז אַף א האָר, עס הענגט אַף א וואָג,
און אַמאָל וואָלט איך גערן דעם טויט...

געדענקסטו באָטש, יענטעלע, מײַן טײַערע שוועסטער,
צי עפּשער האָסטו שוין פאַרגעסן —
די שיינע, די ליבטיקע, די פריילעכע עסטער,
וואָס איז מיט דיר אין שכיינעס געזעסן?

מײַנ לייזער פלעגט קומענ אהיימ טאָמיד פריילעכ
אונ פלעגט נאָר די פערדלעכ אויסשפאַנענ —
אונ אינ שטוב ארײַנקומענ, פונקט ווי א מיילעכ!
ווער האָט דענ מײַנ גליק גאָר פארשטאַנענ?

אָנ א מאטאָנע איז ער אהיימ נית געקומענ;
וואָס איז נית געוועזנ בא מיר?
ער האָט מיכ אויכ איינמאָל אפ א יאריד מיטגענומענ
אונ האָט מיכ באקליידט ווי א גוויר.

לייע די נעגידעס האָט אפ מיר הײַנט ראכמאָנעס
אונ שענקט מיר פונ זיכ אנ אלט קלייד;
גליקלעכער פונ איר בינ איכ געוועזנ, בענעמאָנעס,
אונ האָב מיר געלעבט שטילערהייט.

בא קיינעמ געבאָרגט, בא קיינעמ געליגנ,
געהאָרעוועט אפ דעמ שטיקעלע ברויט;
קיינמאָל נית געגאַנוועט, נית געזאָגט קיינ ליגנ
אונ אויכ נית געוווסט פונ קיינ נויט.

מע זאָגט, אז אפ „יענער וועלט“ איז דאָ א גאַנייּדנ,
אונ מ י ר האָבנ אימ אפ ד ע ר וועלט געהאט, —
ווענ אלע קינדערלעכ זענענ געווענ מיט אונדזביידנ
אונ זענענ געווענ אלע זאט...

אָנגעוואָרנ, יענטעלע, פארלאָרנ מײַנ אלטנ;
געשטאָרבנ! — מײַנ גילדענע קרוינ!
אפ „יענער זײַט“ בעסוילעמ ליגט לייזער באהאלטנ;
אפ זײַנ קייווער — ליגט נאָר א שטיינ...

# א יידישע טאָכטער *

פאָר איכ ארויס אינ דער פינצטערער נאכט,
דאנ שטעלט זיכ מיר פאָר דײַנ שיינע געשטאלט;
זיצ איכ אליינ אינ געדאנקענ פארטראכט,
דערזע איכ דײַנ געזיכט, דאָס ליכטיקע בילד. **

1 דאָס דאָזיקע ל י ד זינגט מען מיט דער מעלאָדיע פון נ ע ק ר א ס אָ ו ו ס דיכטונג „Еду ли ночью по улице темной...“ (באמ. פון אווט.).
** עפשער: דערזע איכ דײַן געזיכט דאָס ליכטיקע באלד. ר ע ד.

אומגליקלעכע כאַנע! דאָס האַרצ מוז מיר קלעמענ:
אינ דער יוגנט האָסטו דאָכ געליבט א סטודענט,
אונ וועמענ דו האָסט פײַנט, האָסטו געמוזט נעבעכ נעמענ —
א „כאָסיד“, וואָס קוועטשט די באַנק מיט די ווענט.

איכ געדענק דײַנ געוויינ, דײַנע ביטערע טרערנ
(כאָטש פונ מיר האָסטו דאָכ זיי טאָמיד פאַרבאָרגנ...)
קיינער האָט ניט געוואָלט דײַנע טײַנעס אויסהערנ:
אַלע האָבנ געוואָלט דײַנ טאַכלעס פאַרזאָרגנ!..

צי דו וועסט האָבנ א מאַנ א גוטנ צי א שלעכטנ —
דאָס האָבנ דײַנע עלטערנ ניט געוואָלט קלערנ; ,
דײַנ פאָטער האָט געזוכט א „מעכוטנ“ א רעכטנ,
אונ דײַנ מוטער האָט געוואָלט „א שוויגער“ שוינ ווערנ!

אײַנגעטונקענ אינ יכעס איז דײַנ מ ע נ ד ל געווענ,
ראַבאָנימ, שיינע־ייִדנ אינ זײַנ מישפּאָכע — אָנ א שיר;
אונ פרומ איז ער געווענ — עס זאָל גאָר ניט געשענ! —
א קײַלעכיק יאָר האָט ער גאָר ניט גערעדט מיט דיר!..

פונדעסטוועגנ, כ אַ נ ע, פלעגסטו דענ אימ ניט שענקענ
א זונ אָדער א טאָכטער אַלע יאָר אַקוראַט?
ביז דו האָסט אָנגעהויבנ, ענדלעכ, צו קרענקענ —
אינ זיבנ־אַכט יאָר האָסטו אימ אַכט קינדער געהאַט!

דײַנ מ ע נ ד ל האָט זיכ אַרומגעקוקט אונ האָט זיכ באַטראַכט:
צו וואָס טויג אימ שוינ מער א קראַנקע נעקייווע?
ער האָט זיכ באַמ רעבנ א זיצונג געמאַכט
אונ איז א „פּאָרוש“ געוואָרנ אונ א „זוילעל־וועסויווע“...

וויאַזוי דו ביסט נאָכדעמ געבליבנ מיט די קינדער
אָנ א שטוב, אָנ א קאָרעוו, אָנ א קאָפּעקע געלט, —
דאָס דאַרפ שוינ פאַרשטיינ יעדער באַזונדער;
דו וועסט אָבער האָבנ דערפאַר י ע נ ע  וו ע ל ט!...

א טרויעריקע געשיכטע — מוז איכ אײַכ זאָגנ —
איז בא מיר אײַער לעבנ, „ייִדישע טעכטער“!
א מענטש מיט א האַרצ דאַרפ וויינענ אונ קלאָגנ,
וואָס בא אײַערע עלטערנ איז דאָס א געלעכטער...

# יידישע טשינאָווניקעס

אנ עמעסע מייסע, וואָס האָט זיך אינ א קליינ שטעטל פאַרלאָפנ.

..ויגזור על־ימין ורעב
ויאכל על־שמאל ולא שבעו
איש בשר זרעו יאכלו 1
(ישעיה ט, י״ט).

Голодно, странничек, голодно,
Холодно, родименький, холодно!
(Некрасов)

## א

בא דער נאכט אינ א ווינט, אינ א ברענענדיקנ פראָסט
איז א יידל געשווינד, די פּאָלעס צעלאָזט,
מיט א זאק אינ די הענט, אונ א נעשאָמע געלאָפנ,
ווי ווייט ער האָט געקענט, — וואָס האָט זיך דאָ געטראָפנ?..

דער [דעמ?] וואסערפירער מיכאָעל פונ דער „יידישער גאס"
קאָנ דאָך גאנצ קאָהאָל, מיט זיינ פערדל, זיינ פאס;
אפנ „הייליקנ אָרט" וויל מענ ניט באהאלטנ
זיינ פאָטער; מע האָט אימ דאָרט א טאָג אפּגעהאלטנ...

פונ האָבער א זאק האָט מיכאָעל גענאמט
אונ האָט אהינ געפּאקט, וואָס ער האָט דערטאפּט:
א קאָלדרע, צוויי ציכלעכ — קאלע-מאטאָנעס, —
א סידער, דריי ביכלעכ — דעמ כאָסנס שאלעכ־מאָנעס,

א מאכזער, צוויי סליכעס, א טילימ אפ טייטש,
א פיר אלטע לוכעס, א שפּאָגל־נייע בייטש,
דאָס ביסעלע גרעט, צוזאמענ מיטנ קיטל
(ניט לאנג געקאָסט בלוט!), דאָס שאבעסדיקע היטל,

א קאפּאָטע א צעריסענע, א יופּע מיט לאטעס,
א פּאָר הענטשקעס צעביסענע... אונ נאָכ אזעלכע שמאטעס —
דאָס אלעס מיטנ טאלעס א פּעקל געמאכט —
אונ אינגאנצנ דעמ „האלעס" צומ גאבע געבראכט.

---

1 וואייִגזויר אל־יאָמינ ווערָאייוו וואיויכאל אל־סמויל וועלוי סאָוויִיו איש בסאר זרוויוי יויכיילו — אונ ער האָט פארשניטנ אפ רעכטס אונ איז געבליבנ הונגעריק, אונ ער האָט פארלענדט אפ לינקס, אונ זיי האָבנ זיך ניט אָנגעזעטיקט. יעדער מענטש האָט געגעסנ דאָס פלייש פונ זיינ אָרעמ.

דער גאבע רעב אווראָם־כאַיִם האָט ניט געוואָלט זײַן קיין גאבע,
נאָר ער איז א „יעריי-שאָמאַיִם" און וויל האָבן „אוילעם־האבע"...
-— איך בין ניט קיין אוישער... האָט אָפּ מיר ראכמאָנעס! —
— ח"י רו"כ 1, אלפּי יווישער, איז ניט קיין סאך, בענעמאָנעס,
גלייב מיר, מיכאָעל!.. דו ווייסט דאָך אליין,
אז פּאָליטעוועקער קאָהאָל איז זייער געמיין;
צי דו האָסט עפּשער פאַרגעסן, אז די קאָפּצאָנים שרייען „געוואלט!
מיר האָבן ניט וואָס צו עסן, און אונדזערע קינדער איז קאַלט!.."
איך שול — ניטאָ א גראָשן, דער „העקדעש" פאַלט איין,
דער מערכעץ — פאַרשלאָפן, — וואָס קאָן דערפון זײַן?!..
מיילע, צו הונגער און צו קעלט זענען שוין געוווינט די אָרעמעלײַט;
צי האָט מען געהערט אָפּ דער וועלט, אז איך א ווינטערדיקער צײַט
זאָלן אין טײַך דארפן גיין, נעבעך, אונדזער „נאָשים"
און א מערכעץ זאָל שטיין פאַרשלאָפן דרײַ כאָדאָשים?!!..

רעב אווראָם־כאַיִם האָט די „קליידער" אין בוך אריינגעשריבן,
האָט זיי פאַרשלאָסן אין א ביידער און א צעטל אים געגעבן,
אז מע זאָל געפינען אן אָרט דעם אלטן צו באהאלטן,
און מע זאָל אים דאָרט שוין מער ניט פאַרהאַלטן...

## ב

פונעם גאבע איז אונדזער העלד צום ראבינער אוועק...
צום ראבינער דארף מען געלט; אוים מאשקאָנעס — אן עק!
אָן א היטל איז מיכאָעל צום ראבינער צוגעטראָטן:
(דער אויבער־שאמעס רעפאָעל האָט דאָס אים אזוי געבאָטן!)
— נעמט... אדוינו קעניג! איך וועל אײַך נאָך דאנקען באזונדער... —
— א קערבל איז ווייניק... איך בין א מעטופּל מיט קינדער!..
איר פּילט, ווי עס איז קאַלט? — איך האָב ניט קיין האָלץ!
(א מענטש אז ער פאַלט, פאַרלירט ער זײַן שטאָלץ...)
גאנצענע וואָכן זיצט מען אָן ברויט,
ניטאָ וואָס צו קאָכן... מע ווינטשט זיך דעם טויט!
איך מוז לערנען מײַנע קינדער גלײַך נאָך מײַן פאַרשטאנד...
דערציילן יעדן באזונדער בין איך ניט אימשטאנד!
פון די דאָזיקע האכנאָסעס צאַפּט זיך מיר בלוט,

1 כמעט ר ו ' כ — 18 רובל.

און צו אנדערע פארנאָסעס טויג איך שוין ניט... —
— מיין ליבער הארציקער ראבינער! האָט מיר קיין פאַריבל:
איך וועל אייך ברענגען א פּאָר הינער... נעמט דערווייל דעם רובל! —

* * *

די ראבינערשע האָט די הינער מיט טרערן באַטראַכט...
און מיכאָעל האָט פונעם ראבינער א קוויטל געבראַכט,
אז „מע מעג" אפילו הייליקן אָרט זיין פּאָטער באַהאַלטן
און די שאַמאָסים זאָלן אים דאָרט שוין מער ניט פאַרהאַלטן...

## ג

„און אונדז, בעוורע שאמאָסים, שטעלן בראָנפן מיט פאַרבייסן:
מיר זענען קיין מעיוכאָסים און וועלן דיך ניט באַרייסן —
א קאַרב יעדן באַזונדער איז גאָר ניט קיין סאַך!.."
— הערט זשע אויס, קינדער! צו האַלבע גיב איך אייך. —
„ניין, ברודער מיכאָעל! דיינע ווערטער האָבן קיין מאַמעש," —
האָט זיך אָנגערופן רעפאָעל פון „בעוורע-קאַדישע" דער שאַמעס, —
„אוביפראַט, דו אליין, ביסט דען ניט קיין היגער?
דאַרפסט גאַנץ גוט פאַרשטיין, אויב דו ביסט נאָר א קלוגער,
אז מיר זענען זייער גרויסע אָרעמעלייט!
און דער נאָגיד רעב שנייער ציט בא אונדז אלע צייט
דעם מאַרך פון די ביינער... דער יאַקרעס איז גרויס;
עסן — עסן מיר שטיינער, און צאָלן „טאַקסע" פאַר פלייש...
די קינדער גייען מיר אין כיידער (מיר זענען דען קיין יידן?),
מיר האָרעווען קעסיידער און זענען קיינמאָל צופרידן;
און אמאָל מאַכט זיך נאָר אונדז אָפּוזיצן, כאָלילע,
א קנילעכיק יאָר און ניט זען אפילע
א צייט אין די אויגן קיין קאָפּעקע, קיין פרוטע,
כאָטש ווער אויסגעצויגן! נאָר אמאָל אין א שמיטע
מאַכט זיך, אשטייגער, אז גאָט האָט ראַכמאָנעס,
א „פּעטיבקער פייגער...". — „גענוג שוין לעצאָנעס,
רעפאָעל, אַן עק לאָז זיין מיט זיין טאַטן!
די נאַכט גייט אַוועק — שוין צייט אים באַהאַלטן..."

* * *

„אָהיין" איז אונדזער העלד געגאַנגען בא דער נאַכט
און צוריק פונעם „פעלד" האָט די זון אים געבראַכט...

# צום נײַעם יאָר

(Посвящается нашей пишущей братии)

וואָס גייט אונדז אָנ — און וואָס האָבנ מיר?
(א ייִדיש ווערטל)

מיר האָבנ געוואָלט פונעמ יאָר די חשבונות
נעמענ אצינד איבערזענ;
נאָר אונדזערע סאָנימ וועלנ שוינ די חסרונות
מיסטאָמע אויסרעכענענ אַליינ...

די מגילעס מיט די שוואַכימ — אַפּ א זײַט! אַפּ א זײַט! —
אַנ אוואַירע דערופּ, כלעבנ, פּאַפּיר...
אונ שטראָפנ דעמ אוילעמ איז עפּעס אויכ ניט קיינ צײַט,
ווענ מע שטייט באַמ נײַעמ יאָר אַפּ דער טיר.

מיר וועלנ ב ע ס ע ר פּרוווּנ א רעכענונג מאַכנ,
וואָס האָט בא אונדז יענצ יאָר צוגענומענ;
צי האָבנ מיר עפּעס געפּויעלט א סאַכ זאַכנ
אונ וואָס געפינט זיכ בא אונדז בימעזומענ?

אכ! אויסגעבראַכט האָבנ מיר זייער א סאַכ —
געשריבנ, געשריבנ, געשריבנ!
מיר האָבנ אויסגעגאָסנ ט ר ע ר נ א טײַכ,
אונ בא וואָס זענענ מיר איצט געבליבנ?

וואָס קומט אונדז ארויס פונ די דאָזיקע טרערנ,
וואָס מיר באַוויינענ אונדזער ביטערע לאַגע,
אַז אונדזערע טײַנעס וויל קיינער ניט הערנ,
אַז אונדזער לעבנ איז אַנ א י י ב י ק ע פּ ר א ג ע?..

ניט מיט קיינ שפּעטנ, ניט מיט קיינ געוויינ
וועלנ מיר אירער פּאַטער ניט ווערנ;
מיר דאַרפנ אַליינ עפּעס טונ — נאָר אַליינ! —
דאָס וועט אונדז דאַכ קיינער ניט שטערנ.

„וואָס טוט מענ? וואָס טוט מענ?" — דאָס פרעגט שוינ ניט קיינער:
מיט אייצעס זענענ מיר דענ ניט רײַכ?

א פלאַנ אָפּ געהיילט ווערנ איז דאָ בא אונדז ניט איינער,
„פּראָייעקטנ“ איז פאַרהאַנדנ בא אונדז א סאַכ...

נאָר מענטשנ! מענטשנ! ווו נעמט מענ מענטשנ? —
נאָר דאָס אַלײנ גײט אונדז אָפּ;
מיט מענטשנ! מיט מענטשנ! מעג אונדז גאָט בענטשנ --
דאָס איז פאַר אונדז א גאָטס גאָב.

דאָס יאָר וועט אַוועק... מיר וועלנ שרײַבנ —
אַזוי איז יענצ יאָר אויכ אַנטלאָפנ —
אונדז וועט מענ יאָגנ, שלאָגנ אונ טרײַבנ,
אונ מיר... וועלנ האָפנ אונ האָפנ!..

## עפנטלעכער אנטוואָרט

(צו די ארויסגעבער פונעם „יודישנ פאָלקס-בלאט”)

איכ האָב פונ אײַכ א בריוו באַקומענ;
איר פאָדערט א דיכטונג פונ מיר?
איכ דאַרפ פאַר אײַכ זיכ ניט באַרימענ,
מאַטעריאַל האָב איכ דאַפקע אָנ א שיר.

איר בעט בא מיר נײַע לידער?
שרײַבנ פערזנ, זינגענ שירימ?
„וואָס איז הײַנט פאַר א יאָמטעוו, ברידער: —
לאַג-בעוימער, כאַמישאָסער, שושנ-פורימ?”

אַזוי וועלנ מיכ פרעגנ אַנדערע לעזער
(אונ וועלנ עפשער זײַנ גערעכט),
דרומ וועל איכ שווײַגנ בעסער:
אַז זיי איז ליב, איז מיר אויכ ניט שלעכט.

באַמ פאָלק א ד י כ ט ע ר איז ניט ווי בא אַלע:
דאָ הייסט ער „מעשוירער“, דאָ הייסט ער „פּאָעט”.
בא אונדז איז ער א „גראַמ-זאָגער“ צו באַזעצנ א קאַלע,
ער טרײַבט קאַטאָוועס אונ מאַכט געשפּעט.

דער באדכנ זאָגט, דער אוילעמ זאָל לאכנ —
קריכט ער ארופ מיט די פיס אפנ טיש,
מיט די גראמענ דעמ אוילעמ פריילעכ צו מאכנ
בא דער גילדענער יויכ מיט די פיש.

קיינ „באדכנ" אינ „פאָלקס־בלאט" וויל איכ ניט זייַנ
(האגאמ איכ בינ דאָכ א קנאפער פּאָעט!),
איכ האָב זיכ מיט דער פּאָעזיע געזעגנט גאנצ פייַנ,
דער לירע האָב איכ געגעבנ א געט...

מיט דער פּראָזע האָב איכ זיכ באקאנט, בענעמאָנעס,
אונ רעד מיט די לעזער אָנ גראמענ;
איכ שרייַב אמאָל ערנסט, אמאָל אפ לעצאָנעס
ראָמאנענ, נאָוועלנ אונ דראמענ.

נאָר די מוזע די זעלבע איז געבליבנ מיט מיר,
א שווארצ קלייד איז אפ איר אָנגעצויגנ;
געארעמט אונ געבונדנ גיי איכ מיט איר.
זעט איר טרערנ בא איר אפ די אויגנ?

באמ גרעסטנ געלעכטער הערט איר א געוויינ?
א זיפצ אונ א קרעכצ פונעמ הארצנ?
זי לאכט אזוי לאנג, ביז זי צעוויינט זיכ אליינ —
מע זאָגט, דאָס מאכט גרינגער די שמערצנ...

אפילע איצט, ווענ איכ באדויער מייַנע לעזער, די יידנ,
אונ שרייַב, דאכט זיכ, א קריטיקע אפ זיי,
בינ איכ אליינ דענ זייער צופרידנ?
אונ עס טוט מיר דאָס הארצ דענ ניט וויי?

דערפונ, ליבע ברידער, קאָנט איר זיכ דרינגענ,
אז עס איז מיר גרינגער אינ פּראָזע צו שרייַבנ א סאכ
איידער אמאָל „פאר א יאָמטעוו" צו זינגענ —
אונ הייסנ א „מ א ר ש ע ל אָ ק" בא אייַכ...

# ווינטער

שלעכטע קומען און פאַרבײַטן
שפּענדיק ליבע, גוטע צײַטן!
נאָכן זומער שטייט שוין הינטן
באַלד דער אָסיען מיט די ווינטן.

און אין שטוב איז פינצטער, נאַס,
קאַלט און בלאָטיק אויף דער גאַס
(און די נעכט — זיי ווערן גרעסער) —
אויף דעם האַרצן אויך ניט בעסער.

און ער שטייט שוין דאָ ניט ווײַט,
דער באַהעלפער, בײַ דער זײַט,
מיט אַ שטעקן, אַ לאַנטערן
— אײַנגעזונקען זאָל [ער?] ווערן! —

און דער רעבע שמײַסט קעסיידער,
גרויס און קליין — דעם גאַנצן כיידער,
לערנט ערנסט, ברעכט די ביינער,
לערנען אָבער וויל נישט קיינער:

ס'ציט אַהינצו אויפן אײַז,
דאָס אײַז איז גלאַט, דער שניי איז ווײַס!
ווילט זיך גליטשן — אַ קאַטאָוועס? —
און ער דולט אונדז מיט „פּיר אָוועס":

מיט „פּיר אָוועס", מיט „נעזיקן"
טאַנצט דער קאַנטשיק אויפן רוקן...
פון פאַרטאָג ביז שפּעט באַנאַכט,
ביז מע ווערט שוין גוט פאַרשמאַכט.

ווילט זיך עסן, נאָך מער — שלאָפן,
און מיר גייען דאָ מיט וואָפן:
שטיינער, שטעקנס אַלערליי,
ווי סאָלדאַטן מיט געשריי!

אונ מע הייסט אונדז זינגענ פריילעכ,
שרייענ הויכ: „אדויני מוילעכ"!
ווער עס וויל ניט זינגענ הויכ,
כאפּט א קניפּ, א קולאק אויכ.

אינ דער היים מע פאלט אנידער,
מע וויל שלאָפנ — קומט ער ווידער,
אוי, דער רעבע! — ער קומט צו כאָלעמ,
קומט צו כאָלעמ, גיט אָפּ שאָלעמ:

„הער נאָר, שייגעצ, ס'איז א סוואָרע,
ס'איז שוינ צייט צו דער געמאָרע!
זאָג, וואָס וויל ראוו־פּאָפּע האָבנ?
זאָג! ניט, — וועל איכ דיכ באגראָבנ!"

אינ דער פרי — צוריק אינ כיידער,
הײנט ווי נעכטנ, אזוי קעסיידער;
אונ דער קאנטשיק דרעשט די ביינער,
לערנענ אָבער וויל ניט קיינער.

* * *

פונ דער זונ די גוטע שטראלנ
דורכנ טונקלענ פענצטער פאלנ;
קליינע נעכט, די טעג שוינ גרעסער —
אפ דעם הארצנ ווערט שוינ בעסער!

ווארט זשע, קינדער, האָפט אפ מאָרגנ!
איר דארפט האָפנ, טאָרט ניט זאָרגנ!
די עמונע, דער ביטאָכנ —
אונדזער יידישער ניצאָכנ...

גוטע קומענ אונ פארבײַטנ
טאָמיד שלעכטע, וויסטע צײַטנ;
נאָכנ אָסיענ, נאָכנ ווינטער
קומט דער פרילינג, ליבע קינדער!..

# פּראָגרעס — ציוויליזאציע!

(א פּאָעמע)

## 1

אינ וואָסער יאָר — געדענק איכ ניט,
געווענ איז דאָס זומער־לעב,
אומ דינסטיק, אָדער דאָנערשטיק,
ס'איז איינגענטלעכ קיינ כילעק ניט —
אבי ס'איז שוינ געווענ.
עס האָבנ אינ מ א ז ע פּ ע ו ו ק ע
געלאָזט זיכ פונ דער שטאָט ארויס
א ביסעלע שפּאצירנ גיינ
גאָר אופגעלייגט אונ האָפּערדיק,
ווי שאבעס נאָכנ טיש,
כאווײרימ דרײַ, האלב־הײַנטיקע,
מ א ס ק י ל י מ, פײַנע איידעמלעכ,
מיט איידלע, בלייכע פּענעמלעכ —
גאנצ ווילע יונגעלײַט:
פּרי'ר ה ע ר ש ע ל ע פונ ט ע ט ע ר ע ו ו י צ
אונ ל י י ב ע נ י ו דער י א מ פּ ע ל ע ר
אונ ו ו ע ל ו ו ע ל ע פונ ס ט ר י ש ט ש.
געגאנגענ פונ דער שטאָט ארויס
העט־ווײַט, שוינ נאָכ די מילנ אוזש,
געגאנגענ אונ גערעדט:
גערעדט מיט הענט, גאנצ ייִדישלעכ,
אונ איינער פאר דעם אנדערנ
(כאָלילע ניט פארשפּעטיקנ) —
איניינעמ אלע דרײַ:
געטײַנעט אונ געשריגנ אוזש,
געפילדערט אונ געאמפּערט זיכ,
געשפּארט זיכ אונ געקריגט;
געשמו'סט פונ זאכנ זײַטיקע,
פונ לערנענ, פונ פּאָליטיקע,
פונ וועלט־איניאָנימ גלאט;

אונ גייענדיק דערזעענ זיי
אקעגנ פונקט — עס שנייִדט זיכ זיי,
עס ווינקט צו זיי, עס שמייכלט זיי
א שיינער, גרינער וואלד.

---

„שא, שטיל זאָל זײַנ, — זאָגט ה ע ר ש ע ל ע, —
געווינ איך שוינ צו שפּארנ זיכ,
צו פילדערנ אונ קריגנ זיכ,
באטראכט אַקאָרשט דעמ הימל, זעט,
ווי בלוי ער איז, נאָר שפּיגל־גלאָז,
דעמ אוויר דאָ, ווי ריינ ער איז,
דאָס טײַכל אונ דעמ וואלד.
בריליאנטנ, זעט, עס שיטנ זיכ,
עס בלישטשענ אונ עס פינקלענ זיכ
די שטראַלנ פונ דער זונ.
אוי, זעט נאָר, זעט, די שכינע רוט,
ס'איז מאמעש א גאנ־ עדנ דאָ;
עס שמעקט, איר פילט? מיט בסאָמימ גאָר,
געווירצנ עפּעס, נעגעלעכ,
אונ אלעס איז דאָ יאָמטעוודיק,
א לעבנ א דערקוויקעניש, —
ס'איז גאָר אנ אנדער וועלט.
אָט ווייסט איר גאָר וואָס, קינדערלעכ,
פארקאטשעט די קאפּאָטקעלעכ
אונ לייגט זיכ דאָ פּאוואָליונקע
אנידער אפנ גראָז".

---

— א כאָכעמ אונדזער ה ע ר ש ע ל ע,
א קעפּעלע! — זאָגט ל ײ ב ע נ י ו,
אונ ו ו ע ל ו ו ע ל ע פּאָדטאקעוועט —
ער פאלט דיר אפ א זאכ.
ס'איז טאקע עפּעס גוט אָט דאָ,
אונ שמעקט מיט א גאנ־ עדנ־ רייעכ;
ווי פריש דאָ איז, ווי כיינעוודיק,

די זונ, זי שײַנט פונ פוטערפאס,
די פײגעלעכ, זיי זינגענ זיכ,
מעכײַע, גאָר אנטיק! —
פארקאטשעט די קאפּאָטקעלעכ,
באלד האָבנ זיי זיכ אויסגעזעצט
אונ אויסגעצויגנ צוגעלייגט
איבדרײַענ אפנ גראָז.
באטראכט גאָטס וועלט, ווי שיינ זי איז,
דעמ הימל־בלוי ווי שפּיגל־גלאָז,
דעמ אוויר דאָרט, ווי ריינ ער איז,
דאָס טײַכל אונ דעמ וואלד.
געשעפּט די לופט, געשלונגענ זי,
געשמעקט, צעלאָזט די נאָזלעכער,
דעמ ריי'כ פונ בסאָמימ, נעגעלעכ,
זיכ מאמעש גאָר דערקוויקט.
דערהערט, פונוויטנ גאָרגלט זיכ
אונ פײַפט אונ קנאקט, פארקאטשעט זיכ,
צעגיסט זיכ אונ פארגייט זיכ אזש
דער זיסער סאָלאָוויי.
ווי גוט דאָ איז, ווי לעבעדיק!
מע פילט זיכ עפּעס שאבעסדיק
אונ גרינג, מעשונע פויגלדיק,
אונ נעענטער צו גאָט.
עס הייבט, עס טראָגט, עס ווילט זיכ נאָר
אהינ, אהינ... עס דרימלט זיכ,
עס כאָלעמט זיכ, עס פּלאָנטעט זיכ
מאכשאָוועס הויכע, ליכטיקע,
מאלאָכימ אָנ א ברעג,
וואָס שוועבנ אונ וואָס וויגנ זיכ,
אונ טראָגנ זיכ אינ הימל הויכ,
אונ זינגענ לידער הימלשע,
אונ זאָגנ שירע קיטעסווײַז,
אונ גיבנ אָפּ דעמ אייבערשטנ
א לויבעניש פאר גאָט.
עס כאָלעמט זיכ, עס פּלאָנטעט זיכ
א גרויסע וועלט, אינ עמעסע,

דורכויס פונ גײַסט, פונ אייביקײַט,
אינ שלעכטס, אינ בייז, אינ ביטערניש,
אינ פאַלשקײַט אונ אינ כיטריקעס,
אינ שטאַרקערע, אינ שוואַכערע,
אינ טרערנ אונ אינ בלוט...

---

— אוי, קינדערלעכ! — זאָגט הערשעלע,
פאַרגלאַנצנדיק די אייגעלעכ
אהינ ארופ אונ זיפצט —
ס'איז דאָ א וועלט, א גרויסע וועלט,
אנ אָפענע, א ליכטיקע
פונ בילדונג אונ פונ וויסנשאַפט —
וואָס זיצנ מיר אָט דאָ?
פונ אַלע זײַטנ הערט זיכ נאָר
פּראָגרעס, ציוויליזאַציע,
האַסקאָלע, כאָכמע, ליכטיקײַט —
האַקלאַל, עס ברענט, עס ברענט!
די גרויסע שטערנ אונדזערע,
מעכאַברימ אונ רעדאַקטאָרנ,
ארויסגעבער, גאַזעטניקעס,
באַלײַכטנ אונדז דעמ וועג:
דער „מײַליץ", וואָס פונ צעדערבוימ,
די „צפירע", וואָס פונ סלאָנימסקי,
דער „מאַגיד" דאָרט אינ ליק,
די סבאָרניקעס די בײַכיקע
פונ גרעבער אונ פונ סאָקאָלאָוו,
ראַווניצקי אונ פונ הורעוויצ
אונ נאָכ אונ נאָכ אונ נאָכ;
אונ יענע, וואָס אפ איוורע־טײַטש —
דער „הויז־פרײַנט", די „ביבליאָטעקע",
דער „וועקער", „פאָלקס־בלאַט", טאַטעניו,
דער רוסישער „וואָסכאָד".
כאַכאָמימ, שרײַבער, שרײַבערלעכ,
פּאָעטנ אונ מעשוירערימ
אונ ראָמאַניסטנ, קריטיקער,



53—18

כאקראָנים און פּאָליטיקער
אונ גריבלער אונ היסטאָריקער,
לאַמדאָנים, גרויסע לײַטנ;
לעוואַנדאַ, מייזאַכ, ליליענבלום,
דובזעוויץ, פרוג אונ דינעזאָנ,
אונ שאַצקעס, אונ באַגראָוו.
אונ ווײַסבערג, פרישמאַנ, בוכבינדער,
יעהאַלעל, שאָמער, גאָטלאָבער,
אונ בלוישטיינ, זינגער, קאַמינער,
האַרקאַווי, ספּעקטאָר, בעקערמאַנ,
גאָרדאָנ אונ יאַקנעהאָז.
אונ גאָלדענפאָדעמ, רייצענזאָנ,
זאַמאָשטשינ, רייפמאַנ, קולישער,
סמאָלענסקינ אונ ציטראָנ,
אונ שולמאַנ, גאַמזו, טאַוויאָוו
אונ מאַנדעלקערנ, דאַווידזאָנ,
אונ גרעץ, וואָס שרײַבט היסטאָריע,
אונ באַרדיטשעווסקי אויכ...
עס זידט, עס קאָכט, עס טוט זיכ דאָרט,
מע כאַפּט, מע שרײַבט, מע ווערטלט זיכ,
מע אַמפּערט זיכ, מע זידלט זיכ,
מע אַרבעט אינ געשעפט.
די וועלט איז פול מיט וויסנשאַפט,
האַסקאָלע, כאָכמע, ליכטיקײַט,
פּראָגרעס, ציוויליזאַציע. —
וואָס זיצנ מיר אָט דאָ?

---

— אָט האָסטו דיר — זאָגט לייבעניו
אונ וועלוועלע פּאָרטאַקעוועט —
פּראָגרעס, ציוויליזאַציע,
א נײַס האָסטו דאָ, הערשעלע,
אונדז אויפגעטאָנ אַציינד!
מיר זעענ דענ קיינ היגע ניט?
מיר ווייסנ ניט, מיר האָרכנ ניט,
וואָס טוט זיכ אפ דער וועלט?

מיר זיצנ דענ צונויפגעלייגט
די הענט? זאג דו שוינ, װעלװעלע,
מיר האבנ דענ קיינ ביכלעכ ניט,
גאזעטנ אונ קיינ סבארניקעס?
מיר ארבעטנ, מיר לייענענ,
מיר װייסנ גארדענ אויסװייניק... —
„כאכא!" — שרייט אויס פונ װאלד ארויס
א קאל, אונ באלד באװייזט זיכ זיי
א קענטלעכער פארשוינ;
ער לאכט, ער קניכט, ער קאטשעט זיכ
אונ האלט זיכ בא די זייטנ אוש,
אונ קוקט אפ זיי מעגנושעמדיק
אונ רעדט צו זיכ אליינ:
„פראגרעס, ציװיליזאציע,
האסקאלע, כאכמע, ליכטיקייט,
זיי װייסנ גארדענ אויסװייניק,
װאס זאגט איר? כא־כא־כא!
גוט־מארגנ אייכ, װאס מאכט איר גיטס,
מאסקילים, פיינע איידעמלעכ,
װי גייט דאס אייכ אינ קעסט?
איכ מיינ, עס פעלט אייכ קאפװייטעק,
קאדאכעס אדער ציינװייטעק, —
װאס קוקט איר, װאס באטראכט איר מיכ?
ס'איז איכ, ס'איז איכ, דאס ליטװעקל;
איר האט מיכ נישט דערקענט?"

---

— כי־כי, — צעלאכט זיכ הערשעלע,
אונ באלד נאכ אימ אויכ לייבעניו,
אונ װעלװעלע פארטאקעװעט.
זיי לאכנ אלע דריי, —
איר האט דאכ אונדז דא אלעמענ
אפ טויט דערשראקנ, ליטװעקל,
נעמט זעצט זיכ צו אט דא.
דערציילט, װאס מאכט איר, ברודערל,

ווי קומט איר גאָר אינ וואַלד אַרײַנ?
פונוואַנענ פאָרט אַ ייִד?

---

„טע־טע, — מאַכט יענער לאַכנדיק, —
אַ ייִד איז קיינ קאַטאָוועס ניט.
אַט באַלד דערצייל איכ אײַכ איצט
אַלצדינג אונ מיטאַמאָל.
איר זאָגט מיר בעסער, קינדערלעכ,
וואָס שפּאַרט איר זיכ, וואָס קריגט איר זיכ,
וואָס פילדערט איר, וואָס גראַגערט איר,
ס'איז פול מיט אײַכ דער וואַלד.
אַ ייִד זאָל גאָר אַוועקוואַרפנ
די שטאָט, דעמ בעסמעדרעש,
געשעפט, דאָס ווײַב אונ קינדערלעכ
אונ פּלוצעמ גייג אינ וואַלד.
דערציילט זשע מיר, ערקלערט עס מיר,
וואָס איז דאָ פאַר אַ דולעניש,
אַ שפּאַרעניש באַ אײַכ
פונ בילדונג אונ פונ וויסנשאַפט,
פ ר אָ ג ר ע ס, צ י וו י ל י ז אַ צ י ע,
האַסקאָלע, כאָכמע, ליכטיקײַט
אונ פּלוצעמ גאָר אַט דאָ?"

---

אונ יענער האָט זיכ צונעזעצט
אַפ דר'ערד אונ האָט זיכ צוגעגרייט
צו האָרכנ עפּעס נײַעס.
אונ ה ע ר ש ע ל ע האָט כאַפּנדיק
גערעדט מיט הענט, ווי ס'קער צו זײַנ,
אונ באַלד נאָכ אימ אויכ ל יי ב ע ב י ז,
אונ וו ע ל וו ל האָט פאַרטאַקעוועט —
איניינעמ אַלע דרײַ.

---

ס'א מינהעג, אַזוי פירט זיכ עס
באַ שרײַבער שוינ פונ יאָרנלאַנג,
מע זאָל דעמ העלד דעמ הויפּט-פּאַרשוינ

באַשרײַבנ ווי עס דאַרפ צו זײַנ
נאָכ אײדער עפּעס־וואָס.
יאָ, ב ע ר ל איז אַ הויפּט־פּאַרשוינ
באַ אונדז, זײַנ ביאָגראַפיע
איז זײער־זײער קורצ.
„דאָס מײדלשע מעלאַמעדל“,
„דאָס שרײַבערל“, דאָס „ליטוועקל“ —
קײנ אַנדער נאָמענ האָט ער ניט
געהאַט באַ אונדז אינ שטאָט.
אַ קאָפּ אָפּ אים אונ אײַזערנע,
איז קלאָר גאַנצ שאַס אָפּ אויסווייניק,
נישט פרעמד אינ קלײנע אויסיעסלעכ,
אַ כאַריפ גאָר אָפּ כעשבענענ
ט י ש ב ו י ר ע ס, געאָמעטריע,
קאָנ רוסיש פונ Дозволено
Цензурою, אויכ דײַטשעריש —
אַ רעכטער שלאַק־פּוראָניעס,
אַ ל י ט וו אַ ק אונ אַ סאָפּ.
דאָס קבעלונג האָט ער אָפּגעלאָזט,
דאָס ווײַבל האָט ער אָפּגעגעט.
(ווי קומט דאָס צו־נ־אַ ליטוואַק גאָר!),
צעקריגט זיכ אונ צעהאַרגעט זיכ
מיט איטלעכנ אינ שטאָט;
אַ שפּײַ געטאָנ אָפּ אַלעמענ,
אַוועקגעלאָזט זיכ וואַנדרעווענ,
וווהינ — עס ווײסט דאָ קײנער ניט —
שוינ אַנדערהאַלבנ יאָר.
איר ווילט זײַנ פיזיאָנאָמיע,
איכ זאָל זי אײַכ דאָ אָפּמאָלנ —
ס'איז גאָר ניט אַזוי שווער:
אַ נידעריקס, אַ לעבעדיקס,
מיט פײַעריקע אײגעלעכ,
דאָס פּענעמל אַנ אויסגעדאַרטס
אונ געל אַזוי ווי וואַקס;
די נאָז געטאָקט גאָר קונצעדיק —
אַ בולבעוואַטע אוגערקע.

באזעצט מיט שווארצע פּינטעלעכ;
טראָגט בריליג, לאנגע האָר,
א שיטער צאָפּנ־בערדעלע,
אנ אָפּגעטראָגנ רעקעלע,
אנ אָפּגעפּאָרנ היטעלע —
האלב־קאַפּעליוש, האלב־יארמעלקע, —
א העמד א שווארצס אָנ זאַפּאָנקעס,
דאָס האלדז-טיכל קיינ צאָפּנ־חנײַט —
אָט האָט איר דעם פאַרשוינ.
אציגד, וויבאלד מיר ווייסנ שוינ
אונ קענענ אונדזער הויפּט־פּאַרשוינ,
באדארפנ מיר זיכ אומקערנ
צוריק אהינ אינ פעלד ארײַנ...
זיכ צוקוקנ, זיכ צוהערנ:
וואָס שמועסנ דאָרט די בעורע־לײַט?
ווו האלט עס דאָרט בא זיי?

(סאָף פונעמ ערשטנ קאַפּיטל)

## [איכ בינ קראנק...]

איכ בינ קראנק, איכ זיץ אינ שטוב,
בינ ניט געשטאָרבנ אונ ליג אינ גרוב.
קומט באנאכט — ליג איכ אונ טראכט:
„גרעשני טשעלאָוויעק,
טאָמער שטארב איכ אוועק
אונ געזעגנ זיכ אָפּ מיט דער זינדיקער וועלט,
ווער וועט לייענענ מײַנ „באנעקע־געלט“?
וואָס וועט זײַנ מיטנ ידישנ זשארגאָנ?
ווער וועט שרײַבנ א פרײלעכנ „פעליעטאָנ“?
ווער וועט וויצלענ?
ווער וועט קיצלענ?
ווער וועט מאכנ,
דער עולם זאָל לאכנ
אונ פּונ נאָענט אונ פּונווײַטנ

זיך האלטן בא די זײַטן
און ניט אָנהייבן צו פֿאַרשטיין,
אז ער לאַכט פֿון זיך אַליין?..
ווער וועט לייענען פֿאַר קינדער
מײַסעס גאָר אַ וווּנדער
אַלע יאָמטעוו קעסיידער
פֿון ייִדישע בײַדער?
וואָס וועט זײַן מיט מענאַכעם־מענדלען
מיט אַלע זײַנע הענדלען?
אַ ראַכמאָנעס אָפּ טעוויען, —
אים געלאָזט אַ אָני-ווּעשווייען!
וואָס וועט זײַן מיט אונדזערע „אסיפעס"?
ווער וועט געבן „קאָמפּאָט", ס'זאָל זײַן כאַריפעס?
איך רעד גאָר פֿון קינוו,
בין ניט קיין מעכוייעוו
פֿאַרזאָרגן אַ וועלט.
איך וועל אײַך זאָגן פֿאַרשטעלט:
כאַפּט זיי דער רוּעך —
יעדער האָט איין זינען זיך!..”

. . . . . . . . . . . . . .

אָט אַזעלכע מאַכשאָוועס און שווערע געדאַנקען
קומען באַנאַכט צו אַ מעכאַבער אַ קראַנקן.
גאָר אײדער איך פֿאַרלאָז די זינדיקע וועלט,
קומט צו גיין, וועלן מיר רעדן ביט פֿון געלט,
נאָר גלאַט אַזוי ווי געוויינלעך גוטע־ברידער,
און בעדערעך־האַליכאָ פֿון „וואַרשאַווסקים לידער",
אַ ביסל ליטעראַטור, אַ ביסל זײַטיקע זאַכן,
אַ ביסל ערנסט, אַ ביסל וועלן מיר לאַכן,
ביקער־כוילים איז אַ גרויסע זאַך,
און גוטע־ברידער איז ניטאָ קיין סאַך!..

# שלאָפ, אלעקסע...

1

שלאָפ, אלעקסע, יווירעש פײַנער,
ליכטיקער פארשוינ!
שלאָפ, בענ-יאָביר, קאדעש מײַנער!
שלאָפ זשע, שלאָפ, ניט וויינ!

2

זאָלסט מיר וואקסנ, זײַנ א גרויסער,
האָבנ קאסעס געלט,
שטעט אונ דערפער, זײַנ א קייסער
אײנער אינ דער וועלט.

3

וועסט מיר זײַנ א גרויסער כאָכעמ,
קליגער נאָכ פונ מיר,
אונ א מײלעכ-שעבימלאָכימ,
מיט א לאנד סיביר.

4

וועסט אימ-ירצע-שעמ פארמאָגנ
רענטעס פולע זעק,
אונ פיל שענקענ מיט אָסטראָגנ,
קלויסטערס אָנ אונ עק.

5

אונ זשאנדארמענ מיט קאזאקנ,
שאָמרימ בא דער טיר,
די, וואָס קאָנענ בראָקנ, האקנ,
שמײַסנ אָנ א שיר.

6

האָב ניט מוירע פאַר יאַפּאַניע —
זיַ נאָר גישט קיינ נאַר —
מ׳לעבט נאָך מאָסקווע, ס׳לעבט נאָך פּאָניע,
ס׳דאַרפנ נאָך א צאַר.

7

צאָלנ וועסטו קאָנטריבוציע,
שטילער! מאַך א שוויַגנ!
זאָג זיי צו א קאָנסטיטוציע —
נ׳שטעל ארויס א פיַג.

8

לאָזנ פּלאַפּלענ סאָציאַליסטנ,
מיינענ, ס׳ט׳עפּעס זיַנ,
לאָזנ שיסנ אנאַרכיסטנ,
וויפל ס׳וועט אריַנ.

9

וועסט איינ ספּאַלניע זיך פאַרשליסנ,
פּונקט ווי איך אַציינד,
לאָז דאָרט טרערנ, בלוט זיך גיסנ —
דו זאָלסט זיַנ געזונט.

10

לאָזנ האַווקענ די גאַזעטנ,
שריַענ אפ די ציינ,
פּובליציסטנ אונ פּאָעטנ
לאָזנ זינגענ שיינ.

11

לאָזן באָמבעס דאָרט זיך רײַסן,
ס'איז שוין ניט קיין נײַס;
מ'עט זיי כאַפּן, מ'עט זיי שמײַסן,
הענגען אײַנציקווײַז.

12

פ'ראַן פּאָליציע, פ'אלע עקן,
סישטשיקעס א סאַך,
פ'ראַן א קאַנטשיק, פ'ראַן א שטעקן,
פ'ראַן א גוטע זאַך,

13

וואָס מע רופט דאָס אַן „קראַמאָלא
ניעזיבלעמיך אָסנאָוו"...
שלאָפּ, אלעקסע, ס'איך, ניקאָלאָ, —
ס'לידל נעמט א סאָף.

## (אונדזערע גאַבאָים...)

1

אונדזערע גאַבאָים
מיט די שיינע בערד,
ווילדע מענטשן, פראָים —
ס'נעמט זיי ניט די ערד!

פלאַצן קאָן מען מאַמעש
ציצוזען דאָס:
איסער אונדזער שאַמעס
פירט אונדז בא דער נאָז.

2

אונדזערע גאבאָ!מ
מיט די שייגע בערד,
ווילדע מענטשנ, פראָ!מ —
ס'נעמט זיי ניט די ערד!

אויסגייג קאָנ מענ מאמע'ש
צוצוזענ דאָס:
איסער אונדזער שאמעס —
אונדזער באלעבאָס!..

3

אונדזערע גאבאָ!מ
מיט די שייגע בערד,
ווילדע מענטשנ, פראָ!מ —
ס'נעמט זיי ניט די ערד!

שטארבנ קאָנ מענ מאמעש
צוצוזענ דאָס:
איסער אונדזער שאמעס —
לאקכנט אָנ א מאָס.

4

אונדזערע גאבאָ!מ
מיט די שייגע בערד,
ווילדע מענטשנ, פראָ!מ —
ס'נעמט זיי ניט די ערד!

פאלנ קאָנ מענ מאמעש
צו צוזענ דאָס:
איסער אונדזער שאמעס —
זשליאָקעט פונ א גלאָז.

## [עפּיטאַפּיע]

דאָ ליגט אַ ייִד אַ פּאַשעטער,
געשריבנ ייִדיש-טײַטש פאַר ווײַבער
אונ פאַרנ פּראָסטנ פאָלק האָט ער —
געווענ אַ הומאָריסט אַ שרײַבער.

דאָס גאַנצע לעבנ אויסגעלאַכט,
געשלאָגנ מיט דער וועלט קאַפּאָרעס.
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט,
אונ ער — אוי-וויי — געווענ אַפּ צאָרעס!

אונ דאַפקע דעמאָלט, ווענ דער אוילעמ האָט
געלאַכט, געקלאַטשט אונ פלעגנ זיכ פרייענ,
האָט ער געקרענקט — דאָס ווייסט נאָר גאָט —
בעסאָד, אַז קיינער זאָל ניט זענ.

# פֿון דער רעדאַקציע

אינעם באַנד 11 פֿון שאָלעם־אַלייכעמס „אַלע ווערק“ גייען אַרײַנ די ווערק, וואָס זײַנען געשריבּנ געוואָרנ הויפּטזאַכלעכ אינ די יאָרנ 1887 — 1888. אינ אָט דער צײַט האָט שאָלעם־אַלייכעמ פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע ערשטע ראָמאַנענ צוויי פֿונ זיי: „קינדער־שפּיל“ אונ „סענדער בלאַנק“ זײַנענ געדרוקט אינ דעמ דאָזיקנ באַנד. דאָ ווערנ אויכ געדרוקט שאָלעם־אַלייכעמס פֿעליעטאָנענ, רײַזע־באַשרײַבּונגענ אונ „בלומענ“, וואָס געהערנ צו אָט די יאָרנ. צומ סאָפֿ פֿונ דעמ דאָזיקנ באַנד ווערנ אינ אַ באַזונדער אָפּטייל געגעבּנ שאָלעם־אַלייכעמס אויסגעווײלטע לידער פֿונ אַלע פּעריאָדנ פֿונ זײַנ שאַפֿנ.

אינ די יאָרנ 1887-1888 האָט שאָלעם־אַלייכעמ אָנגעהויבּנ דרוקנ זײַנע ערשטע קינדער־דערציילונגענ; זיי ווערנ אַרײַנ אינעמ באַנד VI („קינדער־דערציילונגענ“) פֿונ דער דאָזיקער אויסגאַבּע.

# „קינדער-שפּיל“

גענוי פעסטשטעלנ, ווענ שאָלעמ-אַלייכעמ האָט געשריבנ זײַנ ראָמאַנ „קינדער-שפּיל“, איז שווער. ס'איז ניט אויסגעשלאָסנ, אַז א געוויסער טייל פונעמ ראָמאַנ איז געווענ אָנגעשריבנ נאָכ אינ יאָר 1885. צומ סאָפ 1885, אינ דעקאַבער כוידעש, שרײַבט די רעדאַקציע פונ „יודישנ פאָלקסבלאַט“ אינ א ווענדונג צו די לעזער:

„כוץ די אַנדערע אויסגעצייכנטע קאָרעספּאָנדענטנ אונ ראָמאַנ-שרײַבער אונ דיכטער, וואָס ווענ אימ-ירצע-האַשעמ ווײַטער מיטוואָרקנ אינ אונדזער „יודישעמ פאָלקסבלאַט“, האָט אונדז צוגעזאָגט דער זייער גײַסט-רײַכער, וויציקער אונ פונ דעמ פּובליקומ זייער באַליבטער סאַטיריקער, וואָס באַצייכנעט זיכ „שאָלעמ-אַלייכעמ“, ער זאָל ווײַטער באַשטענדיק שרײַבנ פאַר דעמ „יודישנ פאָלקסבלאַט“, אונ ער האָט שוינ אָנגעגרייט מאַטעריאַל אויפ א גאַנצ יאָר. ער האָט אונדז פאַרשפּראָכנ א ראָמאַנ צו שיקנ, וועלכנ מיר וועלנ אָנהייבנ דרוקנ נאָכ נײַ-יאָר“.

דער ראָמאַנ, וואָס ווערט דערמאָנט אינ דעמ דאָזיקנ אַנאָנס, איז געווענ „קינדער-שפּיל“.

די אַרבעט אויפנ ראָמאַנ האָט זיכ פאַרצויגנ, אונ ערשט אינ מײַ 1886 י. איז דערשינענ, אַלס בײַלאַגע צומ נומ. 19 פונ „יודישנ פאָלקסבלאַט“, דער אָנהייב פונ „קינדער-שפּיל“. מער, ווי א פּאָר קאַפּיטלענ זײַנענ אָבער דאָס מאָל ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרנ. אינ נומ. 23 פונ „יודישנ פאָלקסבלאַט“ (דאַטירט 23 .VI — 1886) האָט די רעדאַקציע געמאָלדנ:

„איבער א באַזונדערער אורזאַכע, קענענ מיר לעסאַטע ניט ווײַטער דרוקנ דעמ צווייטנ טייל בײַלאַגע-דערציילונג „קינדער-שפּיל“ פונ אונדזער באַרימטנ טאַלאַנטפולנ מיטאַרבעטער, וואָס באַצייכנעט זיכ „שאָלעמ-אַלייכעמ“.

וואָס דאָס איז געווענ פאַר א „באַזונדערע אורזאַכע“, איז אונדז ניט באַוווּסט. ס'איז אָבער א פאַקט, אַז „קינדער-שפּיל“, אַלס א פאַרגאַנצט ווערק, איז דערשינענ ערשט אינ דער צווייטער העלפט פונ יאָר 1887.

„קינדער-שפּיל“ איז געווענ בײַ דעמ יונגנ שאָלעמ-אַלייכעמענ דאָס ערשטע ווערק פונ א גרעסערנ פאַרנעמ, שאָלעמ-אַלייכעמס ערשטער אויפטריט אַלס ראָמאַניסט. די אָנפאַנגערישקײַט, וואָס האָט זיכ דערמאָלט געלאָזט פילנ בײַ שאָלעמ-אַלייכעמענ אינ אַלע ווערק, האָט נאָכ מער דײַטלעכ זיכ אַרויסגעוויזנ אינ אָט דעמ ערשטנ ראָמאַנ שאָלעמ-אַלייכעמס. ווײַזט אויס, אַז דערפאַר האָט עס שאָלעמ-אַלייכעמ אינ יאָר 1903, צוגרייטנדיק די ערשטע אויסגאַבע פונ זײַנע „געזאַמלטע ווערק“, ניט אַרײַנגענומענ אַהינ „קינדער-שפּיל“.

ערשט מיט צען יאָר שפּעטער, אין יאָר 1913, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן א פולער אויסגאַבע פון אַלע זײַנע ווערק, האָט שאָלעם-אַליכעם באַקומען כיישעק אַפּשניט איבערקוקן זײַן ערשטן ראָמאַן און צוגרייטן אים צו דער נײַער אויסגאַבע. י. בערקאָוויטש דערציילט וועגן דער דאָזיקער צײַט:

„ער האָט אייכמאָל, שוין אין די לעצטע יאָרן, זיך גענומען באַאַרבעטן זײַן „קינדער-שפּיל", ווי קימאַט יעדער אַבזאַץ אין דעם ערשטן נוסעך האָט זיך פאַרענדיקט מיט א צווייענדיקן „א.ז.וו." (און אַזאַ ווײַטער). האָט ער געהאַלטן אין איין לאַכן: „זע נאָר, ווי מע האָט עס דאָ א ביסל אָנגעזאָוועטערט". ער האָט גערעדט דערפון פּונקט ווי אַן אַנדערער, א פרעמדער, וואָלט עס געשריבן".

די דאָזיקע קריטישע באַציִונג פון דעם רײַפן מײַסטער צו זײַן ערשטן פּרווו אין געביט פונעם ראָמאַן האָט געשטויסן שאָלעם-אַליכעמען אַרײַנצוטראָגן גרויסע ענדערונגען ניט בלויז אין דער שפּראַך, נאָר אויך אינעם גאַנצן אינהאַלט פונעם ווערק.

צווישן די ענדערונגען, וועלכע שאָלעם-אַליכעם האָט אין יאָר 1913 אַרײַנגעטראָגן אין טעקסט פון „קינדער-שפּיל", זײַנען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אין גרונט געביטן די באַלויכטונג פון אייניקע געשטאַלטן אינעם ווערק. אַזוי איז עס געשען, לעמאָשל, מיט דער געשטאַלט פון דעם אָרעמען סטודענט אײַזענשטאַט.

אין דער ערשטער אויסגאַבע פון „קינדער-שפּיל" האָט שאָלעם-אַליכעם נאָך געהאַט בעדייע אַרויסצושטעלן אײַזענשטאַטן ווי איינע פון די צענטראַלע פיגורן אינעם ראָמאַן, קעדיי אויף אַזאַ אופן אונטערשטרײַכן דעם שאַרפן קאָנטראַסט צווישן דעם „פינאַנץ-פּרינץ" באַריס פרידמאַן און דעם אָרעמען פאָלקס-אינטעליגענט. דעם דאָזיקן קאָנטראַסט האָט שאָלעם-אַליכעם געפּרווט אונטערשטרײַכן אויך אין אַנדערע פריִע ווערק, לעמאָשל, אין „העכער און נידעריקער", ווי עס ווערן אַזוי קאַטעגאָריש אויסגעדריקט דעם אווטאָרס סימפּאַטיעס צו דער דעמאָקראַטישער יוגנט. אָבער ניט געקוקט אויף די דאָזיקע סימפּאַטיעס, האָט דאָך דעם יונגן שאָלעם-אַליכעם זייער לאַנג זיך ניט אײַנגעגעבן צו שאַפן א לעבעדיק-פאַרגאַנצטע געשטאַלט פון א פאָלקס-אינטעליגענט. די שילדערונג פונעם אָרעמען סטודענט אײַזענשטאַט איז אויך געווען איבערגעלאָדן מיט גאָר א היפּשן באַלאַסט פון דינעזאָניש-סענטימענטאַלע כּקירעס וועגן דעם אָרעמען מענטשן און זײַן טרויעריקן גורל. באַם איבעראַרבעטן „קינדער-שפּיל" אין יאָר 1913 האָט שאָלעם-אַליכעם געשטרעבט פריִער פאַר אַלץ צו באַפרײַען זײַן ראָמאַן פון דעם דאָזיקן באַלאַסט, און געטאָן האָט ער עס מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט, אַז די געשטאַלט פון אײַזענשטאַטן האָט באַקומען אין טאָך גאָר א נײַע באַלויכטונג.

ווי אַלעמאָל באַם איבעראַרבעטן זײַנע פריִע ווערק האָט שאָלעם-אַליכעם אויך אין „קינדער-שפּיל" שטאַרק קאָרעגירט די שפּראַך. שאָלעם-אַליכעם האָט זיך באַמיט צו באַזײַטיקן די איבעריקע באַריידעוודיקייט, באַזונדערס אין די שטעלן, ווו דער אווטאָר רעדט אין זײַן אייגענעם נאָמען. אין די

שטעלנ, ווו עס ווערט איבערגעגעבנ די שפּראַכ פונ די פּערסאָנאַזשנ, האָט שאָלעמ-אַליײכעמ געשטרעבט צו געפינענ די לעקסיק, וואָס איז טיפּיש פאַר דער געשילדערטער געשטאַלט. א סאַכ אופמערקזאַמקײַט האָט שאָלעמ-אַליי־כעמ געווענדט דערופ, אַז די שפּראַכ פונעמ ווערק זאָל באַקומענ א מער פאָלקסטימלעכנ כאַראַקטער, צוליב וואָס עס איז טיילמאָל אויסגעקומענ איבעראַרבעטנ גאַנצע שטיקער טעקסט.

איי ניקע, עמעס ניט קיינ גרויסע, ענדערונגענ האָט שאָלעמ-אַליײכעמ אַרײַנגעטראָגנ אינ דער אַרכיטעקטאָניק פונעמ ווערק. אינ דער ערשטער אויסגאַבע איז דער ראָמאַנ „קינדער-שפּיל" געווענ צעגלידערט אָפּ דרײַ באַ־זונדערע טײלנ. אינ דער צווייטער אויסגאַבע איז די דאָזיקע צעגלידערונג אָפּגעוואָרפנ געוואָרנ. עס איז אויכ איבערגעשטעלט געוואָרנ דער סיידער פונ אייניקע קאַפּיטלענ צומ סאָפּ בוכ.

דעמ ראָמאַנ „קינדער-שפּיל" דרוקנ מיר דאָ לויט דער אויסגאַבע „אַלע ווערק פונ שאָלעמ-אַליײכעמ", וואָס איז אַנ איבערדרוק פונ דער אויסגאַבע פונ 1913 י. די וויכטיקסטע טעקסט-ענדערונג קעגנ דער ערשטער אופלאַגע (1887) ברענגענ מיר דאָ.

ז. 10. דאָס ערשטע קאַפּיטל האָט זיכ פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקנ אַבזאַץ:

„נאָר וואָס פאַר א האַס, וואָס פאַר א סינע אָפּ דער וועלט קענ דענ דער מענטש ניט פאַרגעסנ?.. שפּעטער מיט א יאָר צענ, ווענ מיר האָבנ דערהערט, אַז אונדזער אַמאָליקער טיראַנ, רעב יאָסי דעמבענער, האָט אָנגעוואָרנ זײַנ איינציקע טאָכטער כאַווע, מיט וועלכע מיר פלעגנ זיכ שפּילנ אינ „קוצו־באַבע", מיט זײַנ ווײַב, לייע-ראַשע די רעבעצנ, וועלכע פלעגט אונדז פאַר־קויפנ גאַנצע גוטע גריוונ מיט לאַטקעס, אונ ער, רעב יאָסי דעמבענער, ליגט נעבעכ געשוואָלנ ווי א באַרג אונ גייט אויס פאַר הונגער, האָבנ זיכ אינ אונדז געשטריטנ צוויי געפילנ — סינע אונ מענטשלעכקײַט; דאָס לעצטע האָט בײַגעקומענ, אונ מיר האָבנ אָנגעהאָדעוועט אונדזער דעספּאָט, אונ מיר האָבנ צוגעדעקט זײַנ נאַקעט לײַב.. אינ יענער צײַט האָב איכ דאָס ערשטע מאָל געזענ, אַז מאָטל מאַזיק האָט אויכ טרערנ אונ קאָנ אויכ וויינענ; דאָס איז געווענ דעמאָלט, ווענ רעב יאָסי דעמבענער האָט אימ אויסגעצויגנ א געלע ציטערנדע האַנט אונ האָט צו אימ עפּעס געמורקעט, עפּעס ווי גע־דאַנקט...

אָ, דאָס יונגע מענטשלעכע האַרצ! וואָס קענ מענ דענ מיט דיר נישט מאַכנ?.."

ז. 16, שורע 14 אויבנ. אָנשטאָט דעמ זאַצ: „דער פאָטער איז אויסער זיכ... דווירעס זונ" איז געווענ: „דעמ פאָטער טריפט זיכ דאָס בלוט, אונ ער טראַכט זיכ: „מײַנ מויער האָט ניט קיינ שטיקל פּאָנעמ פונ קיינ נאָגידס א זונ, אַנ עמעסער באַלעגאָלע! א שמײַסער!.. נאָר צווישנ פערד אימ באַזעצנ! אונ „זי"? אַזאַ רוכניעס! אַזאַ רוכניעס! זי עסט קימאַט גאָרניט! נעמט נישט אינ מויל אַרײַנ! אָט דאָס הייסט אַנ אוידל קינד!.. זעסט! ער נעמט זיכ ווידער א קאַרפּ. א גאַנצנ קאַרפּ! ווענ „זי" זאָל דאָ ניט זײַנ, וואָלט איכ אימ אַראָפּגעלאָזט א רוק אינ דער זײַט אַרײַנ... מיט דער פּוזשעלע איבער די פּיסקעס! מיט אַנ אַראָפּניק איבער דער פּעלז!.. אַזוי. אַזוי".

ז. 17, שורע 8 אונטנ. נאָכ „פאַרשטויסט צו גוינ“ איז געווענ: „אונ אויסקומענ מיט דער וועלט, עס זאָל זײַנ א ביסל אהינ, א ביסל אהער, א ביסל פונ „דער“ זײַט, א ביסל פונ „יענער“ זײַט, א ביסל אונדזערס, א ביסל אײַערס, נאָר דעמ עמעס — אזאַס! דו פאַרשטויסט צו גוינ! דו פאַרשטויסט צו גוינ? אזוי. אזוי.“

ז. 21, שורע 15 אויבנ. אָנשטאָט „אונ שוויצט“ איז געווענ: „אונ טראַכט בא זיכ אינ האַרצנ:

— המ... מע זאָל מיר געווענ זאָגנ דערנסטמאָל, ווענ מע האָט זי גע־בראַכט צו אונדז אַפ שוועס, אז זי וועט הײַנט אזוי קענענ, דאָס... אזא ראַכמאָנעס [רוכנ!עס?] ווי זי איז געווענ, אזא דאָס... קימאַט גאָרניט געגעסנ, ניט געטרונקענ, קײנ וואָרט אויסרעדנ הויכ אַפ א קאָל — אונ הײַנט וו!אזוי זאָגט זי דאָס... וו!אזוי שפּילט זי מיר, דאָס... א ביסל איז זי גערעכט, נאָר ניט אזוי, דאָס... מע דאַרפ א ביסל דאָס... אזוי.

אומגליקלעכער מיוער! איכ בינ שטאַרק מעסופּעק, אויב דו וואָלסט גע־וועג אזוי געפאַלנ, אזוי נידעריק, ווענ דײַנ ווײַב זאָל הייסנ „טויבע“ אונ ניט „טײַבעלע“: אַט דאָס דאָזיקע פאַרצוויגעגע „לע“ האָט דיכ אוועקגעקוילעט ביז גאָר, אונ איבער דעמ דאָזיקנ „לע“ האָסטו זיכ פאַרקויפט פאַר אנ אויר־ביקנ קנעכט צו רעב לייבצים טאָכטער!.. צי שטימט זי, רעב לייבצים טאָכ־טער, פיל העכער פונ דיר? צי איז זי דיכ ווערט צו גוינ? — דאָס וועלנ מיר זענ ווײַטער...“

ז. 25. דאָס זעקסטע קאַפּיטל האָט זיכ אָנגעהויבנ אזוי:

„עס איז ניטאָ פאַר אונדז, מענער, קײנ שענערע, קײנ רירנדערע אונ אָנגענעמערע קאַרטינע, ווי שטײנ פונ דער ווײַטנס אונ קוקנ, ווי יונגע פרויענ, וואָס האָבנ זיכ ליב אײנע די אנדערע, זיצנ אונ גיבנ זיכ איבער זײערע געפילנ, זײערע געדאַנקענ אונ זײערע מיינונגענ! א מעכײַע־נעפאָשעס צו זענ, ווי אײנע רוימט אײַנ דער אנדערער א סאָד, וו!אזוי יענע ווערט איבעראַשט אונ פּלוצעמ שוסט זי אויס א געלעכטער אונ זיי צעלאַכנ זיכ בײדע אַפ א גאַנצע שאָ, אונ איר מעגט שוינ זײַנ באַוואָרנט, אז מיט דעמ דאָזיקנ געלעכטער האָבנ זיי שוינ עמעצנ פונ זײערע באַקאַנטע באַגראָבנ 9 אײלנ אינ דער ערד, אונ אז איר זאָלט זײַנ מיט צענ קעפּ, וועט איר אויכ ניט טרעפנ, וואָס באַדײַט דאָס, וואָס זיי קוקנ זיכ אזוי שטאַרק אינ די אויגנ אַרײַנ, אונ וואָס מײנענ זיי מיט זײערע פאַרשידענע גרימאַסנ אונ מיט זײערע הוסטנ, וואָס זיי שוקנ זיכ אײנע דער אנדערער, ווי סיגנאַלנ!.. אָ, לעזער! אויב דו האָסט א ווײַב אָדער א שוועסטער, לאָז דיכ גאָט שוימער־אומאצל זײַנ, אז דײַנ ווײַב אָדער דײַנ שוועסטער זאָל פאַרבײַגײנ פאַר דעמ פענצטער, ווו עס זיצנ די דאָזיקע פרײַנטלעכע אונ ליבנדע פרויענ!.. אינגאַנצנ זײער לעבנס־געשיכטע, אַלע זײערע פיזישע אונ מאָראַלישע כעסרוינעס וועלנ אָט דאָ, באַמ פענצטער, דער־ציילט ווערנ אינ 5 מינוט, ניט מער, אונ זי וועט נאָכ גליקלעכ אָפּשנײַדנ, ווענ זיי וועלנ זי נאָר אויסלאַכנ, מאַכמעס זײער באַדויערנ, זײער ראַכמאָ־נעס ליגנ וועט זײַנ פיל ערגער פונ דער ערגסטער באַליידיקונג! — אָט דאָ, בא דעמ דאָזיקנ פענצטער... נאָר מיר דאַכט, אז איכ הייב שוינ אָנ אַרײַנלאָזנ זיכ אינ „בקירע“ אַרײַנ, — אינ די „וויטע דראָכימ“, אונ האָב שיר ניט פאַרגעסנ, אז איכ האָב צוגעזאָגט צו דערציילנ די לעזער די שײנע

געשיכטע פונ דער פטערדיקער ליבע אונ פרײנטשאַפט צווישנ מאַלקע פרידמאַנ אונ טײַבעלע פורמאַנ...״

ז. 27. דאָס זעקסטע קאַפּיטל האָט זיכ געענדיקט מיט פאָלגנדיקנ אָבזאַצ: „אָט אזוי, ליבע לעזער, מאַכט מענ פונ אונדז א סאַכאַקל ערגעצ ווײַט־ווײַט אונטער א קאָלדרע אינ דער דאָזיקער מינוט — אונ מיר מיט אונדזערע נעזער, מיט אונדזערע ליפּנ, מיט אונדזערע ווײַבער ווערנ אזוי אָנ ראַכמאָנעס געקריטיקירט! נית פרײלעכ, זײער, זײער גיט פרײלעכ, אז מע וויל א ביסל א קלער טונ!..״

ז. 27, שורע 6 אונטנ. נאָכ „זי האָט געקויפט״ איז געווענ: „אינ דעמ דאָזיקנ מענטשנ האָבנ זיכ טאָמיד געשלאָגנ צוויי קויכעס: גײַווע מיט קאַרגשאַפט (тщеславие и скупость) אונ דאָס לעצטע האָט טאָמיד אײַנגענומענ; ווי גרויס אונ אָנגעבלאָזנ ער איז שטענדיק געווענ בא זיכ, האָט ער זיכ געקענט איבער זײַנ קאַרגער נאַטור מאַכנ נידעריקער פונעמ נידעריקסטנ...״

ז. 30, שורע 12 אונטנ. נאָכ „איר מאַנ״ איז געווענ: „וועלכער האָט געהאַט א פעטער א באַלעגאָלע... עס פאַרשטייט זיכ, אז די דאָזיקע פרוי האָט קײנמאָל ניט ליב געהאַט איר מאַנ: נאָכ מער — זי האָט גאָר קײנ געפיל ניט צו שענצנ דעמ מאַנ, אָפּגעבנ אימ קאָוועד, רעב לייבצי רעב פינכעסלס טאָכטער האָט ניט געקאָנט שעצנ דעמ מאַנ, וועלכער האָט געהאַט א טאַטנ א באַלעגאָלע, א „פעטער דאָנ״ אזוי. דער לעזער האָט א גרויסנ טאָעס, אויב ער רעכנט, אז טײַבעלע האָט געליטנ שמערצנ אונ איז געווענ אומגליקלעכ דערפונ: די מאַדאַמ פורמאַנ האָט געוואָלט אינ זאַכ אפ דער וועלט דערגרייכנ — זײַנ גלײַכ צו דער מאַדאַמ פרידמאַנ, וועלכע (זי האָט דאָס גאַנצ גוט געפילט!) איז פאָרט געשטאַנענ העכער פונ איר אונ איז געווענ צופרידענער, גליקלעכער פונ איר...״

ז. 32 שורע 16 אונטנ. אָנשטאָט דעמ זאַצ „איצט איז זי די אײנציקע באַלעבאָסטע זײַ בערנ גאַנצנ רײַכטומ, שוינ פּאָטער געוואָרנ פונ די שוטפימ״ איז געווענ: „ניטאָ שוינ דער גראָבער באַלעגאָליע!. ניטאָ שוינ די גרינגע יאַשטשערקע!.. זי איז איצינד אַליינ!.. אַליינ באַלעבאָסטע איבערנ גאַנצנ הויז!.. אויס שכיינימ! אויס פליאָטקעס! אויס קריג! אויס קינע מיט סינע! אויס!..

ז. 33, שורע 16 אויבנ. נאָכ „ווײַס קלייד״ איז געווענ: „(עס איז כווידעש יול, אונ עס איז זייער הייס, זי איז נאָרוואָס געקומענ פונ אויסלאַנד, ווו זי איז אָפּגעזעסנ צוויי כאַדאָשימ אינ פיל פאַרגעניגנ). זי האָט ליב צו לעבנ...״

ז. 38, שורע 13 אונטנ. נאָכ „דערעכ־ערעצ האָבנ״ איז געווענ: „אָכ! מיט וואָס פאַר א פּאַכעד האָט ראָזע געקוקט אפ איר שרעקלעכנ פאָטער, אפ זײַנע קײַלעכדיקע שווארצע אויגנ, אפ זײַנ גאַנצער אָסאָבע אונ, אז ער האָט אפ איר אמאָל, אינ דער גוטער מינוט, אנידערגעלייגט זײַנ גראָבע באַוואַקסענע האַנט, האָט זי געציטערט אונ געוואָרפנ זיכ מיט אלע איוורימ...״

ז. 42. דאָס צענטע קאַפּיטל האָט זיכ אָנגעהויבנ אזוי:

„מיר בעטנ אונדזער לעזער נישט מיינענ, כאָלילע, אז מיר מאַכנ דאָ

כויזעק פונ א „ליבע־בריוו", וואָס א יונגער מענטש פונ 20 יאָר שיקט צו א מיידל פונ 17, 18 יאָר... לאָז אונדז גאָט אָפּהיטנ פונ אזא גראָבנ געדאנק! וויאזוי, אפ וואָס פאר אנ אויפנ, מיט וואָס פאר א שפּראכע איר ווילט, קאָנט איר זיכ אויסדריקנ אנדערע געדאנקענ מיט אנדערע געפילנ — אבי אײַערע געדאנקענ זאָלנ זײַנ ריינ אונ אײַערע געפילנ — עמעס... אייגנטלעכ, ווענ מיר זאָלנ וועלנ זייער שטרענג ארײַנקוקנ אינ דעמ דאָזיקנ בריוו פונ באָריס פרידמאנ צו זיינ געליבטער ראָזע פורמאנ, וואָלטנ מיר עפּשער גע־קאָנט זיכ צוטשעפּענ צו אייניקע ווערטער, וועלכע קומענ אויס עפּעס זייער, שוינ צופיל, קלינגענדיק, אונ ווער ווייסט, צי קאָנ באָריס פרידמאנ, וועל־כער איז דאָכ נישט מער אונ נישט ווייניקער ווי א יינגל, א שילער פונ גימנאזיע, ווי ער זאָגט, ארויסרעדנ זיינ הייליקייט אונ זיינ געטנ אונ אוועקפליִענ מיט איר ווײַט־ווײַט אזוי... אונ ווענ אפילע אז ער וועט שוינ יאָ אוועקפליִענ מיט זיינ הייליקייט אונ מיט זיינ געטנ ווײַט־ווײַט, נו, וואָס וועט נאָכדעמ זײַנ? וואָס וועט ער טונ מיט דער דאָזיקער געטנ דאָרטנ, ווײַט־ווײַט, ער, א יינגל פונ 20 יאָר, וועלכער טויג אפילע ניט (זייט מיר מויכל) פאר קיינ פּריקאזטשיק אינ א קלייט? וואָס קאָנ ער אָנהייבנ צו טונ, פרעגנ מיר, — ווענ זי, די געטנ, וועט אופשטיינ אפ מאָרגנ אינ דער פרי אונ וועט אימ זאָגנ מיט א קרומ פּאָנעמ, אז זי וויל עסנ, טרינקענ, אָנטונ זיכ ווי עס קער צו זײַנ, גיינ אינ טעאטער ארײַנ אדג?.. נאָר, אכ! לעמיר זאָלנ מיר אזוי ווײַט פארקריכנ אונ פּאָדערנ פונ די ליבנדע, וועלכע געפינענ זיכ אפ „יענער" וועלט, אזעלכע זאכנ, וואָס קיינ ליבנדער האָט נאָכ קיינ האָזע ניט געהאט צו פרעגנ? לעמיר זאָלנ מיר אזוי זײַנ שטרענג צו יענעמ דאָרט, ווו מיר אליינ זענענ ניט בעסער אונ ניט ערגער געווענ? לאָמיר זיי לאָזנ טרינקענ מיט פארגעניגנ דעמ דאָזיקנ טייערנ געטראנק, פונ וועלכנ דער גרעסטער טייל פונ אונדז האָבנ געטרונקענ; גלייבט מיר, עס וועט קומענ די צייט, וועלנ זיי זיכ אליינ אויסניכטערנ!..

אזוי, אזוי, ליבער לעזער! וויאזוי איר ווילט זיכ, אזוי קאָנט איר דאָס א נאָמענ געבנ! פארבלענדט, פארבראָכנ, אונגעשיקערט אדג... נאָר איכ קוק שטענדיק אפ אזעלכע בריוו, אפ אזעלכע רירנדע סצענעס, מיט אויגנ פול טרערנ אונ מיט א הארצ פול פרייד, אונ דאנק אונ לויב דעמ אלמעכטיקנ גאָט פאר דער טייערער מאטאָנע, וואָס ער האָט אונדז מיט זיינ מילדער האנט געשענקט, — פאר דער ליבע..."

ז. 45, שורע 16 אויבנ נאָכ „איינ אויג איבערנ זונ" איז געווענ: „אימ דאכט זיכ אויס, אז די דאָזיקע פרייַלעכע קוילעס פונ זיינע לעבעדיקע כאווײרימ איז ניט אנדערש ווי א יאָמערלעכ הארצרײַסנדע געוויינ פונ אנ אָרעמענ שנײַדער, וואָס ליגט אוועק דאָס געזונט מיט דעמ לעבנ איבער א פוילנ יונגאטש, וואָס וויל ניט ארײַנגיינ אינ דעמ פּאָטערס לאגע אונ..."

ז. 51, שורע 14 אויבנ נאָכ „א פלעגמאטיק" איז געווענ צוויי שורעס פּינ־טעלעכ אונ נאָכ דעמ: „אכ, ווי מענטשנ קענענ אמאָל א טאָעס האָבנ איינער אפ דעמ אנדערנ! אײַזענשטאט איז טאקע בעעמעס געווענ אנ ערלעכער מאנ; דאָס קענענ מיר ניט אָפּלייקענענ בעשומ־אויפנ, נאָר א פלעגמאטיק? אײַזענ־

שטאט איז א פלעגמאטיק? אײַזענשטאט, װעלכער אזױ. אָ, מענטשנ, מענטשנ!"

ז. 54, שורע 5 אונטנ. אָנשטאָט „דאָװיד דעמ שנײַדער האָט זיכ געגלוסט דאפּקע, אז זײַנ זונ זאָל זײַנ א דאָקטער" איז געװענ: „דאָװיד דער שנײַ־דער האָט זיכ מוסקאנע געװענ אָנ צאָדעק דעמ שוסטער, װעלכער האָט א זונ א גימנאזיסט, האָט ער צוגענומענ בײַ פּינכעסנ די נאָדל פונ דער האנט אונ האָט אימ אװעקגעגעבנ אינ גימנאזיע ארײַנ... אָנ א שומ כװשעק האָט ער זיכ גענומענ צומ ביכל: פּינכעס האָט געבענקט נאָכ דער שער אונ נאָכ דער נאָדל..."

ז. 55, שורע 10 אונטנ. נאָכ „דער דאָזיקער שװעסטער" איז געװענ: „טאָ־מער האָט ער געװאָלט לערנענ פאר זיכ עפּעס אַדער אזױ ארײַנגעקוקט אינ א ביכל, איז זי ארײַנגעפאלנ צומ פאָטער מיט א געװײנ:

— אױ, אז אָכ אונ װײ איז מיר! מיט אזא מאזל זאָל מענ גאָר ניט געבוירנ װערנ אפ דער װעלט! מײַנ מוישעלע האָט אפ מאָרגנ אזױ פיל „אוראָקעס" (אוראָקנ)... מײַנ יאָסעלע זאָל לעבנ האָט נאָכ ניט אױסגע־לערנט די „מאנעגראפיע" (געאָגראפיע)... מײַנ ליבעלע האָט אפ מאָרגנ 2 „זדאטשעס" (זאדאטשעס)... מײַנ בלומקע זיצט אונ מוטשעט זיכ איבער דער „סטאָרי" (היסטאָריע)... מײַנ עסטערקע אַזױ שױנ אױס קינד איבער דער „פארמעטיקע" (אריפמעטיקע) אזױ. אזױ., אונ פּינכעסל ליגט זיכ דאָ װי א פּאָרעצ! װאָס ארט דאָס אימ, איכ בעט אײַכ, אז אָט־אָט גײט אזא צײַט, אזא „גזאמיד" (עקזאמענ), װאָס איכ װײס? איכ זאָג דיר דעמ עמעס! אזױ...

פּינכעס אײַזענשטאט כאפּט דאָס היטל אונ לױפט אװעק צו דער דאָזיקער סטאדע פונ קעלבלעכ מיט לאָשעקלעכ..."

ז. 64, שורע 9 אױבנ. נאָכ „גרינגער אפּנ הארצנ" איז געװענ: „איבער צװײ זאכנ ערשטנס, װעט ער ניט אָנקוקנ זײַנע גלעזערנע באנקעס. אונ צװײטנס, לאָז ער זיכ זענ מיט בערטענ, מיט ראָזענ, אונ לאָז ער זײ בארויקנ...

אײַזענשטאט איז געװענ פאר אימ אי ניצלעכ אי שעדלעכ, אי נײטיק, אי איבעריק, אי אײַנגענומענ אי שװער צו איבערטראָגנ; באָריס האָט גע־פילט, אז ער קאָנ זיכ אָנ אימ ניט באגײנ, אונ אײַזענשטאט װעט אימ צוניצ קומענ..."

ז. 64. דאָס פופצנטע קאפּיטל האָט זיכ אָנגעהױבנ אזױ:

„יאָ, אײַזענשטאט איז אימ זײער אונ זײער צוניצ געקומענ!.. יעדנ טאָג איז ער געװענ בײַ בערטענ אונ איז דאָרט אָפּגעזעסנ לאנג, ביז שפּעט אינ דער נאכט. באָריס האָט געפילט, אז אײַזענשטאט װעט אימ שױנ פארענטפערנ אונטער די אױגנ א סאכ בעסער, װי ער אלײנ װאָלט זיכ פארענטפערט...

נאָכ זײַנ לעצטנ בריװ, װאָס ער האָט געשריבנ צו איר באלד נאָכ דעמ עקזאמענ „אָט־אָט קומט ער אונ רײַסט זי אױס פונ די דעספּאָטנ אזױ.", האָט ער זיכ באדארפט פארענטפערנ: דאָכ האָט ער דאָס אלײנ ניט געקאָנט טונ, ער האָט דערפונ ניט געקאָנט רעדנ ניט מיט ראָזענ, ניט מיט בערטענ...

דעריבער האָט ער געשיקט אײַזענשטאטנ, וועלכער האָט באדארפט, ווי אנ עמעסער דיפּלאָמאט, באנוצנ אינגאנצנ זײַנע פעיִקײַטנ, אינגאנצנ זײַנ פאלש־קײַט אפ צו פירנ דעמ דאָזיקנ געשעפט — אונ אכ! ווי ביטערע דער דאָ־זיקער יונגער דיפּלאָמאט איז זיכ באגאנגענ!.. זעענדיק, וואָס פאר אנ אײַנ־דרוק עס האָבנ געמאכט די בריוועלעכ פונ באָריסנ צו ראָזענ, וועלכע ער האָט איר אלע טאָג איבערגעגעבנ, אונ קוקנדיק אפ אירע ציטערנדע הענט, האָט ער גאנצ גוט פארשטאנענ, וויאַזוי עס צאפּלט אינ איר דאָס הארצ אונ וויפל באוועגונג, וויפל שמערצנ די דאָזיקע ראָזע לעבט איבער... וואָס זשע איז געשטאנענ אינ די דאָזיקע קוויטלעכ?"

ז. 67, שורע 12 אויבנ. נאָכ „טעכטער פונעמ הער רעגענבויגענ" איז געווענ: „מאשא אונ פאשא רעגענבויגענ! צו אײַכ האלטנ מיר אצינד אונדזער רעדע: וואָס האָט איר געהאט צו די דאָזיקע צוויי אומשולדיקע נעפּאשעס, צו די דאָזיקע צוויי אָרעמע סטודענטנ, צו אונדזערע ווילדע יונגעלײַט — גאָל־דענשטאט אונ זילבערשטאט? איר ווייסט דאָכ גאנצ גוט, אז ניט גאָלדענ־שטאט, וועלכער האָט א פאָטער א זייגערמאכער, אונ ניט זילבערשטאט, א פאקטאָרס א זונ, זענענ פאר אײַכ כאסאנימ, פאר אײַכ, רעגענבויגענס טעכ־טער, פאר וועלכע עס ליגנ שוינ פונ 10 יאָר אָפּגעזונדערט א צוויי הונדערט טויזנט רובל נאדאנ? צו וואָס זשע האָט אײַכ געטויגט ארײַנארנ צו זיכ אינ זאק ארײַנ די דאָזיקע צוויי בעוורעלײַט, וועלכע זענענ גאָט דִי נעשאָמע שולדיק, וועלכע וואָלטנ אײַכ גענומענ מיטנ גרעסטנ פארגעניגנ, אבי מע זאָל זיי אָפּצאָלנ די עטלעכע גילדנ? איר האָט געוואָלט אויספּרוּוונ די דאָ־זיקע אָרעמעלײַט, צי ווילנ זיי געלט? אָדער איר האָט געוואָלט ווײַזנ דעמ דאָזיקנ גאדלענ, באָריס פרידמאנ, אז עס זאָל אימ בראָטנ אונ ברענענ קוקנדיק, ווי די „סטודענטנ" גייענ אויס נאָכ אײַערע טריט? אָדער עפּשער האָט איר טאקע בעעמעס געהאט א שטיקל סימפּאטיע צו זיי? נאָר מיט וועמענ רעדט מענ דאָ? מיט צוויי ניט קיינ יונגע זייער־זייער ניט קיינ יונגע פרײַלנס, וועלכע עס איז שוינ נימעס־אומאָעס געוואָרנ, ארויסקוקנ־דיק אפ א כאָסנ, אונ צוליב וועלכע עס פאָרנ שוינ ארומ פונ עטלעכע יאָר שאדכאָנימ אפ אלע עקנ פונ דער וועלט זוכנ כאסאנימ — אונ קיינ כא־סאנימ איז ניטאָ. ניינ, מיר וועלנ בא זיי גארניט פרעגנ, מיר וועלנ בע־סער פרעגנ „בא לײַטנ", וואָס וועלנ „לײַט" זאָגנ אפ זיי?.."

ז. 74, שורע 11 אונטנ. דער סאָפ פונעמ קאפּיטל נאָכ „אָכקענ" האָט אויסגעזענ אזוי: „גרויסע, שרעקלעכ גרויסע פלענער (פּראָעקטנ) האָט ער איר פאָרגעלייגט, אזעלכע שרעקלעכע, אזעלכע מוירעדיקע, אז די האָר האָבנ זיכ איר געשטעלט קאפּויר, אונ זי האָט געציטערט מיט אלע איווורימ!.. וואָס האָט דאָ אײַזענשטאט אזעלכעס פארטראכט?.. דערופ איז נאָכ דאָ בא אונדז א גאנצע טייל אינ דעמ דאָזיקנ ראָמאנ אונ אינ זײַנ צײַט וועט דער לעזער אלצ געוואָר ווערנ..."

ז. 78, שורע 8 אונטנ. נאָכ „פאר די הענט" איז געווענ: „כלעבנ, א פאר־געניגנ צו קוקנ אפ די דאָזיקע צוויי פארשוינענ, וועלכע פאָרנ אצינד אינ איינ פאעטאָנ אראָפּ א בארג! איינער איז יונג, פריש, פריילעכ, לעבעדיק, קוימ־קוימ וואָס ער שפרינגט ניט ארויס פונ דער אייגענער הויט; ער

טרינקט פונעמ קוואל, וואָס הייסט „לעבנ", מיט בײדע הענט, מיטנ פולנ מויל, ער זופט, ער כלעפּטשעט אונ קאָנ זיכ גאָר ניט זאט אָנטרינקענ...

אונ דער אנדערער אויכ א יונגערמאַנ, נאָר אַ‎ונגעהויקערט, מיט קנײטשנ אפנ הויכנ ווײַסנ שטערנ — קנײטשנ, וועלכע קומענ פאַר דער צײַט — מיט א פארזאָרגט פּאָנעמ, מיט אויגנ, וועלכע האָבנ שוינ אלעס געזענ, מיט א הארצ, וואָס האָט שוינ פארזוכט פיל שמערצנ, מיט איינעמ וואָרט „א יונגער גרײַז", וואָס ווייסט שוינ פונ א וועלט צו זאָגנ, וואָס האָט שוינ א באגריפ פונ פאלשקײַט, שלעכטקײַט, פארדאָרבנקײַט אדג. אונ וועל־כער איז פארנומענ דאמיט, ווי נעמט מענ מיטלענ צו פארדינענ א שטיקל ברויט, ביכדיי צו קאָנענ דערגרייכנ א שטיקעלע צוועק אפ דער ערד, צו לעבנ ווי־עס־איז אלײנ אונ צו קאָנענ לעבנ פונ יענעמס וועגנ... מײנסטנ־טייל געפינענ מיר אזעלכע „אלטע יונגעלײַט" צווישנ אונדז ייִדנ, וועלכע ווערנ פרי פארטיק אונ פרי פארוויאלעט... נאָר מיר זעענ שוינ ווידער פארקראָכנ אינ „בקירע" ארײַנ אונ האָבנ שיר ניט ארויסגעלאָזט אונדזערע צוויי העלדנ, וועלכע זענענ שוינ ענדלעכ צוגעפאָרנ צו דעמ גאסט־הויז, ווי עס האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט פריִער מיט עטלעכע שאָ אונדזערע רײַזנדע, אײַזענשטאט אונ ראָזע פורמאַנ..."

ז. 79, שורע 5 אויבנ. נאָכ „געקוקט אינ פענצטער ארײַנ" איז געווענ: „נאָר וואָס זעט מענ אינ פענצטער אינ א גאסט־הויז, אינ א פענצטער, וועלכעס גייט ארויס אינ הויפ ארײַנ? מע זעט א קו, א קעלבל, א כאזער, הינער, האָלצ, ברעטער, א פּאָמעניצע, צעהאַנגענעס גרעט, האַנטשערקעס, טעפ, אמאָל א שיקסע דורכגיינ, אמאָל א קאצ דורכלויפנ, אָדער א הונט, וואָס פארײַסט א פוס אונ קראצט זיכ אינ לינקנ אויער אזוי... די אומגליקלעכע ראָזע נעמט זיכ ווידער צו די בריוו, וועלכע זי האָט שוינ אזויפיל מאָל איבער־געלייענט, אז זי ווייסט זיי שוינ אויסווייניק פונ אלעפ ביז טאָוו... די דאָזיקע בריוולעכ — דאָס איז איר איינציקע רעפוע, איר איינציקע שמירע פונ איר טערנ, טערנ באָריסנ, אונ די דאָזיקע שמירע היט זי אָפּ פונ צו קלערנ אפ „אימ" א שלעכטע מאכשאָווע... עס הייבט זי אָנ ארײַנוואָרפנ אינ היצ אונ אינ קעלט... זי ווערט אלערלײ פארבנ... די הענט זענענ איר קאלט..."

ז. 79, שורע 13 אונטנ. נאָכ „טרערנ אפ די אויגנ" איז געווענ: „גיט מיר אנ־ער האנט, ליבער לעזער, אונ לאָמיר אויכ ארויסגיינ פונדאַנענ, פונ דעמ נומער 38, ווי די ליבנדע האָבנ ענדלעכ געגרייכט צו דעמ לעצטנ גראַד פונ זייער גליק..."

ז. 81, שורע 16 אויבנ. נאָכ „באוויזנ אינ דעמ פאכ" איז געווענ: „ער האָט זיכ גענוג אָנגעהערט ייִעגנ אזעלכע זאכנ בא זײַנע אָרעמע עלטערנ אונ נאָכ מער בא זײַנ באקאנטער שוועסטער, די מוטער פונעמ טוצ קינדער, וועלכע האָט אימ ניט איינ מאָל איבערגעשלאָגנ דאָס לערנענ אינמיטנ אונ האָט אימ מיט קאָעס איבערגעגעבנ אלע קלײניקײַטנ, וועלכע קערנ זיכ אָנ צו דער ווירטשאפט, אונ האָט זיכ אימ געקלאָגט, אז זי האָט נאָכ ניט דאָס אונ דאָס, אונ ווענ זי זאָל האָבנ דאָס אונ דאָס, וואָלט זי אויכ גע־ווּסט, אז זי לעבט אפ דער וועלט אזוי. אזוי... אײַזענשטאט האָט מער ניט גע־

האָט ווי די דאָזיקע שוועסטער אונ האָט זי זייער ליב געהאַט; זײַנ גאַנצ פאַר־
דינסט קימאַט פונ אַלע זײַנע שטונדנ האָט ער איר „אוועקגעליגנ", אונ
מע קאָנ ניט זאָגנ, אַז זי איז אים ניט געווענ דאַנקבאַר: זײַנ שוועסטער
איז געווענ בײַ אים די צווייטע מוטער (אײַזענשטאַטס מוטער איז לאַנג
געשטאָרבנ); זי איז אים נאָכגעגאַנגענ אונ אַכטונג געגעבנ פונקט ווי אַנ
אייגענע מוטער, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס זי האָט אַליינ געהאַט אירע
אייגענע צוועלף קינדער; „דאָרטנ ווו צוועלף עסנ — קאָנ דער דרײַצנטער
אויכ עפּעס כאַפּנ!" אונ ניט איינ מאָל, אַוועקגייענדיק פונ דער היימ אַ
הונגעריקער, האָט ער געכאַפּט בײַ דער שוועסטער אַ שטיקל ברויט, אַ גלעזל
טיי אַדג., וועלכעס מע האָט אים געגעבנ מיטנ גאַנצנ האַרצנ, מיטנ גאַנצנ
ווילנ, מיט ליבשאַפט... מיר, געבאַלעוועטע אונ געפּעסטעטע מעיוכאָסימ,
וועלכע זענענ געווינט געוואָרנ נישט צו פאַרגינענ איינער דעמ אַנדערנ פונ
קינדוויײַז אָנ אונ איבערשטשעגאָלייַענ איינס דאָס אַנדערע מיטנ טואַלעט,
מיט די פעיִקייטנ אונ מיט אונדזערע קענטעניסע אונ וויסנשאַפטנ, קאָנענ
קיינ באַגריפ ניט האָבנ, ווי גליקלעכ עס לעבט אַמאָל אָפּ אַזאַ אָרעמע סע־
מייסטווע, ווי די דאָזיקע, אונ ווי ערלעכ, שטיל, צופרידנ זיי לעבנ זיכ אָפּ
זייער וועלטל; דערומ וועלנ מיר גאָר פונ אַזעלכע זאַכנ ניט שמועסנ אונ
וועלנ זיכ אומקערנ צוריק צו אונדזער גליקלעכ פּאָרפאָלק, וועלכעס הייבט
ערשט אָנ צו געניסנ פונ די זעלטענע פאַרגעניגנ אינ דעמ ערשטנ „זיסנ"
כוידעש נאָכ דער כאַסענע..."

ז. 82, שורע 5 אונטנ. נאָכ „פרײַעריקע קושנ" איז געווענ: „אונדז וואָלט
זיכ זייער געוואָלט ווויסנ, צי קומט אונדזער אָרנטלעכנ אײַזענשטאַטנ אָפּ די
געדאַנקענ, אַז אינ דער דאָזיקער מינוט, ווענ ער זיצט איבער אַ שטיקל
ברויט מיט הערינג בײַ זיכ אָפּ דער קוואַטיר, איז דאָרטנ, אינ דעמ קליינעמ
שטיבל מיטנ גרויסנ גאָרטנ, זיצנ זײַנע ווײַלגעבוירענע אונ פילגליקלעכע
פרײַנט, באַרימ מיט ראָזענ, אונ שטאַרבנ פאַר געלעכטער איבער זײַנ צעטל
מיט זײַנע אויפטועכצנ? פונוואַנענ זאָל ער דאָס ווויסנ? איר ווייסט עפּעס,
ליבער לעזער, וואָס רעדט מענ אָפּ אונכ בײַ אַנדערע פרײַנט, ווענ איר טרעט
נאָר אַרויס פונ זייער שוועל? אַ סאַכ גוטע זאַכנ — פרעגנ מיר אונכ —
אַ סאַכ גוטע מיינונגענ זאָגט איר וועגנ אַנדערע פרײַנט, ווענ די טיר מאַכט
זיכ צו נאָכ זיי אונ איר בלײַבט אַליינ מיט אײַער ווײַב אונ מיט אײַערע
קינדער? מיר זענענ אַלע, מער אָדער ווייניקער, צווייפּענעמדיקע, אונ אונ־
טער די אויגנ רעכענענ מיר זיכ אָפּ מיט אונדזערע באַקאַנטע ניט ערגער,
ווי זיי רעכענענ זיכ מיט אונדז. איר קאָנט זיכ פאָרשטעלנ, אַז אונדזער
געליבטער אײַזענשטאַט איז אויכ ניט קיינ אידעאַל; ער איז ניט ערגער אונ
ניט בעסער פונ אונדז אַלע; מיר קאָנענ אונכ ווײַזנ הונדערטער טויזנטער
בײַשפילנ פונ איינעמ, פונעמ אַנדערנ אונ פונעמ דריטנ..."

ז. 85, שורע 4 אונטנ. נאָכ דער אונטערשריפט „פ. אײַזענשטאַט" איז
געווענ: „אָפּשרײַבנדיק דעמ דאָזיקנ בריוו אונ פאַרכאַסמענדיק אימ אינ אַ קאָנ־
ווערט, נעמט זיכ אונדזער באַליבטער אײַזענשטאַט צו דער איבעריקער קאָרעס־
פּאָנדענציע: ער דאַרפ שרייבנ בריוו צומ פאָטער, צו דער שוועסטער, צו זײַנע
פרײַעריקע אונ איצטיקע כאַווײרימ: אונדזער אײַזענשטאַט האָט איבער־

הויפט ליב קאָרעספּאָנדענציעס, אונ אויב דער לעזער האָט זיכ רעכט צוגעקוקט צו זײַנ בריוו צו דער מאַדאַמ שימשעלביינ, האָט ער באַדאַרפט באַמערקנ אינ אימ דעמ עלעמענט פונ הומאָר אונ סאַטירע; אונדזער אײַזענשטאַט ליגט נישט קיינ קאָוועד אַפ קיינעמ, אונ דאָרט, ווו ער געפינט נישט קיינ בעסער שטעכוואָרט, קיינ בעסער נאָדל פאַר זײַנ קאָרבנ, וועלכער פאַלט אַרײַנ צו אימ אונטער זײַנ שטעכנדיקער פענ, דערמאָנט באַנוצט ער די סאַטירישע פראַזע, ווי דער לעזער האָט געוויס באַמערקט: „אַ וווּנדערלעכע זאַכ, כלעבנ, אַ וווּנדערלעכע זאַכ!..“ אָ, וויפל איראָניע, וויפל סאַרקאַזמ ליגט אינ דער דאָזיקער קורצער פראַזע!.. אַזוי, צומ ווייניקסטנ, האָט זיכ געטראַכט אונדזער באַליבטער סאַטיריק — אײַזענשטאַט, אונ מיר זענענ פאַרטיק צו פאַרזײַענ פאַר אימ דעמ דאָזיקנ סאַטירישנ טאַלאַנט מיטנ גאַנצנ האַרצנ...

ז. 87, שורה 4 אויבנ. נאָכ „טרערנ אַפ ראָזעס אויגנ“ איז געווענ: „וואָס קאָנענ מיר העלפנ, לעזער, מיר מוזנ זיכ מודה זײַנ, אַז אונדזער ערלעכער, אונדזער גוטער אײַזענשטאַט האָט ליב געהאַט ראָזענ מער ווי אַ גוטער פרײַנט, מער ווי אַנ אייגענער ברודער — אָ, ניינ! ער האָט זי ליב געהאַט פּאָשעט, אָנ כאָכמעס, ווי יעדער יונגער מענטש האָט ליב אַ שיינ מיידל אָדער אַ ווײַבל; ער איז אויסגעגאַנגענ נאָכ אירע טריט, ער האָט אָנ איר נישט געקאָנט לעבנ, ער האָט זי געמוזט זען אַלע טאָג, אונ כוץ־לאָזע איז ער איר געווענ אַנ עמעסער גוטער־פרײַנט, אויכ פּאָשעט, אָנ כאָכמעס, אונ איז איר געווענ איבערגעגעבנ מיטנ גאַנצנ לעבנ! נאָר מיר זענענ מער סופעק, צי האָט ער געוווּסט אַפ אַזויפיל, ווי מיר ווייסנ, וויאַזוי ער האָט זי ליב געהאַט, אונ עפשער קאָנ זײַנ, אַז ער האָט אויכ געוווּסט, נאָר ער האָט זיכ געמאַכט ניט ווויסנדיק אונ האָט זיכ נאָכ קיינמאָל ניט געפרווווט פרעגנ, וואָס וועט זײַנ דער טאַכלעס פונ זײַנ ליבע? צי האָט ער דאָס רעכט ליב האָבנ אַ פרעמד ווײַב? צי האָט זי צו אימ כאָטש עטוואָס סימפּאַטיע? ניינ! ער האָט זיכ גאָר ניט געוואָלט ברעכנ דעמ קאָפּ; זײַנ האַרצ איז געווענ פול מיט דער ערשטער, ריינער ליבע, זײַנע געדאַנקענ זענענ מאָמיד געווענ פאַרנומענ מיט אײנ ראָזענ; ראָזע האָט אימ געלײַכט ווי אַ פּײַערל אינ דער פינצטערניש, אונ נאָכ דעמ דאָזיקנ פּײַערל איז ער נאָכגעגאַנגענ מיט דעמ אינסטינקט, מיט דעמ מאַגנעט פונ יעדער ליבע, וואָס ווייסט ניט קיינ געזעצ מיט קיינ כעשבנ, וואָס שלעפּט אונ ציט דאָס יונגע האַרצ, וואָס וואַרעמט דאָס בלוט, וואָס צינדט אָנ אַלע געפילנ פונ דעמ יונגנ מענטשנ — מיט איינעמ וואָרט, אונדזער אָרנטלעכער אײַזענשטאַט איז געווענ פאַרברענט, אײַנגעליבט מיטנ גופ אונ מיט דער נעשאָמע אינ ראָזענ, וועלכע האָט אַפ אימ געקוקט ווי אַפ אַ ביוטיקנ מענטשנ, ווי אַפ אַנ ערלעכנ מענטשנ — אונ נישט מער; ראָזע האָט שוינ לאַנג אַוועקגעגעבנ אינגאַנצנ איר ליבע דעמ גליקלעכנ פרידמאַנענ, וועלכער האָט אויסגעוויזנ אינ אירע אויגנ ווי אַ מאַלעכ פונ גאָט, ווי אַ הייליקער, אַ הויכער אונ אַ זעלטענער העלד, וואָס האָט זיכ ניט געשעמט פונ זײַנ הויכער לאַגע אַ קוק טונ אַראָפּ אונ אַרויסצינ זי פונ דער בלאָטע, פונ דער פינצטערניש אאַזוו. אאַזוו. אַצינד זענענ געווענ אַרומ איר צוויי מענטשנ, צוויי גוטע־פרײַנט; דעמ האָט זי אָפּגעגעבנ אינגאַנצנ איר ליבע, אונ דעמ

אנדערנ האָט זי נישט געשענקט אפילע קיינ גוט וואָרט; דעמ האָט זי אוועקגעשענקט די פּאָעזיע, אונ דעמ — די פּראָזע.

ווער פונ די צוויי איז געווענ מער צופרידנ, מער גליקלעכ?.."

ז. 87, דאָס נײַנצנטע קאַפּיטל האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט פאָלגנדיקנ אבזאצ:

„ווו איז ערגעצ אונדזער יונגער פּענער באָריס? וואָס טוט ער? וואָס מאכט ער? וואָס טראכט ער זיכ?.. אזוי פרעגט דער לעזער אונ איז בייז, בערויגעז אפ אונדזער פּילגעליבטנ העלד... מיר מוזנ אָבער מיט געדולד נאָכגיינ אימ טריט בא טריט אונ מאכנ איבער אימ אנ אנאליז (צעגלידערונג) אונ ערשט נאָכדעמ זעג, ווער איז דאָ גערעכט אונ ווער איז שולדיק. דאָס ווייסנ מיר אלע, אז נישט א מאלעכ אונ נישט א דעמאָנ ווערט דער מענטש געבאָרנ. די נאטור גיט אונדז ארויס גאנצ פראָסט, נאָר די ערציִונג, די צײַט, די גוטע אָדער די שלעכטע אומשטענדנ מאכנ פונ אונדז אלעס. נישט דאָ איז דאָס אָרט אפ פילאָזאָפיע אונ נישט צו איבערקוקנ דעמ ראָמאנ מיינ איכ אָט דאָ; דאָס לעצטע לאָז איכ איבער פאר מײַנ קריטיקער (אָ, גיב גאָט א רעכטנ קריטיקער אינ אונדזער יונגער זשארגאָנישער ליטעראַטור!..). איכ וויל אײַכ נאָר פרעגנ, וואָס זאָל טונ אײַער זונ, אָדער מײַנ זונ, אז מע לאָזט אימ ארויס צו 21 יאָר אפ דער גרויסער וועלט מיט פולע קעשענעס אונ מיט א פוסטנ קאָפּ אפנ גרויסנ טנוכ, וואָס ווערט אָנגערופנ „לעבנ", אונ מע זאָגט צו אימ: — שווימ! — ער שווימט... דאָס וואסער טראָגט אימ, די כוואליעס ווארפנ אימ אונ קאטשענ אימ אפ אלע זײַטנ; עס דרייט זיכ אימ דער קאָפּ, ער פילט אזעלכס, וואָס ער האָט נאָכ קיינמאָל נישט געפילט; ער כאפּט אָנ א פולנ מויל מיט וואסער אונ פארכלינעט זיכ; ער קוקט זיכ ארומ אונ וואָלט עפּעס געגעבנ צו שווימענ צוריק — איז שוינ אָבער צו שפּעט; ער שווימט ווײַטער אונ ווײַטער ביז... אָדער ער מידט זיכ אײַנ, אונ די כוואליעס ווארפנ אימ אוועק, אונ ער גייט צו גרונט, אָדער, אויב מע אוספּייעט, שלעפּט מענ אימ ארויס פאר די האָר, מע שטעלט אנידער אפ די פיס אונ מע טרייסלט אימ אזוי לאנג, ביז ער קומט צו זיכ אונ ווערט ווידער א לײַט... דערופ מוז מענ אָבער האָבנ א בערייע, א געשווינדנ, א קרעפּטיקנ אונ אנ אָפּיטנעמ, וועלכער זאָל אימ קענענ דערטאפּנ פונקט אינ דער מינוט, ווענ ער הייבט זיכ אָנ צו טרינקענ... פונקט אינ דער מינוט אונ פונקט אזא ענערגישער מענטש האָט זיכ געפונענ בא אונדזער העלד אויכ — זײַנ האָכגעשעצטע מוטער, אונדזער אלטע באקאנטע מאלקע פרידמאנ".

ז. 87, שורע 19 אויבנ: נאָכ „אונ ווירקלעכ" איז געווענ: אונדזער העלד האָט געיארשעט פונ זײַנ געזעצטער מוטער דעמ סמראסטנעמ כאראקטער צו פארגעניגנ אינ זייער א פארברייטערטער מאָס; אונ זײַנע יאָרנ האָט זײַנ מוטער זייער געגלוסט האָבנ א סאכ געלט, קאָוועד אונ, איבערהויפּט, גוט לעבנ; נאָר באָריס האָט צו געלט קיינ כיישעק נישט געקענט האָבנ, ווײַל ער האָט נאָכ נישט פארשטאנענ זייער ווערט אונ האָט געהאט געלט, וויפל ער האָט באדארפט, באשטענדיק, פונ קינדווײַז אָנ; ער האָט נאָר געוואָלט לעבנ, לעבנ פרײַ, לעבנ אינ פארגעניגנ אונ געניסנ פונ אלע טעוועס, וועלכע א פאר־

דאָרבענער יונגער מענטש קאָנ זיכ נאָר ערלויבנ... דאָ, בא זיכ אינ דער הײמ, האָט ער דאָס אַלעס ניט געקאָנט אויספירנ; ווי יעדער אומגעבילדעטער מענטש, האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אַז דאָרט, ווײט פונ דער הײמ, ווײט פונ די אַלע אָביזאַנאָסטנ, וועלכע ער האָט דאָ געהאַט (אינ דער הײמ האָט ער דאָכ געמוזט צו יעמעס זיכ נעמענ), דאָרט וועט זײנ בעסער...
מיר מוזנ נאָכ דאָס אויכ נישט פאַרגעסנ, אַז צווישנ דעמ פאָטער מיטנ זונ איז קײנמאָל קײנ פרידנ ניט געווענ; מאָטל פרידמאַנ, וועלכער איז געווענ א פראַקטישער מענטש אונ האָט געזענ, ווי מאַלקע דערציט דאָס קינד אַזוי נאַריש, אינ אַזא ראָסקאָש אונ אַזוי צעבאַלעוועט, האָט געקוקט אַפנ זונ נישט מיט מאַלקעס אויגנ, אונ פונ דעמ איז צווישנ די פרידמאַנס ניט אײנמאָל אַרויס א מילכאָמע אַפ עטלעכע טעג; קורצ, מאָטל פרידמאַנ האָט געוווּסט אַלע זײַנע כעסרוינעס אונ געקוקט אַפ זײַנ בענ־יאָכיד, ווי אַפ א לעצט פאַרדאָרבנ קינד, ווי אַפ א נאַריש קינד, אונ האָט אימ ניט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, ווי די מוטער, אונ באָריס האָט דאָס אויכ געוווּסט, אונ זײַנ גאַדלעס האָט נישט געקאָנט איבערטראָגנ אַפ זיכ, ווענ זײַנ פאָטער האָט געקוקט אַפ אימ מיט א נאַסמעשקע, עס איז אימ געווענ פיל אַנגענעמער צו פאַרברענגענ מיט דער מוטער, וועלכע האָט געוווּסט אַלע זײַנע שוואַכע זײטנ אונ האָט אימ שטענדיק נאָכגעגעבנ; פאָרנ מיט דער מוטער קײנ אויסלאַנד — דאָס איז געווענ אַזא פראַכטפולער געדאַנק פאַר אונדזער יונגנ העלד, אַז צוויי וואָכנ קעסיידער האָט ער נאָר גערעדט וועגנ דער דאָזיקער נעסיע, אונ זײַנ רײַכע, נאָר פאַרדאָרבענע פאַנטאַזיע האָט אימ שוינ פאָרגעשטעלט אַזעלכע שײנע בילדער — פלוצלינג האָט אימ דער צופאַל צונויפגעפירט מיט זײַנ ליבנדע, וועלכע אַזוי.

אָט דאָ האָבנ מיר די בעסטע געלעגנהײַט אָפּצושטעלנ זיכ אונ באַמערקנ זײַנ מערקווירדיקע ליבע צו ראָזע פורמאַנ אונ באַטראַכטנ, אַפ וויפל די ליבע זײַנע איז געווענ ווירקלעכ אונ פונ וואָסער א קוואַל האָט זי זיכ גענומענ. קײנ סאָפעק נישט, אַז ראָזעס פײַערדיקע אויגנ האָבנ געקאָנט אָנצינדנ אינ זײַנ יונג הערצל א פײַערל, וועלכס וואָלט געקאָנט די ריגע פאַרלאָשנ ווערנ, ווענ מע זאָל זי אימ געווענ אָפּגעבנ אינ די הענט אַרײַנ... נאָר די דאָזיקע שוואַרצע אויגנ האָבנ אימ געברענט א יאָר קעסיידער, האָט ער באַקומענ א ווילדנ כײשעק צו פאַרווערבעווענ זיכ אָט די דאָזיקע שוואַרצע אויגנ מיט דעמ שײנ פּענעמל — אונ עס איז אימ געראָטנ: ניט אומזיסט איז ער דאָכ געווענ מאַלקעס א זונ!.. דאָ האָט זיכ אָבער אָנגעהויבנ א נײַע מילכאָמע בא דעמ דאָזיקנ באָכערל: דאָס מײדל, וואָס אימ איז געפעלנ, איז געווענ זײַנע, זײַנע אינגאַנצנ, נאָר ער האָט זי אָבער געמוזט נעמענ, נעמענ מיט קויעכ — אונ קײנ קויעכ האָט ער דערופ ניט געהאַט; כוצ־לאָזע איז אימ געווענ זײער זים דער געדאַנק אַלײנ, אַז זי איז אינגאַנצנ איבערגעגעבנ אימ, נאָר אימ, באָריסנ, אונ נישט קײנעמ; ער האָט אַרויסגעזענ, אַז איר ליבע צו אימ איז אַזוי שטאַרק, אַז אָנ אימ וועט זי ניט לעבנ! דאָס איז געווענ אַזוי אײַנגענומענ פאַר זײַנ עגאָיִסטישנ כאַראַקטער, אַז ער וואָלט א באַלנ געווענ אײביק הערנ פונ איר די דאָזיקע זיסע ווערטער: „איכ האָב דיכ ליב, מײנ טײַערער באָריס, דו ביסט מײַנ ענגל!” אַזוי... אַזוינע זיסע לידלעכ וואָרפנ אָנ א זיסנ שלאָפ

אפ דעמ גרעסטנ עגאָיסט, פונקט ווי דאָס געוויסע לידעלע פונ דער גוטער מוטער פארשלעפערט דאָס קינד אינ וויגעלע... בא אַט אזעלכע אומשטענדנ אונ בא דער גליקלעכער לאגע, וואָס באָרים איז געשטאנענ, איז קיינ וואונ־דער ניט, אז מע האָט נישט קיינ מוט אונ קיינ זעלבשטענדיקייט צו גרייכנ דעמ ציל איינ מאָל פאר אלע מאָל; נאָכ מער, מיר קאָנענ אזא ליבע אָנעמענ נישט מער ווי א קאפריז פונ א געבאלעוועטנ בענ־יאָכיד; דערומ איז אונדז קיינ כידעש ניט, וואָס אונדזער גוטער באָרים האָט ניט גע־זשאלעוועט קיינ לאנגע אונ אָפטע זיסע בריוו צו זיינ „ענגל ראָזע", אונ ער וואָלט איר עפשער נאָכ לאנג־לאנג נאָר געשריבנ אזעלכע בריוולעכ — אונ פונעמ גאנצנ הארצנ, אָנ פאלשקייט דאפקע, — ווענ זיינ כאווער איינזענ־שטאט, וועלכער האָט זיכ אזוי געגארט אינ אימ, זאָל אימ ניט געווענ פלוצעמ העלפנ זיכ צונויפגיינ מיט זיינ „געטנ ראָזע"... קימאט פאר געוויס קענענ מיר דענקענ, אז אינ יענער גליקלעכער מינוט, ווענ ראָזע איז אימ אומגעריכט געפאלנ אפנ האלדז אונ האָט זיכ אימ אָפגעגעבנ מיט איר גאנצנ לעבנ, אינ יענער מינוט איז ער ווירקלעכ געווענ גליקלעכ מיט אנ עמעס, אָנ פאלשקייט, מיט דער ערשטער ריינער ליבע, ווי דער ערשטער פרישער פרילינגס־מאָרגנ".

ז. 93, שורע 14 אונטנ. נאָכ „א האלבנ מיליאָנ רובל נאדאנ" איז געווענ: „וואָס פאר א סאָרט כאָסנ קאָנ זי נעמענ?.. פאָליאקאָווס א זונ? אָדער עפשער א געשטודירטנ פראָפעסאָר פונ אויסלאנד?.. אונ עפשער נייִנ — עפשער גאָר א נאש־בראט — ווער קאָנ דאָס וויסנ?.. המ... נישט קיינ געמיינער שי־דעכ, כלעבנ... זי איז נישט אזויפיל געבילדעט, ווי אויסגעיידלט, גוט ערצויגנ... זי איז ניט אזוי שיינ, ווי גלענצנד... זי האָט א ביסל א לענ־גלעכע נאָז מיט צו גרויסע ציינ... נאָר זי דארפ זיינ א געזונטע, אנ אונ־זערנע... המ... זי איז צו מיר געווענ שטארק צוגעלאָזט, מער ווי איר קלענערע שוועסטער מיט די קורצע האָר... זי ווײַזט אויס א ניהיליסטקע... איכ קענ זיי נישט אָנקוקנ, אָט די דאָזיקע ניהיליסטקעס מיט די קורצע האָר!.. וויפל איז זי, אשטייגער, אלט, די עלטערע... 20, עפשער 22 אונ עפשער מער ניט ווי 18, 19 יאָר?.. אָנדערהאלבנ מיליאָנ?.. מיט אזא קאפיטאל קאָנ מענ שיינ לעבנ, זיכ שיינ פירנ... אָנדערהאלבנ מיליאָנ אונ נאָכ א האלבע מיליאָנ — איז צוויי מיליאָנ!"

ז. 101, שורע 19 אויבנ. נאָכ „מײַנע אפ אייביק" איז געווענ: „(נו, אײַזענשטאט?) עמעס, איכ האָב מיט מײַנ ליבסטער מוטער נאָכ ווינציק וואָס גערעדט וועגנ דער פראגע; איר ווייסט, טײַערע בערטע, די ליבע פונ מײַנ גוטער מוטער צו מיר; אונ מיט מײַנ פאָטער קאָנ איכ דערפונ ניט רעדנ: ער איז שטענדיק אזוי פארטיפט אינ זײַנע כעשבוינעס מיט זײַנע גרויסע געשעפטנ, אז ער האָט אפילע קיינ פרײַע מינוט מיט מיר צו פארברענגענ... אָ, בערטע! איכ קאָנ דאָס ניט סוויוול זײַנ! א מענטש זאָל ניט האָבנ קיינ שומ היילִיקע זאכ, קיינ שומ ליכטיקנ געדאנק, אכוץ געלט, געלט אונ געלט! דאָס פארפלוכטע געלט איז מיר אזויפיל נימעס, אזויפיל נימעס, אז איכ בינ כלעבנ מעקאנע דעמ אָרעמאנ, לעמאָשל, אזעלכנ, ווי אונדזער גוטער פרײַנט פינכעס אײַזענשטאט, וועלכער האָרעוועט נעבעכ אפנ קערבל

אונ פארדינט דאָס טאקע מיטנ בלוטיקנ שווייס.. אָ! ווי זיס עס דארפ זײַנ בא אימ דאָס לעבנ! ווי גליקלעכ מוז זײַנ דער דאָזיקער מענטש, וועלכער איז ניט באלאנגענ אינ זײַנע עלטערנ אונ וועלכער קאָנ זיכ אליינ שטרײַטנ מיט די שלעכטע אומשטענדנ אונ בײַקומענ זיי; נאָר דער דאָזיקער קאָנ באשײַנט ווערנ מיט דעמ פײַנעמ נאָמענ „העלד", נאָר דער דאָזיקער קאָנ זײַנ אונ דארפ זײַנ געשעצט הויכ אונ גרויס בא אונדז אינ די אויגנ!.. (אײַזענשטאט! אײַזענשטאט! וואָס זאָגט איר אפ אזעלכע הויכע, ליכטיקע געדאנקענ?..) גלויבט מיר, טײַערסטער פרײַנט בערטע, אז ווענ מײַנ פאָטער מאכט מיט מיר א שמועס וועגנ געשעפט, וועגנ געלט, וועגנ פראָצענט אדג., וואָלט איכ זיכ אינ יענער מינוט אינ דער ערד באגראָבנ, אבי ניט הערנ אזעלכע פארשימלטע געדאנקענ פונ פארפינצטערטע מענטשנ מיט פארקעלטערטע הערצער, וועלכע זעענ פאר זיכ קיינ שומ ליכטיקע זאכ, אויסער געלט אונ געלט!.. אָט דעמ זעלבנ געדאנק האָב איכ געסטערנ אויפגעדעקט מײַנ פאָטער, זיצנדיק בא דעמ טיש צוזאמענ מיט אייניקע פרעמדע לײַט, גרויסע סאָכרימ — אונ שטעלט אײַכ פאָר, וואָס האָט ער מיר דערופ געענטפערט? די גאנצע צײַט, וואָס איכ האָב גערעדט, האָט ער געווונקענ צו די געסט, אונ אז איכ האָב געענדיקט, האָט ער אויסגעשאָסנ אזא געלעכטער, אז מײַנ טײַערע מוטער איז שיר פונעמ בענקל ניט אראָפגעפאלנ...

— אנו, ווײַז נאָר, מײַנ זונ, — האָט מײַנ פאָטער געזאָגט, — ווײַז נאָר אהער דאָס ביכל, פונוואַנענ דו האָסט דײַנ „שיינע רעדע" אויסגעלערנט...

— דאָס איז מײַנ אייגענער געדאנק! — האָב איכ אימ מיט פארדראָס געענטפערט..

דערופ האָט ער זיכ נאָכ שטארקער צעלאכט אזוי, אז מײַנ מוטער האָט אימ קוימ אײַנגעשטילט... (וואָס זאָגט איר, אײַזענשטאט, אפ אזעלכע אָבסקוראנטנ, אזעלכע פאנאטיקער?! אונ בא אזא פאָטער גיט זיכ אויס אזא זונ!!..) איכ זאָג אײַכ דעמ עמעס, מײַנ פרײַנט בערטע, אז אינ דעמ שוינעמ מויער, ווו איכ געפינ זיכ אצינד, מיט דעמ גאנצנ ראָסקאָש, וואָס איכ האָב דאָ בא מײַנ ליבער מוטער, איז מיר פינצטער די ליכטיקע שײַנ, אונ איכ ווייס ניט פונ קיינ וועלט צו זאָגנ, אונ ווענ ניט מײַנ טײַערע מוטער, וועלכע קאָנ אָנ מיר נישט לעבנ, וואָלט איכ שוינ לאנג אנטלאָפנ פונדאַנענ צו מײַנ ענגל ראָזע, אהינ אינ דעמ קליינעמ שטיבעלע מיטנ גאָרטנ, ווו עס בליט מײַנ ליבע, מײַנ גליק אונ מײַנ לעבנ!.. (אצינד וועט איר זיכ שוינ מער ניט צווייפלענ אינ זײַנ ליבע, הער אײַזענשטאט? נאָר די האָפענונג, אז מײַנע עלטערנ וועלנ פאָרט מערוצע ווערנ מיט מײַנ פארבינדונג, האלט מיכ נאָכ אופ אָט צווישנ די אומגעבילדעטע לײַט, וועלכע האָבנ נאָכ קיינ באגריפ פונ אנ אנדער לעבנ, וואָס איז מער ליכטיק, מער גליקלעכ, מער מענטשלעכ אלס „געלט" אונ עוויגע „כעשבוינעס"... (איר פארשטייט, אײַזענשטאט, וועמענ מע מיינט?)"

ז. 105, שורע 2 אויבנ נאָכ „ניט אויסגעטראכטער געשיכטע" איז געווענ: „דער לעזער אָבער האָט א גרויסנ טאָעס, אויב ער מיינט, אז דער פארפאסער

איז מעכייעוו צו געבנ אנ עפּילאָג — אויסטראכטנ פונעמ קאָפּ — אבי אנ עפּילאָג זאָל זײַנ! נײנ, דאָס קאָנ דער לעזער ניט פאַדערנ".

ז. 105, שורע 8 אונטנ. נאָכ „אונדזער געלט" איז געווענ: „אונ זײ, די נעגידימ, די אַפּעקוינעס, וועלנ ארויסשטעלנ, זײַט מיר מויכל, דרײַ פײַגנ אונ וועלנ זיכ אויסלאכנ אפ די גוואלדנ פונ די אָרעמעלײַט, וועלכע וועלנ שרײַענ אונ שרײַענ, ביז זײ וועלנ זיכ איבערשרײַענ...

אָט דאָ האָט איר דעמ באלאנס פונ מײַער פורמאנ, וועלכער איז געבליבנ אצינד אײנער אלײנ, אלײנ אפ דער גאנצער וועלט, ווי אנ אויסגעטריקנטער בוימ ערגעץ ווײַט, אינ דער מידבער: טײַבעלע איז דאָכ שוינ ניטאָ, זי איז געשטאָרבנ, אונ פונ א געשטאָרבענעמ דארפ אנ ערלעכער ייִד פארגעסנ... אונ ראָזעלע... אָ! די דאָזיקע איז ערגער ווי געשטאָרבנ; די דאָזיקע האָט ער אײנ מאָל פאר אלע מאָל ארויסגעטריבנ פונ זײַנע געדאנקענ, אונ איר קאָנט פארזיכערט זײַנ, אז זי וועט זיכ שוינ מער ניט אומקערנ אינ זײַנ פארגאָסנ הארצ ארײַנ אונ אינ זײַנ פארשלאָגענעמ קאָפּ; — אנ עק א סאָפּ פונ דער דאָזיקער פאמיליע!"

ז. 107, שורע 3 אויבנ. נאָכ „רײַסט זיכ ניט אפ די ווענט" איז געווענ: „אונ דער, וואָס עס קאָנ אימ ווייסט, ווי אימ צו שעצנ; נאָר ווער קאָנ ניט דעמ אײַנגעבויגענעמ אײַזענשטאטנ מיט די גלעזערנע באנקעס, וועלכע גלאנצנ אמאָל מיט זייער א ליכטיק, שײנ פײַערל? ווער ווייסט ניט זײַנ איראָניש ווערטל, וועלכס ער באנוצט אזוי אָפט: א וווּנדערלעכע זאכ, כלעבנ, א וווּנדערלעכע זאכ!.." פונ אלע טײַוועס, וועלכע די נאטור האָט געשענקט דעמ מענטשנ, איז בא אײַזענשטאטנ פאראנ אײנ טײַווע: שרײַבנ בריוו... עס איז גענוג, אז איר זאָלט זיכ מיט אימ אײנ מאָל באקאָנענ, וועט ער זיכ מיט אײַכ דורכשרײַבנ שוינ 10 יאָר קעסיידער אונ וועט זיכ אײַכ קײנמאָל ניט אײַנמידנ צו ענטפערנ, אפ וואָס איר ווילט, אפ וואָס אײַער הארצ גלוסט, נאָר אָפטער פונ אלע שרײַבט ער זיכ איבער מיט דער מאדאמ שימשעלביינ, וועלכע הערט ניט אופ צו שילטנ אלע מענער; אויכ שרײַבט ער אָפטע בריוו צו זײַנ ליבלעכער שוועסטער אונ צו אירע קינדער, וועלכע ער שיקט ביכער אונ אמאָל א ביסל געלט אויכ, ווענ ער האָט נאָר..."

ז. 107, שורע 6 אונטנ. נאָכ „מענער! מענער!" איז געווענ: „אונ זי איז גערעכט: איר קאָנט זיכ פאָרשטעלנ, אז בערטע שימשעלביינ האָט ליב אונדזער ערלעכנ אײַזענשטאטנ, אונ ניט אײנ מאָל האָט זי אימ געגעבנ אָנצוהערנ, אז ער, אײַזענשטאט, מוז נעמענ א גוטע, אנ אָרנטלעכע פרוי, וועלכע אזוי. אונ צומ סאָפּ האָט ער זיכ אָפּגעזאָגט אונ האָט זיכ איבערגעטראָגנ פונ ק׳, ווו ער האָט באגראָבנ זײַנ ליבע אפ אײביק, קײנ פעטערבורג אינ אוניווערסיטעט ארײַנ; אזא פרינצ ווי באָריס פרידמאנ וואָלט געגאנגענ אלע טאָג צו ראָזענ אפנ קיוועער אויסווייזענ זײַנ צערטלעכ הארצ אונ וואָלט זיכ ארומגעטראָגנ מיט זײַנ אומגליקלעכער ליבע צווישנ אלע זײַנע באקאנטע אונ אומבאקאנטע; נאָר אזא פאַשעטער אונ א געמײנער מאנ, ווי אונדזער פילגעליבטער אונ געערטעסטער הער אײַזענשטאט, האָט קײנ צײַט ניט דערופּ: ארומלויפנדיק א גאנצנ טאָג אפ די שטונדנ אונ קומענדיק אהײמ א דערפראָרענער אונ א הונגעריקער, האָט ער גענוג וואָס צו טונ מיט

זײַנע אײגענע ביכער אונ מיטנ קלײנעמ ברודערל, װעלכער לערנט זײער װױל...“

ז. 107. דאָס לעצטע קאַפּיטל האָט אינ דער ערשטער אױסגאַבע זיכ גע־ענדיקט אַזױ:

„אײַזנשטאַטס פּאַטער, דאָװיד דער שנײַדער אַלעװ־האַשאַלעמ איז גע־שטאָרבנ; ער האָט זיכ ניט געקאָנט אױסװאַרטנ אַפּ דעמ דאָזיקנ גליקלעכנ טאָג, װענ זײַנ פּינכעס װעט אַרײַנקומענ צו אימ אינ שטוב אַרײַנ מיט גילדענע עפּאָלעטנ אונ װעט א פרעג טאָנ:

— א גוט זשיװױאָט דאָװיד קראַװיעצ?

— גוט־גוט, װאַשע װיסאָקאָ בלאַהאָראָדיע!

— װאָס פאַר א װיסאָקאָ בלאַהאָראָדיע בינ איכ דיר, טאַטע? דאָס בינ איכ, דײַנ זונ, פּינכעס!..

נײַנ; רעב דאָװיד אַלעװ־האַשאַלעמ האָט אַפּאָנעמ ניט פאַרדינט בא גאָט אַזאַ גליקלעכע עלטער? ער האָט זיכ גיכ איבערגעפּעקלט אַפּ יענער װעלט — אונ האָט גאַנצ קלוג געטאָנ, מאַכמעס ער איז שױנ געװענ זײער אַלט אונ בלינד אַפּ בײדע אױגנ, אונ ביזװאַנענ זײַנ זונ װעט אַמאָל קומענ מיט גילדענע עפּאָלעטנ, װאָלט ער זיכ געקענט אַרומשלעפּנ היפּשע עטלעכע יאָר איבער די הײַזער, אָדער פּוילנ אינ „העקדעש“...

אכ! װאָסערע פּינצטערע טרױעריקע בילדער!.. זאָגט דער לעזער, פאַר־מאַכנדיק דעמ בוכ.

עמעס, ליבער לעזער, פּינצטערע אונ טרױעריקע, מיר לײקענענ דאָס ניט אַפּ; נאָר װאָס קאָנענ מיר טונ, אז דאָס לעבנ גיט אונדז פּאָרט ניט אַזױ אָפט קײנ ליכטיקערס אונ קײנ פרײלעכערס? איר װײסט דענ ניט, אז אַלע פרײלעכע קינדער־שפּילנ לאָזנ זיכ אױס מײנסטנטײל גאַנצ טרױעריק אונ אַלע זײערע אױסגעצײכנטע זאַבאַװקעס מיט די הילכיקע געלעכטערנ ענדיקנ זיכ אָפטמאָל מיט טרערנ? װאָס פאַר א שײנע שפּיל האָט אונדזער יונגער העלד באָרים פרידמאַנ געשפּילט מיט דער אומגליקלעכער מאַמזעל ראָזע פורמאַנ, אונ װי טרױעריק האָט זיכ דאָס דאָזיקע שפּילעכל אױס־געלאָזט פאַר אײניקע פונ אונדזערע באַקאַנטע!.. װוּנדערט זיכ ניט דע־ריבער, װאָס דער שרײַבער באַװײַזט אײַכ אַמאָל פּינצטערע אונ טרױעריקע בילדער. אױב דער אַלמעכטיקער גאָט האָט אײַכ געבענטשט מיט מער ליכ־טיקעס אונ מיט מער פרײלעכס — פאַרגינענ מיר אײַכ מיטנ גאַנצנ האַרצנ אונ װינטשנ אײַכ אַפּ װײַטער ניט ערגער... זײַט געזונט, קינדער!“

## „סענדער בלאַנק“

צומ ערשטנ מאָל איז „סענדער בלאַנק“ דערשינענ אלס א בײַלאַגע צומ זשורנאַל „יודישעס פאָלקסבלאַט“. די בײַלאַגע מיט שאָלעמ־אַליכעמס ראָ־מאַנ האָט געצאָלט אַרױס נאָכ אינ יאָר 1887. װעגנ דעמ האָט דער זשורנאַל מודיע געװענ זײַנע אַבאָנענטנ אינ א ספּעציעלנ אַנאָנס: „מיר דרוקנ שױנ אונ װעלנ אימ־ירצע־האַשעמ קירצלעכ פאַנאַנדערשיקנ דענ געערטנ אַבאָ־נענטנ די האַלביאָריקע פּרעמיע. דאָס איז א גרױסעס װערק פונ שאָלעמ־

אליוכעמ אונטער דעמ נאָמענ „רעב סענדער בלאנק“ (א ראָמאנ אָנ א ליבע)“ 1.

אינגיכנ האָט זיכ באוויזנ א צווייטער אנאָנס, ווו דער זשורנאל האָט געגעבנ צו וויסנ, אז „מיר האָבנ ניט באוויזנ מיט דעמ נומער צעשיקנ די האלביאָריקע פּרעמיע, דה. דעמ ראָמאנ פונ שאָלעמ-אליוכעמ „רעב סענדער בלאנק“. וועלנ מיר עס שיקנ שוינ צוזאמענ מיט דער ערשטער פּרעמיע פארנ קינפטיקנ יאָר — אינ קינפטיקנ כוידעש“2.

אָבער אויכ דאָס מאָל האָט דער זשורנאל ניט געהאלטנ וואָרט. די בנ־לאגע מיט שאָלעמ־אליוכעמס ראָמאנ איז דערשינענ ניט צומ אָנהייב, נאָר ערשט אינמיטנ 1888־טנ יאָר (די צענזור־דערלויבעניש אפ דער דאָזיקער בנלאגע איז דאטירט: 29 מײַ 1888).

אינ דער ערשטער אויסגאבע האָט דאָס ווערק געהייסנ:

## רעב סענדער בלאנק
## אונ זײַנ פילגעשעצטע פאמיליע
## א ראָמאנ אָנ א ליבע

צומ סאָפ פונ דעמ לעצטנ קאפּיטל אינ דער ערשטער אויסגאבע האָט שאָלעמ-אליוכעמ געשריבנ, אז די לעבנס-געשיכטע פונ דעמ יונגנ בלאנק, מארקוס בלאנק, איז „גאָר א באזונדערע געשיכטע, וועלכע, מיר האָפנ, ווערט פארנעמענ גענוג בלעטער אונ וועלכע..., עס קאָנ געמאָלט זײַנ, ווערט אינ־גיכנ ארויסגעגעבנ ווערנ אינ א באזונדערנ בוכ“.

נאָכ אינ א מער קאטעגאָרישנ טאָנ רעדט וועגנ דעמ שאָלעמ-אליוכעמ אינ א בריוו צו ש. דובנאָוונ (דער בריוו איז דאטירט 2 סענטיאבער 1888). שאָלעמ-אליוכעמ שרײַבט דאָרט: „איכ האָב פארגעסנ וואָרענענ אײַכ, אז „רעב סענדער בלאנק“ איז אייגנטלעכ דער ערשטער טייל פונעמ ראָמאנ. דעמ צווייטנ טייל „מארקוס בלאנק“ האלט איכ באַמ פארענדיקנ אונ מאָ־נוסקריפּט, אונ דעמ דריטנ טייל „דער לעצטער פונ די בלאנקס“ וועל איכ אָנשרײַבנ ערשט מיט דער צײַט, ווענ איכ וועל בעסער אונ גענויער, אל־זײַטיקער זיכ באקאָנענ מיט אונדזער יונגנ דאָר, וואָס איז ווערט ערנסט שטודירט צו ווערנ. איר זעט, אז איכ האָב געהאט בעדייע דאָס זעלבע, וואָס ע. זאָלא, בייס ער האָט פארפאסט זײַנ אומשטערבלעכ ווערק „די קאריער פונ די רוגאָנענ“, לעהאוודל“3.

וועגנ דעמ זעלבנ פּלאנ שרײַבט שאָלעמ-אליוכעמ אויכ אינ א בריוו צו ראווניצקינ:

„מיר, שאָלעמ-אליוכעמענ, האָט קיינער ניט געזאָגט, אינ וואָס באשטייט מײַנ זאדאטשע. בינ איכ געגאנגענ אונ האָב אָנגעשריבנ א קריטיק אפ שאָ־מערס פּאסקודסטווע. בינ איכ געגאנגענ אונ האָב געוואָלט אויסבויענ א גרויסנ טורעמ ביזנ הימל אונטער דעמ נאָמענ „בלאנק“ (איכ מיינ אלע

1 „יודישעס פאָלקסבלאאט“ 1887, נומ. 47—48.

2 דאָרט, נומ. 52.

3 „Еврейская старина“ 1916, стр. 239

דריטנ ראָמאַנענ: „רעב סענדער“, „מאַרקוס בלאַנק דער צווייטער“ אונ „דער לעצטער פונ די בלאַנקס“, וועלכע איכ שרײַב נאָכ“)[1]

וועגנ די ווײַטערדיקע טיילנ פונ זײַנ טרילאָגיע האָט שאָלעמ-אַליכעמ געשריבנ ניט בלויז אינ פּריוואַטע בריוו. אינ יאָר 1892 האָט שאָלעמ-אַליכעמ אַרויסגעלאָזט אַ פּראָספּעקט „דער קאָל-מעוואַסער צו דער ייִדישער פאָלקס-ביבליאָטעק“. אינ דעמ דאָזיקנ פּראָספּעקט לייענענ מיר אינ אַ ספּעציעלנ אַנאָנס, אַז אינעמ דריטנ באַנד „יודישע פאָלקס-ביבליאָטעק“ וועט זײַנ געדרוקט „מאַרקוס בלאַנק“ (אַ ראָמאַנ אינ צוויי טיילנ). פונ דעמ דאָזיקנ אַנאָנס איז צו זענ, אַז נאָכ אינ יאָר 1892 האָט שאָלעמ-אַליכעמ זיכ אַרומגעטראָגנ מיט דעמ פּלאַנ פונ זײַנ טרילאָגיע. צי האָט שאָלעמ-אַליכעמ דעמ דאָזיקנ פּלאַנ פאַרווירקלעכט, אונ צי האָבנ זיכ פאַרהיט וועלכע-עס-איז טעקסטנ פונ דעמ ניט געדרוקטנ ראָמאַנ „מאַרקוס בלאַנק“, איז אונדז ניט באַוווּסט.

אינ יאָר 1903, צוגרייטנדיק די אויסגאַבע פונ זײַנע „געזאַמלטע ווערק“, האָט שאָלעמ-אַליכעמ באַשלאָסנ אַרײַנצונעמענ אַהינ אויכ „סענדער בלאַנק“. דער טעקסט פונעמ ראָמאַנ איז דערבײַ שטאַרק איבערגעאַרבעט געוואָרנ. שאָלעמ-אַליכעמ האָט אַרײַנגעטראָגנ זייער אַ סאַכ ענדערונגענ, וועלכע האָבנ אַ שײַכעס צו אַלץ: אי צו דער שפּראַכ, אי צו דער כאַראַקטעריסטיק פונ באַזונדערע פיגורנ, אי צו דער אַרכיטעקטאָניק פונעמ גאַנצנ ווערק. שאָלעמ-אַליכעמ שליסט אויס ניט בלויז איינצלנע שורעס — אינ געוויסע פאַלנ שליסט ער אויס אויכ גאַנצע קאַפּיטלענ. ער שטרעבט צו דער מאַקסימאַלער געפּרעסטקײַט אונ וואַרפט אַרויס גאַנצע שטיקער טעקסט — עס זײַנענ אָבער פאַראַנ פאַלנ, ווענ ער האַלט פאַר נייטיק צוצוגעבנ נײַעמ טעקסט. עס זעט זיכ, ווי דער רײַפ געוואָרענער קינסטלער שאַצט אָפּ ביז גאָר ניכטער די דעפעקטנ פונ זײַנ יוגנט-ווערק אונ וויל — אומ יעדנ פּרײַז אַלע דעפעקטנ באַזײַטיקנ. עס קומט דאָ צומ אויסדרוק די גרויסע סאָציאַלע דערפאַרונג, וועלכע שאָלעמ-אַליכעמ האָט אָנגעזאַמלט אינ דער צײַט צווישנ דער ערשטער (1888) אונ דער צווייטער אויסגאַבע (1903), עס קומט צומ אויסדרוק די פאַרפעסטיקונג פונ שאָלעמ-אַליכעמס דעמאָקראַטיזמ, די פאַרשאַרפונג פונ זײַנ אַנטיבורזשואַזער סאַטירע, די פאַרשטאַרקונג פונ זײַנ קינסטלערישער מײַסטערשאַפט. אינ דער הינזיכט קאָנ דער פאַרגלײַכ פונ די צוויי אויסגאַבעס „סענדער בלאַנק“ זײַנ ביז גאָר באַלערעוודיק — ער קאָנ דינענ ווי די בולעטסטע אילוסטראַציע פונ יענע וויכטיקע אידעאָלאָגיש-קינסטלערישע פּראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ שאָלעמ-אַליכעמס שאַפנ צומ אָנהייב פונ 900-טע יאָרנ.

נעמענדיק דאָס אַלץ אינ אַכט, האָבנ מיר געהאַלטנ פאַר נייטיק צו פאַרצייכענענ די טעקסט-ענדערונגענ אינ „סענדער בלאַנק“ ברייטער אונ אויספירלעכער, איידער מיר האָבנ עס געטאָנ בענעגייע צו אַנדערע יוגנט-לעכע ווערק שאָלעמ-אַליכעמס. עס פאַרשטייט זיכ, אַז פאַרצייכענענ אַלע טעקסט-ענדערונגענ האָט זיכ אונדז ניט אײַנגעגעבנ, צוליב דעמ וואָלט מענ

1 „צומ אָנדענק פונ שאָלעמ-אַליכעמ“, ז. 42.

געמוזט איבערדרוקנ זנט נאָכ זנט די גאַנצע ערשטע אויסגאַבע. אָבער א מער־וויניקער קלאָרנ באַגריפ וועגנ דעמ אונטערשייד צווישנ די צוויי וואריאַנטנ פונ „סענדער בלאַנק“ וועט דער לייענער דאָכ קאָנענ באַקומענ לויט די אויסצוגנ, וואָס ווערנ בא אונדז געבראַכט.

---

ז. 111, צווישנ די שורעס 8 אונ 9 אויבנ איז אינ דער ערשטער אויסגאַבע געווענ פאָלגנדיקער אבזאַצ:

„ראַבויסייַ, מיר ווייסנ דאָכ אלע א קלאָל־גאָדל אינ דער וועלט, אַז מיטנ איזוואָזטשיק דינגט זיכ יעדערער ביזנ בייַנ ארטנ, מיר וועלנ ניט זשאַליעווענ איבעריקס 10 רובל אויסשטעלנ דאָרט, ווו עס וועט אונדז אלייַנ זנט אַנגענומענ אונ פאַר יענעמ אויכ שיינ; אָבער געבנ דעמ איזוואָזטשיק אנ איבעריקנ גילדנ, דערופ איז קיינ סאַכ באַלאָגימ ניטאָ. דער פּאַרפּאַסער פונ דעמ דאָזיקנ ראָמאַנ איז ניט קיינ גרויסער קאַמצנ, דאָכ האָט ער געהאַט די געלעגנהייט איבערצוצאָלנ דעמ איזוואָזטשיק העכער פונ דער טאַקסע סאַכאַקל 2 מאָל אפ זנט לעבנ: איינ מאָל, ווענ ער האָט זיכ זייער געטלט צו פאָרנ צו זנט קראַנקנ פעטער, וועלכער האָט זיכ געקליבנ גיינ אינ ווינטנ וועג ארטנ אונ האָט געוואָלט פארנ טויט איבערלאָזנ א געדעכעניס אלע זנטע אָרעמע קרוווימ, אונ דאָס צווייטע מאָל, ווענ זנט לאָטערייַ־צעטל האָט אלפּי טאָעס געווונענ יאַקבי 12 טויזנט מארק אונ צומ סאָפ האָט זיכ מיסטאַמע אויסגעלאָזט א בוידעמ. דער פּאַרפּאַסער איז זיכ עפנ־טלעכ מוידע, אַז צוריקוועגס האָט ער זיכ שוינ דערפאַר ניט געשעמט אױ־בער איינציקע 5 קאָפּעקעס כאַפּנ א מויעסנ פּסאַק פונ אנ איזוואָזטשיק אונ דערצו נאָכ האָבנ צו טאָנ א פאָר שאָ מיטנ זשאַנדאַרמ אפנ וואָקזאַל בעפאַר־העסיע. פונ יענער צנט אָנ האָבנ מיר א קלאַל, אַז ניט צו דינגענ זיכ מיטנ איזוואָזטשיק מוז עס זנינ א באַזונדערער צופאַל, ניט אַנדערש; מיר וועלנ באַלד האָבנ די געלעגנהנט ערקונדיקנ זיכ אפ וויפל אונדזער האַשאָרע איז ריכטיק“.

ז. 111, שורע 1 אונטנ. נאָכ „א קלוג וואָרט“ איז געווענ: „נאָכ איינ נאַכט, מיננע גנעדיקע פרויענ, נאָכ איינ נאַכט דאַרפ ער איבערשוויצנ, ביז עס וועט זיכ פעלנ דער status nervosus אונ אויב ער וועט באַקומענ מער היצ, וועלנ מיר אימ, ווי אנ אלטער דאָקטער האָט געזאָגט, levativa cum venos seccia (שלאָגנ אָדער אונ שטעלנ א קאַנע נאָכ־אמאָל), גלייבט מיר, גנעדיקע פרויענ. איכ האָב אימ געננוג אויסגעקול־טורעוועט: פּערעקוטירעוועט, פּאַליפּאַטירעוועט, דיאַגנאָזירעוועט אונ די־פערענצירעוועט אונ בינ געקומענ צו דער עמעסער status praesens אונ גיי מיט דער מעטאָדע פונ antisept, פונ antipyret אונ פונ antiphlogist. איכ זאָג אייַכ צו, אַז איכ וועל מיינ טירכע ניט זשאַלעוועג, אונ אויב עס וועט מאָרגנ כאָלילע ניט זנינ בעסער, וועט זנינ ערגער; דערומ איז גלייַכער, אַז מיר זאָלנ זנינ צוגעגרייט צו אַלעס, ווי א גרויסער כאַכעמ האָט געזאָגט: si vis pacem, para bellum.

ז. 112, שורע 4 אויבנ. נאָכ „ווידער דאָ“ איז געווענ: „אכ, אכ, אכו אָכו

אַכ! אַכ! איכ, איכ, איכ! אזא מאנ ווי מײַנ סענדער! אפ ווענמע לאָזט מיכ איבער? וואָס וועל איכ טונ? וואָס וועט זײַנ מיט מיר? וווהינ וועל איכ זיכ אהינטונ מיט מײַנ בענ־יאַכיד? — אזוי האָט געוויינט די צווייטע פרוי, די עלטערע, דאָס וויב פונעמ רײַכנ פּאציִענט, אונ איז ארופגעפאלנ דער יינגערער פרוי אפנ האלדז”.

ז. 112, שורע, 15 אונטנ. אַנשטאָט „וויפל קינדער? ער האָט מיסטאמע געלאָזט א צאוואָע? אזא גוטס! א ראכמאָנעס, כלעבנ, אפנ ווײַבל!” איז געווענ: „וויפל קינדער?”

ז. 112, שורע, 4 אונטנ. נאָכ „קאָנ עס דענ געמאָלט זײַנ” איז געווענ: „אזא רעב סענדער, וואָס איז געזונט, ווי א ווײזלטיר, הויכ, ווי אויג־מעלעכ־האבאָשאָנ, גראָב, ווי א פאס, אונ קרעפטיק, ווי שימשנ־האגיבער, קאָנ עס דענ געמאָלט זײַנ...”

ז. 113, שורע, 19 אויבנ. נאָכ „וואָס מע רעדט” איז געווענ: „אויערנ, געערסטע דאמענ, איז זייער א טײַערע, א נוצלעכע זאכ!..”

ז. 113, שורע 15 אונטנ. נאָכ „אינ בויכ ארײַנ!” איז געווענ: „וואָס ער בורטשעט דאָרט פונקט ווי א שטורעמווינט, ווי א בער אינ וואלד „ברררררר”? אונ...”

ז. 116, שורע, 10 אויבנ. נאָכ „דערגייט אינמ דעמ עק” איז געווענ: „אונ צוויי רינעס טרערנ האָבנ זיכ געגאָסנ פונ רעוועקאס אויגנ”.

ז. 116, שורע 15 אויבנ. נאָכ „וואָס מיינט איר דאמיט?” איז געווענ: „האָט זיכ צו איר רעוועקא געווענדט שוינ מיט אָפגעווישטע טרערנ אונ צור מראָגנדיק דאָס טיכל צומ נאָז”.

ז. 117, שורע 9 אויבנ. האָט זיכ דער אבזאצ נאָכ די ווערטער „אלצ ערגער אונ ערגער” געענדיקט אזוי: „איכ ווייס גאָר ניט וואָס צו טונ? וואָס טוט מענ? מע מוטשעט מיכ, מע האלט מיכ אפ אנ אומזערנע קייט, מע באגייט זיכ מיט מיר ערגער ווי מיט אונדזער מעשאָרעס פרויקע, מע באַליידיקט מיכ אפ יעדנ טריט! מע האלט מיכ פאר א קוקלע!”

ז. 117, שורע, 11 אונטנ. נאָכ „אומענטשלעכע געפילנ” איז געווענ: „א, אריע־לייב! אריע־לייב! שטעלט אײַכ פאָר, אז אָט ערשט האָט מיר דער „טיראנ” (עס איז דענ דאָ נאָכ א גרעסערער טיראנ פונ מײַנ פאָטער?) געשיקט רופנ אונ האָט מיט מיר פארבראכט א היפשע צײַט. גערעדט, דערציילט, גע־שמועסט, אונ קוימ האָב איכ אויסגערעדט אײנ וואָרט, ווי‏אזוי עס איז נוצלעכ אונ נייטיק צו זײַנ געבילדעט, לערנענ, לעזנ אד״ג., אזוי האָט ער זיכ אָנגעצונדנ אפ מיר, אונ ניט אזא קאעס, אז איכ האָב געמוזט אנטלויפנ פונ זײַנע אויגנ! אונ דער דאָזיקער דעספּאָט וויל מיכ אײַנרעדנ, אז ער מיינט מײַנ טויווע, אז ער וויל פארזאָרגנ מײַנ טאכלעס! בודטאָ?! אונ מײַנ מוטער? וואָס קומט מיר ארויס פונ איר גוטסקײַט, אז זי קאָנ מיר גאָר ניט העלפנ אונ קאָנ מיכ ניט פארשטיינ”.

ז. 118, שורע 11 אונטנ. נאָכ „פארקלאָגטע רעוועקא” איז געווענ: „די אויגנ זענענ איר אויסגעטריקנט געוואָרנ לאכלוטנ, אונ אפ אירע שיינע, פרישע בעקלעכ האָט זיכ צעשפּילט א רומיאנעצ”.

ז. 120, שורע 4 אויבנ. נאָכ „ווי ער האָט געזאָגט” איז געווענ: „קומענדיק

צו מיר מיכ מענאכעמ־אָוול זײַנ, אז מײַנ אויבנ דערמאָנענדיקער רײַכער פעטער איז ניסטאלעק געוואָרנ (אונ האָט מיר קיינ יערושע ניט געלאָזט)".

ז. 120, שורע 9 אויבנ. אַנשטאָט „ליגט מיטנ בויכ ארופ... דאָס גאנצע פּאָנעמ..." איז געווענ: „ליגט מיטנ בויכ ארופ א גרויסער ווערגעלעס (геркулес) ייִד פונ א יאָר פופציק מיט געלע האָר, מיט א גרויסער געלער באָרד, מיט צוויי פאמפעטשקעס — אזעלכע הענט — אפנ גרויסנ דיקנ בויכ, דאָס גאנצע פּאָנעמ..."

ז. 121, שורע 15 אויבנ. נאָכ „ווער וועט זיכ אפ איר ארומקוקנ" איז געווענ: „אפ איר, אפ רעב סענדערס יונגע אלמאָנע, אונ אפ איר אומגליקלעכנ בענ־יאָכיד, אפ איר טײַער קינד, וועלכנ איז באַשערט, נעבעכ, צו בלײַבנ א יאָסעמ נאָכ פאר דער כאַסענע? דאָס קינד וועט איר כאַסענע האָבנ צו מאזל; אָבער זי, מיריעמ־כײַע, נעבעכ, וואָס וועט זי טונ? וואָס קאָנ זי טונ, א פארוויסטע, עלנטע, יונגע אלמאָנע, ווי איז צו איר אונ ווי איז צו אירע יונגע יאָרנ אונ טעג! אזוי".

ז. 123, שורע 14 אויבנ. אַנשטאָט „דער געפערלעכער סענדער האָט זי געטרייסט" איז געווענ: „דער געפערלעכער רעב סענדער, וועלכער איז געווענ ניט אזא ווייכהארציקער אונ ליבנסווירדיקער פאָטער, האָט זי געמונטערט אונ געטרייסט מיט זייער א רירנדער שטימע".

ז. 124, שורע 13 אויבנ. נאָכ „אופגעלייגט אפנ הארצנ"... איז געווענ: „אונ בא אונדזער אלטנ באקאנטנ רעב געצל אָדער רעב זאָרעכ, אז מע האָט אימ אָנגעהויבנ ארויסצוטראָגנ פונעמ שטוב, איז זײַנ אומגליקלעכע פרוי געפאלנ אפ דער מיטע אונ איז אויגנבליקלעכ פאריקט געוואָרנ, אראָפ פונעמ זינענ אפ שטענדיק! שווער צו זאָגנ, אז עמעצער וועט דאָ פאר גרויסע צאָרעס, כאָלילע, שטארבנ... פארוואָס זשע איז דאָס אזוי? ווו זאָלנ מיר זוכנ די אורזאכע צו אזעלכע פארשידענע פאמיליענ־אומשטענדנ? שוינ זשע איז דאָס דערפאר, וואָס רעב סענדער לאָזט איבער א פארמעגנ פונ עטלעכע הונדערט טויזנט רובל אונ רעב הערצ אָדער רעב זאָרעכ לאָזט נאָר איבער עטלעכע ליבנדע אונ איבערגעבנדע הערצער? ווער איז שולדיק בא אזעלכע קאָנטראסטנ? צי סענדער, וועלכער איז געווענ קאָל־יאָמאָוו א מערדער, א דעספּאָט, א קארגער מענטש, אנ אמהאָרעצ — צי זײַנע קינדער, וועלכע האָבנ געהאט זייער א פארדאָרבנ דערציִונג בא אונדזער פײַנעמ העלד אונ וועלכע האָבנ זיכ ניט געקענט איינס דאָס אנדערע, פונקט ווי איכ מיט אײַכ, לעזער? נאָר צו וואָס טויג אונדז דאָס אײַנגאנצנ צו זוכנ פּריטשינעס? מיר האָבנ צו טאָנ נאָר מיט פאקטנ. אָט אזוי איז דאָס, אונ אנדערש קאָנ עס, מיסטאמע, ניט זײַנ... אכ! דער פארפאסער פילט זיכ שרעקלעכ אײַנגעמידט נאָכ אזא לאנגער רעדע, אײַנשטעלנדיק זיכ פאר דער קריוודע פונ אלע זײַנע פײַנע, אָרנטלעכע העלדנ אונ העלדינעס, אונ דערפאר וועלנ מיר זיכ א ביסעלע אָפּרוענ דאָ אינ דעמ קאבינעט, ווו דער אומגליקלעכער רעב סענדער בלאנק ליגט אונ ווארט אלע מינוט, אלע רעגע אפנ ווייסטנ פינצטערנ טויט, אונ ניט האָבנדיק וואָס צו טונ, אראָפּכאפּנ די פאָטאָגראפיע פונעמ דאָזיקנ מערקווירדיקנ ייִדער, וועלכער, ווי עס ווײַזט אויס, איז געמאכט געוואָרנ אפ צו לעבנ אינ אימ, אָבער ווײַט ניט אפ צו שטארבנ!"

ז. 125, שורע 19 אויבנ. נאָכ „נאטור“ איז געווענ: „ווו עס באַוויַזט זיכ א פינגער פונעמ אלמעכטיקנ שעפער“.

ז. 126, שורע 13 אויבנ. נאָכ „גענטפערט ווי א כוואט“ איז געווענ: „צו באמערקנ, אז פרויקע האָט ליב געהאט צו רעדנ האלב רוסיש, קימאט ווי א לאקיי, ניט ווי א יִדישער מעשאָרעס“.

אונ העסקעמ מיט דער דאַזיקער באמערקונג האָט שאָלעמ-אַליוכעמ אינ דער ערשטער אויסגאבע איבערגעגעבנ פרויקעס אלע רעפּליקעס אפ רוסיש— פרויקע ענטפערט אפ יעדנ באפעל פונ זיַנ באלעבאָס אָדער. так точно אָדער слушаю.

ז. 126, שורע, 5 אונטנ. נאָכ „אינסטרוקציע“ איז געווענ: אָנגיסנדיק זיכ א דריטע גלאָז קאווע אונ נעמענדיק זיכ צו דער צווייטער בולקע“.

ז. 126, שורע 11 אונטנ. נאָכ „באפעלנ וויַטער“ איז געווענ: „אונ האָט זיכ אָנגעגאָסנ פונעמ זילבערנעמ קרוג א גלאָז קאווע“.

ז. 127, שורע 18 אויבנ. נאָכ „סע איז נאָכ דאָ“ איז געווענ: רעב סענדער האָט א פריַענ זיפצ געגעבנ אונ האָט זיכ אָנגעגאָסנ די זעקסטע גלאָז קאווע אונ האָט זיכ ערשט גענומענ צו די פרישע קיכלעכ, פירעזשקעס, בייגעלעכ אזוי.“

ז. 131, שורע 17 אויבנ. אָנשטאָט „פאראנ בא אונדז א סאכ אזעלכע וויַבער... „געווענ: א מאָל א קליינ מענטשעלע, גאָר א קליינ מענטשעלע“ איז געווענ:

„— אונ ווי איכ מיינ, אז ער וואָלט מיט ביידע הענט זיכ אָנגעכאפּט אונ וואָלט זיכ געשעצט גליקלעכ, ווענ איכ זאָל נאָר וועלנ מיט אימ א שידעכ טונ, אונ ער וואָלט געווים מיר אָפּגעציילט פופציק טויזנט קארבנ, ווי די בעכער, איינס אונ איינס!

— דאָס אוואדע, סענדער. קיינ רעדע ניט, אז ער וואָלט אָפּגעציילט, סענדער! נעמ נאָכ א ביסעלע יויכ, סענדער.

— אונ טאקע אנידערגעלייגט אונ וואָלט נאָכ געזאָגט א דאנק אויכ!

— אוואדע געזאָגט א דאנק, סענדער! נעמ אָט דאָס פערטל גאנדז, סענ־דער, סע איז גענוג פעט, סענדער.

— אונ איכ זאָג, פאפּאשא (האָט זיכ אָנגערופנ פלוצעמ מארקוס אונ איז געוואָרנ רויט, ווי העלער פּייער).

— דו זאָגסט? ווער פרעגט דיכ? דו ווייסט דאָכ, אז איכ האָב פיַנט, אז מע מישט זיכ ארײנ אינמיטנ! דאָס האָסטו זיכ פונ דינע לערערס מיט די ביכער געלערנט אזוי דערעכ-ערעצ? הא?

— די ביכער זענענ...

— דו רעדסט נאָכ וויַטער? דו ענטפערסט מיר אקעגנ?.. וואָנ פונעמ טיש! וואָנ!!

אונ דער פיַנער רעב סענדער איז געוואָרנ מאָלע-קאס-ווערכיימע: ער האָט געקלאפּט מיט די קולאקעס אינ טיש אריַנ, געשאָלטנ דעמ זונ דעמ אזעס-פּאָ־נעמ מיט אלע, וואָס פירנ אימ דערופ ארופ, אונ מער פונ אלע האָט, נעבעכ, געלייזט מיריעמ-כיַע, וועלכע איז שוינ געווינט געווענ צו אזעלכע

הײמישע סצענעס. די דאָזיקע אָרעמע פרוי האָט א ביסל געוויינט (וויינענ איז בא איר קײנ נאָווינע ניט) און האָט זיכ איבערגעוויינט. מיר ווייסנ, אז די פרויענ קאָנענ וויינענ, און מיר זענענ צו זייערע טרערנ (אינ וועלכע מיר זענענ אליינ שולדיק) שוינ געוווינט. דערומ איז קיינ וואונדער ניט, וואָס אינ עטלעכע מינוט ארומ איז אונדזער מיריעמ־כײַע ווידער געזעסנ באמ טיש און רעב סענדער האָט ווידער געפּאקט איינ מטבל נאָכ דעמ אנדערנ, אָפּרעדנדיק פונ דער גאנצער וועלט, און מיריעמ־כײַע האָט אימ ווידער אויסגעהערט, קוקנדיק אימ אינ די ציינ ארײַנ און שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ, און אז דער מיטיק האָט זיכ געענדיקט, און רעב סענדער האָט זיכ געלייגט אפּנ באלקאָנ מיט א גוטנ ציגאר, איז זי געזעסנ נעבנ אימ.

אומגליקלעכע פרוי! צי זאָל איכ דיכ באוויינענ מיט דער ביטערער לאַגע פונ א שקלאפנ, פונ א פארקויפטער, צי איכ זאָל דיכ מישפּעטנ צי שעלטנ? צי זאָל איכ ארויסשטעלנ צומ „פּאָזאָרנעמ סטאָלב" דײַנע עלטערנ, וועלכע האָבנ דיכ פארקויפט פאר געלט, ווי מע פארקויפט א קו אָדער א כייפּעצ, און איטלעכער זאָגט: „א גליק! אנ אנקומעניש! פארזאָרגט א קינד!" צי איכ זאָל דיכ אליינ שולדיק מאכנ, וואָס דו קאָנסט אזעלכעס איבערטראָגנ? איכ רעכנ, מיריעמ־כײַע, אז דו האָסט דײַנ אָפּקומעניש אָפּ דער וועלט פאר דײַנע זינד און פאר די זינד פונ דײַנע עלטערנ, און דיכ פארשטיינ קאָנ נאָר די דאָזיקע יִדישע פרוי, וועלכע איז מערוצע פארקויפנ זיכ פאר געלט, וועלכע האנדלט מיט איר לײַב און פלייש, ארויסקוקנדיק אפּ דעמ מאנס טויט און אפּ דער „ירושה", ביכדיי זי זאָל קאָנענ נאָכ דעמ לעבנ... אָ, טרויעריק איז דײַנ לאַגע, מיריעמ־כײַע, און איכ, ווי איכ קאָנ דיכ מיט נאָכ אזעלכע, ווי דו ביסט, בינ אײַכ קלאל־אוקלאל ניט מעקאנע, און איכ וואָלט זייער גערנ, אז צווישנ מײַנע ליבסטע לעזערנ זאָלנ זיכ אזעלכע ניט געפינענ, און אויב עס געפינט זיכ יאָ, זאָל זײַנ וואָס ווינציקער...

און מארקוס? סע פארשטייט זיכ, אז מארקוס האָט זיכ אָפּגעטראָגנ צו זיכ אינ זײַנ כיידער ארײַנ און איז געווענ אזוי צערודערט און אופּגעבראכט, אז ער האָט זיכ באלד געכאפּט צו דער פעדער... נאָר לאָמיר מארקוסנ אוועקוואַרפנ אצינד: סע איז דאָ עלטערס און בילבערס פונ אימ.

מיר האָבנ איבערגעלאָזט אונדזער געליבטנ רעב סענדערנ זייער אופּגעלייגט אפּנ באלקאָנ נאָכ אזא פעטנעמ אָנבייסנ און צופרידנ, וואָס ער האָט געהאט א געלעגנהײַט אויסצוגיסנ זײַנ הארצ און באווײַזנ, וואָס פאר א מיינונג ער טראָגט בא זיכ אפּ די אלע הײַנטיקע גווירימ — די שפּרינגערס, וועלכע האנדלענ מיט פרעמד געלט און לאָזנ שטויב אינ די אויגנ מיט זייערע גרויסארטיקע אופירעכצנ און מיט זייערע גרויסע האסאָגעס.

מיטנ גאנצנ הארצנ גיבנ מיר אימ דעמ גערעכט און קאָנענ עפּנטלעכ זאָגנ, אז מיר האָבנ גרויס מיטלייד מיט אונדזער געערטסטנ רעב סענדער, וועלכער האָט בעשומ־אויפּנ ניט געקאָנט סײַוויל זײַנ די אומרעכט, וואָס ווערט געטאָנ אינ דער דאָזיקער פארפּירטער וועלט.

קימאט יעדערער פונ אונדז איז בא זיכ אינ דער היימ א ווילדער טאקיפּ. זיצנדיק בא זיכ באמ טיש, מאכנ מיר א טעל־אוילעמ פונ אלעמענ,

און ליגנדיק אין בעט, קערן מיר איבער די וועלט מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף: דעם מאכן מיר אויס גוויר, דעם — אויס טאקיפּ, דעם — אויס כאָכעם אזוי. און אז סע קומט צו עפּעס, לאָזן מיר אָפּ הענט און פיס און מאכן נאָך יענעם א כניפעלע, אויב עס איז נייטיק.

רעב סענדער איז גאָר ניט געווען אזא מערדער, אזא ניט פארגינער, ווי אונדזערע לעזער מיינען. רעב סענדער האָט א קאָפּ געקענט די וועלט נאָך זײַן האסאָגע נאָך, און ביז ער איז געקומען צו דער מאדריגע, אז ער זאָל כאָטש אונטער די אויגן אויסגיסן זײַן פארדראָס, וואָס ער האָט אין זיך גע־טראָגן א צײַט מיט יאָרן אָפּ אָט די אלע גווירים, איז געגוג וואסער איבער־געלאָפן... לאַנג, גאנץ לאנג...”

ז. 134, שורע 17 אונטן. דער זאץ „סענדער בלאנק האָט גאנץ גוט גע־ווּסט, וואָס רעב זיאמקעס וויזיט באַדײַט, נאָר ער מאכט א נאַיִוו פּאָנעם און קוקט אים אין די אויגן ארײַן” איז אין דער ערשטער אויסגאבע ניט געווען.

ז. 135, שורע 9 אויבן. אנשטאָט „אָדער ס’איז געווען נאָרוואָס אין דרויסן א האריגע, א סרויפע, א מאגייפע” איז געווען: „אָדער פראנקרײַך האָט אָביאווּעט פלוצלינג א מילכאָמע רוסלאנד”.

ז. 136, שורע 7 אויבן. נאָך „אכוץ געלט און קאָוועד” איז געווען: „רעב סענדער — דאָס איז, נאָך אונדזער מיינונג, א יִדישער קיט קיטיטש (א געוויסער טיפּ פון דעם רוסישן דראמאטורג אָסטראָווסקי), נאָר אָפּ דעם יִדישן שניט, אָפּ דעם יִדישן פאסאָן. מערסטנטיילס געפינט איר אזעלכע יִדישע קיט קיטישן אין די קליינע שטעטלעך, ווּ דער גוויר פון דער שטאָט זעט ניט קיין גרעסערס פון זיך, און מיינט, אז קיין קליגערס פון אים איז נישטאָ אָפּ דער גאנצער וועלט, קיין גרעסערס, קיין קליגערס, קיין רײַכערס, קיין עלטערס”.

ז. 136. נאָכן סאָף פונעם דריטן קאפּיטל איז געווען:

## דאָס פערטע קאפּיטל

ווי עס ווערט באַשריבן די אאודיִענץ, וואָס מארקוס האָט געהאט באַם פּאָטער און מיט וואָס זי האָט זיך געענדיקט

נאָך דעם עסן האָט זיך רעב סענדער צוגעלייגט בא זיך אין קאבינעט אָפּרוען, און אז ער האָט זיך אופגעכאפּט פונעם שלאָף אין 3 שאָ ארום, האָט ער א צי געטאָן דאָס גלעקל, און אונדזער אלטער באַקאנטער פּרויקע האָט זיך באַוויזן אָפּ דער טיר פונעם קאבינעט.

— שיק מיר אהער מארקוסן.

— סלושאיו!

אונדזער שיינער העלד מארקוס איז ארײַנגעקומען א דערשראָקענער מיט שטארק פארווּנדערטע אויגן; רעב סענדער איז שוין געזעסן אין דער באַקאנטער דעמבענער שטול אָנגעטאָן אין א גרינעם כאלאט מיט רויטע

ברעגנ, אָנגעשפּארט מיט ביידע הענט אפּ די קניִעס מיט אראָפּגעלאָזטע אויגנ אפּ דער ערד.

— מארקוס! — האָט זיכ דער פאָטער געווענדט צומ זונ, ניט אופ־הייבנדיק די אויגנ פונ דער ערד. — מארקוס! ביסט שוינ אלט 19 יאָר; 19 יאָר!..

מארקוס האָט אויסגעצויגנ די אויערנ ווי א פיקסל אונ האָט געקלאפּט מיט די אויגנ; ער האָט בעשומ־אויפנ ניט געקאָנט פארשטיינ, צו וואָס דערציילט דאָס אימ פלוצלימ דער פאָטער, אז ער איז אלט 19 יאָר, ווענ ער ווייסט דאָס אליינ גאנצ גוט? רעב סענדער האָט ניט איבערגעביטנ זײַנ אינטערעסנע פּאָזע אונ האָט זיכ ווײַטער גערעדט:

— ביסט דאָכ אלט 19 יאָר. אינ דײַנע יאָרנ בינ איכ שוינ אויסגעפאָרנ אלע יארידימ; געליטנ קעלט אונ הונגער, פארשווארצט געוואָרנ, געהאָרע־ווּעט ווי אנ אייזל, געריסנ קריִע, געכאפּט, געבאָרגט, אויסגעריסנ געוואָרנ...

אונדזער יונגער העלד, וועלכער האָט געהאט דאָס וויכטיגסטע הארצ אפּ דער וועלט, האָט דערפילט, אז טרערנ האָבנ אימ א זעצ געטאָנ אינ די אויגנ ארײַנ אונ אינ האלדז האָט אימ עפּעס ווי געשטיקט, געוואָרגנ; דאָכ האָט ער זיכ געשטארקט, אײַנגעהאלטנ, ווי א מאנספּערזאָנ, ווי א העלד... אונ רעב סענדער האָט דערציילט ווײַטער אלצ אינ דער אייגענער פּאָזע.

— אינ דער היימ געלאָזט א ווײַב מיט 2 קינדערלעכ אינ א נאס, א פינצטער שטיבל, אָנ האָלצ, אָנ שטרוי, אָנ א קאָפּעקע געלט, אָנ א שטיקל ברויט; דאָס ווײַב באָרוועס, די קינדער נאקעט, דער פראָסט ברענט, אפּ די ווענט שניי, אונ דירע־געלט מאָנט מענ...

דער בארעמהערציקער מארקוס האָט שוינ מער ניט געקענט איבער־טראָגנ: זײַנ רײַכע פאנטאזיע האָט אימ פאָרגעשטעלט זייער, זייער א טרויע־ריקע קארטינע: ווי די אומגליקלעכע פרוי זיצט נעבעכ אינ דער זעמ־ליאנקע אונ ארומ איר 2 נאקעטע, דערפרוירענע נעפאשעסלעכ אונ בעטנ כאָטש א שטיקעלע ברויט צו דערקוויקנ די נעשאָמע, ווי די אָרעמע מוטער נעבעכ קושט זיי אונ האלדזט זיי מיט ביטערע טרערנ אפּ די אויגנ... ווי דער באלעבאָס פונ דער דירע, א פארפלוכטער מערדער, שטייט אפּ דער טיר אונ טרײַבט די אומגליקלעכע פונ שטוב... ווי די אומגליקלעכע פאלט אימ צו די פיס אונ בעט זיכ ראכמימ אונ ווײַזט אימ אפּ אירע נאקעטע קינדערלעכ, וואָס גייענ אויס פאר הונגער... ווי דער מערדער דער באלעבאָס הייבט אופ אפּ איר זײַנ שווערע האנט... ווי פלוצלימ באווײַזט זיכ א יונגער, א שיינער העלד מיט בלאָנדע האָר, ווי דער שיינער העלד שטעלט זיכ אײַנ פאר דער אומשולדיקער פרוי אונ איז זי מאצל פונעמ טויט אזוי. אזוי — פונקט ווי אינ א פראנצויזישנ ראָמאנ פונ מאָנטעפּענ, סיו, דיומא, אָדער לעהאוודל אינ א ייִדישנ העכסט אינטערעסאנטנעמ ראָמאנ אינ צוועלפ טייל פארפאסט פונ שמ"ר... צוויי צנוּלנ טרערנ האָבנ געשווּנענ פונ מארקוסעס אויגנ, אונ זײַנ בליפּענ האָט זאטטאוועט דעמ פאָטער, ער זאָל אופהייבנ די קאָפּ אונ א קוק טאָנ אפּ זײַנ וויינהארציקנ זונ א ביסל פארוואונדערט.

— אונ אזוי ווי דו זעסט, בינ איכ דאָס אלעס איבערגעקומענ אונ מיט מײַנ אײגענעמ סייכל זיכ ארויסגעדרייט, אויסגעקראַטשקעט יאַקאָש, אונ געוואָרנ א שטיקל מענטש, אלעמאָל העכער אונ העכער, ווי עס פירט זיכ — ביז איכ בינ געקומענ צו דער דאָזיקער מאדרייגע, אז בא אזא פארנעמ ווי רעב גערשנ מירמעלשטיינ איז די גרעסטע ערע מיט מיר זיכ מעד־שאדעכ צו זײַנ, אונ אָט די אלע מעיוכאָסימ קומענ הײַנט אָנ צו מיר...

דאָ איז אונדזער יונגנ העלד א ביסל אָפּגעגאַנגענ דאָס הארצ, אונ ער איז געקומענ צו זיכ, אָפּווישנדיק זיכ די פארוויינטע אויגנ.

— מע באווארפט מיכ מיט די גרעסטע שידוכימ פונ דער וועלט, אונ צווישנ זיי איז דאָ אזעלכע, וואָס איכ קאָנ זיי בעשומ־אויפנ ניט אָפּזאָגנ, אונ עס איז שוינ טאַקע צײַט, מארקוס: דו ביסט שוינ ניט קיינ יונגעלע; אונ עס וואָלט שוינ א ווישער געווענ, אז דו זאָלסט אוועקוואַרפנ דײַנע יונגלשע זאכנ אונ אָנהייבנ ארײַנקוקנ אינ דער וועלט. איכ בינ א פאָטער, וויל איכ אוואַדע וואָס צומ בעסטנ; איכ האָב דיכ אינ כיידער געגעבנ, א לערער געהאלטנ, זיכ אויסגעבראַכט, ווי אָפּ א קינד, אונ נאדאנ וועל איכ דיר אויכ געבנ מיסטאָמע, אזוי ווי מײַנ זונ שטייט אָנ...

מארקוס איז פּאָשעט צעווייקט געוואָרנ, הערנדיק אזעלכע ווייכע ווער־טער פונעמ פאָטער, מיט וועלכנ ער פלעגט רעדנ איינ מאָל אינ דרײַ יאָר. אונ אינ דער דאָזיקער מינוט איז ער פארטיק געווענ צו ארומכאַפּנ דעמ גוטנ, דעמ געטרײַענ פאָטער אונ אויסקושנ אימ יעדנ איווער.

— וואָס פאָדערסטו פונ מיר, פאפּאשא? איכ וועל דיר אלצ פאָלגנ!

— איכ פאָדער פונ דיר גאָרניט; איכ וויל נאָר, זאָלסט שוינ ווערנ א שטיקל מענטש; גענוג שוינ דיר לערנענ, כלעבנ, דו קאָנסט שוינ גענוג!

— פאפּאשא! די טוירע האָט נישט קיינ גרונט, אונ סע איז דאָ א רוסיש שפּריכוואָרט: Век живи — век учись! דה. אייביק, ביז אינ טויט ארײַנ, דארפ מענ לערנענ! גלייב מיר, פאפּאשא, זאָלסט האָבנ א געפיל אינ די ביכער, ווי איכ האָב, וואָלסטו — אלע דײַנע געשעפטנ אוועקגעוואָרפנ אונ וואָלסט ראַק געלייענט ביכער אונ געוואָלט, וואָס ווײַ־טער, אלצ מער אונ מער וויסנ, אונ דעמלט וואָלסטו ערשט געוווּסט, אז דו ווייסט גאָרניט...

אונדזער יונגער העלד איז שטארק צופרידנ געווענ, וואָס ער האָט גע־האָט דאָס געלעגנהײַט ארויסצווײַזנ זיכ א ביסל פארנ פאָטער, אונ איז אַליינ אנציקט געווענ פונ זײַנ שיינער רעדע, וואָס ער האָט געהאלטנ; נאָר דעמ פאָטער זײַנענ די דאָזיקע ווערטער, ווי עס ווײַזט אויס, ניט גע־ווענ אזוי שטארק געפעלנ, זאָנדערנ דער טאָנ פונ דעמ זונס רעדע, אונ עס האָט זיכ אימ אויסגעדאַכט, אז זײַנ זונ מארקוס, אָט דער מאָלאָקאָסאָס, וויל אימ לערנענ סייכל, האָט אימ רעב סענדער געענטפערט מיט פארדראָס:

— אוואַדע, זאָג איכ דיר, דארפסטו זיכ לערנענ אזוי לאנג, ביז דו וועסט וויסנ, אז דו ווייסט גאָרנישט: שוינ גלײַכער, אויב אזוי, זאָלסטו באצײַטנס אופהערנ צו לערנענ! אונ וואָס איז אינגאנצנ דײַנ לערנאכצ? קיינ צוויי צעבראָכענע דענעזשקעס וועט מענ דיר דערפאַר ניט געבנ! אָנ־פּרוּוו זיכ נאָר ארויס אָפּ דער וועלט מיט דײַנ טוירע? ווער וועט זיכ

אומקוקנ אפ דיר? סע איז דאָ גרעסערע מאַבערס פונ דיר אונ וועל־נ געשוואָלנ פאַר הונגער!..

מאַרקוס האָט זיכ אויב פאַרבראָכנ אינ דער אַמביציע אַרײַנ אונ האָט פונ זײַנ זײַט באַוויזנ, אַז ער איז ניט פונעמ שרעקעדיקנ צענדליק.

— די האַסקאָלע האָט פונ טאָמיד אָנ אַזאַ פּינצטער מאַזל! — האָט מאַרקוס געענטפערט שוינ אַ ביסל שטאַרקער. — אינ אַלע עפּאָכנ, אי פריִער, אי הײַנט, אַנטלויפנ די פּינצטערע, אומגעבילדעטע מענטשנ פאַר דער ליכ־טיקער שײַנ פונ דער ציוויליזאַציע אונ באַהאַלטנ זיכ אינ די ווינקעלעכ, ווי די טאַראַקאַנעס, נאָר פאַר איינ וואָרט „האַסקאָלע“! דער גרעסטער קופּערניק איז נעבעכ גענוג אָפּגעקומענ דערפאַר, וואָס ער האָט דער ערשטער באַוויזנ מיט קאָל־האָרטעס, אַז די ערד דרייט זיכ, ניט די זונ! אונ קאָ־לומבוס? וויפל האָט נעבעכ קאָלומבוס...

— האַ? זאָג מיר נאָר, דו סמאַרקאַטש איינער, — האָט אימ דער פאָ־טער געענטפערט שוינ מיט קאַעס, — שוינ לאַנג ביסטו געוואָרנ אַזאַ כאָכעמ, וואָס דו ביסט געקומענ מיכ לערנענ דערעכ־ערעצ? דו ווייסט כאָטש, אַז דאָס, וואָס דו קאָנסט מיט דײַנ לערער אונ מיט אַלע אײַערע ביכער אינעווי־נעמ, האָב איכ שוינ לאַנג פאַרגעסנ? דו מיינסט, אַז דו קאָנסט שוינ אָנ־דראַקענ אַ ברייוול, ביסטו שוינ אַ גאַנצער יאַ טאָבי דאַמ? וואָס זאָגסטו אַ ביסל אפ דעמ מאַסקיל? אַז אָב אונ ווי איז שוינ די יאָרנ, אַז די אייער זענענ קליגער פונ די הינער! געלערנט, געלערנט געקאָסט אַזאַ גרודע גאָלד, אַזויפיל בלוט אָפּגעקאָסט — אונ וואָס? ער ווייסט אַפילע קיינ דערעכ־ערעצ ניט, ווי צו רעדנ מיט אַ טאַטנ! איכ ווייס, אַז דאָס וואַקסט אינגאַנצנ פונ דײַנע ביכער מיט דײַנע כאַווײרימ די שאַרלאַטאַנעס, וועלכע פירנ דיכ אַרופּ אפ אַלעס; דאָס האָבנ זיי דיכ אויסגעלערנט וויאַזוי צו באַליידיקנ אַ טאַטנ! זיי וועלנ דיכ נאָכ אַרופירנ אפ דערופּ אויכ, אַז דו זאָלסט מיכ באַגאַנווענענ! בײַראַבעווענ, האַרגענענ, קוילענ! וואָנ פונ מײַנע אויגנ! וואָאָנ!!!..

זייער קלוג האָט אונדזער יונגער העלד געמאַכ, וואָס ער איז באַצײַטנס אַנטרונענ געוואָרנ פונ רעב סענדערס הענט...

אַצינד זעט איר, אַז רעב סענדער איז געווענ, ווי מע זאָגט, אַ „סטראָ־גער“ פאָטער. מיר ווייסנ פיל אַזעלכע „סטראָגע“ עלטערנ, וועלכע פירנ זיכ מיט זייערע קינדער ניט ווי אַ פאָטער אָדער אַ מוטער, ווי אַ נ אַ ט ש אַ ל־נ י ק, אונ ווער עס היט ניט אָפּ אָט די דאָזיקע דיסציפּלינע, הייסט ער אַ „פּלאָכער“ פאָטער. נאַטירלעכ האָבנ די קינדער דערעכ־ערעצ, זיי האָבנ מוירע; נאָר איכ בינ שטאַרק מעסופּעק, אויב עס קאָנ זײַנ ל י ב ע דאָרט, ווו עס איז מוירע, אונ איכ ווייס ניט, וועלכע פונ די געפילנ איז גלײַכער?“

ז. 137, שורע 4 אונטנ. נאָכ „געוויסער קלאַס ייִדנ“ איז געווענ: „בײַ וועלכע כאַסענע האָבנ דאָס צווייטע מאָל, דאָס דריטע מאָל אונ דאָס זיבעטע מאָל איז פונקט אַזוי לײַכט, ווי בײַ מיר אונ בײַ אײַכ (אונ עפּשער נאָכ גרינגער) דאָס ערשטע מאָל“.

ז. 138, שורע 4 אויבנ. נאָכ „אַ טאָפּ געמאַכ“ איז געווענ: „אַזוי לאַנג

ביז מאַרקעל האָט זיך צערעוועט אַף אַ מעשוגע קאָל איבערן גאַנצן בעסמעדרעש ווי אַ קעלבל".

ז. 139, שורע 13 אונטן. נאָך „רעפוּע צו דער מאַקע" איז געווען: „און וואָס קאָן זײַן פון איר קינד? די מעלאַמדים שרײַען אין איין קאָל: אַ גאָען! אַ לאַמדן! איינער צווישן צען טויזנט! אַך, ליבער גאָט! שענק מיר יאָרן צו זען מיט מײַנע אויגן"...

ז. 142, שורע 3 אויבן. נאָך „ערשטן קאַפּיטל" איז געווען: „פון אונדזער ריכטיק ערציילונג, אין וועלכן איך בין געווען אַזוי אײַנגעגליבט ווי מײַן גוטער כאַווער אַריע-לייב, דען איך בין פון אַ צײַט געוואָרן אַן אַפּיקורעס און האָב אופגעהערט צו גלייבן אין אַזעלכע נאַרישקײַטן מיט שטוסערײַ, אַזוי אַז מײַן ערלעכער כאַווער אַריע-לייב באַווײַזט מיר אַמאָל אַזעלכע שיינע, הייכע, קליגנגעדיקע ווערטער אַף פּאַפּיר, פאַרשטעל איך מיר ביידע אויגן מיט ביידע אויערן און שרײַ: ס'אַ ליגן! ס'אַ ליגן! ס'אַ ליגן".

ז. 142, שורע 7 אונטן. נאָך „ווי לאַנג נאָך" איז געווען: „אַוועקוואַרפן, אַ שפּײַ טון און אַנטלויפן? נאָר ווי!אַזוי אופדעקן זיי מײַנע געדאַנקען? זאָגן דעם עמעס? וואָס האָב איך פאַר זיי מוירע? זיי וועלן מיך שלאָגן? שלאָגט מיך, שנײַדט מיך, בראָקט מיך, הענגט מיך — אַלציינס! אַלציינס!"

ז. 144, שורע 5 אונטן. נאָך „אַלע כוואַוועס, וואָס ליגן אַף אונדז" איז געווען: „ווי מענטשן און ווי יידן".

ז. 145, שורע 13 אויבן. נאָך „געפונען זייער אין אַ טרויעריקער לאַגע" איז געווען: „וואָס איז ניט פּאַסנד דײַטלעך אַרויסצושרײַבן, און האָט אים געגעבן אַ מיטל, וואָס איז נאָך מער טרויעריק און מער ניט פּאַסנד אַרויסצושרײַבן אין אַ ראָמאַן, וועלן עס לייענען אַלערליי קלאַסן מענטשן, און אַמאָל אויך זייער אַ סטראָגער צענזאָר"...

ז. 145, שורע 3 אונטן. נאָך „און מאַרקוס" איז געווען: „האָט פאַרגעסן דעם פּסאַק, וואָס ער האָט געבאַפּט פון עם פּאָטער: אונדזער יונגער העלד, ווי מיר האָבן שוין לאַנג באַמערקט, האָט געהאַט אַ זעלטן, זעלטן האַרץ און האָט לאַנג קיין סינע ניט געקאָנט טראָגן בײַ זיך; זײַנע נאַסע אויגן זענען אין דער דאָזיקער מינוט געשטאַנען אַפן דאָקטער קלוגער, [אַף] וועלכן עס איז געווען אינגאַנצן דאָס האָפענונג. דער דאָקטער קלוגער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אין אים אַליין איז באַלאַנגען דאָס לעבן פון דעם אומגליקלעכן פּאַציִענט און דאָס גליק פון דער גאַנצער פאַמיליע, האָט ער גענומען טרייסטן זיי, ווי ווײַט ער האָט געקענט.

— ליבסטער הער בלאַנק, — האָט דער דאָקטער געזאָגט מיט אַ רירנדער שטימע, — בײַ אונדז אין דער מעדיצין איז דאָ זייער אַ גוט וואָרט: Contra vim mortis non est medicamenin dortis אַף יידיש הייסט דאָס: אַקעגן דעם טויט איז ניטאָ קיין רעפוּע בײַ מיר אין גאָרטן... נאָר גלייבט מיר, פון מײַן זײַט איז קיין מעגליע ניט; איך וועל צולייגן אַלע מײַנע קרעפטן און וועל זיך ניט באַרויִקן, ביז איך וועל ניט זען מיט מײַנע אויגן, אַז איר זענט אינגאַנצן געזונט. נאָר פון אײַער זײַט דאַרפט איר אָבער אויך היטן, וואָס איך זאָג אײַך טאָמיד אָן, און געדענקען מײַנע ווערטער, אַז איבעריקע 5 פונט פיש קאָנען מאַכן אַן ענגשאַפט אַפילע אין אַזאַ געזונטן מאָגן ווי בײַ

אײַכ, אונ ווענ כאָלילע סע ווערט קאליע א קלײנ רעדעלע אינ די געדערימ, שטעלט זיכ אנידער די גאנצע מאשינע — טפרו! סטאָי!..“

ז. 145, שורע 11 אונטנ. נאָכ „דאָס איז מײַנ עק“ איז געווענ: „ליבער הער דאָקטער! — האָט זיכ רעב מענדער צו אימ געווענדעט פאר זײַנ אוועקגאנג, — טײַערער הער קלוגער! זאָגט מיר דעמ עמעס, לײקנט ניט פאר מיר, פארבאָרגט פונ מיר גארניט: איכ בינ פארטיק אלעס אויסצוהערנ אָנ שרעק, אָנ באוועגונג, קאלטבלוטיק, גלײַכ ווי עס קער זיכ גאָר מיט מיר ניט אָנ, גלײַכ ווי ניט מיכ מײנט מענ, איכ בעט אײַכ!

— וואָס זשע זאָל איכ אײַכ זאָגנ, הער בלאנק? Si vis pacem, para- bellum — ווילסטו שאָלעמ — גרײט זיכ צו א מילכאָמע, איר פארשטײט?“

ז. 147, שורע 16 אויבנ. נאָכ „אינ פײַער אונ אינ וואסער“ איז געווענ: „אונ פונ זײַנ באלעבאָס האָט ער כוץ זײַנ געהאלט, עסנ אונ טרינקענ, טויטע קלאָלעס אונ אמאָל א פינצטערנ פאטש קײנמאָל ניט געזענ“.

ז. 148, שורע 4 אויבנ. נאָכ „פונ בליומקעס וועגנ“ איז געווענ: „נו, איז שוינ א כידעש, וואָס פרויקע איז ניט געווענ צופרידנ מיטנ דאָקטערס אנטוואָרט. אפ א האָר איז געהאנגענ דער זײגער מיטנ קײטל, אונ פרויקעס געדאנקענ האָבנ באקומענ אנ אנדער כאראקטער: — נא דיר! — האָט ער געטראכט, — אומזיסט געפרײט... ווײַטער דער אײגענער מעשאָרעס וואָס פריִער... אינ בליומקענ א פײַג, ניט קײנ בראָש... אָט אזוי גיכ שטארבט ער טאקע אזא ווערגעלעס... אָ! נײ זיכ א בײַטל“.

ז. 149, שורע 6 אויבנ. נאָכ „געבנ אימ צו פארשטײנ“ איז געווענ: „וואָס באטײַט דאָס וואָרט „אָפאסנע“. דער רויטער ייִד האָט גראד געהאט א געמאָרער קעפל, האָט ער אימ אויפגעקלערט אפ אזא שטײגער:

— אינ אנ אנדער אָרט „אָפאסנע“ איז טאקע דער טײַטש „מעסוקנ“. נאָר דאָ הײסט עס נאָר שטארק שלאָפ, וואָרנ דער מויכל איז דאָכ מוסכײַעוו: זעלט עס אנדערש זײַנ, אז טאקע בעעמעס מעסוקנ, צו וואָס זשע טויג דעפער שירנ בא סאקאָנע־זאכ, ווו דער טויט קומט אינ דער מינוט ראכמאָנע־ליצלאָנ? עלע וואָדענ? מוזנ מיר זיכ זאָגנ, אז ער האָט געהאט „א מיגע“ גאָר ניט שרײַבנ, אונ אז ער האָט שוינ יאָ געשריבנ, האָט ער זיכ באדארפט אזוי שרײַבנ: „יא טאקי אָפאסנאָ באָלענ, אד נאטשע פריִעזשײַטע“. אלקײנ איז געדרונגענ, אז ער איז ניט מעסוקנ. בלײַבט זיכ אָבער די קאשע, לעמוי האָט ער געוואָלט דאָס וואָרט אָפאסנע? איז דער טערעצ — ביכדײ, עס זאָל אויסקומענ אקוראט 10 ווערטער, מאכמעס אָנ דעמ וואָרט „אָפאסנע“ וואָלט נאָר געווענ 9. נעמ, זײַ מויכל, צײל איבער — וועסטו זענ...

פרויקע האָט איבערגעציילט — עמעס! אז ער איז אנציקט געוואָרנ פונ אזא שארפנ מויעכ, וואָס דער רויטער ייִד האָט, אונ דאפקע אזא פאָשעט ייִדל!..“

ז. 153, שורע 17 אונטנ. נאָכ „די מינדסטע קלײניקײַטנ“ איז געווענ: „אונ האָט אימ דערציילט, ווי דער פאָטער האָט פלוצעמ, אומזיסט אונ אומנישט, אזוי באלײדיקט... אונ נאָכ אונ נאָכ זאכנ“.

ז. 157, שורע 3 אויבנ. נאָכ „אויספירנ מײַנס“ איז געווענ: „אז מײַנ דעפאָ פונ פאפיראָסנ־פאפיר זאָל זײַנ די ערשטע ניט נאָר אינ רוסלאנד, אפילע

אינ אויסלאנד זאָל איכ אויכ האָבנ א גאנג; איכ האָב שוינ באשטעלט אגענטנ קימאט אינ אלע גרעסטע שטעט פונ איראָפּע, אונ מע באשיט מיכ פּאָשעט מיט בריוו! איכ קאָנ אײַכ ווײַזנ, וואָס מײַנ אגענט, אנ ענגלענדער, שרײַבט מיר פונ לאָנדאָנ... סע גייט מיר נאָכ אָפּ צענ טויזנט פונד סטערלינג פאר אָביאָרטעטשנע פּאפּיר, האָב איכ אוועקגעשיקט צו מײַנ קאָמיסיאָנער קיינ פּאריזש, ער זאָל מיר וואָס צום גיכסטנ ארויסשיקנ...“

ז. 157, שורע 12 אונטנ. אָנשטאָט „האָט ער אָנגערופנ זײַנ נאָמענ“ איז געווענ: „ענטפערט ער מיר: בעראָנ פאָנ ראָטשילד“.

ז. 1. 161, שורע 19 אויבנ. נאָכ „אָנגעוואָרנ דאָס געלט“ איז געווענ: „אָפּ וועלכנ ער איז געווענ א זעלטענער מאשכים“.

ז. 163, שורע 2 אויבנ. נאָכ „א ווירקלעכער העלד“ איז געווענ: „אונ איר יונג הערצל, וואָס האָט נאָכ פונ קיינ „ליבע“ ניט פארזוכט, האָט אָנגעהויבנ צו קלאפּנ שטארקער אונ שטארקער, אונ ליגנדיק באנאכט מיט צוגעמאכטע אויגנ, פלעגט זי אינ דער פאנטאזיע ארומנעמענ דעמ שיינעמ העלד אינ אירע ווארעמע אָרעמס אונ צוקוועטשנ אימ צומ הארצנ שטארק-שטארק!“

ז. 164, שורע 9 אונטנ. נאָכ „טשעסטנאָיע סלאָוואָ“ איז געווענ: „אז אזא ענגל ווי זײַנ שיינע רעוועקא איז ניטאָ די צווייטע אפ דער גאנצער וועלט, אז גיט נאָר אוועקפאָרנ פונ איר, אפילע אפ 2 שאָ אז ער גייט אוועק, לעבט ער אויכ ניט, אז ער בעט בא איר איצטער, זי זאָל אימ באשטראָפנ מיט דעמ גרעסטנ שטראָף אפ דער וועלט: שלאָגנ, פאטשנ, הענגענ, טרינקענ, סאמענ, שיסנ — אבי מויכל זײַנ אימ, אײנ קוק טונ אפ אימ, ראכמאָנעס האָבנ אפ זײַנע יונגע יאָרנ, אָדנימ סלאָוואָמ — טשעסטנאָיע סלאָוואָ!..“

ז. 168, שורע 19 אויבנ. נאָכ „פאר א טאנצ מיט אנ אָפיצער איז געווענ“ „רעוועקא איז אָבער ניט געווענ קיינ פרוי אָנ א הארצ, ווי איר מיינט, אונ די נאטור האָט זי באשאפנ אזוי, אז צו אייגעמ האָט זי געמוזט זײַנ צוגעבונדנ מיט אלע קרעפטנ פונ איר הארצנ, מיט אלע געפילנ פונ איר גײַסט.

גאָר אינ דער יוגנט האָט רעוועקא געליבט מיט איר גאנצנ לעבנ איר מוטער (זי האָט געהייסנ כאווע, די ערשטע פרוי בא רעב סענדערנ), וועלכע איז אָבער זייער יונג געשטאָרבנ, אונ די צעניאָריקע רעוועקא האָט זי גיכ פארגעסנ. דער צווייטער מענטש, וועלכנ זי האָט ליב געהאט, איז געווענ איר שטיפברודער כאימ, וועלכנ זי האָט צו 12 יאָר אוועקגעוואָרפנ, אונ איז אינגאנצנ איבערגעגעבנ געוואָרנ צו א יונג מעדכנ, וואָס האָט מיט איר צוזאמענ געלערנט אינ פּאנסיאָנ. דאָס דאָזיקע מעדכנ איז געווענ יינגער פונ רעוועקאנ מיט א יאָר, נאָר א סאכ פעיִקער, שענער, לעבעדיקער, נאָר אָרעמער פונ איר. אפ וויפל רעוועקא האָט זיכ פונ אָנפאנג דערווײַטערט פונעמ דאָזיקנ מעדכנ, אזוי איז זי צו איר נאָכדעמ צוגעבונדנ געוואָרנ אונ איז בא איר געווענ טײַערער פונ זיכ אליינ; אָנ איר האָט זי ניט געקאָנט לעבנ קיינ טאָג, אונ זיי זענענ געווענ ווי צוויי שוועסטער, נאָכ מער ווי שוועסטער. אזוי האָט זיכ זייער גוטפרײַנטשאפט געצויגנ דרײַ יאָר, ביז רעוועקא איז א קאלע געוואָרנ פאר אָסיפנ, אונ אונדזערע איבערגעגעבענע פרײַנדינע האָבנ צעריסנ זייער בונד אפ אייביק אונ זענענ זיכ געוואָרנ דאמ-סאָנימ אפנ לעבנ.

גאנצ אָפּט זעענ מיר, אַז אַזא פּײַערדיקע אהאווע צווישנ די פרויענ לאָזט זיכ אויס, אַז מע קאָנ זיכ נישט אָנקוקנ אײנע די אנדערע, אונ אַז איכ זע צוויי פרויענ קושנ זיכ, ווייס איכ, אַז דאָס איז נישט קײנ גוטער סימענ... ווי אַזוי רעוועקאַ איז געווענ אײַנגעליבט אינ איר כאַסנ, האָבנ מיר שוינ געזענ; אונ נאָכ דער כאַסענע, אַז דער טשאַד איז איר ארויס פונעמ קאָפּ אונ אָסיפּנ האָט זי דערקאָנט מיט אַלע מײַלעס פונעמ דאָזיקנ „דזשענטלמענ" אונ האָט פּאָרט געמוזט פאַרברענגענ מיט אימ אירע יאָרנ, ווי דער רוס זאָגט в силу обстоятельств האָט רעוועקאַ אוועקגעשענקט אינגאַנצנ איר האַרצ איר ערשטנ קינד, איר זונ, איר מישאַנ (ער האָט געהײסנ „מוישע" נאָכ אָסיפּס פאָטער; נאָר מע האָט אימ גערופנ „מישאַ"). אונ אינגאַנצנ איר ווילנ, איר אידעאַל, איז געווענ — צו געבנ דעמ קינד דאָס בעסטע ערציִונג, נאָכ איר האַסאָגע נאָכ. רעוועקאַ איז טאָמיד אימשטאַנד געווענ אויסצופירנ איר באַגער, אַזוי ווי אָסיפּ איז געווענ א גוויר, אַפילע דענסטמאָל, ווענ ער האָט אינגאַנצנ דאָס געלט דערלייגט אונ פאַרלאָרנ; אָסיפּ האָט פּײַנט געהאַט צו זאָגנ דעמ רעכטנ עמעס זײַנ געליבטער פרוי (מיט דעמ איז אָסיפּ בא אונדז זייער געשעצט!), אונ רעוועקאַ פונ איר זײַט האָט נית געפאָדערט פונ איר געערטסטנ מאַנ קײנ כעשבנ פונ זײַנע גרויסע געשעפטנ; אַז אָסיפּ איז ענג געוואָרנ אינ קאָפּ אונ גראָב אינ קעשענע, האָט ער זיכ, נעבעכ, אַלײנ גע־מוטשעט, ווי ווײַט ער האָט געקאָנט, אונ פונ זײַנ טײַערער רעוועקאַנ האָט ער דאָס פאַרבאָרגנ, אונ אַזוי איז ער אויסגעריסנ געוואָרנ, ביז גאָט האָט אַפּ אימ ראַכמאָנעס געהאַט אונ צוגענומענ צו זיכ עמעצנ פונ זײַנע רײַכע פעטערס אונ מומעס — אונ אָסיפּ האָט געלעבט".

ז. 169, שורע 11 אויבנ. אָנשטאָט „אַפּ איר אָרט הענגט הײַנט אַנ אַנ־דער טאַבליצע"... „העכסטנס צוויי כאַדאָשימ", איז געווענ: אַפּ איר אָרט הענגט הײַנט אַנ אַנדער טאַבליצע אויכ מיט גאָלדענע אותיעס: Центральное Депо папиросной Бумаги для всей Европы Осипа Земеля.

זיצנדיק אינ פּעטערסבורג, ווו דער געשעצטער הער זעמעל האָט נאָכ אַלצ געפירט דעמ פּראָצעס מיט זײַנ שותעפ פײַפערמאַנ, האָט זיכ אָסיפּ דער־ווײַל געזוכט עפּעס אַנ אַנדער געשעפט, אונ עס איז אימ אײַנגעפאַלנ גאָר א ליכטיקער געדאַנק אינ קאָפּ: צו מאַכנ א מיסכער פונ פּאַפּיראָסנע פּאַפּיר נית נאָר אינ רוסלאַנד, אַפילע אינ אויסלאַנד, אינ גאַנצ אייראָפּע!

פּונקט ווי אַלע גרויסע אופטועכצנ ווערנ געבאָרנ גאָר פונ א קלייני־קײַט, פונ א גאָרנישט מיט א נישט; קעדוימע־לעמאָשל, פונוואַנענ איז דער געריממטער [ניוטאָנ] געוואָר געוואָרנ פונעמ סאָד, אַז די ערד דרייט זיכ? דורכ אײנ קלײנ עפּעלע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלנ פונ א בוימ! אַזוי איז גע־ווענ מיט אונדזער אָסיפּנ אויכ.

אײנמאָל האָט דער הער זעמעל פאַרופנ צו זיכ אַפּ דער סטאַנציע, אינ פּעטערסבורג, א פּאַפּיראָסניק, ער זאָל אימ אויסדרייענ פונ א פונט טאַבעק לאַנגע פּאַפּיראָסנ, ווי די מאָדע איז געווענ. נאַטירלעכ, פאַרגלייבט מענ נית דער דאָזיקער כעוורע אַפּ זייער געוויסנ (совесть) אונ די פּאַפּיראָסניקעס, נעבעכ, האָבנ שוינ אַזא גליק, אַז מע היט זיי אומעטומ ווי דעמ לעצטנ גאַנעוו. אָסיפּ איז שוינ א גאַנצ טאָג צוליב די פּאַפּיראָסנ נישט ארויסגעטראָטנ

פונעם צימער, און נישט האַבנדיק וואָס צו טון, האָט ער זיך אויסגעצויגן מיט די פיס אַרויף אפן בעטל און האָט פאַרפירט אַזאַ שמועס מיטן פאַפּיראָסניק:

— וויפל פּאַפּיראָסן קאָנט איר אויסדרייען אין אַ טאָג?
— אַזויפיל און אַזויפיל, — האָט אים דער פּאַפּיראָסניק געענטפערט.
— וויפל נעמט איר פונעם טויזנט?
— אַזויפיל און אַזויפיל מיט יענעמס פּאַפּיר.
— און מיט אייער פּאַפּיר?
— אַזויפיל און אַזויפיל.
— פאַרוואָס זשע איז דאָס אַזוי?
— דערפאַר, וואָס דאָס פּאַפּיר קאָסט אונדז געלט.
— וויפל קאָסט אייך דאָס פּאַפּיר?
— אַזויפיל און אַזויפיל.
— וויפל פּאַפּיר דאַרפט איר אפן יעדער טויזנט?
— אַזויפיל און אַזויפיל.
— וויפל טויזנט קאָנט איר אַרויסגעבן אַ יאָר?
— אַזויפיל און אַזויפיל.
— און וויפל בויגן פּאַפּיר?
— אַזויפיל און אַזויפיל.
— וויפל פּאַפּיראָסניקעס קענען זיך געפינען, לעערעך, אין פּעטערסבורג?
— לעערעך, אַזויפיל און אַזויפיל.

אָסוף האָט ליגנדיקערהייט אויסגערעכנט, וויפל בויגן פּאַפּיר פּעטערסבורג רייכערט אויס אַ יאָר און וויפל געלט דאָס באַטרעפט; נאָכדעם האָט ער פאַרגעלייגט דעם פּאַפּיראָסניק אַזאַ מין פראַגע:

— זאָגט מיר נאָר, ליבסטער, ווו קויפט איר פּאַפּיר?
— דאָרט און דאָרט, בא דעם און בא דעם.
— וויפל, איך בעט אייך, קאָן זיך געפינען אַזעלכע סקלאַדן הי?
— לעערעך, אַזויפיל און אַזויפיל.
— נו, און אַלע פירן דאָס געשעפט רעגלמעסיק, גוט, פיין, שיין?
— אָ! עס איז פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווערן ניסאַשער דערפון.
— אַזוי? טאַקע בעעמעס?

אָסוף איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בעטל און האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען מיט די שרייַענדיקע שטיוול איבערן צימער שטאַרק פאַרטופט אין רעכענונגען. נאָכדעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך געווענדט צום פּאַפּיראָסניק מיט די דאָזיקע ווערטער:

— איר ווייסט, וואָס איך קלער אַצינד?
— ניין, — האָט אים דער פּאַפּיראָסניק געענטפערט ביטמימעס.
— איך האָב אָט ערשט אויסגערעכנט, אַז אויב עס זאָל עפענען אַ גאַנץ גרויסן סקלאַד פון פּאַפּיראָסנע פּאַפּיר, לעמאָשל אַ דעפּאָ, אַ צענטראַלנע דעפּאָ פאַר גאַנץ רוסלאַנד, ניין; פאַר אויסלאַנד אויך — פאַר גאַנץ אייראָפּאַ!

— נו?

— נו? גאָרניט! איר פרעגט נאָכ? דאָס וואָלט זיכ געווען א גליק, אַנ אשירעס־ראַוו, א מיליאָנ־געשעפט! טשעסטנאָיע סלאָוואָ. בארעכנט זיכ אַליינ: פּעטערסבורג אַליינ פאָדערט אַזויפיל פּאַפּיראָסנע פּאַפּיר א יאָר; דאַרפ האָבנ גאַנצ רוסלאַנד 50 מאָל אַזויפיל; אונ אויסלאַנד 500 מאָל אַזויפיל; איבערנעמ — אַזויפיל. פאַר דער דעפּאָ וואָלט שוינ געלוינט צו פארקויפנ מיט 10, מיט 20, מיט 40 פּראָצענט ביליקער, ווי אינ אַנדערע סקלאַדנ! פאַרשטייט איר דענ ניט, אַז דאָס איז דאָס בעסטע געשעפט?

דער פּאַפּיראָסניק האָט א וואָרפ געטאָנ דאָס דריי־שטעקעלע, האָט שטאַרק אויסגעשנייצט די נאָז אינ דער פּאָלע אונ האָט געקוקט מיט שטאַרק אָפענע אויגנ אַפ דעמ הער זעמעל, וואָס קאָנ אַזוי גיכ — אונ אָפנ קאָפּ — מאַכנ אַזעלכע שווערע רעכענונגענ. דער הער זעמעל האָט אויכ געקוקט אַפ אימ דורכ די שקאַלירענע־ברילנ, אונ עס איז אימ אַרײַנגעפאַלנ אינ קאָפּ, אַז עס איז עפּשער א נאַרישקייט, וואָס ער האָט זיכ צעטיילט מיט אַזא אופטועכץ מיט דעמ פּאַפּיראָסניק, וועלכער קאָנ דערציילנ לעפּי־טומוי דעמ צווייטנ פּאַפּיראָסניק, דער צווייטער — דעמ דריטנ אַזוי, ביז עס וועט אָנקומענ צו איינעמ פונ די פּאַפּיר־הענדלער, אונ דערפונ קאָנ אימ אַרויסקומענ א ראַע, א קאָנקורענציע, א בוידעמ... דערומ האָט ער גיכ פאַרקערעוועט מיטנ וואָגנ צוריק אונ האָט קלוימערשט זיכ צעלאַכט צו זיכ אַליינ:

— ווייס איכ! גאָרניט — איכ רעד! איכ האָב גאָר פאַרגעסנ, אַז דאָס איז א זאַכ, וואָס עס קאָנ ניט זײַנ; אַז מע דאַרפ דערצו האָבנ פּאָליאַקאָווס פאַרמעגנ; אַז דאָס איז גאָר פאַרבאָטנ פונ דער רעגירונג; אַז דאָס ווערט אָנגערופנ „מאָנאָפּאָל"!.. נאָר אַז דער פּאַפּיראָסניק איז אַוועקגעגאַנגענ, אונ אָסופּ איז איבערגעבליבנ אַליינ, האָט ער אָנגעהויבנ רעכענענ, אויסרעכענענ אונ איבערעכענענ אונ איז פאַר היצ אַזוי שטאַרק אַרומגעלאָפנ איבערנ צימער אונ זײַנע סקריפּענדיקע שטיוול האָבנ אַזוי הילכיק געשריגנ, אַז פונ דעמ אַנדערנ צימער האָט אימ די קראַנקע „גענעראַלשע" אַרײַנגעשיקט בעטנ, סע זאָל זײַנ א ביסל שטילער... אָסופּ האָט געפאָלגט אונ האָט זיכ אויסגעצויגנ אָפנ בעטל; נאָר די קאָפּ האָט אימ אַזוי געטראָגנ, אַז ער האָט געמוזט אויפשטיינ אונ האָט גענומענ אַ־ אויפקאָרנ אונ האָט געהייסנ דעמ איזוואָזטשיק, ער זאָל אימ פירנ צומ גרעסטנ סקלאַד פונ פּאַפּיראָסנע פּאַפּיר. דער איזוואָזטשיק האָט אימ אויסגעפירט עטלעכע גאַסנ אינ דער ברייט אונ אינ דער לענג, אונ ערשט אינ 2 שאָ אַרומ האָט ער אימ געפרעגט דעמ נאָמענ פונ דעמ מאַגאַזינ אונ וויאַזוי רופט מענ די גאַס? אָסופּ האָט א שפּײַ געטאָנ אַפ אימ אונ האָט גענומענ אַנ אַנדער איזוואָזטשיק; יענער האָט אָבער אויכ ניט געוווסט, ווו פאַרקויפט זיכ פּאַפּיראָסנע פּאַפּיר אָפנ פּוד, אונ עס האָט שוינ געמוזט בלײַבנ אַפ מאָרגנ. אָפנ אַנדערנ טאָג האָט זיכ אונדזער העלד געפעדערט גאַנצ פרי אונ איז אויסגעווענ אינ עטלעכע סקלאַדנ, געמאַכט אויסרעדנ, אינ יעדנ סקלאַד געקויפט עטלעכע פּעקלעכ פּאַפּיר, אויסגעפרעגט, אויסגעטאַפּט ווערטער — אונ איז געקומענ אַהיימ גאַנצ פריילעכ. צו רעוועקאַנ האָט ער אָנגעשריבנ א פלאַמ־פײַעריקע בריוו, אונ צומ לעצט האָט ער איר דערציילט פונ זײַנ גליקלעכ געשעפט, וואָס גאָט האָט אימ צוגעשיקט, אונ ער וואַרט נאָר, ביז זײַנ

פראַצעס מיט דעמ פאַרפלוכטנ פײַפערמאַנ וועט אויסשפּילנ, וועט ער שוינ אוועקפאָרנ, וווּהינ ער ווייסט, אונ וועט אײַנקויפנ דעמ ערשטנ טראַנספּאָרט פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. פײַפערמאַנ האָט אָבער אויכ ניט געדרימלט אונ האָט אַזוי אַרומגעשטעלט דעמ פּראָצעס, אַז ער האָט געקאָנט געענדיקט ווערנ נאָר אינ דעמ 1899 יאָר... שלעכטס! בא אונדזער פײַנעמ הער זעמעל האָבנ זיכ אויסגעלאָזט אַלע קוועלנ אַפ הויצאָעס, איז ער דעמ 7־טנ אַפּריל ...187 יאָר געקומענ אַהיימ אינ די אָרעמ פונ זײַנ ליבסטער פרוי רעוועקאַ אונ האָט איר געבראַכט די באַקאַנטע טאַבליצע: „צענטראַלנאָיע דעפּאָ אַזוו.“, וועלכע ער האָט אָפּגעהאַנגענ אַפ דעמ אָרט פונ דער פריִערדיקער טאַבליצע ביז גאָט וועט העלפנ, ער וועט געווינענ דעמ פּראָצעס בא זײַנ שוטעפ פײַפערמאַנ, וואָס האָט אימ באַגאַנוועט אַפ אַנדערהאַלבנ מיליאָנ... צומ אָנפאַנג האָט אַפילע די טאַבליצע שטאַרק געווירקט, אונ עס זענענ אַ פּאָר מאָל אַרײַנגעקומענ עטלעכע קלײנע קרעמערלעכ, וואָס האָבנ געוואָלט געבנ צו לײזנ אַ קערבל צוואַנציק פאַר פּאַפּיראָסנע פּאַפּיר, ביכדיי זיי זאָלנ פאַרשפּאָרנ לײגנ הויצאָעס צו פאָרנ יעדעס מאָל אינ דער גרויסער שטאָט אַרײַנ. דער הער אָסיפ האָט זיי צוגענומענ גאַנצ פײַנ אונ האָט זיי דערציילט דעמ רעכטנ עמעס, אַז ניט שפּעטער ווי אינ אַ צוויי כאַדאָשימ אַרומ וועט אימ אָנקומענ אַ גרויסער טראַנספּאָרט פּאַפּיר, ער וואַרט נאָר, אַז די טעג דאַרפ אימ אָנקומענ די רעשעניִע פונ זײַנ פּראָצעס מיט זײַנ שוטעפ פײַפערמאַנ, וועלכער האָט אימ באַגאַנוועט אַפ אַנדערהאַלבנ מיליאָנ, אונ ער קאָנ זיי ווײַזנ אַלע דאָקומענטנ מיט די קאָפּיעס... די קונימ האָבנ געקניטשט מיט די פּלייצעס אונ זענענ אַרויסגעגאַנגענ פונ זעמעלס הויז. אונ די שיינע טאַבליצע הענגט נאָכ אַדהאַיעמ אַפ איר אָרט, צומ גרויסנ פאַרגעניגנ פונעמ איספּראַווניק פונ דער דאָזיקער שטאָט, וואָס גייט דאָ דורכ אַלע טאָג אונ קוועלט פּאָשעט אָנ: אַ קלײניקײַט „צענטראַלנאָיע דעפּאָ פיר גאַנצ אייראָפּאַ?..“

ז. 169. נאָכנ סאָפ פונ קאַפּיטל איז געווענ:

## דאָס אַכטע קאַפּיטל

(וועלכס פאַרנעמט זיכ מיט מעשאָלימ, פּאַראַלעלנ אונ געדאַנקענ).

אַלזאָ, ראַבויסײַ, האָבנ מיר זיכ שוינ באַקאַנט קימאַט מיט דער גאַנצער האָכגעשעצטער פאַמיליע בלאַנק, וועלכע איז זיכ צונויפגעפאָרנ אַהער קלײנ אונ גרויס, יונג אונ אַלט, — צונויפגעפאָרנ אונ צונויפגעקליבנ אונ מע וואַרט...

אַפ וואָס וואַרט מענ?..

. . . . . . . . . . . . . .

„עס איז פאַראַנ זאַכנ — זאָגט שעקספּיר מיט האַמלעטס מויל — עס איז פאַראַנ זאַכנ, אַפ וועלכע עס איז קעדײַ זיכ צו פאַרטראַכטנ...“

איכ וועל אײַכ דערציילנ אַ מאָשל.

דער מעכאַבער פונעמ דאָזיקנ בוכ האָט אַ גוטנ באַקאַנטנ אינ אײנער פונ אונדזערע פּראָווינציִאַלנע שטעטלעכ, אַ ייִדנ אינ די יאָרנ, נישט קײנ

שטאַרק רײַכער און נישט קיין שטאַרק אָרעמער, נישט קיין גרויסער אויפגע־קלערטער און נישט קיין שטאַרק הייסער כאָסיד — מיט איינעם וואָרט, אַ ייִד אַ סרעדני באַלעבאָס. ווײַהי האַיוים האָט זיך געמאַכט, אַז איך האָב געמוזט אָפּשטעלן זיך אין דער דאָזיקער שטאָט אויף אַ צוויי טאָג. אַז מײַן גוטער באַקאַנטער איז געוואָר געוואָרן, אַז זײַן אַלטער גוטער ברודער „שאָלעם־אַלייכעם" איז דאָ, האָט ער געשיקט זײַן מעשאָרעס צו מיר אויף דער סטאַנציע, און מע האָט מיך פֿאַרנומען מיט אַלע מײַנע כפֿייציעם צו זיך און מע האָט מיך שוין מער נישט אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס — עס איז געוועןווירקלעך כאַ־געלעבט, ווי מע זאָגט. נאָר איך בין דאָ געווען נישט איינער, עס האָבן זיך צונויפגעפֿאָרן צו אים אַלע זײַנע קינדער מיט די קינדס־קינדער; וואָס איז דאָ: אַ כאַסענע? אַ קנאַסמאָל? אַ פּידיען־האַבען? ניין; גאָרנישט, גלאַט אַזוי אַ יאָמטעוו, אַ פּראַזדניקל אינמיטן העלן טאָג. מײַן גוטער באַקאַנטער, וועלכן מיר וועלן אָנרופֿן, לעמאָשל, מיטן נאָמען שמערל, איז געווען, ווי עס ווײַזט אויס, נישט קיין מאָרע־שכוירעניק און האָט פֿון טאָמיד אָן ליב געהאַט — „לעבן". איך געדענק אים אין פֿאַרשידענע אומשטענדן; איך געדענק אים פֿאַר אַ גאַנץ גרויסן גוויר און געדענק אים פֿאַר אַ גאַנץ גרויסן אָרעמאַן — און איז שטענדיק געווען דער זעלבער שמערל; שמערל איז ער געווען, זיצנדיק צעלייגט אין פֿאַיעטאָן מיט 4 ברענענדיקע פֿערד, און שמערל איז ער געווען, ווען ער האָט בײַ מיר אַמאָל געקומען אַ צענערל אויף שאַבעס... אַ גראָבלעכער, אַ נידערימשקער, אַ קײַלעכיקער, אַ לעבעדיקס, אַ פֿריילעכס — אָט דאָס האָט איר זײַן פּאָרטרעט.

— וואָס זשע מאַכט איר, רעב שמערל, ווי גייט עס?

— וואָס זאָלן מיר מאַכן? „שמערל איז נישט געשטאָרבן, און אַדעם איז נישט געפֿאַלן"... עי, רופֿט נאָר אַהער בלומצין!.. בלומצי, מײַן האַרץ! קום נאָר אַהער! מיר האָבן אַ גאַסט... טוי זאָל זײַן! עסן! טרינקען! — גיכער!.. בלומצי, מײַן נעשאָמע! הערס, מײַן לעבן, מאַכן אים אַ כיידער... קומט נאָר אַהער, קינדערלעך! זעט איר אָט דעם דאָזיקן פֿאַרשוין? דאָס איז מײַן עלטער זון! וואָס זאָגט איר אויף אים עפּעס? לייבעניו! הערצעניו! אווראָמעניו! הערשעניו! לייזעניו! פֿייגעניו! כײַעניו! מאַמעניו! רײַעניו?..

אין אַ האַלבער שאָ אַרום בין איך שוין געווען באַקאַנט מיט דער גאַנצער כאַפּטע קינדער, זין, טעכטער, שנור, איידעמס און אייניקלעך, וועלכע זענען געקראָכן צום זיידן אויף די הענט און האָבן אים געפּלאָכטן צעפּלעך פֿון זײַן באָרד, און פֿון דעם הילכיקן געלעכטער פֿון די דאָזיקע ווײַסע־כעווערניקעס האָט מען נישט געקאָנט הערן דעם געשריי פֿון די גרויסע, וועלכע האָבן אויך אַרומגעטאַנצט אַרום דעם אַלטן פֿאָטער, געטריבן מיט אים קאַטאָוועס, געהאַלדזט און געקושט.

שוין איז געווען אָנצוקוקן דעם ערשטן אָוונט נאָך דער וועטשערע, ווי אַזוי די דאָזיקע כעווערע האָבן גענומען פּליעסקען און זינגען און מע האָט — פּלוצלים — געכאַפּט אַ טענצל. בײַ די דאָזיקע לייציִם איז גע־בליבן דער העסקעם, אַז מע זאָל אַרונכאַפּן דעם אַלטן אין קאָן אַרײַן; זאָלט איר געווען זען, ווי אַזוי אונדזער שמערל האָט זיך פֿריִער אַ ביסל געראַנגלט, נאָר נאָכדעם האָט ער זיך אַזוי צעהיפּעט, אַז ער האָט אַרײַנגע־

נומענ בונצינ (דאָס ווײַב) אויכ, אונ עס פאַרשטייט זיכ, אַז איכ האָב אויכ געמוזט גײנ טאַנצנ...

דעמ צווייטנ אָוונט האָבנ מיר געשפּילט אונ פאַנדנ. איכ קאָנ אײַכ שווערנ, בא וואָס איר ווילט, אַז איכ האָב נאָכ אַפ מײַנ לעבנ נישט געזענ קײנ יונגנ מענטשנ זאָל זײַנ אַזוי ערנסט פרייליכ, אַזוי ווירקלעכ לוסטיק, ווי דעמ דאָזיקנ אַלטנ רעב שמערלענ צווישנ זײַנ פרייליכער אונ לוסטיקער פאַמיליע.

אַז די כעוורע האָבנ אָנגעהויבנ שוינ צעפאָרנ זיכ אַפ אַלע זײַטנ, האָט די אַלטע בלומצי באַהאַלטנ איר רויטע נאָז אינ פאַרטעכ, מע זאָל ניט זענ, וויאַזוי זי וויינט, אונ איכ האָב גוט באַמערקט, ווי אַלע קינדער גייענ אַרומ אונ שלינגענ די טרערנ, נאָר אײנ שמערל איז געווענ שטאַרק, לעבעדיק אונ לוסטיק, ווי טאָמיד; ער האָט מיט זײַנע הענט אײַנגעפּאַקעוועט אונ צונויפגעלייגט אַלע טשעמאָדאַנעס, געמאַכט פּאָריאַדקעס, געהייסנ שפּאַנענ פערד, געשאָטנ מיט ווערטלעכ אַפ אַלע זײַטנ, געלאַכט אונ געשפּעט אַפ בונצינ (אַפ איר ניבעכ האָט ער אויסגעגאָסנ אינגאַנצנ זײַנ הומאָר!), געגעבנ מאַטאָנעס יעדנ באַזונדער (איכ בינ אָנגעקומענ אַפ א שיינער סצענע, ווי דער אַלטער שמערל האָט זיכ געאַמפּערט מיט אײנע פונ זײַנע טעכטער; ער האָט איר געוואָלט אַרײַנרוקנ אינ האַנט אַרײַנ א פּעקל מיט אַסיגנאַציעס, אונ די טאָכטער האָט נישט געוואָלט נעמענ בעשום־אויפנ, טײַנענדיק, אַז זי דאַרפ ניט, זי פאַרלאַנגט ניט, זי האָט, דאַנקענ גאָט, גענוג!..), אונ אָפּזעגנענדיק זיכ מיטנ גאַנצנ קאָהאָל, האָט ער אויסגעשריגנ ווי א כוואַט:

— עי, רעביאַטאַ, מאַררש!

אַז דער עולעמ האָט זיכ צעפאָרנ, אונ בונצי איז געשטאַנענ אָפנ גאַנעק אונ האָט זיכ צעוויינט אונ צעיאָמערט טאַקע אַפ אַנ עמעס, האָט זי אונדזער שמערל אַרײַנגעפירט אונטער די הענט אינ שטוב אַרײַנ אונ האָט פונ איר אַזוי שטאַרק כויזעק געמאַכט, ער האָט זי אַזוי איבערגעקרימט, אַז בונצי האָט זיכ נישט געקאָנט אײַנהאַלטנ אונ האָט זיכ געמוזט צעלאַכנ, אונ אַזוי האָבנ די דאָזיקע צוויי גוטע לײַט אָוועקגעלאַכט א היפּשע ווײַלע, אונ טרערנ — גליקלעכע טרערנ — זענענ געשטאַנענ בא זיי אַפ די אויגנ...

דער ליבסטער לעזער וועט מיר, האָפּ איכ, גוטיק פאַרצײַענ, וואָס איכ האָב אָוועקגעוואָרפנ דעמ געשעצטנ רעב סענדער בלאַנק מיט זײַנ פאַמיליע אונ בינ אָוועק גאָר אַפ א זײַט, צו מײַנע אַלטע באַקאַנטע, וועלכע קערנ זיכ לאַכלוטנ נישט אָנ מיט אונדזער ריכטיק ערציילונג.

די דאָזיקע עטלעכע שורעס האָב איכ געמוזט האָבנ איבער צוויי זאַכנ: ערשטנס — ווי א פּאַראַלעל צו אונדזער שיינער פאַמיליע בלאַנק, ווי אַנ אָפּשײַנ צו באַלײַכטנ אונ צו באַשײַנענ, — ווי א מאָלער, לעמאָשל, וועלכער ענדיקט אינגאַנצנ דאָס בילד אָדער דעמ לאַנדשאַפט אונ דערמאַנט זיכ, אַז דאָרט, ערגעצ אינ א ווינקעלע, גייט אימ אָפּ א ביסל ליכטיקע פאַרב, א פּינטעלע, א שפּרענקעלע — וואַרפט ער אַוועק האַקל־באַקל אונ נעמט זיכ צו דער דאָזיקער אַרבעט... צווייטנס, האָב איכ דאָס געמוזט ברענגענ צו־

ליב דעמ, אז אייניקע פונ מײַנע לעזער זאָלנ מיך נישט דן זײַנ לכף חובה [1],
וואָס איך גיב בילדער ערגער איינע פונ דער אַנדערער, גלײַך ווי מע האָט
מיך עמעצער געדונגענ, אז איך זאָל רעדנ ראק שלעכטס אפ יעדנ באזונדער
אונ נישט זאָגנ קיינ גוט וואָרט אפ קיינעמ; ווידעראמאָל א מעריזאוועצ,
ווײַטער אנ עגאָיִסט, ווידער א ליגנער, א גאדלענ, א טויגעניכצ, ווײַטער
א ספּלעטניצע, א זשעדנע זאכ, א שופט אזוי... אומזיסט! אומזיסט זענט איר
מיך כוישעד, ליבער פרײַנט! איך שרײַב ניט דאָס, וואָס אײַך אָדער מיר
געפעלט; א ראָמאניסט איז ניט קיינ קאָמעדיאַנשטשיק, נישט קיינ מאר־
שעלאָק, אונ א ראָמאנ איז ניט קיינ מאָלצײַט פונ פארשידענע מײַכאָלימ:
זיסע, ביטערע, זויערע, געזאלצענע, נאָכ יעדנס געשמאק. דער שרײַבער קאָנ
אײַך מער נישט געבנ, נאָר דאָס, וואָס דאָס לעבנ קאָנ געבנ. ראבויסטע!
איך בינ א מאָלער, אונ אַרײַנקומענדיק צו רײַכ סענדער בלאַנק אינ הויז
ארײַנ, וואָלט איך אליינ אויך געוואָלט באגעגענענ דאָ עטוואָס בעסערס,
כאָטש איינ בילד א רעכטס, ניט קיינ פארדאָרבנס פונ דער נאטור אונ נישט
קיינ פארשמוציקסט פונעמ לעבנ; — וואָס קאָנ איך העלפנ, אז איך האָב
אזעלכס דאָ נישט געטראָפנ? ארײַנקומענדיק אָט די אלע פײַנע פערזאָנענ
אפ פּאפּיר, האָב איך זיך געפלוכט, ווי ווײַט מעגלעך, עס זאָל אויסקומענ
פּונקט ווי עס איז; צי מײַנ ארבעט איז מיר געראָטנ צי ניינ — דאָס איז
שוינ אײַער אויסעק; אונ איך ווייס מיר מײנס: אז מײַנ רײַכ סענדער
איז א פײַנער מענטש, א לײַטישער מענטש, א זעלטענער מענטש — נאָר בייז
קעהבל! אונ דער טײַוול ווייסט אימ, וואָס קומט אימ ארויס פונ זײַנ געלט?
מיט זיך אינ קייווער ארײַנ — דאָס ווייסט ער אליינ גאנצ גוט — וועט ער
דאָס ניט מיטנעמענ. לעבנ אפ דער וועלט — זעט איר דאָך, וויאזוי רײַכ סענדער
לעבט; מיר דאכט, אז געפילטע העכט מיט שטארקנ כריינ קאָנ אויספירנ א
סאך א קלענערער פונ אימ, וואָס זשע דענ בלײַבט איבער? פארזאָרגנ דעמ טאכ־
לעס פונ די קינדער? עמעס; דאָס איז אוואדע זייער אנ אײדעלער געפיל, זייער
אנ ערלעכער געדאנק! אָ, בלינדער מענטש! אשטייגער, וואָס וועט איר זאָגנ
אפ דעמ טאכלעס פונ אונדזער רײַכ סענדערס געלט? אונדזער טאלאנטפולע
אָסיפ זעמעל וועט באלד אופּבערענ די גרעסטע געשעפטנ מיט א „צענטראל
דעפּאָ אפ גאנצ אייראָפּע פונ פּאפּיראָסנע פּאפּיר"... רעוועקא וועט פאָרנ קיינ
קארלסבאד... כאַימ בלאנק וועט ארויסטרײַבנ דעמ קאפּצנ, אונ סאָני וועט
איבערשטשעגאָליאיענ רעוועקאנ מיטנ טואלעט... די וויסטע אלמאָנע מיריעמ־
כנע וועט נעמענ א יונגנמאנ א שארלאטאנ, וועלכער וועט אויסנארנ די
קלינגערס אונ וועט זי אוועקווארפנ, אונ מארקוס, דער יונגסטער אונ דער
בעסטער פונ אלע אונדזערע העלדנ, וועט אוועקפאָרנ שטודירנ; ארומ אימ
וועלנ זיך גיך ארומקלעפּנ א צוויי־דרײַ לאָוקע יונגעג, וועלכע וועלנ אימ
אויסצאפּנ דאָס בײַטעלע גיך, נאָך גיכער ווי מארקוס וועט אָפּגעבנ דעמ
עקזאמענ... אָדער אפנ בעסטנ פאל, אויב ער וועט באגעגענענ צומ ערשטנ
ארויספאָר א שיינ מיידל אונ אויב זי וועט נאָר ניט זײַנ קיינ פראָמאך,
וועט זי אימ באלד פארדרייענ דאָס קעפּל, אונ אונדזער אויסגעצייכנטער
וועט זײַנ באוואָרנט אפנ שענסטנ אויפנ...

1 דאַנ לעקאפּ כויווע.

און עפּשער מיינט איר, אַז קימאַט די דאָזיקע געדאַנקענ האָבנ ניט געמוטשעט אונדזער כווילע, ליגנדיק צו בעט? עפּשער מיינט איר, אַז רעב סענדער האָט נישט אויסגעשטעלט קיינ צעטל בא זיכ אינ קאָפּ, וויאַזוי צו באוואָרענענ דאָס ביסל גוטס, אַז עס זאָל האָבנ בא זײַנע קינדער אַ קיום? אַ, סענדער איז גיט אַזאַ פּראָסטאַק, ווי איר מיינט, הער זעמעל! גאָט ווייסט, אויב איר וועט אַפּ אײַער ערלעכנ שווערס געלט קאָנענ זיכ צעפּירנ אַ ביסל די הענט! לאָזנ וועט ער אײַכ לאָזנ, אָפּשרײַבנ וועט ער אײַכ אָפּשרײַבנ, נאָר אַזוי, אַז קאַלזמאַנ רעוועקאַ וועט לעבנ, וועט אײַכ ווערנ צעטלעכ אַרויסגעגעבנ פּונקט אַזויפיל, וויפל איר דאַרפט צומ לעבנ — אָבער נישט מער. ווי געפעלט דאָס אײַכ, הער זעמעל?.. און מיריעמ-דבורע? — מאַדאַמ! איר מעגט אײַכ כאַסענע האָבנ, אַפילע די רעגע, נאָר בעזעדהאַטנײַ, אַז כוצ אײַער קסובע, וואָס אײַכ קומט אַלפּי דינ, וועט איר נישט נעמענ אַ גראָשנ... מאַזלטאָוו, מאַרקוס! דו ביסט אַ יורעש נאָר אונטער דער כופּע! האָסטו כאַסענע — נעמסטו געלט; און אויב ניט — נעמסטו אַ פּײַג! צײַט, מאַרקוס! ביסט שוינ אַלט 20 יאָר, שוינ צײַט! שטודירנ ווילסטו? פּע, נאַרישקײַט, כלעבנ! — איר פאַרשטייט?..

נאָר איכ ווייס ניט, צי האָט דער מעכאַבער פונ דער דאָזיקער געשיכטע דאָס רעכט אַרויסצוגעבנ אַזעלכע איניאָנימ, קאַלזמאַנ זיי זענענ נאָכ בעסאָד בא רעב סענדערנ אַפּנ האַרצנ? דערווײַל איז נאָכ דער הער בלאַנק ניט געשטאָרבנ. די צאַוואָע וועט מענ ערשט שרײַבנ, „עס וועט זײַנ רעכט" (ווי פרויקע זאָגט)! אַלקיינ מאַכנ מיר מיט דעמ דאָזיקנ קאַפּיטל אַנ ענדע און קערנ זיכ אומ צוריק, צומ געשעצטנ הער בלאַנק אינ הויז אַרײַנ".

ז. 172, שורע 14 אונטנ. נאָכ „אָנדערהאַלבנ מיליאָנ" איז געווענ: „און איצט מאַכט ער אַ מוירעדיק געשעפט אַפּ גאַנצ אייראָפּע! איכ זאָג אײַכ, מײַנע ליבע פרײַנט, אַז צומ מיסכער איז אַפּ דער גאַנצער וועלט נישטאָ אַזאַ פּעיִקע זאַכ, ווי אַ ייִד, אַזאַ זעלטענע זאַכ, אַזאַ וווּנדערלעכע זאַכ... אַזאַ... אַזאַ... אַזאַ...

און דער גערימטער דאָקטער האָט צעפּירט מיט די הענט און איז פונ גרויס היספּײַלעס געבליבנ אָנ ווערטער".

ז. 173, שורע 3 אונטנ. נאָכ „וואָס זאָל מענ טונ" איז געווענ:

„איכ פרעג אײַכ, וואָס קאָנ מענ טונ דערצו? בא אונדז אינ דער מעדיצינ איז דאָ אַ קלוג וואָרט: „דער מענטש איז שטערבלעכ, מיר דאַרפנ אַלע שטאַרבנ". אינ מײַנ לאַגע, מײַנע ליבסטע פרײַנט, בינ איכ שוינ געוווינט געוואָרנ צו אַזעלכע טרויעריקע סצענעס. דער דאָקטער מוז זײַנ אַנ אייִדעס בא דעמ לעצטנ אַקט פונעמ מענטשנס לעבנ. דאָ בלײַבט אַ יונגע פרוי, דאָרט אַ יונגער מאַנ, דאָ אַנ עלנטע יעסוימע נעבעכ, דאָרט אַנ אַלטער פאָטער. און נאָשבראַט מוז דאָס אַלעס צוזענ, העלפנ מיט אַ גוט וואָרט, אויסרעדנ דאָס האַרצ. וואָס, איכ בעט אײַכ, קאָנ איכ העלפנ דער אומגליקלעכער פרוי בלאַנק אָדער זײַנע אומגליקלעכע קינדער? זייער ווייטעק איז אוואַדע גרויס, זייער גרויס, נאָכ גרעסער ווי... ווי... ווי...

און דער דאָקטער קלוגער האָט אָנגעהויבנ זוכנ אַרומ זיכ אַזאַ מינ גרויסנ פרעדמעט, וועלכער זאָל קאָנענ זײַנ אַזוי גרויס, ווי דער ווייטעק

פונ רעב סענדערס קינדער — אונ האָט ניט געקענט אָפּזוכנ. דערומ האָט ער זיכ אָפּגעזעגנט מיט זײַנע פּאַציִענטנ אונ איז אוועקגעפאָרנ ווײַטער".

ז. 174, שורע 8 אויבנ. אָנשטאָט „פונ די דאָזיקע אידעאַליסטנ איז ניט אױסצושטײנ" איז געווענ: „די דאָזיקע אידעאַליסטנ, וועלכע האָרעווענ לעטו־וועס־האָקלאָל, האָבנ זיכ שוינ לאַנג אויסגעלאָזט אַפּ דער וועלט, אונ נאָר ערגעצ אינ א סענטימענטאַלנע ראָמאַנ קאָנט איר עפּשער נאָכ אויס־קראַצנ דעמ נאַרישנ סוביעקט, וועלכער איז זיכ מאַפקיר פונ יענעמס וועגנ, פאַרגעסט אָנ זיכ צוליב אײנ אַזוי. לעכאָל־האַפּאָכעס וויים איכ, אַז איכ האָב נאָכ אַזא מינ באַשעפענישנ צווישנ מענטשנ ניט געפונענ. האַגאַמ איכ האָב לאַנג געגלויבט, אַז אַזעלכע זײַנענ דאָ א סאַכ, גוזמע־גוזמאָעס. נאָר דאָס איז נאָכ געווענ אינ יענער צײַט, ווענ איכ האָב זיכ אַרומגעדרייט אינ דער פאַנטאַזיִע־וועלט אונ האָב געקוקט אַפּ יעדנ יונגנ מענטשנ, וועלכער האָט דורכגעמאַכט דעמ אוניווער־סיטעט, ווי אַפּ א מאַלעכ פונ גאָט, ווי אַפּ א הײליקנ, אונ אַז איכ האָב געהאַט די זכיִע אָנצוקוקנ דעמ דאָזיקנ נעפעש מיט מײַנע אויגנ, האָב איכ זיכ אַליינ מעקאַנע געווענ אונ האָב צו זיכ אַזוי געטראַכט: „אָ! אָט דאָס איז „ער"! אָט דאָס איז „ער", וועלכער... מיט איינעמ וואָרט „ער", טאַקע „ער" אַליינ...

יונגע יאָרנ — נאַרישע יאָרנ! לעמײַ זענט איר אַזוי גיכ איבערגע־פלויגנ? מיטנ גאַנצנ כּוחעס וואָלט איכ געוואָלט דאָס צווייטע מאָל איבערלעבנ די דאָזיקע „נאַרישע" יאָרנ, אונ ווענ איכ זאָל וויסנ פאַר געוויס, אַז איכ וועל אינגיכנ נאָכאַמאָל מעגולגל ווערנ אינ דעמ לײַב פונ א מענטשנ, וואָלט איכ...

אַלזאָ, ליבער לעזער, האָט דער דאָקטער קלוגער זייער ליב דאָס האַלבע קערבל".

ז. 174, שורע 11 אונטנ. נאָכ „מיטנ גאַנצנ לעבנ" איז געווענ: „א ווײַב, וועלכע איז פאַרטיק אויסקאָכנ די וואַסער יעדנ באַזונדער — א ווײַב, וועלכע איז פאַרטיק צוליב דעמ מאַנ איבערקריגנ זיכ מיט דער גאַנצער שטאָט, זידלענ זיכ מיט אַלע סעדיכעס אינ מאַרק, פּאַטשנ זיכ אונ רײַסנ זיכ מיט אַלע שכײנימ, כאַפּנ א ווײסטנ פעטשאַטעק פונ יעדנ באַלעגאָלע, באַרעדנ, באַליאַפּענ יעדנ באַזונדער, פירנ רעכילעס פונ איינעמ צומ אַנדערנ, צונויפירנ א וואַנט מיט א וואַנט, דערציילנ יעדנ באַזונדער דאָס בעריעשאַפט, די קינסטלערײַ פונעמ מאַנ, שלעפּנ פאַציִענטנ פאַשעט פונעמ מאַרק, פאַר די פּאָלעס, פונקט ווי די סעדיכעס באַ די פוילע עפּעלעכ, דאָרט באַ דער שול,— מיט איינעמ וואָרט, אַז וו ו י ל א י ז ד י ר..."

ז. 175, שורע 10 אויבנ. נאָכ „אינ דער לאַנגער באַנק אַרײַנ" איז געווענ: „מיט אַזא שלאָפּקײט שפּילט מענ זיכ ניט! יעדע שלאָפּקײט דאַרפ מענ פאַר־כאַפּנ וואָס פריִער! איר געדענקט דאָכ דעמ אומגליק מיט דעמ הער בײגעל־מאַנ! מע האָט זיכ אַרומגעקוקט רופנ דעמ דאָקטער, ווענ ער איז שוינ גע־ווענ העכער האַלב אַפּ יענער וועלט. איר פאַרשטייט?.."

ז. 175, שורע 1 אונטנ. אָנשטאָט „אַריסטאָקראַט זעמעל" איז געווענ „ספּעקולאַנט זעמעל".

ז. 180, שורע 7 אונטנ. אָנשטאָט „א גוטע נאכט“ איז געוועג:

„עס טוט מיר הערצלעכ לייד אפ רעב סענדערס עלטערנ זונ, אפ אונדזער ערלעכנ כאַיִמ בלאנק! מיילע, אפ דעמ הער אָסיפ זעמעל איז אונדז קיינ פלִיע ניט, וואָס ער איז בא רעוועקאנ פאָד באשמאקאָמ אונ וואָס רעוועקא הערשט איבער אימ, ווי א מיילעכ, ווי א דעספאָט; אָסיפ, אויב איר האָט באמערקט, איז פיל שוואכער פונ זײנ ליבער פרוי, וועלכע האָט אינ זיכ געהאט פיל ענלעכקײט מיט איר שטארקנ פאָטער, רעב סענדער. איכ דענק, אז ניט נאָר רעוועקא, אז אפילע א קלענערע אונ א שוואכערע פונ רעוועקאנ, וואָלט אויכ געקאָנט קינױגנ אפ דעמ דאָזיקנ זעלטענעמ העלד, וועלכער פאר־מאָגט אינ זײנ אייגנס נאָר א פאָר אש־קאָלירענע ברילנ מיט סקריפנדיקע שטיוול, מיט א „טשעסטנאָיע סלאָוואָ“ — אונ נישט מער; אונ אויסער דעמ איז ער א יִנגל, א גרויסער ליגנער אונ א כוואסטונ, וועלכער גלייבט זיכ זעלבסט ניט אונ עס ארט אימ ניט, ווענ יענער גלייבט אימ נישט, אָבער כאַיִמ! כאַיִמ איז רעב סענדערס א זונ. — ווי זשע קומט עס, אז אזא קליינ ווײבעלע, אזא שווארצע ווײבעלע, ווי סאָני, זאָל געוועלטיקנ איבער אימ אונ זאָל אימ האלטנ אינ די הענט שטארק־שטארק? איכ געדענק אָט דעמ כאַיִמ בלאנק פאר א בראווונ יונגנמאנ, פאר א „יונג מיט ביינער“, פאר אנ אָרנטלעכנ מענטשנ, פאר א יונגנמאנ, וואָס האָרעוועט ווי א קערבל, האָרעוועט טאקע פאָשעט מיט די הענט, מיט די פּלייצעס, מיטנ שוויס. איכ געדענק דעמ דאָזיקנ כאַיִמענ, ווענ ער האָט נאָכ געלערנט אינ כיידער, האָבנ מיר, זײנע כאוויירימ, געציטערט פאר אימ אונ פאר זײנע געזונטע, שטארקע הענט. איכ געדענק אימ באלד נאָכ דער כאסענע, ווענ ער איז געווענ א שיינער יונגערמאנ, א שיינער, א הויכער, א געזונטער, — אונ אצינד? אצינד קאָנ איכ אימ נישט דערקענענ; אײנגעבויגנ, בלאס, אינ קאָפ ווארפט זיכ שוינ דורכ א גראָע האָר (צו עטלעכע אונ דרײסיק יאָר?), ער רעדט שטיל אונ ווינציק אונ קוקט דעמ ווײב אינ די צײנ ארײנ — וואָס הייסט דאָס? וואָס באטײט עס? פאר אָט דעמ קליינעמ ווײבעלע האָסטו מוירע, כאַיִמ? אָט די דאָזיקע שווארצע סאָנקע איז דײנ סולטאנ? פי, שעמ זיכ!.. די שלעכטע אומשטענדנ, ליבער לעזער, די שלעכטע אומשטענדנ קענענ ברענגענ צו אלעס! איכ בינ באוואָרנט, אז צומ אָנפאנג האָט זיכ כאַיִמ נישט געלאָזט שפײענ אינ דער קאשע; אזא נאטור, ווי בא רעב סענדער בלאנקס זונ האָט זיכ נישט געקאָנט אונטערגעבנ צומ ערשטנ יאָר. איכ רעכנ, אז די ערשטע צײט האָט כאַיִמ נישט געלאָזט דעמ ווײב גיינ אינ ספאָדעק, נאָר אז די צײטנ האָבנ זיכ איבערגעביטנ אונ דאָס פאָרפאָלק איז געבליבנ אָנ געלט אונ אָנ מיטלענ צומ לעבנ, איז כאַיִמענ געוואָרנ דער קאָפ א ביסעלע צוגעשלאָגנ; רעב סענדער, ווי אײכ איז שוינ באוווּסט, האָט זיכ לאכלוטנ אָפּגעזאָגט פונ צו העלפנ דעמ געפאלענעמ זונ, אונ אז דאָס יונגע ווײבל האָט דאָס אויסגעוואָרפנ (גאנצ אָפטלעכ) איר מאנ, איז זי אוואדע גערעכט געוועג.

— ווו איז דאָס געהערט געוועג, אז אזא רײכער בעזדיעלניק, אזא טרוי־פענער גוויר, ווי דײנ טאטע, כאַיִמ, זאָל זיכ אזוי דערוויטערנ פונ א קינד, ווי דײנ פאָטער, כאַיִמ, וועלכער ברענגט אויס אפנ אנדערנ ווײב

טווינזנטער, אונ איגגאנצנ דאָס דאָברע מאזל קומט אַרײַנ אינ איר זינדעלע דעמ טאכשיט, וועלכער איז ניט ווערט דינ פּאָדמעטקע, כאַימ? וואָס? דו ווילסט ניט לידנ, וואָס איכ זאָג דעמ עמעס, כאַימ? נו, וועל איכ שווייגנ! אז אָב אונ ווײ איז מיר, אז איכ דארפ דיר דאָס זאָגנ, כאַימ! אָ, ווענ מינ מאמע זאָל אָט דאָס וויסנ, כאַטש א הונדערטכוילעק!..

— דײַנ מאמע סאָני? המ... ווו איז דער נאדאנ, וואָס זי האָט צו־געזאָגט?

— אזוי? כאָכעמ מינער! דו גליכסט דינ טאטנ צו מינ מאמענ? וואָס זאָגט איר דערופ? ער וויל נאָכ באליידיקנ מינ מאמענ! אָ! לעמני בינ איכ גאָר געבאָרנ געוואָרנ אפ דער וועלט? פארוואָס בינ איכ נישט ארויסגערונענ געוואָרנ אינ מינ מאמעס בויכ? פארוואָס...

— שאַ, סאָניטשקע, שרײַ ניט אזוי, אָנ גייט די מאמע דינע, שאַ, איכ בעט דיכ!..

• • • • • • • • • • • • • • •

— גוט־מאָרגנ, קינדערלעכ! וואָס ווײנסטו, טאָניטשקע, וואָס איז שוינ דאָ ווידער געשענ? כאַימ, וואָס שווײַגסטו? עס קער זיכ מיט דיר גאָר נישט אָנ, איאָ? וואָס גייט דאָס דיכ אָנ, כאַימ, אז דינ ווײב ווײנט טאָג ווי נאכט אונ ווערט אײַנגעטריקנט סאָנע־צײַענ? אוי, ווײ איז צו מיר אונ ווינד איז צו מײַנע יאָרנ אונ טעג, אז איכ האָב אזעלכס דערלעבט אפ מינ קינד, אפ מינ בלוט!

— איכ פארשטיי ניט, שוויגער, וואָס קער זיכ דאָס אָנ מיט אינכ, אז סאָני ווײנט צי איכ ווײנ?

— הא, וואָס זאָגסטו? וואָס האָסטו געזאָגט? וואָס גייט דאָס מיכ אָנ— פרעגסטו? מיכ? א מאמע? אפ מינ טאָכטער? אפ מינ בלוט אונ פליוש? אפ מינ קינד, אפ וועלכנ איכ האָב פארגאָסנ בלוט? צוויי מעסלעס געגאנגענ צו קינד? קוימ ארויסגעהאָדעוועט? דרײַ מאָל געהאט דעמ שקארלאטינ? אונ דו האָסט א האָזע, שויגעצ איינער, צו זאָגנ מיר א דייע אפ מײַנ בלוט? מיט וואָס אָטוועטשאיעסטו מיר פאר מײַנ קינד? פרעג איכ דיכ; מיט וואָס? מיט וואָס, דו קאפצנ? דו האָלעשטאניק איינער?

— איכ זאָג דענ, שוויגער, אז...

— שטיל, שייגעצ! דו שרײַסט נאָכ אפ מיר? דו האָסט נאָכ אנ אזעמ צו שרײַענ אפ דינ שוויגער? דו ביסט מיכ מעוואזע פאר מינ קינד אינ די אויגנ? דו ווערסט מיכ עפשער באלד ארויסטרײַבנ פונ דינ שטוב? דו ווערסט מיכ עפשער שלאָגנ אויכ? דו ווײנסט, טאָכטער? ווײנ, ווײנ, קינד! ווענ דינ טאטע (מינ ארנ־דאָוויד זיכרוינע־ליווראָכע) זאָל אצינד אופ־שטיינ פונעמ קייווער אונ א קוק טונ אפ זײַנ סאָניטשקענ, אפ זײַנ אומ־גליקלעכער סאָניטשקענ, וואָלט ער זיכ געמעגט נאָכאמאָל באגראָבנ איידער צו זענ אזא רעציכע, ווי מע פארגיסט מינ בלוט אונ מע זידלט מיכ נאָכ ווי די גרעסטע הולטײַקע. פאר וואָס?.. פאר וועמ?.. אזוי. אזוי.

כאַימ כאפט אפ זיכ דעמ ראָק אונ לויפט, ווזהינ די אויגנ טראָגנ אימ; נאָר אויב איר מיינט, אז מע קאָנ אנטלויפנ פונ א שוויגער, איז א

סימענ, אז דער לעזער איז קיינמאָל קיינ אײדעמ ניט געווענ אונ די לעזערינ איז קיינמאָל קיינ שנור ניט געווענ. כאַפּנ דעמ ראָק אונ אנטלויפנ איז גוט אײנ מאָל, אָדער צוויי מאָל; אָבער ניט אלע טאָג, דרײַ מאָל א טאָג!

עס בלײַבט איבער כאַיִמענ אײנ מיטל: אָפּגעטנ דאָס ווײַב. אכ! ווי גליקלעכ מיר ייִדנ זענענ דאמיט, וואָס מיר האָבנ א געט; פאר דעמ דאָזיקנ טײַערנ פּרעזענט, וואָס מוישע־ראַבײנו האָט אונדז געשענקט, האָבנ פיל־פיל פונ אונדז געדאנקט אונ געלויבט גאָט, אונ מיר וועלנ נאָכ לאנג־לאנג אופהייבנ אונדזערע אויגנ צומ האשעמ־יִסבאָרעכ פאר דער דאָזיקער אונערשעצלעכער מאַטאָנע, אפ וועלכער פיל קריסטנ זענענ אונדז מעקאַנע. עס איז אָבער דאָ אײנ „כיסאָרנ“ אינ דער דאָזיקער „מײַלע“ — דער „כיסאָרנ“ פונ דער „מײַלע“ איז, וואָס מע דארפ זיכ נאָכ אָנפרעגנ באמ ווײַב, צי וויל זי נעמענ געט?

— וואָס? געט, כאַיִמ? געטנ ווילסטו מיכ! קרענקענ וועסטו מיכ! א ניט דערהארנ זאָל דער טאטע דײַנער! אופריכטנ זאָל איכ דיכ? ארײַנזעצנ א נײַע נעשאָמע אינ דײַנ הויט ארײַנ? עפענענ דיר די אויגנ? ביזנ טויט ארײַנ, הערסטו, כאַיִמ? ביזנ טויט ארײַנ בינ איכ דײַנע! נא, שנײַד מיכ! בראָק מיכ! עס מײַנ פלייש!..

אונ כאַיִמ נעבעכ רוקט אָנ דאָס היטל, אונ נאָר א טיפער זיפצ פונעמ הארצנ איז אנטפער אפ אָט די אלע טײַנעס פונעמ גוטנ ווײַב מיט דער בארעמהערציקער שוויגער, וועלכע היטנ אָפּ אונדזער כאַיִמענ ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעמ אויג אונ לאָזנ אימ נישט אָפּ אפ קיינ רעגע, צוויי צערטלעכע נעפאָשעס, צוויי זעלטענע פרויענ הערשנ איבער אונדזער העלד: מע מושטרעוועט אימ ווי א סאָלדאט, מע רײַבט אימ די ביינער, מע שאַנעוועט אימ אונ מע מאכט אימ פאר א שטיקל מענטשנ.

אונ כאַיִמ שאנעוועט זיכ אונ ווערט א שטיקל מענטש.

— נו, כאַיִמ? אוא, איכ בינ דיר א סוינע, כאַיִמ? צי עפשער איז דיר מײַנ מאמע ניט קיינ גוטער־פרײַנט, כאַיִמ? אזעלכע סאָנימ, ווי איכ מיט מײַנ מאמענ, כאַיִמ, מעגסטו האָבנ א סאכ, כאַיִמ...

אונ וואָס וועט איר עפּעס זאָגנ, לעזער, אפ קינדער? קינדער, זאָלנ לעבנ, פרוכטפערנ זיכ אונ מערנ זיכ (כנ ירבו![1]) דאנקענ גאָט. אונ מײַסער־סאָטנ זעענ מיר, אז פונ אזא וווּנדערלעכע ליבע ווי צווישנ אונדזער פאָרפאָלק, איז צומ מינדסטע א זעלטענע שעפע; עס אויספּיעט ניט דאָס ערשטע זיכ שטעלנ אפ די פיסלעכ, — אהא! עס איז שוינ דאָ נאָכ איינס; אונ אז דאָס דריטע הייבט אָנ, זײַט מיר מויכל, אפ צײַנדלעכ, קריכט ארויס א שפּאָגל־נײַ באַשעפעניש אפ גאָטס וועלט מיט אזא קוראַזש אונ מיט אזא גוואַלד, גלײַכ ווי מע האָט געשיקט נאָכ דעמ! קריכ־קריכ, פיצעלע; קאטשע זיכ ארויס, ברעקעלע; מע האָט אפ דיר לאנג ארויסגעקוקט!..

— ווי איז דער מאמענ דײַנער! סאָניטשקע! ביסט זיכ שוינ ערגער פונ—איכ ווייס וועמענ? אלע יאָר! אלע יאָר!.. כאַיִמ, גיב נאָר אהער דעמ וויקל־שנור; אָנ ליגט ער פאר דײַנע אויגנ, כאַיִמ! מיר דאכט, אז דו מעגסט זיכ

1 קיינ יִרבו.

א ריר טונ א ביסל גיכער, כאַיִמ! דו קוועלסט אָנ, כאַיִמ, פונ דעמ קינד? ביסט גערעכט, כאַיִמ, מעגסט אוואדע אָנקוועלנ; פרעג מיכ, וועל איכ דיר דערציילנ, וואָס הייסט „האָבנ א קינד“; איכ האָב געהאַט קינדער; איכ האָב געהאַט; איכ ווייס דעמ טאַמ, כאַיִמ! וואָס זאָגסטו עפעס מיקויעכ אַנ אמ, כאַיִמ? צי עפשער ווילסטו, אז מײַנ טאָכטער זאָל אַליינ אויסזייגנ אלע אייניקלעכ פונ דײַנ טאַטנ?..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

יאָ, ליבער לעזער, מיר האָבנ אונדזער גוטנ כאַיִמ בלאַנק רעכט באַוואָרנט, אזוי באַוואָרנט, אז ווענ איכ באַגעגנ זיכ מיט אימ און טו אימ א קוק אינ די אויגנ אַרײַנ, דערלאָזט מיכ ניט מײַנ האַרצ אימ א פרעג טונ: „וואָס מאַכסטו, ברודער?“ און איכ שווער אײַכ, אז ווענ זײַנ געטרײַע שוויגער זאָל מיר זײַנ אַנ אייגענע שוועסטער און איכ זאָל זי ניט זענ קיינ 10 יאָר, וואָלט איכ אויכ קיינ האַרצ ניט געהאַט איבערצוגעבנ איר א גרוס דורכ אָט דעמ דאָזיקנ אומגליקלעכנ סטראַדאַליעצ...

איכ פיל, אז אייניקע פונ מײַנע לעזער, וועלכע גאָט האָט געבענטשט מיט אזא סאָניטשקע, ווי כאַיִמס סאָניטשקע איז, וועלנ זיכ מעכײַע זײַנ, ווענ זיי וועלנ זיכ דערמאָנענ, אז דער שיקזאל האָט זיי גראָד באַפרײַט פונ אזא שוויגער, ווי די שוויגער פונ אונדזער אומגליקלעכנ כאַיִמ בלאַנק, מיט וועלכנ מיר האָבנ זייער פיל מיטלייד, נאָר העלפנ קאָנענ מיר אימ גאָר ניט...

ברודער כאַיִמ! נעמ צו כאָטש א גוט וואָרט פונ א גוטנ ברודער!“

ז. 181, שורע 9 אויבנ. נאָכ „זשאַרגאָנישע ראָמאַנענ“ איז געווענ: „וועלכע קערנ זיכ אזוי אָנ מיטנ יִדישנ לעבנ, אזוי ווי איר קערט זיכ אָנ מיטנ שאַכ פונ פערסיע“...

ז. 191, שורע 12 אויבנ. דער זאַצ „דאָס גאַנצע געזינדל האָט זיכ צונויפ־געקליבנ אַרומ דעמ קראַנקנ סענדערנ, וואָס איז פונ טויט לעבעדיק געוואָרנ— מאַזלטאָוו“ איז אינ דער ערשטער אויסגאַבע ניטו געווענ.

ז. 191, שורע 18 אויבנ. נאָכ „אָט—טפו“ איז געווענ: „אז ער איז שוינ גאָר געווענ באַמ יעק, טאַקע, ווי־אזוי מיינט איר? אָנ א שומ האָפענונג, א קליי־ניקייט כאָלעריע? „וואָס הערט זיכ עפעס מיט דײַנ כולע, נעשאָמע מײַנע“,— האָב איכ אימ געפרעגט. „זייער פאַסקודנע, האַרצ מײַנס“, — האָט ער מיר געענטפערט... — וואָס זשע שווײַגסטו, מײַנ לעבנ? — האָב איכ אימ געזאָגט. „איכ שווײַג ניט, קעצעלע מײַנס!“ — האָט ער מיר געענטפערט און איז ווידער אוועקגעפאָרנ צומ כולע. און שטעלט אײַכ פאָר מײַנ פרייד, אז נעכטנ, נאָכ האַלבע נאַכט, קומט ער צו פאָרנ ראַסטראָיעט, אז ער קאָנ קיינ וואָרט ניט אויסרעדנ פאַר סימכע. — „וואָס איז, מײַנ לעבנ?“ „אוי, מײַנ טײַערע!“ — „וואָס זשע איז, נעשאָמע מײַנע? געשטאָרבנ דער הער בלאַנק! נו, זאָג שוינ, האַרצ מײַנס! זאָג, קאָטיקל, זאָג!“ און איכ האָב זיכ צעוויינט אפ א קאָל. „וואָס וויינסטו, מאַמע מײַנע! וויינ ניט, קעצעלע! דעמ הער בלאַנק איז בעסער, פיל בעסער! ער וועט זײַנ געזונט! ער וועט לעבנ און זײַנ געזונט! ווי פריִער, ווי טאָמיד!“

ז. 196. „דאָס לעצטע קאַפיטל“ האָט אינ דער ערשטער אויסגאַבע זיכ אָנגעהויבנ אזוי:

„מיר בעטנ אונדזערע לעזער זיכ מאטריעכ זײַנ דערמאנענ דעמ בריוו פונ אונדזער געליבטנ מארקוסנ צו זײַנ כאווער אריע-לייב. וויאזוי אונ וויארומ איז דער דאָזיקער בריוו ארײַנגעפאלנ צו אונדזער [ע] איבעריקע העלדנ אינ די הענט ארײַנ? — גאנצ איינפאכ: דער פּאָסטיליאָנ אונ דער פּאָווערענע פונ אונדזער יונגנ העלד איז געווענ, ווי איר קענט זיכ מעלדנ, פרויקע קראָק-מאנ; אונ אונדזער גערימטער אָסיפּ זעמעל איז בעטעווע נישט געווענ קיינ גאדלענ, אונ וויבאלד ער איז נאָר געקומענ אהער, צומ קראנקנ שווער, האָט ער מיט פרויקענ געמאכט א שמועס וועגנ פיל פארשידענע זאכנ; דאָס איז בא פרויקענ געווענ, נאטירלעכ, זייער אָנגעלייגט, האָט דער דאָזיקער זעלטענער מעשאָרעס גענומענ דערציילנ פונ זיכ גרויסקײַט, וויאזוי ער איז אָנגענומענ באמ אלטנ, וויאזוי מע פארגלייבט אפ אימ די גאנצע שטוב, אונ פונעמ „יונגנ", פונ מארקוסנ, שמועסט מענ ניט: ער ווייסט אינגאנצנ, וואָס בא אימ אונטער די נעגל אפילע עס טוט זיכ אזוי. דער געשעצטער הער זעמעל האָט זיכ ניט אײַנגעהאלטנ אונ האָט אימ געזאָגט, אז דאָס איז שוינ א ליגנ, עס קאָנ ניט זײַנ. פרויקענ האָט דאָס שוינ פארדראָסנ, האָט ער ארויסגעכאפּט פונ דער זײַט-קעשענע א גאנצ גראָבנ פּאקעט אונ האָט אימ אונטערגעטראָגנ דעמ הער זעמעל אונטער דער נאָז מיט די דאָזיקע ווערטער:

— נאט! איר גלייבט ניט? נאט, קוקט!

אָסיפּ האָט איבערגעלייענט אפנ פּאקעט דעמ באקאנטנ אדרעס אונ האָט א פרעג געטאָנ:

— ווער איז דער אריע-לייב?

— דאָס איז שוינ אונדזער זאכ! — האָט אימ פרויקע געענטפערט מיט גרויס גאדלעס, פארהאלטנדיק דעמ פּאקעטיק.

דאָס דאָזיקע נײַס האָט אָסיפּ טייקעפ איבערגעגעבנ זײַנ שוועגערנ אונ איז שוינ נאָכגעגאנגענ פרויקענ פוס-טריט, אז ער זאָל אימ ווײַזנ דעמ פּאקעט, אונ ווײַזנ, אונ ווײַזנ! פרויקע האָט לאנג ניט געוואָלט געבנ; אָסיפּ האָט זיכ געפּרווט מיט גוטנ, מיט געלט — עס גייט ניט! נאָר אז אָסיפּ האָט אימ געזאָגט, אז אָט גייט ער דערציילנ דעמ שווער, האָט זיכ פרויקע א ביסל ווי דערשראָקנ אונ איז מערוצע געוואָרנ פאר עטלעכע רובל ווײַזנ דעמ פּאקעט אפ א האלבער שאָ, ניט מער, אפ איבערצולייענענ.

די לעזער געדענקענ, אינ וואָס פאר א טרויעריקער לאגע די צוויי געערטעסטע דאמענ, רעוועקא אונ סאָני, האָבנ זיכ געפונענ, לייענענדיק דעמ דאָזיקנ בריוו. די מאדאמ זעמעל איז שטארק אופגעטראָגנ געווענ אפ איר יונגנ ברודער אונ האָט שוינ געוואָלט גיינ אָפּשפּילנ אימ א באָרעכ-האבע, ווי ער איז ווערט; נאָר סאָני האָט איר ניט דערלאָזט צו אזא סקאנדאל אונ האָט איר געזאָגט:

— ניינ, רעוועקא! מע דארפ ניט! מיר וועלנ אימ שוינ צושטעלנ א בענקעלע, ווי עס געהער צו זײַנ, אזוי אז ער וועט אויכ לעקנ די פינגער צוזאמענ מיט „איר". אָ! אצינד איז א צײַט!.. אצינד, ווענ דער שווער... איר פארשטייט, רעוועקא?..

רעוועקא פארשטייט דאָס גאנצ גוט! נאָר, איכ בעט אײַכ, ראבויסײַ, ווענ

יעדער שלעכטע מאַכשאָווע זאָל אויסגעפאָלגט ווערנ, וואָלטנ אַלע גאַנצ גע־ וועזנ פול מיט הארוגים, אַלע טײַכנ וואָלטנ פול געווענ מיט בלוט, און מיר, מענטשנ, וואָלטנ זיכ ראַק געשלאָגנ, געביסנ און געריסנ... רעוועקאַנ איז ביז דער לעצטער מינוט נישט באַשערט געווענ צו בלײַבנ אַליינ מיטנ קראַנקנ פאָטער און אָנטרעפנ פּונקט די מינוט, ווענ זי זאָל אים קאָנענ איבערגעבנ מאַרקוסעס בריוו. מיר מוזנ נאָכ דאָס אויכ אויפדעקנ, אַז זי האָט א ביסל מוירע געהאַט, און אויב דער לעזער מיינט, אַז רעוועקאַ איז געווענ א מער־דערנ, האָט ער א גרויסנ טאָעס; אינטריגעס האָט זי זייער גערנ (און ווער האָט דאָס פײַנט?), נאָר זי איז דאָכ פאָרט נישט מער ווי א שוואַכע פרוי...

אַז בא רעב סענדערנ אינ הויז איז געוואָרנ דער טאַרעראַם, און די געסט האָבנ זיכ גענומענ אײַנקלײַבנ אינ וועג אַרײַנ, האָט רעוועקאַ באַפוילנ דורכ פּרויקענ צום פאָטער, אַז זי האָט אים זייער א נייטיקע זאַכ צו זאָגנ. רעב סענדער האָט גערעכנט, אַז דאָס מוז געווים זײַנ א באַקאָשע פונ געלט, האָט ער זיכ געמאַכט טאַמעוואַטע און האָט געהייסנ זאָגנ דער טאָכטער, אַז עס איז שוינ צײַט, כלעבנ, אַז מע זאָל א ראַכמאָנעס האָבנ אַפ זײַנע אַלטע יאָרנ און אופהערנ מוטשענ אים, אַז ער קאָנ דאָס שוינ מער ניט טראָגנ, אַז ער איז ניט מער ווי א מענטש אַזוי. אַזוי.

רעוועקאַ האָט אויסגעהערט דעמ פאָטערס רעזאָלוציע און האָט זיכ אַפ עטלעכע מינוט פאַרטראַכט. נאָכדעמ האָט זי פּלוצלימ אָוועקגערופנ די מומע דאָבּרוש אַפ א זײַט און האָט איר אײַנגעטרויט א סאָד אַפנ אויער; די מומע דאָבּרוש האָט איר געענטפערט:

— זײַ זיכער, מײַנ קינד, אַז איכ וועל שוינ מיט גאָטס הילפ מעקײַעמ זײַנ, ווי דײַנ גוטער ווילנ איז... איכ וועל שוינ, מיסטאַמע, ניט שווײַגנ. פאָר געזונט און זײַ מאַצליעכ! פאָר געזונט, מײַנ קינד!.. איכ וועל שוינ זענ... איכ...

סאָני האָט אַפילע, דורכגייענדיק, געוואָלט כאַפּנ א צוויי ווערטער [פונ] זייער סאָד, נאָר רעוועקאַ האָט א ווונק געטאָנ אַפ דער מומע דאָבּרוש, וועלכע האָט פּלוצלימ פאַרשלאָסנ דאָס מויל ווי מיט א שלאָס און איז אָפּגעטראָטנ אינ א זײַט."

ז. 199, שורע 2 אויבנ. אָנשטאָט „גיבנ אַפ דעמ גוטמאָרגנ פונ דער ווײַטנס" איז געווענ: „גריסנ די רײַזנדער מיט גרויס אַכטונג (און מיר קאָנענ זיכ ניט אײַנהאַלטנ ניט צו באַמערקנ, אַז אונדזער געשעצטער אָסיפ זעמעל האָט דאָס זייער ליב. ער כאַפּט זיכ אופ פונעמ אָרט, ער הייבט אופ דעמ קאַפּעליוש אַפ א פערטל אַרשינ פונעמ קאָפּ און נייגט זיכ אַזוי ערנסט, אַזוי געטרײַ, מע זעט, ער האָט דערפונ האַנאָע, מיינענדיק, אַז דער פּויער, וואָס גריסט אים, רעכנט אים געווים פאַר א פּאָרעצ, ניט פאַר קיינ ייִדנ)"...

ז. 201, שורע 5 אונטנ. אָנשטאָט דעמ אַבזאַצ: "נישטאָ קיינ צוג" און ביזנ סאָפ איז אינ דער ערשטער אויסגאַבע געווענ:

„און אַזוי זענענ אונדזערע עטלעכע באַקאַנטע פאַרשווונדנ אָוועקגעפאָרנ; נאָר איכ ווייס ניט וואָס צו טונ: צי מיר זאָלנ זיי נאָכפאָרנ און הערנ, וואָס זיי רעדנ צווישנ זיכ, זיצנדיק אינ וואַגאָנ און קריגנ זיכ, און זענ די גרוימאַסנ פונ אונדזערע פילגעשעצטע דאַמענ, וועלכע גיסנ אויס איינע אַפ דער

אנדערער זייער ביטער הארצ? צי מיר זאלנ זיכ אומקערנ צוריק צו רעב סענדער בלאנק אינ הויז אריינ אונ באטראכטנ דעמ דאזיקנ העלד, דעמ דאזיקנ אלטנ מאנ, וועלכער זיצט אצינד צעליוגט אינ דער באקאנטער שטול מיט א ציגאר אינ די ציינ אונ טראכט, וואס פאר אנ אנבייסנ צו הייסנ מאכנ?..

א, רעב סענדער! רעב סענדער! א, טרויפענער אוילעמ-האזעניקו! ערגער אונ נארישער פונ אייכ איז דער דאזיקער, ווער עס איז אייכ מעקאנע אפ אייער אשירעס, אפ אייער רויק לעבנ! איכ ווייס ניט, ווער פונ אייכ ביידע איז מער גליקלעכ: צי איר מיט אנטערע געפילטע פיש אונ מיט די פעטע קוגלענ, פונ וועלכע ניט קיינ פרעמדער, ניט אייערע אייגענע קינדער האבנ קיינ האנאע ניט? צי עפשער מיינ אלטער באקאנטער רעב שמערל, פונ וועלכנ מיר האבנ אויבנ געשמועסט אונ וועלכער איז אינגאנצנ איבערגעגעבנ די קינדער אונ ארומ וועלכנ פיל פרעמדע עסנ ברויט? אינ דער גאנצער צייט, וואס מיר קענענ אייכ, רעב סענדער, האבנ מיר נאכ אייער נאמענ נישט באגעגנט אינ ערגעצ ניט, נישט אינ איינ גוטער זאכ, מיט וועלכע מיר, יידנ, האלטנ זיכ גרויס, אונ נאר מיט דעמ זענט איר א ייד, וואס איר הייסט רעב סענדער...

בעכיינ, ליבער לעזער, מעגנ מיר זיכ אפזעגעננ מיט רעב סענדער אפילע אפ שטענדיק אונ צעשיידנ זיכ אט דא אפנ וואקזאל, ווו מיר האבנ באגלייט אונדזערע אנדערע העלדנ, אונ אזוי ווי אייכ איז געוויס באוווסט אונדזער יידישער מינהעג, אז צומ געזעגענענ זיכ דארפ מענ זיכ צוזעצנ אפ א ווײַלע אונ זאגנ עפעס א גוט ווארט, דרומ וועלנ מיר זיכ אויכ צוזעצנ אפ א ווײַלע, אונ איכ וועל אייכ דערציילנ א מאשל.

אמאל איז געווענ א קייסער, וועלכער האט געפלאנצט זייער א שיינעמ גארטנ; דער קייסער האט אויסגעשריבנ פונ א ווײַטער מעדינע זייער א שיינ ביימעלע אונ האט דאס געזעצט בא זיכ אינ גארטנ; עס איז אוועקגעגאנגענ א יאר אונ צוויי אונ דריי — דאס ביימעלע וויל נישט וואקסנ! די צווייגעלעכ טריקענענ, די בלעטעלעכ פאלנ, דער שוירעש ווערט פארדארבנ... — „וואס טוט מענ צומ דאזיקנ ביימעלע, ער זאל וואקסנ? — אזוי האט דער מײלעכ געפרעגט בא די קלוגע לייט פארוווּנדערט. — וואס טוט מענ צו דעמ? דאכט מיר, אז איכ האב דאס גוט געזעצט; קיינ טירכע זשאלעווע איכ ניט: מיט וואסער טו איכ דאס באגיסנ; פארוואס זשע וויל דאס ניט וואקסנ?" — „אדוינ קעניגו! — האבנ אימ די קלוגע לייט געענטפערט — אדוינ קעניג! עס איז נישט געווענדט ניט אינ דיינ טירכע, ניט אינ דיינ באוואסערנ; דאס „ארט" איז שולדיק; ניט דא איז דאס ארט דערופ. דו מוזט דאס איבערטראגנ אינ אנ אנדער ארט, ווו די ערד איז בעסער, ווו דער אוויר, דער קלימאט איז מער מעסוגל דערצו — דארט וועט דאס עפשער וואקסנ אנ דיינ טירכע אונ אנ דיינ באוואסערנ!?"

דער טרעפנדער לעזער שטויסט זיכ אנ, אז מיר שמועסנ דא וועגנ אונדזער יונגנ העלד, וועגנ מארקוס בלאנק, וועלכער האט בעטעווע גוטע זאדאטקעס, אונ קוימ פאלט ער אריינ אינ גוטע הענט אריינ, ביז איכ אייכ ארעוו, אז עס וועט פונ אימ זיינ א לייט; אזעלכע יונגעלייט, ווי זיינ באוועך אריע־לייב אונ נאכ אזעלכע, וועלכע זענענ, פראוודע, ניט אזוי פראקטיש ווי

די בלאנקס, אזעלכע קאָמישע, נאָר גוטע, ערלעכע קינדער קאָנענ ווירקנ אפ אונדזער יונגנ העלד פונ דער בעסערער זײַט, אונ איכ האָב אפילע נישט אינ זינענ צו לייקענענ אונ פארדעקנ פונ מײַנע גוטע לעזער, אז אונדזער מארקוס האָט אינ א שיינעמ פרימאָרגנ אוועקגעלאָזט דעמ פאָטערס הויז אונ האָט געמאכט א „ווא!ווראכ“ אינ א גרויסער שטאָט ארײַנ צו זײַנ גוטנ־פרײַנט אריע־לייב, וועלכער האָט אימ צוגענומענ מיטנ גרעסטנ פארגעניגנ ווי אנ אייגענער ברודער אונ... נאָר דאָס איז גאָר א באזונדערע געשיכטע, וועלכע, מיר האָפנ, וועט פארנעמענ גענוג בלעטער אונ וועלכע (דאָס ווענדט זיכ שוינ נישט אינעמ מעכאבער; דאָס ווענדט זיכ אינ די לעזער, אויב דער פארפאסער האָט בא זיי נויסע־כיינ געווענ...), עס קאָנ געמאָלט זײַנ, וועט אינגיכנ ארויסגעגעבנ ווערנ אינ א באזונדערנ בוכ, אינ וועלכנ מיר וועלנ זיכ עפּשער באגעגענענ מיט אונדזערע אויבעריקע באקאנטע, אונ ביז יענער צײַט געזעגענענ מיר זיכ אָפּ.

אלזאָ, אפ ווידערזענ, ליבער לעזער!“

---

אויסער די גרעסערע טעקסט־ענדערונגענ, וועלכע מיר האָבנ אויבנ פארצייכנט, האָט שאָלעמ־אליידעמ אינ יאָר 1903 געמאכט זייער א סאכ איינצלנע וואָרט־ענדערונגענ. די ארבעט אפ דער שפראכ פונ „סענדער בלאנק“ האָט שאָלעמ־אליידעמ דורכגעפירט מיט א מערקווירדיקער אויסגעהאלטנקײַט אונ סיסטעמאטישקײַט. דאָס איינציקע, צו וואָס שאָלעמ־אליידעמ שטרעבט אינ דער דאָזיקער ארבעט, איז מאקסימאל דערנעענטערנ זיכ צו דער פאָלקס־שפראכ. דערפאר פירט ער אנ אויסגעהאלטענעמ קאמפ קעגנ אלערליי ספעציפיש־ליטעראַרישע אויסדרוקנ, סײַ קעגנ די אלט־אפגעניצטע שפראכ־טראפארעטנ פונ א.־מ. דיקס צײַטנ סײַ קעגנ די בריוונשטעלערישע באנאליטעטנ פונ דער שאָמער־שפראכ.

אינ דער ערשטער ריי ווארפט שאָלעמ־אליידעמ ארויס די דײַטשמעריזמענ, וואָס האָבנ נאָכ גאנצ היפש פארמיסטיקט די שפראכ פונ „סענדער בלאנק“ אינ דער ערשטער אויסגאבע. אָנשטאָט „נישט געדונגענערווײַזע“ שטעלט שאָלעמ־אליידעמ אוועק: „נישט געדונגענ זיכ“, אָנשטאָט „וואר־הײַט“ — „עמעס“, אָנשטאָט „אורזאכע“ — „סיבע“, אָנשטאָט „דיכטונג“ — „שיר“, אָנשטאָט „ליבערדע“ — „געטרײַע“, אָנשטאָט „פארצײַענ“ — „מויכל זײַנ“, אָנשטאָט „גרויסמוטער“ — „באָבע“, אָנשטאָט „פאריקט געוואָרנ“ — „ער איז געווירט“, אָנשטאָט „באוועגט זיכ“ — „קאטשעט זיכ“, אָנשטאָט „פאָסט־וועג“ — „שליאכ“.

פונקט אזוי האָט שאָלעמ־אליידעמ געשטרעבט דערצו, אז די שפראכ פונ „סענדער בלאנק“ זאָל נית זײַנ איבערגעלאָדנ מיט אזעלכע רוסיציזמענ, וועלכע האָבנ נית קיינ טיפערע וואָרצלענ אינ דער פאָלקס־שפראכ אונ צעשטערנ די איינהײַטלעכע אויסגעהאלטנקײַט פונ דער לעקסישער אטמאָספער, וואָס הערשט אינעמ ווערק. אזוי, צומ בײַשפּיל, פארבײַט שאָלעמ־אליידעמ „זאמאָש־קעס“ אפ „קונצנ“, „וויעדמעס“ — אפ „מאכשייפעס“, „נאָזדרעס“ — אפ „נאָזלעכער“, „פאָקאָלעניע“ — אפ „דאָר“, „ראסטרויעט“ — אפ „צערו־

דערט", „גראַביטעל" — אפ „גאזלענ", „ראזגאָוואָר" — אפ „שמועס", „סאדאָווניק" — אפ „גערטנער", „ניע טוט טאָ בילאָ" — אפ „האָט צײַט א ביסעלע".

צו דער כאראקטעריסטיק פונ שאָלעמ־אליכעמס ארבעט אפ דער שפּראַכ פונ „סענדער בלאַנק" איז נייטיק צו פארצייכענענ אויכ זײַנ שטרעבנ צו באַזײַטיקנ דעמ איבערפלוס פונ העברעיִזמענ, וואָס האָט זיכ געלאָזט פילנ אינ דער ערשטער אויסגאַבע פונעמ ווערק. אזוי, אשטייגער, פארבײַט שאָלעמ־אליכעמ „ניסטאלעק געוואָרנ" אפ „געשטאָרבנ". ער שטרײַכט אינ א סאַכ ערטער אזעלכע אויסדרוקנ, ווי „האגאמ", ער ווארפט סיסטעמאטיש ארויס דעמ „ראַבויסײַ", וואָס האָט אינ דער ערשטער אויסגאַבע פיגורירט, ווי א ווענדונג צו די לעזער.

## ארבא-קויסעס

דאָס ערשטע מאָל געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט" 1888, נומ. 11—12. דאַטירט: ערעוו פּייסעכ תרמח, קיִעוו.

## פונעמ וועג

געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט" 1888, נומ. 28 (פעליעטאָנ I), נומ. 43 (פעל. II), 1889, נומ. 2, 3 (פעל. III).

קאָנטיק, אז „פונעמ וועג" האָט געזאָלט זײַנ א גרעסערע סעריע „פעליעטאָנענ". צומ סאָפ פונעמ פעליעטאָנ III איז געווענ אָנגעוויזנ „פאָרזעצונג פאָלגט", נאָר מער איז ניט געווענ געדרוקט. וועגנ איינעמ פונ די „פעליעטאָנענ" (נומ. 3), וואָס גייענ ארײַנ אינ דער סעריע „פונעמ וועג", דערציילט שאָלעמ־אליכעמ אינ א בריוו צו ראווניצקינ: „איר ווייסט ניט, בײַ וואָסערע אומשטענדנ איכ האָב דעמ פעליעטאָנ געשריבנ. אז — דענסטמאָל איז מײַנ פלימעניצע געלעגנ קימאט אפנ טויטנ־בעט אינ יאלטע. עס איז געווענ באנאכט, גאנצ שפּעט, שלאָפנ האָט מענ נישט באדארפט, אונ בײַ מיר איז דאָ א פראָקליאטע כוילאאס, וואָס ווערט אָנגערופנ, לוי־אליוכעמ, „פעליעטאָנאָמאַציע", ע"פ חקירת הרופאים האחרונים[1] אונ עס ציט זיכ בײַ מיר, ביז פאר אײַנ געדאכט, ווי סטענגעס בײַ א פּאָקוסניק פונעמ מויל, מאטעריאל אפ פעליעטאָנענ אָנ א שיר; כאפּט מיכ אופ אומ האלבע נאכט אונ זאָגט מיר: „שאָלעמ־אליכעמ־סערדצע! שרײַב אָנ א פעליעטאָנ!"— ווערט באשאפנ א פעליעטאָנ"[2].

ז. 221, שורע 1 אונטנ. צו דעמ זאַצ „בײַסט ווײַטער, הער אײַנבינדער. וועט איר געפינענ קעז אויכ..." האָט די רעדאקציע פונעמ „יודישנ פאָלקסבלאט" געגעבנ פאָלגנדיקע באמערקונג:

„דער געערטער מעכאבער, הער שאָלעמ־אליכעמ, רעדט דאָ א ביסל אלע־

1 אלפי כקיראס האָרויפימ האָאכרוינימ — לויט דער אויספאָרשונג פונ די לעצטע דאָקטוירימ.

2 „צומ אָנדענק פונ שאָלעמ־אלייכעמ", ז. 53.

גאָריש, בירמיזע, וואָדורך קען דער ריַיען בלײַבן פֿאַר די לעזער ווי א פֿאַר־באַסמעטער בריוו, אומפֿאַרשטענדלעך; דערום רעכנען מיר פֿאַר אונדזער שולד דאָ צו געבן א פּיירעש צו זײַן בידע: דער מעַבאַבער רעדט דאָ וועגן זײַן ווערק „רעב סענדער בלאַנק", וועלכעס מע האָט אונטערוואָרפֿן אײנער קריטיק, ניט אָפּוואַרטנדיק דאָס ענד פֿון דעם ראָמאַן, דאָס צווייטע טייל אונטער דעם טיטל „מאַרק בלאַנק דער צווייטער", אין וועלכן דער מעבאַ־בער האָט בעדייע געהאַט מעמאַלע צו זײַן די בעסרוינעס פֿון דעם ערשטן ביילעק, דה. צו ערקלערן אַלעס, וואָס אין דעם ערשטן ביילעק בלײַבט פֿאַר־לויפֿיק אומערקלערט — און „דערופֿ זאָגט דאָס דער מעבאַבער: „בײַסט ווײַטער, וועט איר געפֿינען „קעז", דאָס איז אַן אַנצוהערעניש, אַז א טאַטן טאָר מען קיין האַלבע אַרבעט ניט ווײַזן".

## האָפֿענונג

געווען געדרוקט אין „יודישעס פֿאָלקסבלאַט" 1887, נומ. 5. מער קיין־מאָל ניט איבערגעדרוקט.

קאָנטיק, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן איבערזעצונג אָדער איבער־אַרבעטונג. ווער עס איז דער שובין (אָדער: שאָבין), וועמען שאָלעם־אַליכעם ווײַזט אָן אַלס אַוטאָר פֿון דער „האָפֿענונג", האָט זיך אונדז ניט אײַנגעגעבן פֿעסטצושטעלן.

## בלומען

דערשינען צום ערשטן מאָל אין יאָר 1888 אַלס א באַזונדער ביכל מיטן נאָמען „א בינטל בלומען אָדער פּאָעזיע אָן גראַמען".

וועגן די אומשטענדן, בא וועלכע עס איז געשאַפֿן געוואָרן דאָס דאָזיקע ביכל, דערציילט שאָלעם־אַליכעם אין א בריוו צו ראַווניצקין: „צום אָנדענק פֿון מײַן זעליגן פֿאָטער, בעשאַס שיווע, ווען מײַן אָרעמע מוזע האָט זיך אָנ־געקליידט מיט טרויער, האָב איך אויסגעקליבן פֿון מײַנע געדאַנקען די בעסטע, די טײַערסטע פּערלען און האָב פֿון זיי געמאַכט א בוקעט, א „בינטל בלומען" (צרור פּרחים) אַנידערצולייגן אויפֿן פֿרישן קייווער פֿון מײַן פֿאָטער ז"ל. דאָס דאָזיקע בינטעלע אינהאַלטעט אין זיך „פּאָעזיע אָן גראַמען" — סטיכאָטוואָרעניע וו פּראָזע, אויף דעם אויפֿן פֿון טורגעניעוו און גיי־דע־מאָפּאַסאַן, אָן אָריגינעלע זאַך, וואָס דער זשאַרגאָן האָט דאָס נאָך ניט געהערט און ניט געזען. בעסאַכאַקל אַכצן קליינע אָטשערקלעך, פּאָעמעלעך, נאָוועלעכלעך".

דאָס „בינטל בלומען" איז דערשינען מיט פֿאָלגנדיקער ווידמונג:

„אויפֿן פֿרישן קייווער פֿון זײַן זעליגן פֿאָטער
לייגט דאָס דאָזיקע „בינטל בלומען" אַנידער, צום
עוויגן אָנדענקען, זײַן זון

דער פֿאַרפֿאַסער".

אין יאָר 1903, ווען שאָלעם־אַליכעם האָט צוגעגרייט צום דרוק זײַנע „געזאַמלטע ווערק", האָט ער אײַנגעשלאָסן אין זיי אויך דאָס „בינטל בלומען". אָבער פֿון די 18 מיניאַטיורן, וואָס זענען געווען אינעם „בינטל

בלומענ", האָט שאָלעמ-אליכעמ אָפּגעקליבנ בלויז 8, ער האָט צו זיי צו־געגעבנ נאָכ צוויי, וואָס זײַנענ אָנגעשריבנ געוואָרנ פאַר דער רוסישער צײַטונג „Одесские новости" אינ יאָר 1892 — אונ דאָס אַלעס איז אָפּגעדרוקט געוואָרנ אינ יאָר 1903 אַלס א סעריע „בלומענ" מיט אַנ אונ־טערקעפּל „צענ קליינע מײַסעלעכ".

אינ די 8 מיניאַטיורנ, וועלכע שאָלעמ-אליכעמ האָט ארײַנגענומענ פונ דער ערשטער אויסגאַבע, זײַנענ קיינ וועזנטלעכע ענדערונגענ ניט גע־מאַכט געוואָרנ. עס דאַרפ פאַרצייכנט ווערנ בלויז פאָלגנדיקס.

די מיניאַטיור „פונעמ בארג סינײַ" האָט אינ דער ערשטער אויסגאַבע געהייסנ „הינטערנ הימל" אונ האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט פאָלגנדיקנ זאַצ:

„אינעמ שטעטל, ווו איכ בינ ערצויגנ געוואָרנ, פונ יענער זײַט בעס־מעדרעש, שטייט א בארג, א הויכער בארג..."

דער נאָמענ „קאַסרילעווקע" האָט אינ דער ערשטער אויסגאַבע ניט פיגורירט.

אינ דער מיניאַטיור „עק וועלט" איז נאָכ די ווערטער „אויפנ שמעקנדיקנ גראָז" געווענ: „אויפ וועלכנ עס האָבנ ארומגעשפּאַצירט פיל פאַרשיידענע באַ־שעפענישלעכ: זשוקלעכ, מורעשקעס, פליגלעכ, ווערעמלעכ, גאָטס פערדעלעכ, אָט־אָ יענע פערדעלעכ, די רויטע פערדעלעכ מיט די שוואַרצע פינטעלעכ, אויפ וועלכע מוישע־ראַבייניו האָט געטאָנ רײַטנ אויפנ הימל אונ וואָס גאָט האָט זיי געשטראָפט אונ האָט זיי אַראָפּגעוואָרפנ אויפ דער ערד, זיי זאָלנ אָפּקומענ אויפ דער וועלט פאַר אונדזערע זינד..."

די קליינע באַשעפענישלעכ, מיטנ גרינעמ גראָז, מיטנ ווייכ־וואַרעמ ווינטל, מיטנ גאַנצנ וווּנדערלעכנ אויסזיכט האָבנ אונדז צוגעקאָוועט צו אונדזערע ערטער, אונ עס גלוסט זיכ אונדז ניט אופשטיינ אונ צעשיידנ זיכ מיט דער וווּנדערלעכער נאַטור, מיט דער וווּנדערלעכער נאַטור, פונ וועלכע מיר ביידער־יונגלעכ, זענענ אַזוי אָפּגעריסנ, אַזוי ווײַט, מיט וועלכער מיר, ביידער־יונגלעכ, קענענ זיכ זענ זעלטנ, זייער זעלטנ"...

די דאָזיקע שטעל האָט שאָלעמ-אליכעמ אינ יאָר 1903 ארויסגעוואָרפנ אונ פאַרביטנ זי בלויז מיט די ווערטער: „אונ געכאַפּט א דרימל".

עס איז קעדײַ אויכ צו פאַרצייכענענ שאָלעמ-אליכעמס שטרעבנ צו מאַכנ וואָס מער איינפאַכ אונ נאַטירלעכ דעמ זאַצ־בוי, צומ בײַשפּיל:

דעמ זאַצ: „ס'איז אינ דער דאָזיקער נאַכט צוויי יונגלעכ געבאָרנ" פאַרבײַט שאָלעמ-אליכעמ אויפ: „ס'איז אינ דער דאָזיקער נאַכט געבאָרנ צוויי יונגלעכ".

אָנשטאָט: „אונ איכ בינ פונ הינטנ געבליבנ" — „אונ איכ בינ גע־בליבנ פונ הינטנ".

אָנשטאָט: „דער מאַלעכ האָט די צוויי נעשאָמעלעכ אינ דער גיכ אהער ארײַנגעלאָזט" — „דער מאַלעכ האָט אינ דער גיכ אהער ארײַנגעלאָזט די צוויי נעשאָמעלעכ".

קעדיי צו געבנ א פאַרגאַנצטע פאָרשטעלונג וועגנ שאָלעמ-אליכעמס אַרבעט אויפנ זשאַנר פונ „לידער אינ פּראָזע", דרוקנ מיר איבער די יעניקע מיניאַטיורנ, וועלכע זײַנענ אינ דער איבערגעאַרבעטער אויסגאַבע ניט ארײַנ.

# נעכטנ און הײַנט

וואָס בינ איכ ה ײַ נ ט — דאָס ווייסט איר דאָכ; אָבער וואָס בינ איכ נ ע כ ט נ געווענ?

איכ וועל אײַכ דערציילנ.

לערנענ, שטודירנ, דערגרײַכנ אַ ציל — אָט דאָס האָב איכ נעכטנ געוואָלט. נו, און עסנ? איכ האָב ניט געהאַט וואָס צו עסנ.

בינ איכ געגאַנגענ האָרעווענ; האָרעווענ, פאַרדינענ מײַנ ברויט מיט די הענט. איכ האָב געהאָרעוועט, געהאָרעוועט, פאַרדינט; — נאָר לערנענ, שטודירנ האָב איכ שוינ ניט געקאָנט.

מײַנע אָרעמע ברידער, מײַנע נאָענטע קאָרעוו, מײַנ כאַווער דעמ גוטנ האָב איכ העלפנ געוואָלט. איכ האָב געוואָלט און געוואָלט, — נאָר וויאַזוי האָב איכ העלפנ געקאָנט?

איכ האָב גענומענ אַ מאַשקע פאַרזעצנ, צאָלנ פּראָצענט.

— שוינ זשע וועט איר מיר, רעב זאַלמענ, אַזאַ קלייניקייט ניט גלייבנ? איכ שווער אײַכ בענעמאָנעס... נאַט אײַכ אַ וועקסל... איכ צאָל אײַכ פּראָצענט.

אינ אַ העליש פײַער איז געלעגנ מײַנ קינד. אַכ, האָט דאָס גע־טליעט און געברענט! צומ דאָקטער בינ איכ, נאַטירלעכ, טייקעפ גע־לאָפנ. ווער דאָקטער? וואָס דאָקטער? זײַנ וועט ער אימ-יירצע-האַ־שעמ מ אָ ר ג נ...

— מעל אָפּ שאַבעס, רעב קאַלמענ, מעגט איר מאַטש איינ מאָל מיר גלייבנ; איכ וועל אײַכ דינסטיק אָפּגעבנ מיט דאַנק, בענע־מאָנעס...

און קאָוועד? פרעגט בײַ אַלע געפאַלענע לײַט, וואָס קאָוועד באַ־דײַט? נאָכ קאָוועד גייט אָפּ צומ שלימאַזל!

נאָר דאָס איז אַלצ אַמאָל געווענ; דאָס איז געווענ נ ע כ ט נ; אָבער ה ײַ נ ט?

אָבער ה ײַ נ ט???

נאַראָנימ, צוואַקעס, טונעיאַדצעס, טרוסנ! ווו זענט איר פריִער געווענ? ווו זענט איר נ ע כ ט נ געווענ מיט אײַער אַכטונג, מיט אײַער קרעדיט, מיט אײַער קאָוועד? נ ע כ ט נ האָט איר זיכ באַהאַלטנ. און הײַנט לויפט איר איינס איבערנ אַנדערנ מיר אַקעגנ, נ ע כ ט נ האָט איר מיכ ניט געקאָנט, און ה ײַ נ ט טראָגט איר מיר דעמ שאַלעמ־אַליכעמ אַקעגנ.

— נעמט, נעמט, איכ בעט אײַכ, נעמט, וויפל איר ווילט...

— לאָז מײַנ געלט בײַ אײַכ ליגנ; לאָז עס ליגנ; איר זענט דאָכ מײַנ באַנק, כלעבנ, אַ באַנק...

— איכ וועל בײַ אײַכ זײַנ אַ יאָר־דאָקטער, יעדנ טאָג, יעדנ טאָג; איר האָט דאָכ קליינע קינדער...

— נײַנ, איר מוזט בײַ אונדז זײַנ גאַבע, דעפּוטאַט, פּאַרנעס־כוי־דעש, משלענ, גלאַסנע, דירעקטאָר—סע וועט זיכ אײַכ גאָרניט העלפנ!..

נאראָנים, צוואַקעס, טונעיאַדצעס, טרוסן! אַט אַזוי רעדט איר היינט? אָבער וואָס האָט איר נעכטן געזאָגט?

דערפאַר וועל איך זיך מיט אייך אָפּרעכענען מאָרגן... מאָרגן! מאָרגן! מאָרגן!

## אָח לצרה [1]

(אַ ברודער אין נויט)

צען גוטע ברידער האָב איך געהאַט; צען גוטע פריינט, ליבע פריינט, געטריע, איבערגעגעבענע ביז לעצט.

יעדע סימכע, יעדער אָונט, יעדער יאָמטעוו האָבן זיי באַשיינט מיין הויז, באַצירט מיין טיש.

צום געבורטסטאָג — בוקעטן; צו דער זילבערנער כאַסענע — מאַטאָנעס. צום יובילייום — שיינע לידער, הייסע ווערטער.

אָ, גוטע, גוטע ברידער! אָ, ליבע, ליבע פריינט! וווּ זענט איר? וווּ זענט איר איצטער? איצט, ווען איך בין אַלט, אַלט און קראַנק, קראַנק און אָרעם, אָרעם און עלנט! שוין זשע האָט איר מיך פאַרגעסן, אַלע פאַרגעסן? אַלע? אַלע? אַלע?

— נו, וואָס זשע מאַכסטו עפּעס גוטס?

— אַ־אַ־אַ? דאָס ביסטו, ביניאָמין?

— איך, איך.

דאָס איז געווען איינער און טאַקע נאָר איינער פון מיינע צען גוטע ברידער, פון מיינע צען ליבע פריינט, איינער און דער איינציקער.

איך האָב אים געוואָלט עפּעס זאָגן, דאַנקען, און האָב אים נישט געקאָנט וואָגן נאָרנים. טרערן, טרערן פון פרייד, פון דאַנקבאַרקייט האָבן מיך נישט געלאָזט.

— וואָס זשע וויינסטו, שוטע? — האָט ער צו מיר געזאָגט מיט אַ שמייכעלע, און איך האָב דערזען אויף זיינע אויגן אויך אַ טרער.

— וווּ זענען עלעצ אונדזערע פריינט, ביניאָמין? ווי גייט עס זיי? וואָס מאַכן זיי? וואָס מאַכן זיי?

— עטעט! — האָט ער מיר געענטפערט און האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און איך האָב דערזען אויף זיין האַנט אַ צעריסענעם אַרבל, און איך האָב דערזען, אַז זיין פּאָנעם איז געל ווי וואַקס, זיין שטערן באַליגט מיט קנייטשן, און האָב דערשמעקט דעם „קאַפּצן”, איך האָב דערפילט דעם שלימאַזל, און איך האָב פאַרשטאַנען, ווער סע האָט אים צו מיר געשיקט, וואָס סע האָט אים אַהער געבראַכט...

איך האָב אים פאַרשטאַנען, און ער האָט מיך פאַרשטאַנען, און מיר האָבן פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן, אָן טיינעס, אָן ווערטער...

---

1 אָך לעצאָראָ.

איבער א יערושע, איבער דער יערושע זענען זיי זיך צעגאנגען.

צעגאנגען, צעקריגט, צעשלאָגן — און ס'איז געוואָרן צווישן די צוויי ברידער א מאכלויקעס, א סינע, אף לאנגע־לאנגע יאָרן.

עס איז דער מענטש אף דער וועלט נישט געווען, וואָס זאָל צווישן די ברידער א שאָלעם מאכן; עס איז אף דער וועלט די סימכע ניט געווען, וואָס זאָל די ברידער צונויפירן; עס איז אף דער וועלט די צאָרע, דער אומגליק נישט געבאָרן, וואָס זאָל די ברידער איבערבעטן.

נאָך מער. זייערע קינדער זענען צווישן זיך סאָנים געווען, ראמסאָנים.

נאָך מער. זייערע אייניקלעך האָבן זיך נישט געקאָנט נאָווידיען, אָנקוקן איינער דעם אנדערן.

פלוצלים איז דער עלטערער ברודער שטארק אראָפּגעפאלן געוואָרן בא זיך.

וואָס איז די מייסע?

אן אלטער מאן, וואָס איז אלט אזוי פ י ל, וויפל די וועלט איז אלט, און מיט וועלכן מיר וועלן זיך אלע מוזן באקאָנען, איז געקומען צו אים און האָט אים אָנגעקלאפּט מיטן שטעקן אין דער טיר ארײַן: „גרייט זיך צון גרייט זיך צון..“

דאָס איז געווען דער אלטער, דער געוויסער אלטער, וואָס מע רופט אים „טויט“.

די דרײַ ווערטער, די דאָזיקע דרײַ ווערטער: „גרייט זיך צו! גרייט זיך צו!“ זענען אים רעכט ארײַן אין נאָז ארײַן.

און ער האָט געטאָן אלעס, וואָס ער האָט באדארפט; אָנגעשריבן א צוואָע, זיך געזעגנט מיט די קינדער, מיט די קינדס־קינדער, אָפּגעזאָגט ווידוי, ווי עס קער צו זײַן, און...

און האָט געשיקט רופן צו זיך דעם יונגערן ברודער, מיט וועלכן ער האָט שוין ניט גערעדט פון א יאָר פופציק, אָדער מער.

— נו? וואָס מאכסטו, וועלוול?

— זעסט זיך, בערל... איך האָב געשיקט נאָך דיר.

— געשיקט? און אליין וואָלט איך דען ניט געקומען?

— איך האָב געמיינט, אז דו ביסט אף מיר...

— בערויגעז? כאס־ושאָלעם! פארקערט, איך האָב גערעכנט, אז דו...

— אז איך? וואָס האָב איך צו דיר? אדעראבע, טאָמער האָסטו?

— איך? לאכלוטן גאָרנישט! לאכלוטן גאָרנישט!

און דער אלטער, דער געוויסער אלטער, וואָס איז אלט אזוי פיל, וויפל די וועלט איז אלט, יענער אלטער, וואָס מע רופט אים „טויט“, — נאָר „ער“ אליין האָט געקאָנט צונויפירן די צעקריגטע

ברידער, נאָר „ער“ אליינ האָט צווישנ זיי א ש אָ ל ע מ געמאכט, א שאָלעמ לאורך-מימ 1, א שאָלעמ אפ אייביק, אפ אייביק.

## היט זיכ פאר גאנאָווימ!
## (Остерегайтесь воров!)

די דאָזיקע צוויי ווערטער זענענ אָנגעצייכנט אפ א גרויסנ וואָקזאל פונעמ NN־ער אײַזנבאנ; די דאָזיקע צוויי ווערטער שײַנענ אויבנאָנ, אזוי ווי עפּעס רעכטס.

סע פארשטייט זיכ, אז באַ אָט אזעלכע אומשטענדנ היט זיכ יעדער די קעשענע.

איכ האָב זיכ געײַלט, איכ האָב זיכ געשטופּט אינ דער מאסע, אינ דער הושטשע. אונ האָב אפ א מינוט פארגעסנ דעמ וווּנדערלעכנ אויפשריפט.

איכ האָב דערפילט א פרעמדע האנט באַ זיכ אינ קעשענע; איכ האָב זי מיט מײַנ האנט אָנגעכאפּט אונ האָב אָנגעטאפּט א קאלטע, א נאסע, אנ אויסגעדארטע האנט. איכ האָב זיכ אומגעקערט אונ האָב דערזענ...

איכ פיל זיכ ניט בעקויעמ צו באשרײַבנ דעמ פּאָנעמ, דעמ ראכמאָנעס־פּאָנעמ, דאָס געלע, אויסגעווייקטע געזיכט פונעמ אומגליקלעכנ, אָפּגעריסענעמ עווייענ.

איכ קאָנ אײַכ נאָר זאָגנ דאָס, אז א קוק טוענדיק אימ אינ פּאָנעמ ארײַנ, האָט זיכ מײַנ האנט אליינ געעפנט אונ האָט ארויסגעלאָזט די אָנגעכאפּטע קאלטע, נאסע, אויסגעדארטע האנט; — אזוי פיל רירנד איז זײַנ אויסזיכט געווענ, אזוי אָרעמ, אזוי זשאלקע האָט ער אויסגעזענ.

אונדזערע אויגנ האָבנ זיכ באגעגנט, אונ איכ וועל זײַנ קוק, זײַנ פײַערדיקנ קוק נישט פארגעסנ קיינמאָל.

איכ האָב אופגעעפנט מײַנ בײַטעלע אונ האָב אימ אויסגעצויגנ א מ א ט ב י י ע. די מאטבייע האָט ער אונטערגעכאפּט מיטנ זשאדנאָסט פונ א הונגעריקנ הונט אונ האָט מיר אָנגעוויזנ מיטנ פינגער אפנ אויפשריפט: Остерегайт сь воров!

איכ האָב פארשטאנענ, אז דאָס איז געווענ פונ זײַנ זײַט א דאנק פאר דער נעדאָווע.

1 לעוירעכ־יאָמימ.

## איך וועל זיך אָנ דיר נויקעמ זײַנ!

איך האָב געקאָנט אַנ אַלטנ־אַלטנ ייִדנ. מע האָט געזאָגט, אַז ער איז מער אַלס הונדערט יאָר אַלט געווענ.

איך בינ זײַנער אַ שאָכנ געווענ; איך האָב אַפ צענ יאָר בײַ אימ די דירע געדונגענ.

ווי אַ שאָכנ, האָב איך שטענדיק כעסרוינעס געזוכט.

ווי אַ באַלעבאָס, האָט ער טאָמיד צו מיר טײַנעס געהאַט.

מיר האָבנ זיך צעקריגט.

— וואַרט צו! — האָט ער צו מיר געזאָגט, — וואַרט צו! לאָז נאָר איבערגײנ די צענ יאָר, וועל איך זיך מיט דיר רעכענענ, וועל איך זיך אָנ דיר נויקעמ זײַנ!

---

## אַפ ווידערזעענ!

„אַפ ווידערזעענ!” האָט ער אונדז געזאָגט און האָט זיך אָפּגע־זעגנט מיט אונדז אַפ טאָמיד, אַפ אײביק.

אַפ ווידערזעענ! До свидания! — האָט ער מיר געזאָגט.

אַ מײַמינ איז ער געווענ, ער האָט געגלייבט ביז דער לעצטער מינוט; ער האָט געגלייבט; ער האָט מיט עמונע, מיט ביטאָכנ גע־לעבט, און איז מיט עמונע, מיט ביטאָכנ געשטאָרבנ.

איך האָב אימ מעקאַנע געווענ, מעקאַנע געווענ.

אַזוי רויק, אַזוי אײנפאַך איז ער געווענ, גײענדיק אינ אַזאַ ווײַטנ וועג אַרײַנ, פונ וועלכנ קײנ רײזנדער האָט זיך נאָך צוריק ניט אומ־געקערט.

מיר אַלע, וואָס זענענ אַרומ אימ געווענ, אַלטע, גראָע לײַט, וואָס זענענ אַלע שוינ געשטאַנענ מיט אײנ פוס אינ קייווער, האָבנ זיך גע־צווייפלט אינ דעמ, אינ וועלכנ ער איז געווענ אַזוי פאַרזיכערט.

אַ מײַמינ איז ער געווענ. ער האָט געגלייבט ביז דער לעצטער מינוט; דרומ איז אימ געווענ גרינגער צו שטאַרבנ, ווי אונדז — לעבנ; דרומ האָט ער אונדז געזאָגט „אַפ ווידערזעענ”, און מיר?..

מיר האָבנ אימ אויך געמוזט דאָס זעלבע זאָגנ, בײַכדיי ער זאָל קײנ יעסורימ ניט האָבנ; אָבער וואָס האָבנ מיר אינ האַרצנ געטראַכט?

— אַ פ ו ו י ד ע ר ז ע ענ! — האָט ער אונדז געזאָגט און האָט צו־געמאַכט די אויגנ אַפ טאָמיד, אַפ אײביק.

---

## אומגליק

— איך בינ מער אומגליקלעכ פונ דער גאַנצער וועלט! אַלע מו־טערס האָבנ קינדער, און די קינדער האָבנ וואָס צו עסנ; נאָר איך, נעבעכ, בינ מער געשטראָפט פונ אַלעמענ. איך דאַרף הערנ, ווי דאָס קינד שרײַט „ברויט, מאַמע, ברויט!” און מוז שווײַגנ... איך דאַרפ זענ, ווי דאָס קינד מוטשעט זיך, ווי דעמ קינד עקט זיך דאָס

לעבן פון הונגער, פון קעלט — און איך זע דאָס, און העלפן קאָן איך ניט, און לעב אויף דער וועלט! — ווי איז מיר, ווינד איז מיר! צו וואָס דאַרף מען זיך מוטשען אויף דער וועלט? איז דען ניט בעסער דער טויט?

— איך בין מער אומגליקלעך פון דער גאַנצער וועלט! אַלע מיידלעך, אַלע ווײַבלעך גייען היינטיקן טאָג שפּאַצירן אויף דער באַרדיטשעווער גאַס אין די נײַע קליידלעך פון דער היינטיקער מאָדע, און איך, נעבעך, דאַרף זיצן אַ גאַנצן טאָג פֿאַרשלאָסן, ווי אין אַרעסטאַנט, און איבער וועמען? איבער דאָוויד דעם שנײַדער, אַ מיסע־משונה זאָל קומען אויף אים און אויף אַלע שנײַדערס אויף דער וועלט, וואָס זאָגן צו מאַכן דאָס קליידל אויף יאָמטעוו און מאַכן ניט!.. ווי איז מיר, ווינד איז מיר! צו וואָס דאַרף מען גאָר לעבן אויף דער וועלט? איז דען ניט בעסער דער טויט?

---

## לאָז זײַן מאָרגן

די דאָקטוירים האָבן אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, אָפּגעזאָגט.

ער מוז שטאַרבן: גאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג — ער מוז שטאַרבן, ער דאַרף שטאַרבן, ער וועט שטאַרבן.

הערן האָט ער דאָס ניט געהערט; נאָר פֿאַרשטאַנען האָט ער דאָס זייער גוט — נאָך דעם דאָקטערס מינע, נאָך אונדזערע אַראָפּגעלאָזטע בעזער.

מיר האָבן אים צוגערייט, צוגערעדט, אַז ער זאָל, יעדנפֿאַלס, אַ ראַספּאָראַזשעניע לאָזן, אַ צוואָע שרײַבן. מיר האָבן אים געזאָגט:

— פֿאַרשטייט איר?.. אַ מענטש... ווי זאָגט מען... באַ גאָט איז אַוואַדע אַלעס מעגלעך... דאָך... פֿאַרשטייט איר?.. מע דאַרף זען...

— לאָז זײַן מאָרגן.

און ער האָט אונדז פֿאַרשלאָגן האַקן־באַקן, און מיר האָבן געפּלאַפּלט קעסיידער דוואָרים־בעטילים. ס'איז אים געגאַנגען ערגער און ערגער. מיר האָבן ווידער געפּרוווט רעדן.

— מיר האָבן געוואָלט מיט אײַך רעדן מיקויעך...

— לאָז זײַן מאָרגן.

— פֿאַרשטייט איר? מע מוז הײַנט... איר זעט דאָך אַליין, אַז...

— לאָז זײַן מאָרגן.

וועגן אַלץ אויף דער וועלט האָט ער מיט אונדז גערעדט; אַלץ אויף דער וועלט האָט ער מיט געדולד אויסגעהערט; נאָר וועגן איין זאַך האָט ער ניט געוואָלט רעדן; נאָר פֿון איין זאַך האָט ער ניט געוואָלט הערן, — און די דאָזיקע זאַך איז געווען צו אים נעענטער פֿון אַלע זאַכן אויף דער וועלט; דאָס וואָרט „טויט" האָט מען בישט געטאָרט אים דערמאָנען.

— לאָז זײַן מאָרגן! — האָט ער געזאָגט אַ שאָ פֿאַרן טויט.

# לידער אינ פראָזע

אינ די יאָרנ 1892 — 1898 האָט שאָלעמ־אַלייכעמ פּאַ־רעפּנטלעכט אפּ רוסיש 20 מיניאַטיורנ אונטערנ אלגעמיינעמ נאָמענ „לידער אינ פּראָזע“. א טייל פונ זיי זײַנענ איבערזעצונגענ פונעמ „בינטל בלומענ“. 10 פונ זיי זײַנענ אינ יידיש קיינמאָל ניט דערשינענ. מיר דרוקנ זיי דאָ אינ ש. ראָסינס איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרנ פאַר אונדזער אויסגאַבע.

## מיט וואָס האָט ער געהאַנדלט

אינ אַנ אָרעמ שטיבל, בײַ זײַער טרויעריקע אומשטענדנ, האָט שטיל געצאַנקט דעמ דיכטערס לעבנ.

אַנ עלנטער, א באַשיידענער, האָט ער ניט געוווּסט פונ רומ, פונ־דעסטוועגנ, האָט ער זײַנ גאַנצ לעבנ זיכ געמיט לעטוווּאָס דער לי־טעראַטור פונ זײַנ פאָלק אונ האָט זיכ אָפּגעגעבנ מיט לײַב־אונ־לעבנ זײַנ שאַפונג. וויטעקנדיק פאַר זײַנ געליבט פאָלק, האָט ער אינ אימ געוועקט די שענסטע געפילנ.

שטיל אונ טרויעריק האָט זיכ געצויגנ די לעווײַע איבער די לייי־דיקע געסלעכ פונ אונדזער פאַרוואָרפנ שטעטל.

— ווער איז דאָס געשטאָרבנ? — האָט מיכ א פרעג געטאָנ איינער פונ די, וואָס איז נאָכגעגאַנגענ נאָכ דער לעווײַע, דער יוסטער באַלעבאָס, רעב נאַכמענ ביאַלע.

איכ האָב אימ אָנגערופנ דעמ נאָמענ פונעמ פאַרשטאָרבענעמ פּאָעט.

— המ... אַנ אומבאַקאַנטער נאָמענ, — האָט א זאָג געטאָנ א פאַרכידעשטער רעב נאַכמענ, — גאָר אַנ אומבאַקאַנטער נאָמענ... אונ מיט וואָס האָט ער געהאַנדלט?

## אָט א פרעכער יונג!

אינ איינעמ א שיינעמ זומער־אָוונט האָט זיכ אפּ דער הויפּט־גאַס פונ א גרויסער שטאָט לאַנגזאַמ באַוועגט אַנ אויסגעפּוצטער אוילעמ לייידיקגייער. וויפל גלאַנציקע צילינדערס, וואָס פאַרא מעשונעדיקע דאַמענ־טואַלעטנ, שירעמס, פעכער, דאַמענ־היט — א גאַנצער יאַמ קאָלירנ!

אינ דער זעלבער צײַט האָט עפּעס איינער אַנ אָרעמ־געקליידטער יונגערמאַנ, וואָס האָט זיכ מיט די עלנבויגנס דורכגעשלאָגנ א וועג, זיכ געסטאַרעט מיט אַלע קויכעס דורכצורײַסנ זיכ דורכ דער געדיכטעניש פונ די אויסגעפּוצטע לייידיקגייערס.

— אָט א פרעכער יונג! — האָבנ געטײַנעט די אויסגעפּוצטע לייידיקגייער. זיי זײַנענ מיט שרעק אָפּגעגאַנגענ אינ א זײַט אונ דורכגע־

לאָזנ דעם „פרעכנ יונג״. און קיינעם איז גאָר ניט איינגעפאַלנ ארײַנצוקוקנ אינעם אויפגערודערטנ, ווײַט ניט קיינ פרעכנ פּנעם פונעם „פרעכנ יונג״.

קיינעם איז ניט אײַנגעגאַנגענ, וואָס עס קומט פאָר אינ דער נעשאָמע פונ אָט דעם אָרעמענ יונג. קיינער האָט ניט געקאָנט וויסנ, וואָס יאָגט עס אים אַזוי פאָרויס: עפּעס א טיפער צאַר אָדער א גרויסע פרייד? עפּשער לעשט זיכ אינ דער רעגנ אויס דאָס טײַערע לעבנ פונ זײַנעם א נאָענטנ, ליבהאַרציקנ פרײַנט, און ער קאָנ יעדער רעגנ פאַרשפּעטיקנ מיט זײַנ לעצטנ געזעגנונגס־וואָרט? עפּשער האָט ער געאײַלט אפ א באַגעגעניש מיט זײַנ געליבטער, וואָס פונ איר הענגט אָפ זײַנ גאַנצ לעבנ? עפּשער האָט זיכ דאָס רעדל פונ גליק א דריי געטאָנ אינ זײַנ זײַט און ער האָט באַקומענ אָט דאָס זעלטענע געפינס, וואָס טויזנטער־טויזנטער מענטשנ גאַרנ נאָכ דעם? קאָנ זײַנ — און דאָס איז וואַרשײַנלעכער פאַר אַלצ — אַז ער האָט אָפּגעהאָרעוועט א גאַנצנ טאָג פונ באַגינענ אָנ, האָט פאַרדינט אפ ברויט און אפ טיי, און אײַלט געבנ אַהיים; ווו עס וואַרט אפ אים א קראַנקע פרוי, אַנ אַלטע מאַמע און הונגעריקע קינדער, וואָס בעטנ ברויט? ס׳קאָנ זײַנ... אָבער דער אוילעם אויסגעפּוצטע ליידיקגייער טראַכטנ ניט פונ דעם, זיי קערנ זיכ אָפּ מיט שרעק און לאָזנ דורכ דעם „פרעכנ יונג״.

.1892

# מיר גייענ צום האַפנ

(פונ דער נאַטור)

דער לערער פונ די ערשטע קלאַסנ איז אינ טאָכ געווענ א גוטער און אַנ אָרנטלעכער מענטש מיט א שיינער נעשאָמע, און צו זײַנע קלײנינקע טאַלמידים האָט ער זיכ באַצויגנ מיט זעלטענער ליבשאַפט און מיט א בעעמעס ריכטיקער צאַרטקייט. ער איז אָבער געווענ א קײַסנ, א מענטש א נערוועזער, וואָס גיט מיטאַמאָל א פלאַקער אופ, ווי א שוועבעלע, לעשט זיכ פונקט אַזוי שנעל אויס און כאַפּט זיכ אופ דערנאָכ מיט כאַראָטע אינ האַרצנ. זיכ באַרויִקט, פלעגט ער שטאַרק כאַראָטע האָבנ אפ דעם.

איינמאָל, אינמיטנ לערנענ, עפנט זיכ די טיר, און עס קומט ארײַנ אינ קלאַס א נעבעכדיק, שוואַכ קלײנ נעפעשל, אַנ אָפּגעריסענס און אָפּגעשליסנס מיט א קלומיק אָנשטאָט א רענצל אפנ פּלייצע. דער אָרעמער שילער בלײַבט שטיינ מיט א דערשראָקנ פּנעם באַם שוועל און ווערט עפּעס ווי פאַרגליווערט אפנ אָרט. דער לערער ווערט אויסער זיכ פונ קאַעס. ער רעדט אים אויס און זאָגט אַפילע צו אים אויסשליסנ פונ קלאַס, אָבער אַז ער דערזעט טרערנ אינ די אויגנ פונעם אָרעמענ יינגל (ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגנ קיינ טרערנ), זאָגט דער לערער ווייכ, ווי געוויינלעכ:

— נו, גוט, זעצט זיכ. דאָס מאָל בינ איכ אײַכ, פאַרשטייט זיכ,

מויכל. זאָגט מיר נאָר, פאַרוואָס פאַרשפּעטיקט איר אָפטער פאַר אַלעמען און פאַרוואָס האָט איר הײַנט פאַרשפּעטיקט?

— מיר... איך... דאָס הייסט מײַן פאָטער איז א שוואַרצאַרבע־טער, — פאַרענטפערט זיך דער קלייניטשקער פאַרברעכער, — פאַרטאָג גייען מיר צום האַפן.

— איר גייט צום האַפן? וואָס זשע הייסט עס? איך בעט אײַך, איך פאַרשטיי עפּעס ניט. איך בין... אי... איבעראַשט! איך בין געפּלעפט!

אַלץ הייסט! דער לערער האָט אויש אויסגעטאָן די ברילן און צענומען די הענט פון פאַרכידעשטקײַט.

— הייסט עס, איר גייט צום האַפן?

— יאָ, ווען עס איז פאַראַן אַרבעט.

— נו, גוט! אָבער דער אַרבעטער איז דאָך, ווי איר זאָגט, אײַער פאָטער?

— יאָ, דער פאָטער. ער איז אָבער א שטומער, דאָס הייסט, מײַן פאָטער איז א טויב־שטומער. ניט אַלע פאַרשטייען, וואָס ער רעדט... רייד איך זיך צונויף, און ער אַרבעט.

1892.

## ווער פון זיי בײדע

(געווידמעט אַן אומבאַקאַנטער)

פאַרביטערט פון צאָרעס, נויט, הונגער, קעלט, שלעפנדיק קוים די פיס, האָט זיך א פאַרשטויסענער מענטש דערשלעפּט צום ברעג פון א פאַרפרוירענעם טײַך, און, איבערגעגעבן זײַן נשמה אין גאָטס רשות, האָט ער זיך אָנגעבויגן איבער א פּאָלאָנקע, קעדיי דאָרט אָפּצ־דעקן פון דעם דורכזיכטיקן וואַסער פאַטער ווערן איינמאָל פאַר אַלע־מאָל פון פּײַן און יעסורים און עפּשער מאַקע דאָרטן געפינען רו פאַר זײַן קראַנקער נשמה... פּלוצעם אָבער האָט ער דערפילט אַף זיך עמעצנס א האַנט און האָט זיך אומגעקוקט. קעגן אים איז געשטאַנען א מענטש מיט א שמייכלענדיק זעלבסטצופרידן פּנים.

— גאָט איז מיט דיר, וואָס ווילסטו טאָן?

און מע האָט אים ערגעץ אַוועקגעפירט... און א שיר פיגורן האָבן געשווינדלט פאַר אים. מע האָט אים עפּעס אויסגעפרעגט, געוואָלט עפּעס דערוויסן זיך בא אים. ער האָט עפּעס געפּלאָנטערט געענט־פערט. דער נײַגיריקער אוילעם האָט אים טעמפּ באַטראַכט, נאָר אים האָט עס לאַכלומען ניט געאַרט, און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אויך ער הערט באַגלײַך מיט אַלעמען, וואָס עס דערציילט דער זעלבסטצו־פרידענער מענטש, ניט וועגן אים, נאָר וועגן עמעצן און אַנדערן, וואָס געפינט זיך דאָ, וועמען ער זעט פּונקט ווי אַלע איבעריקע. און ער הערט זײַן אייגן קאָל, אים דאַכט זיך, אַז דאָס רעדט ניט ער, נאָר עמעצער אַן אַנדערער. און פּלוצעם דערמאַנט ער זיך, אַז מיט אים האָט

עפעס געזאָלט פאַסירנ, נאָר ס'האָט ניט פאַסירט. פאַרוואָס? אונ דאָס באַוווּסטזײַנ האָט זיכ אומגעקערט צו אימ, אונ ס'האָבנ זיכ צו אימ מיטאַמאָל צוריקגעקערט אויכ אַלע איבעריקע קושימ — אונ דער אומגליקלעכער האָט גענומענ ציטערנ מיטנ גאַנצנ גופ. זײַנ פּאַנעמ האָט אויסגעדריקט יעסורימ, זײַנע אויגנ האָבנ ווי געטײַנעט: „פאַרוואָס, פאַרוואָס האָט איר מיכ ניט געלאָזט שטאַרבנ?..” אונ דער נײַגיריקער אוילעמ האָט טעמפ געקוקט אַפ אימ, אונ דער מענטש מיטנ זעלבסטצופרידענעמ פּאַנעמ האָט נאָכ אַלצ מיט גרויס האַנאָע גענוי אונ פריילעכ באַשריבנ זײַנ העלדנטאַט, אונ עס איז ניט קאַנטיק געווענ, אַז עמעצער זאָל כאָטש אַפ איינ רעגע זיכ פאַרטראַכטנ, וויאַזוי קומט מענ צוהילפ דעמ דאָזיקנ מענטשנ אינ זײַנ אומגליק.

נאָר אָט איז אַרויס פאַרויס עפעס א פיגור, — דאָס איז געווענ א פרוי. זי האָט אימ צערטלעכ אַרײַנגעקוקט אינ די אויגנ, אָנגענומענ אימ בײַ דער האַנט, אונ ער האָט דערפילט פונ דעמ דאָזיקנ בליק אונ פונ דער דאָזיקער האַנט, ווי עפעס א וואַרעמקײַט צעגייט זיכ איבער אַלע גלידער פונ זײַנ דורכגעפרוירענעמ גופ. ער איז מיט איר אַוועק; זי האָט אימ אַרײַנגעפירט אינ איר ליכטיקער וואַרעמער היימ. זי האָט אימ געגעבנ עסנ. ער האָט דאָרטנ דערוואַרעמט זײַנע פאַרפרוירענע אייווערימ אונ האָט דערהערט ווערטער, וואָס האָבנ געטרייסט זײַנ נעשאָמע. אונ דער אומגליקלעכער מענטש האָט ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנענ, וואָס פאַר אַנ אומזיניקנ שריט ער האָט פאָרגענומענ, וואָס פאַר א גרויסע זינד ער האָט געוואָלט אַפ זיכ נעמענ, אונ ער האָט זיכ צעוויינט.

— וויינ, וויינ זיכ אויס, — האָט אימ די פרוי געזאָגט, — דערפונ וועט דיר לײַכטער ווערנ אַפנ האַרצנ. איכ בינ זיכער, אַז מער וועט דאָס ניט געשענ. דו ביסט אָרעמ, דאָס איז עמעס, אָבער די נאַטור האָט דיכ באַשאָנקענ מיט געזונט אונ מיט קויעכ, אונ דו קענסט אַרבעטנ. גוטע מענטשנ וועלנ דיר אינ אַרבעט ניט אָפזאָגנ.

אונ זי האָט קיינ טאָעס ניט געהאַט: מענטשנ האָבנ גענומענ א בײַשפיל פונ איר, אונ מע האָט אימ געגעבנ אַרבעט אונ אַרבעט.

.1893

# דאָס לעצטע שפּיצל

אַפ כאַסענעס האָט קיינער ניט געקענט אַזוי פאַרווײַלנ אונדזער אָרעמענ, פאַרומערטנ אוילעמ, ווי דער אַלטער הויקער רעב פײַוול באַדכנ פונ מאַזעפעווקע.

אַנ אויסגעצייכנטער טענצער אונ א פּראָפעסאָר פונ שאַרפזיניקע קופּלעטנ, באַשאָנקענ פונ דער נאַטור מיט א קאָמיש, באַוועגלעכ פּאַנעמ, האָט ער נאָכ דערצו פאַרמאָגט זײַנ אייגנס א פּאָר קונצנ פונ דער „שוואַרצער אונ ווײַסער מאַגיע” אונ האָט אויסגעצייכנט נאָכגעמאַכט די שטימ פונ מענטשנ אונ די קלאַנגענ פונ באַלעכאַיִמ.

זײַנ רעפּערטואַר איז אָפּטמאָל באַשטאַנענ אויכ פונ קײַנע גלאָז, שלינגענ טעלער און פונ פיל אַנדערע װוּנדערלעכע קונצ־שטיק.

אָבער דעמ אומשטערבלעכנ רומ פונ א שװישפּילער האָט ער דערגרײכט מיט אַזאַ קונצ: ער פלעגט זיכ אויסציִענ אױפנ דיל, פאַרגלאָצנ די אויגנ און פלעגט שטאַרבנ אַזוי נאַטירלעכ, אַזוי עמעסדיק, אַז עס האָט אימ בעעמעס געמעגט מעקאַנע זײַנ אַפילע סאַרא בערנאַר אַלײנ.

אינ אַזאַ מינ צושטאַנד האָט ער, דאַכט זיכ, געקאָנט, ניט א ריר צו טאָנ מיט קײנ אײװער און ניט קײנ ציטער צו טאָנ מיט קײנ אויג, אָפּליגנ א גאַנצע אײביקײַט.

קײנ שומ שטויסנ, קײנ שומ סטוסאַקעס און אַפילע א שטאָכ מיט א שפּילקע האָבנ אימ ניט געקאָנט אָפּמינטערנ.

דערנאָכ פלעגט ער זיכ פּלוצעמ דערלאַנגענ א שטעל אופ און פלעגט זיכ פאַרגײנ אינ א לאַנגנ, קלינגענדיקנ געלעכטער, װאָס פלעגט ביסלעכװײַז און אומבאַמערקט אַריבערגײנ אינ א געװײנ און געיאָמער, און דערנאָכ װידער ביסלעכװײַז אַריבער אינ אַנ אָנשטעקנדיקנ געלעכטער. אַזוי האָט ער פרײלעכ געמאַכט און אופגערודערט אונדזער אָרעמע און שטענדיק פאַרומערטע אוילעמ.

איז אָט האָט ער אײנמאָל אָפּ א כאַסענע, װוּ ער איז געװענ אײַנגעלאַדנ, באַװיזנ זײַנ קונצ פונ שטאַרבנ.

אונטער די קלאַנגענ פונ דער שטיל יאָמערנדיקער פידל, אונטער דעמ טרויעריקנ געװוי פונעמ קװיטשענדיקנ קלאַרנעט און מעלאַנכאָלישנ געפּיפּס פונ דער פלײט האָט דער צעהוליעטער אוילעמ געטאַנצט, געררויִשט, געװילדעװעט ביז די לעצטע קויכעס.

עס איז שוינ, דאַכט זיכ, אַריבער א היפּש שטיקל צײַט, און אונדזער רעב פּײַװול, װאָס האָט אויסגעהאַלטנ אָנ א שיר סטוסאַקעס און שטעכעניש פונ שפּילקעס, איז נאָכ אַלצ געלעגנ אומבאַװעגלעכ, פּונקט װי א טויטער.

דעמאָלט איז עמעצנ אײַנגעפאַלנ אָפּגיסנ אימ מיט קאַלט װאַסער.

דאָס מיטל האָט געװירקט... אָבער ניט אַפנ באַדכנ, נאָר אַפ אונדז: מיר האָבנ לאַנג און א סאַכ געלאַכט.

און דער אָרעמער שװישפּילער איז נאָכ אַלצ געלעגנ אומבאַװעגלעכ און איז אַזוי אָפּגעלעגנ א גאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי...

אינדערפרי האָט מענ אימ מעקאַבער געװענ.

1892.

## דער ערשטער ליגנ

אינ רעכטנ בלי פונ די יאָרנ איז געשטאָרבנ מײַנ מוטער. אָ, װי אומגליקלעכ מײַנ פאָטער איז געװענ. ער איז גרײט געװענ גײנ נאָכ איר אינ קײװער אַרײַנ. עס איז אָבער נאָכ ניט אַװעק קײנ האַלב יאָר אַפילע — און מײַנ אָרעמער פאָטער האָט זיכ באַרויִקט. ער האָט אָנגעהויבנ אַלצ אָפטער און אָפטער פאַרפאַלנ װערנ ערגעצ, און אָט

האָט ער סאָפּקאָלסאָפּ מיכ באַקענט מיט עפּעס א פרעמדער פרוי און זיכ געווענדט צו מיר שטרענג האַרציק, ווי עס פּאַסט פאַר א פאָטער:

— אָט דאָס איז דײַנ מוטער. דו דאַרפסט זי ליב האָבנ, דו הערסט? איאָ, דו האָסט זי ליב?..

אופגעציטערט האָט מײַנ קינדערש האַרצ, און אופגעבראַכט בינ איכ געוואָרנ ביז די טיפעניש פונ מײַנ נעשאָמע.

מיר האָט זיכ שטאַרק געוואָלט אויסשרײַענ, אַז אַלע זאָלנ הערנ: „ניינ, כ'האָב ניט ליב, ניט ליב, ניט ליב!"

— יאָ, — האָב איכ שטיל, קוים צו הערנ א זאָג געטאָנ און בינ אַנטלאָפנ, ציטערנדיק אינגאַנצנ פונ פאַרדראָס און צאָרנ. „דו ביסט א ליגנער, — האָב איכ זיכ אַליינ געזאָגט, — דו ביסט באַגאַנגענ די שרעקלעכסטע אַוויירע!"

און כ'האָב מיכ דערמאַנט, וואָס מײַנע כאַווײרים די קינדער האָבנ געזאָגט וועגנ דער דאָזיקער שרעקלעכער אַוויירע. און כ'האָב מיכ דערמאַנט אינ דער מוירעדיקער שטראָף פונ גאָט, וואָס א ליגנער קומט, און איכ בינ א פאַרציטערטער געוואָרנ, און האָב פּײַנט באַקומענ זיכ אַליינ. אַזוי שטאַרק האָט מיכ דערשיטערט מײַנ ערשטער ליגנ.

אָבער אַזוי קאָנ דערשיטערנ נאָר דער ערשטער ליגנ.

.1892

# די געלע מאַסקע

ס'איז געווענ אָונט. דער פראַכטפולער סאַלאָנ האָט זיכ געטוקט אינ א יאַם פײַערנ. עס זענענ זיכ צונויפגעפאָרנ די געסט. עס האָט זיכ צעהילכט די מוזיק. די קלאַנגענ פונ קאַדרילנ האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ מיט די פרייִלעכע שמועסנ און מיטנ געלעכטער פונעם גליקלעכנ, זאָרגלאָזנ עוילעם. אַלצ האָט דאָ געשמייכלט, אַלצ האָט געאָטעמט מיט גליק פונ צופרידענע מענטשנ. פּלוצלינג קומט אַרײַנ עפּעס א מעשונעדיקע פיגור. אינגאַנצנ אינ געלנ געקליידט מיט א געלנ דעקטוכ אויפנ פּאָנעם, האָט זי, טרייסלענדיק מיטנ העסלעכ-געלנ מיצ, זיכ אַוועקגעשטעלט אינ די רייענ פונ די טאַנצנדיקע פּאָרנ. און פּלוצעמ איז פאַרשוווּנדנ די פרייִלעכע מונטערקײַט פונעם גליקלעכנ, זאָרגלאָזנ עוילעם. און ס'איז אַלעמענ געוואָרנ עפּעס אַזוי מאָדנע אומהיימלעכ, עפּעס אַזוי ביטער שלעכט, פּונקט ווי עפּעס א געהיימע האַנט וואָלט אָנגעגאָסנ סאַם אינ זייערע הערצער. און אָנשטאָט דער פריערדיקער נאַטירלעכער פרייִלעכקײַט איז געקומענ עפּעס א נײַע לאַקריצ-זיסע העפלעכקײַט, צוויִעס און כניפע. און אָנשטאָט דעם פריערדיקנ גוטמוטיקנ שמייכל האָט זיכ אויף זייערע ליפּנ באַוויזנ א נײַער, א גיפטיקער שמייכל און ס'האָבנ זיכ גענומענ סוידענ צווישנ זיכ די העפלעכע געסט מיט די ליבע דאַמענ, באַריידנדיק די איבעריקע געסט און וואַרפנדיק גיפטיקע שטעכווערטלעכ איינע די

אנגערע. באמערקט די צערודערונג, וואָס דער אומגעבעטענער גאסט האָט ארויסגערופנ, האָבנ די פארשעמטע באַלעבאַטימ געוואָלט וויסנ, ווי ער הייסט. אונ די געלע מאַסקע האָט צו זיי געזאָגט:

— איכ בינ — קינע, די אומפאַרמײַדלעכע באַגלייטערנ פונ גליק.

.1892

## דער „גאזלענ"

אזוי רופ איכ אימ אָנ, בעשאַס מיר קומט אויס צו רעדנ מיט אימ; אזא איז ער געווענ אינ דער עמעסנ.

אינ זײַנ אכזאָריעסדיקײַט, וואָס האָט פונ קיינ ראכמאָנעס ניט גע־ווּסט, איז ער געווענ דערפינדעריש, ביז ווירטואָזקײַט, אונ די קאַלט־בלוטיקײַט, מיט וועלכע ער האָט דורכגעפירט די אָפטע עקזעקוציעס איבער אונדזערע יונגע לײַבער, איז זיכ שווער פאָרצושטעלנ.

קיינ סימענ פונ קאַס אָפ זײַנ קאַלט פּאָנעמ, אָדער אינ זײַנע אויס־געלאָשענע אויגנ, קיינ מינדסטער סימענ פונ אופגערייצטקײַט אינ זײַנע באַוועגונגענ, — פונקט ווי ער וואָלט אָפּגעריכט א הייליקע אַוודע.

אָ, ווי גרויס איז געווענ אונדזער פאַראַכטונג צו דעמ דאָזיקנ דעספּאָט!

איכ דאַרפ נאָכ צוגעבנ, אז עס האָבנ זיכ בא אונדז געשאַפנ וועגנ אימ קאַלערליי לעגענדעס, איינע שרעקלעכער פאַר דער אַנדערער.

מע האָט, אשטייגער, דערציילט, אז ער האָט מעקאַבער געווענ דרײַ ווײַבער איינע נאָכ דער אַנדערער, פאַרלאָרנ אלע קינדער, אונ האָט ביכלאַל איבערגעטראָגנ אזויפיל אומגליקנ, וואָס קיינער אָפ זײַנ אָרט וואָלט עס ניט אימשטאַנד געווענ איבערצולעבנ; אונ פונדעסטוועגנ האָט אימ קיינער קיינמאָל ניט געזענ וויינענ, אונ קיינער האָט קיינמאָל ניט געהערט, ער זאָל זיכ קלאָגנ אָפ זײַנ בעעמעס טרויעריקנ מאַזל. וועגנ זײַנע פּײַניקונגענ אונ רעציכעס האָט מענ צווישנ אונדז, כיידער־יינגלעכ, דערציילט שוידערלעכע מײַסעס.

אָ, ווי גרויס סע איז געווענ אונדזער סינע צו דעמ דאָזיקנ טיראַנ, דעמ אכזער!

נאָר אָט איז מיר איינמאָל אויסגעקומענ צו זײַנ אַנ אײדעס פונ א וואונדערלעכער סצענע.

דאָס איז פאָרגעקומענ ווינטער. די קליינינקע פענצטער פונ אונדזער כיידער זענענ געווענ באַדעקט מיט א גראָבנ שיכט אײַז אונ שניי אונ האָבנ קוימ דורכגעלאָזט די טונקעלע שײַנ פונעמ קאַלטנ טאָג.

ס'איז געווענ מיטיק־צײַט, אלע מײַנע כאַווײרימ זײַנענ אַוועק אהיימ וואַרמעס עסנ, אונ נאָר איכ אליינ בינ פאַרבליבנ מיטנ רעבנ אינ כיידער, ווײַל ס'איז געווענ א שטאַרקער פראָסט אונ מיר האָבנ

געוווינט וויַיט פונדאנענ — מע האָט מיר באַדאַרפט ברענגענ אַהער מיַינ כיילעק ווארמעס.

דער טאם פונ בעבלעכ מיט לאָקשנ אונ פונ הייסע פלוימענ מיט בייגל איז מיר שוינ געלעגנ אינ מויל, האָב איכ זיכ פארקליבנ אינ ווינקל אונ האָב זיכ איבערגעגעבנ די זיסע גאסטראָנאָמיש-קולינא-רישע טרוימענ.

פלוצעמ גיט זיכ אנ עפנ די טיר, אונ עס פאלט ארַיַינ אינ שטוב א יידענע, פארוויקלט אינ עטלעכע פארשיידנפארביקע פאטשיילעס, זי האלט אפ די הענט עפעס א ליאלקע, א פארוויקלטע אינ שמאטעס.

זי ליינט אוועק די ליאלקע אפנ באנק, וויקלט זי פאנאנדער אונ וויַיזט אפ איר מיטנ פינגער. דאָס איז געווענ א בלוי-הויטס האלב-פארפרוירנ נעפעשל, מיט א טעמפנ בליק אונ מיט אנ אָפנ מויל.

די פרוי האָט זיכ אָנ קויכעס אנידערגעזעצט אפ א בענקל אונ האָט א שאָט געטאָנ א מאבל ווערטער אפ מיַינ רעבנ.

— איר זענט א ייד א לאמדנ! ניט עמעס? איר האָט, זאָגט מענ, גאָט אינ הארצנ... טאָ זאָגט שוינ איר אלייג, צי באדארפ עס אזוי זַיינ?.. אזא מינ שטאָט, זאָל מיכ גאָט ניט שטראָפנ פאר די רייד, אזויפיל נעגידימ, אָנ אײַנהאָרע! אונ זעט, וואָס סע טוט זיכ... איכ בינ, ווי איר ווייסט, אנ עלנטע אלמאָנע. איכ לעב אלייג פונ מיַינ אייגענער הארעוואניע... איכ לעב? אפ זיי געזאָגט געוואָרנ מיַינ לעבנ!.. א גאנצנ טאָג בינ איכ אפנ מארק... פארדינ איכ א קאָפעקע, — האָב איכ אפ ברויט פאר די קינדער, פארדינ איכ ניט, וועלנ זיי אזוי אָפקומענ. זיי זענענ ניט קיינ געפעסטעטע בא מיר... אָבער אָט אָ־ד אָ ס, אָ־ד אָ ס? (זי האָט אָנגעוויזנ מיטנ פינגער אפ דער ליאלקע, וואָס איז דאָ געלעגנ) ס'איז נאָכ אנ אייפעלע, וואָס ווייסט עס? ברויט בעט עס. מיינט איר עפשער, אז עס וועט כאָ־לילע אויסגייג פונ הונגער? ניינ. די קעלט — אָט ווער ס'איז אונדזער מאלעכ-האמאָוועס. פונ דער קעלט וועלנ מיר אלע אומקומענ, זאָל אונדז גאָט אזוי שענקענ געזונט, ווי מיר וועלנ אויספייגערנ...

אָבער „דער לאמדנ" האָט שוינ מער ניט געהערט, וואָס זי רעדט. אויסגעוויקלט די ליאלקע פונ די שמאטעס, האָט ער מיט א פלינקייט אונ צערטלעכקייט, וואָס כ'האָב פריער קיינמאָל ניט געזענ בא אימ, גענומענ אָפרייבנ דעמ פארפרוירענעמ גופ אונ דערווארעמענ מיט זַיינ אייגענעמ אָטעמ דאָס פּנימ אונ די הענט. דערנאָכ האָט דער רעבע דריי מאָל אָנגעקלאפט אינ וואנט צו דער שכיינע, בא וועמענ ער האָט געגעסנ קעסט, געהייסנ דעמ מיידל, וואָס איז ארַיַינגעקומענ, זי זאָל טיקעפ ברענגענ זַיינ כיילעק הייסנ קוליש אונ אָנהאָדעווענ דאָס אָרעמע, הונגעריקע קינד, וואָס האָט זיכ גע-טרייסלט פונ קעלט.

קיינמאָל, קיינמאָל וועל איכ ניט פארגעסנ, מיט וואָס פאר א ליבשאפט, מיט וואָס פאר א רירנדיקער, עכט מוטערלעכער צערט-לעכקייט דער דאָזיקער „גאזלענ" האָט ארַיַינגעקוקט דעמ קינד אינ

פּאָנעם, נאָכגעשפּירט נאָך יעטווידער באַוועגונג פֿון זײַן הונגעריק מויל און פֿון זײַנע אויגן, וואָס זענען פֿול געווען מיט שטומער דאַנקבאַרקייט.

— איך קאָן אײַך מיט גאָרנישט העלפֿן, — האָט ער געזאָגט, טרייסטנדיק די אָרעמע פֿרוי, וואָס איז געווען געריִרט ביז טרערן, — אויב איר ווילט, קאָנט איר איבערלאָזן דאָס ייִנגעלע אויף ווינטער בײַ מיר. דאָ וועט אים זײַן וואַרעם... און מיט אונדזערע נעגידים וועל איך זיך סטאַרען זען וועל איך זיך סטאַרען.

אַ מיליאָן בראָכעס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף קאָפּ פֿון דעם דאָזיקן מאָדנעם מענטשן. ביכלל האָבן זיך קלאָלעס און בראָכעס געשאָטן בײַ אָט דער פֿרוי פֿון מויל מיט איין און דער זעלבער לײַכטקייט.

באַם געזעגענען זיך האָט דער רעבע, ווי מיר דאַכט, אַרײַנגערוקט איר עפּעס אין האַנט, דערפֿון איז זי גאָר צעשמאָלצן געוואָרן און איז אַרײַן אין אַזאַ היספּײַלעס, אַז זי האָט צוגעוווּנטשן פֿון גאַנצן האַרצן אַלע אונדזערע באַלעטויוועס, זיי זאָל אײַנעמען די קאַפּאָרע פֿאַר דעם לאַמדנס מינדסטן פֿינגער!..

## וואַניאַ

מיר זענען ביידע געווען יונג, ביידע נאַיוו, גוטהאַרציק, אָרנטלעך. נאָר צווישן זיך סאָנים.

די נאַכלעס פֿון אונדזערע עלטערן זײַנען געווען בישכיינעס; זיי זענען אָפּגעטיילט געווען נאָר מיט אַ פּאַרקן.

אונדזער שאָכן איז געווען אַ קליין פּאַרעצל; מײַן פֿאָטער — אַ קליין קרעמערל.

ווי וווּנדערלעך האָט דאַן אויסגעזען אין מײַנע אויגן דער דאָזיקער „פּריצישער פּאַלאַץ" אין פֿאַרגלײַך מיט אונדזער הייפל, אַזאַ אָרעמס, פּאַרלאָזטס, נעבעכדיקס.

בײַ אונדז אין הויף איז ניט געווען קיין סימען פֿון קיין געוויקס, און דאָרט, באַם שאָכן, זענען געוואַקסן בלומען און ביימער, וואָס האָבן פֿרילינגצײַט געבליט און באַשאָנקען אונדז, זייערע נאָענטסטע שכיינים, מיט זייער אַראָמאַט, און דאָס האָט מיך שטענדיק געלאָקט, גערופֿן צו זיך.

אָבער אַרײַנדרינגען אַהין האָב איך בעשום-אויפֿן ניט געקאָנט.

ערשטנס, האָט דאָס לייבן-געבריל פֿונעם שוימער, דעם שוואַרצן קודלאַטן הונט, וועמען מע האָט, צום גליק, געהאַלטן אויף אַ קייט, אָפּגעשלאָגן בײַ מיר יעטווידן כיישעק צו דערנעענטערן זיך צו דעם דאָזיקן גאַניִדן.

צווייטנס, האָט צווישן מיר און צווישן דעם שאָכנס זון פֿון קינדווײַז אָן געהערשט אַן אומפֿאַרשטענדלעכע סינע. באַגעגענענדיק זיך, פֿלעגן מיר וואַרפֿן איינער אויפֿן אַנדערנס שטיקער בלאָטע, בליקן פֿול מיט טיפֿער סינע און מיִעסע צונעמעכישן.

איינמאָל — פרילינג איז דאָס געווענ — האָב איכ זיכ אַרופגעדראַפעט אויפנ שאָכנס פּאַרקנ און האָב זיכ גענומענ צוקוקנ מיט נײַגיר און קינע, ווי עס דערוואַכט די נאַטור. איכ האָב אַרײַנגעעטעמט אינ זיכ די פרישקײַט פונ גראָז און געקוויקט זיכ מיטנ מעכײַעדיקנ אויסזענ פונ די בלומענ.

און פלוצעמ האָט ער זיכ באַוויזנ, מײַנ יונגער סוינע.

מאַכנדיק מיעסע שטיק מיכ צו באַליידיקנ, לאָזט ער זיכ גיינ נעענטער צו מיר.

איכ האָב זיכ שוינ, ווי געוויינלעכ, געגרייט מאַכנ פליטע; אָבער די פרישקײַט פונ גראָז און דער ליבער שמייכל פונ די צעבליטע בלומענ האָבנ מיכ עפּעס ווי צוגעשמידט צו זיכ, און איכ בינ ניט אימשטאַנד געווענ אַ ריר צו טאָנ זיכ פונעמ אָרט.

— וואָס האָסטו דאָ ניט געזענ? — האָט ער בייז אַ געשריי געטאָנ.

— די בלומענ, — האָב איכ געענטפערט פּאַשעט.

— די בלומענ?.. קריכ אַראָפ און קוק!

— און דו וועסט מיר אָנדרייענ די אויערנ? מע קענ דיכ.

— לײַגסט, כ'וועל אַפילע מיט קיינ פינגער ניט אָנרירנ, קריכ אַראָפ.

— וועסט אַראָפלאָזנ דעמ הונט פונ דער קייט, ווי אַנומלטנ, געדענקסט?

— אָט אַ פּאַכדנ! נאַ דיר מײַנ האַנט...

און ער האָט מיר אויסגעצויגנ זײַנ האַנט.

איכ בינ אַראָפגעשפרונגענ און געבליבנ שטיינ מיט האַרצציטערניש לעבנ מײַנ יונגנ סוינע, נאָר זײַנ באַשיצנדיק־נײַגיריקער בליק און זײַנע האַרציקע רייד האָבנ מיכ שטאַרק דערמונטערט.

— ווי רופט מענ דיכ? — האָט ער מיכ אַ פרעג געטאָנ.

— מיכ? — זאָג איכ. — מיכ רופט מענ מוישע־מענדל־מייער־יויסעפ.

— פע, — זאָגט ער, — וואָס טויג דיר אַזאַ לאַנגער נאָמענ? וואָלסט זיכ בעסער אַ נאָמענ געגעבנ וואַסיאַ.

— מע טאָר ניט, — זאָג איכ, — בײַ אונדז טאָר מענ ניט אַזוי.

— נו, כאַפט דיכ דער רוחַ, זאָל זײַנ אַזוי! און מיכ, — זאָגט ער, — רופט מענ וואַניאַ. דו הערסט? וואַניאַ.

און אַפילע די שטומע באַשעפעניש, וואָס האָט מיכ שטענדיק אַזוי געשראָקנ, האָט מיכ באַשמעקט פונ אַלע זײַטנ און אַ לעק געטאָנ מײַנ האַנט אַלס צייכנ פונ שאָלעמ.

און מיר האָבנ זיכ צעשיידט ווי גוטע־פרײַנט.

אַ סאַכ צײַט איז אַוועק פונ דעמלט; עס איז אַוועק אונדזער קינדהײַט און צוזאַמענ מיט דעמ אויכ אונדזערע שטיפערײַענ.

מיר זענענ ביידע אויסגעוואַקסנ און, פאַרשטייט זיכ, אַ סאַכ קליגער געוואָרנ, אַזוי קלוג, אַז מיר קאָנענ זיכ איצט שוינ ניט באַגעגענענ אָנעמ פאַרשטענדלעכנ געפיל פונ טרויער און פאַרלעגנהײַט.

1899—1898

# איִעוו פונ אונדזער צײַט

געווענ איז אַ מענטש בײַ אונדז אינ לאַנד, גערופנ האָט מענ אימ איִעוו. אונ געווענ איז דער מענטש ריינ פונ זינד אונ רעכטפאַרטיק אונ פרומ, אונ ער האָט געווײַכט פונ אַלדאָס בייז. אונ פאַרמאָגט האָט דער מענטש גאָלד אונ זילבער, אונ אַ סאַכ גוטס, אונ ניט ווייניק פרײַנט, צו וועלכע ער איז געווענ איבערגעגעבנ אונ וועלכע זענענ געווענ איבערגעגעבנ אימ, אונ אַ פרוי, וועלכע ער האָט געליבט אונ וועלכע האָט אימ געליבט. אונ געווענ איז ער אַ גוטער אונ אַ באַלצדאָקע אונ האָט קיינמאָל קיינעמ אינ גאָרנישט ניט אָפּגעזאָגט. אונ פראַווענ פלעגט ער סודעס אונ פאַרופנ די הונגעריקע אונ אָרעמעלײַט צו זײַנ טיש.

אינ איינעמ אַ טאָג, בעשאַס איִעוו מיט זײַנע געסט האָבנ געגעסנ אונ ווײַנ געטרונקענ, קומט אַרײַנ אַ שאַליעכ אונ זאָגט: „זײַ וויסנ, אַז דיכ האָט געטראָפנ אַ גרויס אומגליק. אַנ אומגערעטעניש האָט אַ טייל געמאַכט פונ דײַנע פעלדער, אַ טייל האָט אויפגעפרעסנ דער היישעריק אונ אַ טייל האָט כאָרעוו געמאַכט דער האָגל". דער האָט נאָכ גערעדט, קומט אַרײַנ אַ צווייטער אונ זאָגט אָנ: „גאַזלאָנימ בייזע ווילדע זענענ באַפאַלנ דײַנע אויצרעס אונ האָבנ אוועקגערויבט דאָס גאַנצע גאָלד אונ זילבער אונ אַלע דײַנע טײַערע כפייצימ אונ זענענ אוועק". דער האָט נאָכ גערעדט, איז אַרײַנגעקומענ אַ דריטער אונ איז מוידיע: „גאָטס פײַער איז פונ הימל אַראָפּ אונ האָט פאַרברענט אַלע דײַנע אוראַלטע וועלדער, אַלע הײַזער דײַנע די פילשטאָקיקע אונ אַלצ, וואָס דו האָסט פאַרמאָגט, אונ דו ביסט פאַרבליבנ נאַקעט, ווי די מאַמע האָט דיכ געבאָרנ".

אונ איִעוו האָט עס אַלצ אויסגעהערט אונ ניט געזינדיקט אונ ניט געלעסטערט גאָט. אונ איִעוו האָט געזאָגט: „גאָט האָט געגעבנ אונ גאָט האָט גענומענ, געלויבט אונ געבענטשט זאָל זײַנ נאָמענ זײַנ".

נאָר אָט איז אָנגעקומענ נאָכ אַ שאַליעכ אונ האָט געזאָגט: „אָ, איִעוו, ווי איז צו דיר! דו זיצסט דאָ אונ טרויערסט, אונ דײַנע פרײַנט דאַרפנ פרייענ זיכ, באַרעדנ דיכ, דערציילנ רעכילעסנ וועגנ דיר, שרײַבנ אַפ דיר מעסירעס אונ קאָל־האַמינימ שמוצ, אונ דײַנ בעסטער פרײַנט — דײַנ פרוי, — אָ, ווי געשריענ, האָט געפעלשט אינ דיר!.. אַלע, אַלע האָבנ דיכ פאַרלאָזט, אונ ס'איז שוינ ניטאָ פונ הײַנט אָנ קיינ איינ־איינציקער נעפעש, וואָס זאָל דיר מיטפילנ אינ דײַנ אומגליק אונ וואָס זאָל מאַסקימ זײַנ צו טיילנ מיט דיר דײַנ טרויעריקנ גוירל אַפ דער ערד". אונ אַז איִעוו האָט עס דערהערט, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אונ איז אַרײַנגעפאַלנ אינ גרעסטנ ייִעש. דערנאָכ האָט ער געעפנט די ליפנ זײַנע אונ האָט פאַרשאָלטנ דעמ טאָג פונ זײַנ געבאָרנ...

1893

# לידער

שאָלעמ-אלייכעמ האָט געשריבנ לידער אינ פארלויפ פונ זײַנ גאנצער ליטעראַרישער טעטיקײַט, אָבער שרײַבנ פלעגט ער זײער זעלטנ אונ נאָכ זעלטענער פלעגט ער מיט זײ ארויסטרעטנ אינ דער עפנטלעכקײַט.

די איינציקע צײַט, ווענ שאָלעמ-אלייכעמ האָט אָפט געדרוקט זײַנע לידער — זענענ די 80-ער יאָרנ. שאָלעמ-אלייכעמ איז דעמלט שטארק באווירקט פונ נעקראַסאָווּנ, וועמענס מאָטיוונ ער פרוווט אריבערטראָגנ אינ דער יִדישער דיכטונג, ער איז נאָכ מער באווירקט פונ דער יִדישער פאָלקס-ליד, פונוואנענ שאָלעמ-אלייכעמ שעפּט דעמלט אויכ איניקע מאָטיוונ פאר זײַנ דיכטונג.

ס'איז קעדײַ צו פארצייכענענ, אז שאָלעמ-אלייכעמ טראָגט זיכ דעמלט ארומ מיט א פּלאנ אָנצושרײַבנ א ראָמאנ אינ פערזנ. סאָפ 1884 יאָר אנאָנסירט די רעדאקציע פונ „יודישנ פאָלקסבלאט“:

„ה' ראבינאָוויטש—שאָלעמ-אלייכעמ — וועט ארויסער זײַנע שטענדיקע געדיכטע אונ פעליעטאָנעס אויכ געבנ א ראָמאנ „די פאנאָראמע“ אינ גראמענ“ 1.

דער „ראָמאנ אינ גראמענ“ איז איבער סיבעס, וואָס זענענ אונדז ניט באקאנט, ניט אָפּגעדרוקט געוואָרנ. שפּעטער, אינ יאָר 1892, הייבט שאָלעמ-אלייכעמ אָנ דרוקנ א גרעסערע פּאָעמע „פּראָגרעס-ציוויליזאציע“. נאָר אָפּדרוקנ די גאנצע פּאָעמע „פּראָגרעס-ציוויליזאציע“ האָט זיכ שאָלעמ-אלייכעמענ ניט אײַנגעגעבנ. פונ דעמלט אָנ באנײַט ער מער ניט זײַנע פרוווּנ צו שרײַבנ א גרעסער פערזנ-ווערק. ער שרײַבט בלויז פונ צײַט צו צײַט איינצלנע לידער, אָבער זײַנ באציִונג צו זיי איז א גאנצ קריטישע, אונ דערמיט דערקלערט זיכ דער פאקט, וואָס שאָלעמ-אלייכעמ האָט קיינמאָל ניט געהאט קיינ ביישעק איבערדרוקנ זײַנע לידער אינ די אויסגאבעס פונ זײַנע ווערק.

אינ אונדזער אויסגאבע האָבנ מיר זיכ אויכ ניט געשטעלט קיינ ציל איבערצודרוקנ אלע לידער שאָלעמ-אלייכעמס. מיר האָבנ געהאלטנ פאר נייטיק איבערדרוקנ בלויז די לידער, וואָס האָבנ א מער דויערדיקנ ווערט אונ וועלנ העלפנ דעמ לעזער צו שאפנ זיכ א פארגאנצטע פאָרשטעלונג וועגנ דער אנטוויקלונג פונ שאָלעמ-אלייכעמס שאפנ.

### „צו אונדזער פּאָעט“

געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט“ 1884, נומ. 11.
די ליד איז דאטירט: „דאָס ווײַסע פעלד 26/2, 1884“.

### מע פרעגט מיכ, וואָס איכ וויינ

געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט“ 1884, נומ. 29.
די ווידמונג M. C-py באטײַט, קאָנטיק, Спектору
דאטירט: „יול 1884, די הייליקע שטאָט קיִעוו“.

1 „יודישעס פאָלקסבלאט“ 1884, נומ. 51.

## ערעוו שאבעס

געדרוקט אין „יודישע פאָלקסבלאַט“ 1884, נומ. 36.
דאַטירט: „עלעל תרמ"ד, קיעוו“.

## יידישע טאָכטער

געדרוקט אין „יודישע פאָלקסבלאַט“ 1884, נומ. 42.
אָרט־באַצייכענונג: „שפּאָלע“.

## יידישע טשינאָווניקעס

געדרוקט אין „יודישע פאָלקסבלאַט“ 1884, נומ. 45.
אָרט־באַצייכענונג: „פּאָלינאָוועקע“, באַם טייַך „ביטערניש“.

## צום נייַעם יאָר

געדרוקט אין „יודישע פאָלקסבלאַט“ 1884, נומ. 51.

## עפּנטלעכע אנטוואָרט

געדרוקט אין „יודישע פאָלקסבלאַט“ 1887, נומ. 18.
דאַטירט: „אפּרעל 1887“.

## ווינטער

געדרוקט אין דער „יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק“, ערשטער באַנד (קיעוו, 1888), אונטערגעשריבן „שלמיאל“.

די ליד איז געווען באַצייכנט אַלס נומ. 1 פון אַ ציקל „לידער פונעם כיידער“. מער, ווי אָט די ליד, ווייַזט אויס, האָט שאָלעם־אַליכעם פון דעם ציקל ניט געדרוקט.

## „פּראָגרעס־ציוויליזאַציע“

דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דעם פּראָספּעקט „דער קאָל־מעוואַסער צו דער יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק“, וועלכן שאָלעם־אַליכעם האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1892. אינעם זעלבן „קאָל־מעוואַסער“ לייענען מיר אין אַ נאָטיץ, אַז די נייַע פּאָעמע „פּראָגרעס־ציוויליזאַציע“ וועט געדרוקט ווערן אינעם דריטן באַנד פון „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק“. אָבער דער דריטער באַנד „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק“ איז ניט דערשינען. אַזוי־אַרום איז פון דער פּאָעמע „פּראָגרעס־ציוויליזאַציע“ דערגאַנגען צו אונדז בלויז דאָס ערשטע קאַפּיטל, וואָס זאָגט אויס, אַז דאָס האָט געזאָלט זייַן אַ גרעסערע פּאָעמע, געשריבן אין גייַסט פון נעקראַסאָווס „Кому на руси жить хорошо“

## [איך בין קראַנק...]

די ליד האָט שאָלעם־אַליכעם אַנגעשריבן אַלס אַ בריוו צו זייַן באַקאַנטן יצחק ראַזעט אין יאָר 1900. דער בריוו איז דאַטירט: „ערעוו כאַנעקע תרס"א“.

## שלאָפ, אלעקסע...

אָנגעשריבנ אינ יאָר 1905. שפּעטער, אינ 1908, האָט שאָלעמ־אַליכעמ די דאָזיקע ליד אויסגעבעסערט. מיר דרוקנ דאָ דעמ אויסגעבעסערטנ טעקסט פונ דער ליד, וואָס איז פארעפנטלעכט אינעמ „שאָלעמ־אַליכעמ־בוכ" ז. 61—62.

די דאָזיקע ליד איז א סאטירע אפנ צאר ניקאָלײַ דעמ II־טנ, זײַנ זונ אלעקסיי אונ אפ די שווארצמייעניקעס.

## אונדזערע גאבאָימ

ווי עס איז צו זענ פונ שאָלעמ־אַליכעמס בריוו צו זײַנ טאָכטער (שאָל.־אל. „אויסגעווילטע בריוו" — „דער עמעס" 1941, ז. 155), איז די דאָזיקע ליד אָנגעשריבנ אינ 1905 י. אונ האָט געזאָלט ארײַנ אינ דער דער צײַטונג „אָפּגעשלאָגענע הוישײַנעס". אינ זײַנ בריוו שרײַבט שאָלעמ־אַליכעמ: „איכ שיק דיר... אָט די דאָזיקע פעריזלעכ (מע דארפ זיי צעקײַענ)". דערמיט האָט שאָלעמ־אַליכעמ געוואָלט אופמערקזאמ מאכנ אפנ אלעגאָרישנ כאראקטער פונ דער ליד, וואָס איז געווענ געווענדט קעגנ דער צארישער ביוראָקראטיע.

## [עפּיטאפיע]

צומ ערשטנ מאָל אָנגעשריבנ אינ יאָר 1905, בײַגעלייגט אינ א בריוו צו בערקאָוויטשנ אונ באצייכנט „ציונ על מצבת קברי" (אופשריפט אפ דער מאציווע פונ מײַנ קייווער). אינ יאָר 1915 האָט שאָלעמ־אַליכעמ די דאָזיקע ליד איבערגעארבעט אונ בײַגעלייגט צו זײַנ צאוואָע, פונוואנענ מיר דרוקנ זי איבער אינ אונדזער אויסגאבע.

דער ערשטער ווארִיאנט פונ דער עפּיטאפיע איז געווענ אזא:

געווענ א ייִד א פּאָשעטער,
געשריבנ „איווערע־טײַטש" פאר ווײַבער
אונ פארנ פּראָסטנ פאָלק האָט ער —
דאָ ליגט א זשארגאָניסט א שרײַבער.

דאָס גאנצע לעבנ אויסגעלאכט,
געשלאָגנ מיט דער וועלט קאַפּאָרעס.
די גאנצע וועלט האָט גוט געמאכט, —
אליינ, אוי־וויי, געווענ אפ צאָרעס!

אונ דאפקע ווענ דער עולעמ האָט
געלאכט, געקוועלט, אונ פלעג זיכ פרייענ,
האָט ער געווייִנט — דאָס וויס נאָר גאָט —
בעסאָד, אז קיינער זאָל ניט זעענ...

